# אַ דור,
# וואָס האָט פאַרלוירן
# די מורא

בלעטער זכרונות פון אַרום 1905

פון

## משה כץ

אַרויסגעגעבן פון משה כץ יובּילײ־קאָמיטעט
ניו־יאָרק 1956

אסתר'ן, אונדזערע קינדער
און די פון דור, וואָס זיינען
פאַרבליבן אָן מורא.

מ. ב.

טרייסט מיין פאָלק, עס דאַרף די טרייסט,
שטאַרקט דאָס האַרץ, מאַכט פעסט דעם גייסט,
זייט ניט דער ווינט, וואָס לעשט דעם פלאַם,
נאָר בלאָזט אים אויף, ווייל נאַכט איז סם,
ווייל נאַכט איז גיפט, און שלאָף איז טויט —
טרייסט מיין פאָלק, עס דאַרף די טרייסט.
מאַכט פעסט דאָס האַרץ און שטאַרקט דעם גייסט,
עס האָט געזיגט שוין ניט איין שלאַכט
און ניט געלאָזט די פאָן פון האַנט !
עס שטייט אַן אייזן־פעסטע וואַנט
אין מיטן ווילד צעקאָכטן ים !
אָ, שטאַרקט דאָס פאָלק, בלאָזט אויף דעם פלאַם !
(י. ל. פרץ)

„אין די שטורעמס פון 1905—1907 האָט דאָס דרימלענדיקע רוסלאַנד זיך פאַרוואַנדלט אין אַ רוסלאַנד פון רעוואָלוציאָנערן פראָלעטאַריאַט און פון רעוואָלוציאָנערן פאָלק.‟ (לענין).

# וואָס האָט דער שרייבער געוואָלט זאָגן?

דעם דאָזיקן באַנד וועגן „אַ דור וואָס האָט פאַרלוירן די מורא", האָב איך אָנגעהויבן שרייבן אין אָנהייב 1955, צו דער געלעגנהייט פון 50 יאָר נאָך דעם בלוטיקן זונטאָג פון דעם 9טן יאַנואַר 1905 אין צאַרישן פעטערבורג. איך האָב אים אָנגעהויבן שרייבן אַלס בלעטלעך זכרונות פאַר דער „מאָרגן־פרייהייט", און ס'איז ניט מיין „שולד", וואָס די „בלעטלעך" זיינען זיך צעוואַקסן אין אַ גאַנצן בוך. פאַרגעקומען איז עס, ערשטנס, ווייל אַזוי איז שוין מסתמא די טבע פון זכרונות, וואָס איין דערינערונג רופט אַרויס אַ צווייטע; און צווייטנס, ווייל כ'האָב זיך פון דעם אָפּרוף אויף די ערשטע קאַפּיטלען געכאַפּט, אַז אַ סך פון די לייענער געהערן טאַקע אַליין צו אָט דעם דור, וואָס האָט אַמאָל פאַרלוירן — אָדער ניט געהאַט קיין — מורא און האָט זיך ניט אונטערגעגעבן דער מורא אויך אין אונזערע היינטיקע צייטן פון דער פינצטערער נאַכט פון מעקאַרטיזם, מעקאַרעניזם, בראַונעליזם. איך האָב זיך געכאַפּט, אַז דערציילנדיק וועגן מיינע איבערלעבונגען און דערפאַרונגען אין יענע גורלדיקע יאָרן, קאָן איך ניט רײדן וועגן זיך אַליין, נאָר וועגן אַ גאַנצן דור, וואָס האָט שפּעטער געשפּילט און שפּילט ביז היינ־טיקן טאָג אַ זייער וויכטיקע ראָליע אין דעם פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכן און קולטור־לעבן פון די יידישע האַרעפּאַשנע מאַסן אין אַמעריקע.

און דאָ איז נויטיק ספּעציעל צו באַטאָנען אַ פּאָר פּונקטן:

ערשטנס, אַז איך בין ניט אויסן געווען אין דעם בוך צו באַשרייבן מיין ביאָגראַפיע און אַרויסשטעלן זיך אין אַ וועלכן עס איז פּרט פאַר איינעם, וואָס האָט אַרויסגעוויזן „העלדישקייטן". מיין ביאָגראַפיע האָט זיך, נאַטיר־לעך, אָנגעהויבן נאָך פאַר דעם יאָר 1905, צו דעם אָנטייל אין די דעמאָלטיקע געשעענישן בין איך צוגעגרייט געוואָרן דורך אַ צאָל פריערדיקע יאָרן און אומשטענדן, דורך מיין דערציאונג, דורך מיין סביבה, דורך די דעמאָלטיקע פּאָליטישע געשעענישן און שטימונגען אין לאַנד. און מיין ביאָגראַפיע האָט זיך, נאַטירלעך, ניט געענדיקט מיט די יאָרן 1905־1906. פאַרקערט, ערשט דעמאָלט האָט זי זיך אָנגעהויבן פונאַנדערוויקלען, און ס'האָט נאָך געדויערט יאָרן, ביז איך האָב געפונען מיין וועג צום ברייטן שליאַך פון דער היינטיקער געשיכטע, אויף וועלכן איך גיי שוין עטלעכע צענדליק יאָר.

וועגן דעם, וואָס איך דערצייל אין דעם בוך, איז אין מיינע אויגן דאָס וויכטיקסטע דער פאַקט, וואָס הונדערטער מענטשן, וואָס האָבן געלייענט די קאַפּיטלען אין דער „מאָרגן־פרייהייט", האָבן מיר געזאָגט און געשריבן, אַז

מיט זיי האָט אויך פּאַסירט כמעט גענוי דאָסזעלביקע, וואָס איך דערצייל. דאָס מיינט, אַז די געשעענישן און שטימונגען, וואָס ווערן דאָ אַרויסגעבראַכט זיינען טיפּיש און כאַראַקטעריסטיש ניט פאַר מיר פּערזענלעך, אָדער פאַר מיינע פּערזענלעכע באַקאַנטע פון יענער צייט, נאָר פאַר אַ דור, פאַר אַ גאַנצן געזעלשאַפטלעכן שיכט אין אַ באַשטימטער עפּאָכע, — און דאָס, דאַכט זיך מיר, איז דאָס וויכטיקסטע: אומקערן די מענטשן, וואָס האָבן אזוינס דורכגעלעבט, צו די קוואַלן פון זייער יוגנט, פון זייער גלויבן, פון זייער אַקטיווקייט; העלפן זיי אויסגעפינען אַז די דאָזיקע קוואַלן זיינען ביז היינטיקן טאָג לעבעדיק און ניט אויסגעטריקנט...

אַ צווייטער וויכטיקער מאָמענט, אויף וועלכן מען מוז ציען די אויפמערקזאַמקייט פון דעם לייענער, איז אַז ער זאָל ניט בלייבן אונטער דעם איינדרוק, אַז מיין צוועק איז דאָ געווען אָנצושרייבן די געשיכטע פון דער ס־ס־פּאַרטיי פון יענע יאָרן, ווען איך האָב צו איר געהערט. זיכער זוך איך ניט צו באַהאַלטן, און דאַרף זיך ניט פאַרענטפערן דערפאַר, וואָס איך האָב דעמאָלט, מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, ביי מיינע ערשטע געזעלשאַפטלעך־פּאָליטישע שריט, געהערט צו דערדאָזיקער פּאַרטיי, וועלכע איז ביי איר אַלגעמיין־סאָציאַליסטישער פּראַקטיק געווען אידעאָלאָגיש אַ נאַציאָנאַליסטישע קליינבירגערלעך־סאָציאַליסטישע גרופּירונג אין יידישן לעבן. אָבער „מען קאָן קיין וואָרט פון ליד ניט אַרויסוואַרפן": זי איז געווען, און איך, צוזאַמען מיט אַ סך אַזעלכע ווי איך, בין געווען אין איר און דורך איר האָב איך געזוכט אַן ענטפער אויף פּראַגעס, וואָס האָבן געמאַטערט מיך און אַזעלכע ווי איך, ביז מיר האָבן זיך אַרויסגעשלאָגן אויפן ברייטן וועג פון דעם קעמפנדיקן מאַרקסיזם.

די געשיכטע פון די אַמאָליקע ס־ס איז אַ טייל פון דער געשיכטע פון דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט, פון דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג וואָס האָט זיך אַנטוויקלט דורך פּרוּוון און טעותן און איז אַ טייל פון דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציע אין רוסלאַנד. ס'איז אמת, אַז צוליב איר אידעאָלאָגיע, וואָס האָט טיילוויז געשטאַמט פון אַ ציוניסטישן, קליינבירגערלעכן קוואַל, האָט דידאָזיקע פּאַרטיי געמוזט פאַרקריכן און אָפט פאַרפירן אירע נאָכפאָלגער אויף פאַלשע וועגן, — אָבער אויך דאָס איז אַ טייל פון געשיכטע.

וואָס איך וויל אָבער באַטאָנען איז דאָס פאָלגנדיקע: צוליב דעם, וואָס איך בין אין יענע יאָרן געווען אַ מיטגליד פון דער דאָזיקער גרופּירונג, קומט מיר אויס זי אָפט צו דערמאָנען אין דידאָזיקע בלעטלעך אַלס דעם הויפּט־הינטערגרונט פון מיינע דעמאָלטיקע האַנדלונגען, איבערלעבונגען און מיינונגען. אָבער דאָס דאַרף ניט שאַפן דעם איינדרוק, אַז די ס־ס פּאַרטיי איז אין אַ וועלכן עס איז פרט געווען די פירנדיקע קראַפט אין די דעמאָלטיקע גרויסע רעוואָלוציאָנערע געשעענישן. פאַרקערט, אויף וויפיל זי האָט געשפּילט אַ רעוואָלוציאָנערע ראָל, אויף וויפיל זי האָט געוועקט, געפירט נאָך

זיך יידישע אַרבעטער, איז עס געווען ניט צוליב אירע ספּעציפישע טעאָריעס, נאָר דווקא צוליב דער אַלגעמיינער פּראַקטיק, אין וועלכן זי איז דירעקט באַווירקט געוואָרן און האָט נאָכגעפאָלגט די וועגן פון דער דעמאָלטיקער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער־פּאַרטיי, אָפּט פון איר רעוואָלוציאָנערן פליגל.

ווען מען נעמט די אידעאָלאָגישע געשיכטע פון יענע צייטן פון אַרום ז׳ער רעוואָלוציע פון 1905, וואָס איז געווען אַ נויטיקער צוגרייטונג־שריט צו די פעברואַר און אָקטאָבער־רעוואָלוציעס פון 1917, איז קלאָר, אַז זי איז אויסגעפאָרמירט געוואָרן אונטערן איינפלוס פון די גרויסע רעוואָלוציאָנערע אידייען פון מאַרקסיזם, פון דעם מאַרקסיסטישן, לעניִנשן פליגל פון דער דעמאָלטיקער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, וואָס האָט באַשטימט די ריכטונג און דעם טאָן פון דער דעמאָלטיקער אַרבעטער־באַוועגונג, — איינ־שליסנדיק אויך די גרופּעס, וואָס האָבן אידעאָלאָגיש געבלאָנדזשעט, אָדער נאָכגעגאַנגען אויף זייטיקע, אָפּט קרומע וועגן.

ווען איך דערצייל — אָדער דערמאָן — אין דעם בוך וועגן „אַ דור, וואָס האָט פאַרלוירן די מורא״, — מיין איך, הייסט עס, ניט אַ וועלכע עס איז קלענערע אָדער גרעסערע גרופּע, וואָס ווערט באַאיינפלוסט פון „ספּע־ציעלע״ אידייען וואָס פירן זי אַוועק פון ברייטן וועג פון דער גרויסער אַר־בעטער־באַוועגונג, נאָר בפירוש דעם גאַנצן רעוואָלוציאָנערן דור פון יענער צייט, וואָס האָט סוף כל סוף, דורך ליידן און מאַטערנישן, דורך טעותן און שווערע קרבנות, לערלעבט צו דעם גרויסן נצחון. דערדאָזיקער דור, וואָס אַ סך פון אים לעבן און זיינען אַקטיוו ביז היינטיקן טאָג, האָט געשאַפן אַ ירושה, וואָס וועט קלעקן פאַר דורות.

# אויפן שוועל פון דעם יאָרהונדערט

מיינע קינדער־יאָרן האָבן זיך געענדיקט אין 19טן יאָרהונדערט און מיין מער אָדער ווייניקער באַוואוסטזיניק לעבן האָט זיך אָנגעהויבן אויפן סאַמע שוועל פון 20סטן יאָרהונדערט. געוועזן איז עס שוין אַזוי לאַנג צוריק, — אַ שפּאַס צו ריידן? ביים סוף פון אַן אַנדער יאָרהונדערט! — און דאָך, דאַכט זיך, אַזוי נאָענט.

און עס דערמאָנט זיך:

די וועלט האָט זיך געאיילט צו פאַרענדיקן דעם פאַרצויגענעם 19טן יאָרהונדערט און די לופט איז געווען אָנגעפילט מיט פאָרגעפילן, דערוואַרטונגען און האָפענונגען אויף אַ נייער צייט, וואָס קומט אָן, וואָס מוז אָנקומען. דעמאָלט, אויפן שוועל פון 20סטן יאָרהונדערט, איז אויף דער וועלט — און אַפילו אין דעם דעמאָלט אויסערלעך־פאַרפרוירענעם און פאַרשלאָפענעם רוסלאַנד — פּלוצלינג באַקאַנט און פאַרשפּרייט געוואָרן אַן אויסדרוק: פּען־דיו־סיעקל. ס'איז געווען אַ פראַנצויזישער אויסדרוק וואָס האָט באַדייט: דער סוף פון יאָרהונדערט. אין מיינע זכרונות פון יענער צייט פאַרבינדט זיך דער אויסדרוק מיט אַן... אַש־טעלערל. דאָס אַש־טעלערל איז געווען געמאַכט פון מעטאַל, גרין געפאַרבט, פון עפּעס ניט קיין רעגולערער פאָרם און באַצירט מיט אַ רעליעף־פיגור פון אַ טאַנצנדיקער יונגער פרוי מיט צעפלאָסענע לאַנגע האָר און אַ ברייט־צעכוואַליעטער, לייכטער קלייד. דאָס דאָזיקע אַש־טעלערל, האָט מען געזאָגט, איז געמאַכט געוואָרן לויט אַ פראַנצויזישן מוסטער, לויט עפּעס נייע צייכענונגען און געשמאַקן, וואָס פאַרשפּרייטן זיך דאָרטן ערב דעם אָנקומען פון דעם נייעם יאָרהונדערט. און גערופן האָט מען טאַקע דאָס אַש־טעלערל: פּען־דיו־סיעקל.

פאַרשטייט זיך, אַז צום סוף פון 19טן און אָנפאַנג פון 20סטן יאָרהונדערט זיינען אין די אַמאָליקע רוסלענדישע שטעט און שטעטלעך אַריינגעדרונגען ניט נאָר פראַנצויזישע אַש־טעלערלעך, און ניט נאָר די צייכענונגען פון טאַנצנדיקע יונגע פרויען, נאָר אויך אַ סך אַנדערע זאַכן און אידייען, — און ניט נאָר פון פראַנקרייך. אָבער דער 20סטער יאָרהונדערט מיט אַלע זיינע גרויסע געשעענישן און ענדערונגען איז נאָך געווען פאָרויס, און שטייענדיק ערשט אויף זיין שוועל, האָבן מיר אין אים אַריינגעקוקט, ווי דורך א לעכל פון אַ שלאָס, פּרואווענדיק פאָראויספילן און פאָראויסטרעפן, וואָס ער קאָן אונז ברענגען.

פּרואוו איך זיך פאָרשטעלן, ווי די וועלט האָט אויסגעזען אויפן שוועל פון דעם נייעם יאָרהונדערט, דערמאָן איך זיך:

אַמעריקע האָט נאָך דעמאָלט געהייסן אין אונזערע מקומות די „נייע וועלט”. מענטשן זיינען נאָך ניט זייער אָפּט געפֿאָרן קיין אַמעריקע און נאָך ווייניקער זיינען געקומען פֿון איר צוריק. אַ פֿאַרשפּרייטער וויץ איז געווען, אַז אין אַמעריקע, וואָס געפֿינט זיך „אויף דער אַנדערער זייט” פֿון דעם ערד־קיילעך, גייט מען מיטן קאָפּ אַראָפּ, — און ס׳זיינען געווען מענטשן, וואָס פֿלעגן זיך חקרנען: ווי טאַקע גייען אַרום די אַמעריקאַנער? אין אונזער שטאָט איז געווען איין־איינציקער מענטש, אַן אויסגעדאַרטער שניי־דער — געהייסן האָט ער, דאַכט זיך, יאַנקל פֿריידענבערג — וואָס איז געווען אַ זייער אָנגעלייגטער גאַסט ביי אַלע זיינע באַקאַנטע, ווייל ער איז געווען אין אַמעריקע, און פֿלעגט שטענדיק דערציילן וועגן די אַמעריקאַנער חידושים, פֿון וועלכע ער איז קוים מיטן לעבן אַנטלאָפֿן.

אין יענער צייט, דערמאָנט זיך מיר, פֿלעגט צו אונז אין הויז איין מאָל אין חודש, געוויינלעך פֿרייטיק, אַריינקומען אַ געפּאַקטער, מיטליאַריקער ייִד, וואָס פֿלעגט ברענגען מיט זיך אַ שוואַרץ קעסטעלע מיט אַ דרייענדיקן וואַליק, אויף וועלכן ער פֿלעגט אָנטאָן עפּעס אַ טונקל־ברוינע טרייבל און פּאָר צוויי קאָפּיקעס האָט מען געקאָנט אָנטאָן אויף די אויערן אַ פּאָר דיסקלעך און הערן מיט איבעררעשונג און פֿאַרגעניגן, ווי פֿון דער קעסטעלע טראָגן זיך עפּעס קלאַנגען, סקריפּען און קוויטשערייען, וואָס זיינען ענלעך אויף מוזיק, אָדער אויף מענטשלעכע קולות. געהייסן האָט דידאָזיקע וואונדער־מאַשינקע „עדיסאָנס פֿאָנאָגראַף” (מיטן טראָפּ אויף „סאָנס” און „גראַף”) און געוואוסט האָט מען, אַז זי ווערט געמאַכט אין אַמעריקע.

אין יענער צייט האָבן זיך אויף די גאַסן פֿלוצלינג באַוויזן גרויסע אַפֿישן וועגן „לעבעדיקע בילדער פֿון לומיערן”, וואָס וועלן געוויזן ווערן אין שטאָטישן טעאַטער. מען איז געלאָפֿן אויף בייז־וואונדער און מען האָט געזען: אויף אַ גרויסן לייוונט, וואָס האָט פֿאַרנומען דעם אָרט פֿון דעם טעאַטער־פֿאַרהאַנג, האָבן זיך אין דעם פֿאַרטונקלטן טעאַטער אַרומגעטראָגן עפּעס שוואַרצע גרויסע סילועטן, שאָטנס פֿון מענטשן, וועלכע זיינען גע־שפּרונגען אַהער און אַהין, געשלאָגן זיך, אַרומגענומען זיך, אויפגעשטעלט זיך, געזעצט זיך, איבערגעקערט זיך צוזאַמען מיט סילועטן פֿון טישן און שטולן. דאָס, האָט מען געזאָגט, זיינען לעבעדיקע פֿאָטאָגראַפֿיעס, וואָס זיינען דערפֿונדן געוואָרן אין פֿראַנקרייך, אָבער ס׳זיינען געווען אַ סך מענטשן, וואָס האָבן שטאַרק געצווייפֿלט אין דעם און האָבן געטענהט, אַז דאָס זיינען בלויז שאָטנס פֿון אַקטיאָרן, וואָס לויפֿן אַרום הינטער דעם באַלויכטענעם פֿאַרהאַנג. געווען איז עס, פֿאַרשטייט זיך, דער אָנהויב פֿון די היינטיקע מואוויס.

כ׳געדענק ניט, צי ס׳איז געווען אין דעם לעצטן יאָר פֿון דעם 19טן יאָרהונדערט, צי אין דעם ערשטן פֿון דעם 20סטן, ווען אין אונזער שטאָט האָט זיך באַוויזן דער ערשטער (און, נאַטירלעך, אויף אַ לאַנגער צייט דער איין־און־איינציקער) אויטאָמאָביל, — אַ וואָגן, וואָס לויפֿט אָן פֿערד. וועגן זיין קומען און גיין האָט ער אָנגעזאָגט מיט אַ געוואַלדיקער שיסעריי, ווי

פון ביקסן און קאַנאָנען, וואָס האָט געשראָקן מענטשן און פערד אויף די גאַסן. אָבער ס׳זיינען געווען אַ סך מענטשן, וואָס האָבן געקוקט אויף דעם מאָדנעם וואָגן און ניט געגלויבט אין אים, האָבן געפּרואווט דערקלערן, אַז די גאַנצע מעשה איז עפּעס אַ שווינדל, און האָבן ניט געגלויבט, אַז פון דעם קאָן עפּעס אַרויסקומען.

אויפן שוועל פון דעם 20סטן יאָרהונדערט האָבן מיר שוין געוואוסט וועגן לופט־פליערײַ. אָבער דער אמת איז, אַז לופט־פליערײַ, מיט דער הילף פון מאַשינעס, איז נאָך באַטראַכט געוואָרן ווי אַ מין זשול ווערן פאַנטאַזיע. עקזיסטירט האָט דעמאָלט — און איז גראָד אין רוסלאַנד דווקא געווען גאַנץ פּאַרשפּרייט — בלויז לופט־שווימערײַ, ניט אין קיין עראָפּלאַנען, וואָס זיינען נאָך ניט דערפונדן געוואָרן, נאָר אין גרויסע לופט־באַלאָנען, וועלכע מען פלעגט אַ גאַנצן טאָג, פאַרן אויפהויבן זיך, אָנבלאָזן מיט הייסע לופט און רויך פון ברענענדיקע שייטערס אויפן שטאָט־פּלאַץ. מיר פלעגן שטאַרק באַוואונדערן די דרייסטקייט פון די דעמאָלטיקע לופט־באַלאָן „שווי־מער״, אָבער עלטערע מענטשן האָבן ניט געצווייפלט, אַז דאָס איז פשוט אַ מין משוגעת.

עלעקטריע — עלעקטרישע באַלייכטונג, עלעקטרישע מאַשינעריע — איז דעמאָלט נאָך געווען דער גרויסער וואונדער פון דער וועלט. מען האָט געגלויבט און ניט געגלויבט, אַז מיט עלעקטריע וועט מען קאָנען טאָן „אַלץ״, און אַז עלעקטריע וועט מיט דער צייט פאַרבייטן אַלע פערד און מאַשינעס פון דער וועלט, — אָבער מען איז אויך געווען זיכער, אַז עלעקטריע איז עפּעס אַ זייער געהיימניספולע זאַך, וואָס קיינער וועט קיינמאָל ניט קאָנען וויסן וואָס דאָס איז אַזוינס און פאַרוואָס עס האָט אַזעלכע וואונ־דערלעכע אייגנשאַפטן. ס׳איז דעמאָלט געווען פּאָפּולער דער אַנעקדאָט פון דעם פאָטער, וואָס גלויבט ניט און מיינט, אַז זיין זון, וואָס איז געקומען פון פּייטערבאַרג, שפּאַסט פון אים, ווען ער דערציילט, אַז מען קאָן דורך אַזאַ טרייבל, אַ טעלעפאָן, ריידן אין איין עק שטאָט און געהערט ווערן אין דעם צווייטן עק:

— אַזאַ זאַך איז אוממעגלעך, — פאַרזיכערט דער פאָטער דעם זון.

— אָבער, טאַטע, ס׳איז דאָך דורך עלעקטריע.

— אָ, עלעקטריע? טאָ וואָס זשע האָסטו מיר פריער ניט געזאָגט?

וועגן אַמעריקע האָט מען דעמאָלט אין אויסלאַנד געוואוסט אַזוי ווייניק, אַז פּאַרצייטיקע ביכלעך וועגן דעם ווי קאָלאָמבוס האָט אַנטדעקט אַמעריקע זיינען נאָך געווען אַ מין „בעסט־סעלערס״ און מען האָט זיי געלייענט ווי די לעצטע ידיעות וועגן אַמעריקע. געוואוסט האָט מען פון די ביכלעך, אַז אַמעריקע איז באַפעלקערט מיט רויט־הויטיקע אינדיאַנער, וואָס ספּע־ציאַליזירן זיך אין אַראָפּשינדן סקאַלפּן פון די קעפּ פון ווייסע מענער און פרויען און אַז ווייסע אַמעריקאַנער ווייזן אַרויס גרויס העלדישקייט אין די כסדרדיקע קאַמפן מיט די שלעכטע אינדיאַנער. אָבער דידאָזיקע אינדיאַנער־געשיכטעס זיינען אויפן שוועל פון 20סטן יאָרהונדערט שנעל

באַדעקט געוואָרן מיט פאַרשיידענע געשיכטעס — זייער אָפט אַזעלכע איבער־טריבענע, אַז די דערציילער אַליין האָבן אין זיי קוים געגלויבט, — וועגן דער שפּאַניש־אַמעריקאַנער מלחמה, וועגן דעם קאַמף פון די קובאַנער פאַר זייער פרייהייט (קובאַנער זיינען דערפאַר אַ געוויסע צייט געוואָרן פּאָפּולערע העלדן אין די שפּילערייען פון שול־קינדער), און וועגן דעם, ווי גוט און שנעל די אַמעריקאַנער סאָלדאַטן האָבן זיך אָפּגערעכנט מיט די שפּאַניער פאַר... דעם יידישן גירוש פון שפּאַניע און פאַר דער שפּאַנישער אינקוויזיציע, וואו מ'האָט יידן געברענט אויף שייטער־הויפנס. דאָס האָט געשאַפן ביי יידן זייער גרויסע סימפּאַטיעס צו דער אומבאַקאַנטער ווייטער אַמעריקע...

אָבער אין דער זעלביקער צייט האָבן געגומען בלאָזן אויך אַנדערע ווינטן. עס האָבן זיך געלאָזט הערן קלאַנגען וועגן עפּעס אַ נייעם „מנהג", וואָס ווערט איינגעפירט אין אַמעריקע. דער מנהג זאָל הייסן: „אַכט שעה פאַר אַרבעט, אַכט שעה פאַר רו און אַכט שעה פאַר שלאָף". איך האָב וועגן דעם צום ערשטן מאָל דערהערט פון מיינעם אַ שול־חבר, וועלכער איז געוואָרן אַ זעצער־שילער אין דער אָרטיקער רוסישער צייטונג. און דערדאָזיקער קלאַנג האָט זיך גענומען אַלץ מער פאַרשפּרייטן און צינדן די פאַנטאַזיע ניט נאָר פון די אַרבעטער, נאָר אויך פון די קליינע באַלמעלאָכעס, וואָס פלעגן נאָך אַרבעטן צו יענער צייט און מאַכן זייערע לערן־ייִנגלעך צו אַרבעטן „פון שלאָף ביז שלאָף".

עמיצער האָט גענומען זוכן און אויסגעפונען עפּעס אַ געזעץ נאָך פון יעקאַטערינעס צייטן, אַז אַרבעטן מעג מען „בלויז" פון 7 ביז 7, און באַלד האָט מען גענומען שעפּטשען, מורמלען, רײדן און פאָדערן „באַגרעניצטן" אַרבעטסטאָג — „פון 7 ביז 7".

און אַז מען האָט שוין געהאַלטן אַזוי ווייט, האָט מען אָנגעהויבן הערן, אַז ערגעץ אין אונטערגרונט (כ'האָב פון אָנהויב גאַנץ ערנסט געגלויבט, אַז דאָס מיינט בפירוש אין קעלערס און ניט אין קיין שום אַנדער אָרט) זיינען פאַראַן עפּעס אַזעלכע מענטשן, וואָס רופן זיך „סיציליסטן" און וואָס זיינען סיי קעגן קייסער, סיי קעגן גאָט און סיי קעגן אַלע באַלעבאַטים.

אין סאַמע סוף פון דעם 19טן יאָרהונדערט, אין סעפּטעמבער 1900, אויפן שוועל פון 20סטן יאָרהונדערט, האָב איך מיט אַ גרופּע יונגוואַרג, וואָס איז באַגאַנגען דעם גרויסן פאַרברעכן פון פאַרזאַמלען זיך אין אָוונטן און לייענען צוזאַמען יידישע געשיכטע און יידישע ליטעראַטור (דעמאָלט נאָך אין רוסיש), און זינגען צוזאַמען פּרוגס „סיאָנידן" (ציון־פאַרבענקטע לידער), דעם ערשטן מאָל פאַרזוכט דעם טעם פון אַרעסטירט און אָפּגעהאַלטן צו ווערן עטלעכע וואָכן הינטער גראַטעס. ס'איז אָבער געווען זייער אַ נוצ־לעכע דערפאַרונג אויפן שוועל פון 20סטן יאָרהונדערט, אַן אַריינטריט, אויב ניט אין אוניווערסיטעט, איז אין מיטלשול פון לעבן. און די דערפאַרונג האָט זיך באַפעסטיקט דורך דעם רייכן „אוצר", וואָס כ'האָב צופעליק געפונען אין עטלעכע חדשים אַרום, שוין אויף דער זייט פון דעם נייעם יאָרהונדערט.

דער אוצר איז געווען — אַ דין ביכעלע, געדרוקט אויף ציגאַרעט־פּאַפּיר, מיטן נאָמען „דער קאָמוניסטישער מאַניפעסט" פון קאַרל מאַרקס.

דאָס דאָזיקע ביכעלע האָט פאַר מיר און אַזעלכע ווי איך געעפענט א טיר אין אַ נייער וועלט. אָבער, הגם די אַלע אויספירן פון דעם ביכעלע זיינען פאַר דעם יונגן יינגל, פונקט ווי פאַר הונדערטער מיליאָנען דערוואַקסענע מענטשן איבער גאַר דער וועלט, נאָך ניט געווען קלאָר און פאַרשטענדלעך, איז עס אָבער געווען — ווי מיר האָבן שפּעטער זיך געקאָנט איבערצייגן — די וויכטיקסטע, די ווערטפולסטע ירושה, וואָס דער 19טער יאָרהונדערט האָט איבערגעגעבן דעם 20סטן צו באַנעמען, צו פאַרווירקלעכן, צו פאַרמערן. אָן אָט דעם ביכעלע, אָן דעמדאָזיקן רוף און וועג־ווייזער צו אַ נייער וועלט, וואָלט די גאַנצע געשיכטע פון דער נאָר־וואָס פאַרענדיקטער ערשטער העלפט פון דעם 20סטן יאָרהונדערט, ניט געהאַט קיין זינען. די וועלט וואָלט אָן אים אויסגעזען, ווי אַ צעגראָבן מערעשקע־בערגל, איבער וועלכן עס טראָגן זיך אַרום צעשראָקענע, צעטומלטע מערעשקעס, וואָס שטויסן זיך צוזאַמען, צעלויפן זיך און ווייסן ניט וואו צו גיין. מיט דעם דאָזיקן וועג־ווייזער איז די וועלט געוואָרן איינהייטלעכער, פעלקער און לענדער זיינען דערנענטערט געוואָרן איינס צום אַנדערן, דער ייד מיטן שפּאַניער, דער רוס מיטן אַמע־ריקאַנער, דער פראַנצויז מיטן כינעזער האָבן געפונען אַ געמיינזאַמע שפּראַך און האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאַרשטיין. אין קאַמפן, אין מלחמות, אין ווייטיקן און אין פריידן האָט זיך אין דער ערשט־פאַרענדיקטער ערשטער העלפט פון אונזער איצטיקן יאָרהונדערט אָנגעהויבן אויסשיילן, אויסבילדן און שטעלן זיך אויף די פיס א נייע וועלט פון א באפרייטער ארבעטער־מענטשהייט. זאָל די צווייטע העלפט פון דעם יאָרהונדערט פאַרענדיקן דאָס, וואָס די ערשטע האָט אָנגעהויבן!

# 50 יאָר נאָך דער רעוואָלוציע פון 1905

דעם 30טן אָקטאָבער 1955 איז געוואָרן פונקט 50 יאָר, אַ האַלבער יאָר־הונדערט זינט דעם זיג פון דער ערשטער רוסלענדישער רעוואָלוציע אין אָקטאָבער 1905. דער נצחון פון דערדאָזיקער רעוואָלוציע איז, אמת, געווען אַ ציטווייליקער, אַ קורץ־דויערנדיקער. די צאַרישע רעגירונג, וועלכע איז דורך דעם אַלגעמיינעם ארבעטער־סטרייק פון מיטן אָקטאָבער 1905 געשטעלט געוואָרן אויף די קני און האָט אין דעם צאַרישן מאַניפעסט פון דעם 17טן (30טן) אָקטאָבער צוגעזאָגט די פעלקער פון רוסלאַנד פרייהייט און גלייכהייט, די אָפּשאַפונג פון מאָנאַרכיסטישן אַבסאָלוטיזם, די איינפירונג פון אַ פּאַר־לאַמענטאַרישער אָרדענונג, געבויט אויף אַלגעמיינע געהיימע וואַלן, א. אז. וו., האָט שוין אויף מאָרגן נאָך דעם מאַניפעסט און נאָך דער פאַרענדיקונג פון דעם אַלגעמיינעם סטרייק אָנגעהויבן אַ בלוטיקן קאַמף קעגן דער רעוואָלוציע.

צו די ערשטע שריט פון דעם צאַריזם אין דעם פּרט געהערט די אָרגאַניזירונג פון הונדערטער בלוטיקע פּאָגראָמען אויף יידן אין די שטעט און שטעטלעך פון דעם תּהום (וואו יידן האָבן געמעגט וואוינען), און אויף אַרבע־טער און אינטעליגענץ אין די רוסישע שטעט, וואו קיין יידישע באַפעלקערונג איז ניט געווען. די ווייטערדיקע שריט פון דער צאַרישער רעגירונג אין דער ריכטונג פון דערשטיקן די רעוואָלוציע האָבן זיך אויסגעדריקט אין דער פּאָליטישער אָרגאַניזירונג פון די רעאַקציאָנערע עלעמענטן אין דער געזעל־שאַפט. אָנגעהויבן האָט זיך מיט דעם לומפּן־פּראָלעטאַריאַט און די אָפּגע־שטאַנענסטע שיכטן פון שטאָטישע מעשטשאַנעס (קליינבירגער) און פּויערים אין דעם פּאָגראָמיסטיש־אַנטיסעמיטישן „פּאַראיין פון רוסישן פאָלק", און געענדיקט מיט דער אָרגאַניזירונג פון דער גרויסבורזשואַזיש־פּריצישער רע־אַקציע אין דער רעאַקציאָנערער אַזוי־גערופענער „אָקטיאַבריסטישער" פּאַר־טיי; די פריער ליבעראַל־ראַדיקאַלע מיטל־בורזשואַזיע האָט געשאַפן די אַנטי־רעוואָליציאָנערע „פּאַרטיי פון פאָלקס־פרייהייט" (קאַ־דעטן), און ס'האָבן זיך געשאַפן באַדינגונגען פאַר דער אָרגאַניזירונג פון דער מענשעוויסטישער פּאַרטיי, וואָס איר היסטאָרישע אויפגאַבע איז באַשטאַנען אין אָפּנעמען ביי די אַרבעטער דעם גלויבן אין די אייגענע כוחות און אין אַ מעגלעכער ווידערהאָלונג פון דער רעוואָלוציע.

אָבער הגם דער זיגרייכער פּעריאָד פון דער ערשטער רוסלענדישער רעוואָלוציע האָט לאַנג ניט געדויערט, האָט די רעוואָלוציע גופא פונדעסטוועגן געהאַט אַ קאָלאָסאַלע היסטאָרישע באַדייטונג ניט נאָר פאַר רוסלאַנד אַליין, נאָר פאַר דער גאַנצער וועלט, פאַר דער גאַנצער געשיכטע פון דער ערשטער

העלפט פון 20טן יאָרהונדערט; ניט בלויז פאַר די דירעקטע אָנטיילנעמער אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, נאָר פאַר דער גאַנצער מענטשהייט; און ניט נאָר אויפן פּאָליטישן, נאָר אויך אויפן קולטור־געזעלשאַפטלעכן געביט.

די גרויסע באַדייטונג פון דער רעוואָלוציע פון 1905 פאַר די פעלקער פון דעם אַמאָליקן רוסלאַנד, — צווישן זיי פאַרן יידישן פאָלק, — איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זיי האָבן דורך די קאַמפן און זיגן אין דערדאָזיקער רעוואָלוציע אָראָפּגעוואָרפן פון זיך די מורא, וואָס איז דורך פאַרשיידענע קוואַלן און ווירקונגען פאַרפלאַנצט געוואָרן צווישן זיי אין משך פון הונ־דערטער יאָרן.

דאָס גרויסע רוסישע פאָלק האָט מען אין משך פון דורות איינגערעדט און געצוואונגען גלויבן מיט גוטן און מיט בייזן, אַז דער צאַר איז דער „באַטיושקאַ", דאָס „פאַטערל" פון דעם גאַנצן פאָלק, פון דעם גאַנצן לאַנד, דער עלטסטער איבער אַלעמען, דער הייליקסטער און דער גערעכטסטער, וואָס זיינע מעשים אין פירונגען טאָרן נישט נאָר ניט קריטיקירט ווערן, — מען טאָר אויף זיי אַפילו קיין קשיות ניט פרעגן אונטער דער דראָאונג פון די שווערסטע שטראָפן. ביי די ברייטע מאַסן פון די רוסלענדישע פעלקער האָט זיך אין משך פון יאָרהונדערטער אויסגעאַרבעט אַ זיכערקייט, אַז „צו גאָט איז הויך און צום צאַר איז וויט", און אַז דער אונטערשייד צווישן דעם אַלמעכטיקן גאָט און דעם אַלמעכטיקן צאַר איז גאָרניט קיין גרויסער. און די מורא, וואָס מען האָט איינגעוואוינט דאָס פאָלק צו האָבן פאַרן צאַר און פאַר דער גאַנצער אינסטיטוציע פון דער אַבסאָלוטער מאָנאַרכיע איז אויסגעשפּרייט געוואָרן אויך אויף יעדן טייל און שרייפל פון דער צאַרישער הערשאַפט־מאַשין, פון גענעראַלן, גובערנאַטאָרן און גלחים ביז דעם פשוטסטן גאָראָדאָוואָי און זשאַנדאַרם. דאָס פאָלק איז עקספּלואַטירט און געמאַטערט געוואָרן, האָט געליטן, האָט געציטערט און איז פאַרזיכערט געוואָרן, אַז אויפ־הייבן אַ האַנט קעגן צאַריזם איז פונקט אַזוי אוממעגלעך און האָפענונגלאָז, ווי אויפהייבן אַ געווער קעגן גאָט.

ווי דער צאַריזם האָט אַלזייטיק געדריקט דאָס יידישע פאָלק איז צו גוט באַוואוסט, ספּעציעל די, וואָס ווייסן עפּעס וועגן יענע צייטן פון אייגענער דערפאַרונג. ווי שלעכט די צאַרן זיינען ניט געווען צו יידן, זיינען די יידן געווען טיף איבערצייגט, אַז „מען טאָר קעגן אַ שלעכטן מלך ניט בעטן גאָט, ווייל עס קאָן קומען נאָך אַן ערגערער". יידישע עלטערן האָבן געוואָרנט זייערע זין און טעכטער, אַז „אַ ייד טאָר זיך ניט מישן", אַז ווי דאָס לאַנד ווערט געפירט, איז ניט קיין יידישער עסק, און בכלל, אַז די וואָס פּרואוון זיך שטעלן קעגן וועלכן עס איז אַקט פון צאַריזם ביז סאַמע אונטן, ביז זיינע נידעריקסטע באַאַמטע, זיינען אומפאַראַנטוואָרטלעכע „יינגלעך און מיידלעך", וואָס קענען ניט האָבן קיין שום אויסזיכטן אויף דערפאָלג.

דער צאַריזם האָט געדריקט דאָס יידישע פאָלק ניט נאָר פּאָליטיש. אין

די צאַרישע צייטן פלעגט מען זאָגן, אַז דער גאַנצער געזעץ־קאָדעקס פון דעם דעמאָלטדיקן רוסלאַנד באַשטייט אייגנטלעך בלויז פון איין איינציקן קורצן זאַץ: „קראָמיע יעווריעוו" („אַ חוץ יידן"). אַלע אַנדערע פונקטן פון דעם רוסלענדישן געזעצבוך זיינען בלויז אויסטייטשונגען פון דעמדאָזיקן ערשטן און איינציקן פונקט. **דער אָפענער צוועק פון דער גאַנצער צאַרישער פּאָליטיק בנוגע יידן איז געווען (לויט דער פאָרמולע פון צאַר אַלעקסאַנדער דעם דריטנס** גאָענטסטן עצה־גבעער, פּאָביעדאָנאָסצעוו), אַז די יידן־פראַגע אין רוסלאַנד דאַרף געלייזט ווערן דורך דריי פונקטן: ערשטנס, זאָל אַ דריטל פון אַלע יידן צוליב די שווערע געזעץ־באַגרענעצונגען געצוואונגען ווערן אויסצוּוואַנדערן פון לאַנד; צווייטנס, זאָל נאָך אַ דריטל געבראַכט ווערן עקאָנאָמיש צו אַזאַ צושטאַנד, אַז ס'זאָל אויסשטאַרבן פון הונגער; און דריטנס, אַז דער פאַרבליבענער דריטל פון די „בעסערע", דאָס הייסט רייכערע יידן, זאָל זיך אויסשמדן...

און מען קאָן ניט זאָגן, אַז דידאָזיקע „פּראָגראַם" איז פאַרבליבן בלויז אין טעאָריע, אָדער אַז זי איז אָנגעווענדט געוואָרן אינגאַנצן אָן דערפאָלג. זינט דעם אָנהייב פון די 80ער יאָרן, ווען דידאָזיקע „דריי פונקטן" פון דער צאַרישער פּאָליטיק בנוגע יידן אין רוסלאַנד זיינען פאָרמולירט געוואָרן, האָבן הונדערטער טויזנטער יידן אויסגעוואַנדערט יעדן יאָר פון רוסלאַנד אין אַלע עקן וועלט, — דערהויפּט אין די פאַראייניקטע שטאַטן; די אָרעמקייט אין די קליינע שטעט און שטעטלעך פון תחום, וואו ס'רוב פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט זיך געפונען, האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן, און אויב קיין דריטל פון דעם רוסלענדישן יידנטום איז אַפילו ניט אויסגעשטאָרבן פון דעם, איז אָבער זיכער, אַז אַ סך מער ווי אַ דריטל איז „געשטאָרבן פון הונגער דריי מאָל אַ טאָג, אַחוץ שבתים און יום־טובים".

וואָס איז שייך דעם אויסשמדן פון דעם רייכערן „דריטל" יידן, האָבן זיך אַ היפּשע צאָל יידן, באַזונדערס פון דער בורזשואַזער אינטעליגענץ, וואָס האָבן ניט איינגעזען קיין מעגלעכקייט אַנדערש צו באַפרייען זיך פון די שווערע צאַרישע באַגרענעצונגען אויפן געביט פון לערנען, פון באַשעפטיקן זיך, פון וואוינרעכט, פון פאַרנעמען שטעלעס א. אז. וו., — אַ היפּשע צאָל פון דער דאָזיקער אינטעליגענץ האָט טאַקע „אויסגעביטן דאָס רענדל" און האָט זיך געשמדט, בעת אַן אומפאַרגלייכלעך גרעסערער טייל פון דערדאָזיקער „אינטעליגענץ" האָט באַוואוסטזיניק געזוכט צו אַסימילירן זיך קולטורעל, פאַרלאָזנדיק די יידישע מאַסן אין זייער טאָג־טעגלעכן ביטערן קאַמף פאַר עקזיסטענץ.

„אַ ייד טאָר זיך ניט מישן", — האָבן די עלטערע דורות יידן אין רוסלאַנד געלערנט און געשטראָפט ווען נויטיק דעם ייִנגערן דור, און דאָס איז געווען ניט נאָר אַן אויסדרוק פון דער מורא פון די עלטערע, נאָר גלייכצייטיק אַ מיטל צו האַלטן אין צאַם די יינגערע.

נאָך אויפן וועג צו דער ערשטער רוסלענדישער רעוואָלוציע פון 1905

און נאָך איר האָט זיך דידאָזיקע פיל־דורותדיקע מורא אָפּגעטאָן סיי פון די רוסלענדישע פעלקער בכלל, סיי פון דעם יידישן פאָלק בפרט. מענטשן האָבן „פּלוצלינג” אויפגעהערט מורא צו האָבן פאַרן צאַר און פאַר זיינע קאָזאַקן, פּאָליציילייט, זשאַנדאַרמען און שפּיאָנען. אָבער גלייכצייטיק האָבן זיי זיך אויפגעהערט שרעקן אויך פאַר גאָט און פאַר זיינע באַדינער אויף דער ערד און האָבן אָן מורא גענומען אָפּוואַרפן די פאַרשימלטע טראַדיציעס פון דעם פאַרשפּעטיקטן קליינשטעטלדיקן מיטלאַלטער, וואָס האָט אַזוי געדריקט אויף זייערע טאַטע־מאַמעס. ווי פון דער ערד (ריכטיקער, פון אונטער־דער־ערד) האָט זיך אויפגעהויבן אַ נייער רעוואָלוציאָנערער דור, וואָס האָט דרייסט, מעג אַפילו אָפּט זיין „חוצפּהדיק”, אָנגעהויבן איבערשאַצן די אָנגענומענע אַלטע ווערטן און שאַפן פאַר זיך נייע ווערטן און נייע מאָסן פאַר זיי. דאָס איז, נאַטירלעך, ניט געקומען „פון זיך” אַליין. דאָס איז געווען דער רעזולטאַט פון דעם טיפן רעוואָלוציאָנערן אויפאַקערן און פאַרזיי־אַרבעט פון דער רוסלענדישער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג בכלל און פון דעם לענינשן פליגל פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע בפרט.

דער יידישער אַרבעטער, וואָס איז פריער באַטראַכט און באַהאַנדלט געוואָרן ניט קיין סך בעסער, ווי אַ שקלאַף, האָט דורך דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין רוסלאַנד דערפילט זיין ווערט און ווירדיקייט. ער האָט זיך דערפילט אַלס אַ קראַפט, וואָס „ווען דיין שטאַרקער אָרעם וויל, בלייבן אַלע רעדער שטיל”. דאָס לשון פון דעם יידישן אַרבעטער און האָרעפּאַשניק, וואָס איז פריער באַטראַכט און באַהאַנדלט געוואָרן ווי אַ מינדערווערטיקער „זשאַרגאָן”, וואָס פּאַסט בלויז פאַר עם־הארצים און פאַר דינסטמיידלעך, איז דורך די דערפאַרונגען פון די יידישע מאַסן אין דער רעוואָלוציע פון 1905 דערהויבן געוואָרן צו אַ שטאָלצער שפּראַך פון קאַמף און קולטור. אַ באַדייטנדיקער טייל פון דער יידישער אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך פריער געשעמט מיט יידיש האָט ניט נאָר גענומען שטאָלצירן מיט יידיש (אָפט ביז נאַציאָנאַליסטישער איבערטרייבונג!), נאָר האָט אין אים געפונען אַ פרוכטבאַרן מיטל פאַר קולטור־שאַפונג. די יידישע פּרעסע, וואָס האָט אין רוסלאַנד אינגאַנצן ניט עקזיסטירט ביזן אָנהייב פון דעם יאָרהונדערט (מיט דעם קליינעם אויסנאַם פון דעם „קול מבשר”, וואָס האָט אַ קורצע ווײַלע עקזיסטירט אין די 80ער יאָרן), איז אַרויס פון דעם רעוואָלוציאָנערן אונ־טערגרונט, וואו זי האָט געטאָן איר חלק אין אויפוועקן די יידישע מאַסן. זי האָט מיטאַמאָל באַזייטיקט די פריערדיקע מאָנאָפּאָל פון דער העברייאישער פּרעסע און האָט זיך צעבליט אין אַ ברייט־פאַרשפּרייטער, פאַרשיידנפאַר־ביקער מאָדערנער יידישער פּרעסע. יידישע שרייבער, וואָס זיינען ביזן סוף פון 19טן יאָרהונדערט געווען צוואָרפענע יחידים, וואָס האָבן זיך ס׳רוב באַהאַלטן אונטער פסעוודאָנימען, ווייל פאַר אַן אינטעליגענטן מענטשן האָט ניט געפּאַסט צו זיין באַקאַנט אַלס „זשאַרגאָנישער” שרייבער, האָבן זיך דערפילט אַלס מיטגלידער פון אַ וואַקסנדיקן שעפערישן קאָלעקטיוו — אין

וואַרשע, אין ווילנע, אין אָדעס, אין קיעוו, — און זיינען מיט שטאָלץ אַרויסגעקומען אונטער זייערע אייגענע נעמען. אויף דער „יידישער גאַס״ האָט אויפגעבליט אַ נייע קולטור־באַוועגונג, וואָס האָט זיך אָנגעשפּאַרט אויף די באַדערפענישן פון די ברייטע יידישע מאַסן, האָט אַרויסגערוקט אַן אייגענע אינטעליגענץ, מיט פּראָגרעסיווע און אַפילו רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס. זי האָט פאַרשטופּט אין אַ זייט דעם ביטערן אָנדענק פון די צייטן, ווען שמדן זיך צוליב אַ „קאַריערע״ איז געווען אַ „נאָרמאַלע״ זאַך און ווען די בורזשואַזע אַסימילאַציע איז אין שותפות מיט אַ פּרימיטיוון משיח־נאַציאָנאַליזם געווען די הערשדיקע אידעאָלאָגיע אין יידישן לעבן.

דער צאַרישער צוזאָג אין אָקטאָבער 1905 איינצופירן גלייכע רעכט פאַר אַלע בירגער, אַ צוזאָג אויף וועלכן די יידישע בורזשואַזיע האָט געבויט אירע האָפענונגען אויף דער „דערגרייכונג״ פון אירע געגאַרטע „דריי רעכט״: דאָס רעכט צו האַנדלען אומעטום, דאָס רעכט צו וואוינען אומעטום און דאָס רעכט צו באַזוכן די מיטעלע און הויכע רעגירונג־שולן, איז ניט פאַרווירקלעכט געוואָרן. אין געזעצבוך זיינען אַלע פריערדיקע באַגרענעצונגען קעגן יידן פאַרבליבן. אָבער די ברייטע יידישע מאַסן האָבן אַליין פּראָקלאַמירט און פּראַקטיצירט זייער גלייכהייט מיט די אַרומיקע באַפעלקערונגען דורך אַן אַקטיוון אָנטייל אין דעם אַלגעמיינעם פּאָליטישן לעבן, דורך די פאַרשיידענע לעגאַלע און אומלעגאַלע פּאַרטייען. זיי האָבן אויפגעהערט צו קוקן אויף דער אַרומיקער פּאָליטישער און קולטור־וועלט, ווי אויף אַ פרעמדער „גוי־אישער״ און פיינטלעכער וועלט. זיי האָבן אַלץ מער און מער באַטראַכט זייער אומגלייכקייט פאַרן געזעץ, ווי אַ אַ צייטווייליקע זאַך, ווי עפּעס אַן איבערבלייבעכץ פון אַן אַלטער קראַנקהייט, אָדער פאַראורטייל, וואָס מוז און וועט באַזייטיקט ווערן. די יידישע מאַסן פון נאָך דער רעוואָלוציע פון 1905 האָבן זיך דערפילט און געפירט אַנדערש, ווי פאַר דערדאָזיקער רעוואָלוציע, — אַ נייער שטראָם איז אַריינגעבראַכט געוואָרן אין זייער לעבן „אַ באַפרייענדיקער ווינט, וואָס האָט אָפּגעפרישט די לופט אין דער צעפּאָלנדיקער געטאָ.

דער נייער בליק אויף דער וועלט האָט זיך אומפאַרמיידלעך געמוזט אָפּרופן אויך אויף דעם כאַראַקטער פון דער יידישער ליטעראַטור פון דעם פעריאָד פון נאָך 1905. בעת די יידישע ליטעראַטור פון דער צווייטער העלפט פון 19טן יאָרהונדערט אין יידיש, העברייאיש און רוסיש האָט געהאַט צו טאָן הויפּטזאַכלעך מיט דעם יידישן שטייגער, אָפּגעשטויסן און אָפּגעשיידט פון דער אַרומיקער וועלט, האָט זיך נאָכן יאָר 1905 באַוויזן אַ גרויסע צאָל יונגע יידישע דיכטער און פּראָזאַאיקער, וואָס האָבן גענומען זוכן און אויסדריקן דאָס אַלגעמיין־מענטשלעכע אין דעם יידישן לעבן און אין דעם יידישן יחיד. אפשר אויפן שאַרפסטן אופן איז דער נייער צוגאַנג געקומען צום אויסדרוק אין דעם אונטערשייד צווישן צוויי „שטעטלעך״: שלום אַשם און י. מ. ווייסענבערגס. אין דער צייט ווען שלום אַש האָט אין זיין

„שטעטל", וואָס איז נאָך דורך דער רעוואָלוציע ניט באַרירט געוואָרן, געזוכט צו ראָמאַנטיזירן דעם באַלעבאַטישן שטייגער און די געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען פון דער אָפּשטאַרבנדיקער פּאַרגאַנגענהייט, האָט דער געוועזענער זאַטל־אַרבעטער, י. מ. וויסענבערג אַרויסגעבראַכט אַ שטעטל, וואָס האָט פאַרלוירן איר פריערדיקע איינגעשלאָסנקייט און פּאַטריאַרכאַלישקייט און ברויזט מיט קלאַסנקאַמף, — אַפילו ווען נאָך אין פּרימיטיווע פאָרמען. אַזוי קומט אויך דוד בערגעלסאָן אַרויס אין יענער צייט מיט זיין „אַרום וואָקזאַל", אין וועלכן די אַלגעמיין־מענטשלעכע איבערלעבונגען און שטרעבונגען פון זיינע העלדן דאָמינירן איבער די פּאַרבליבענע סימנים פון דעם אָפּשטאַרבנדיקן אַלטן שטייגער.

***

די רוסלענדישע רעוואָלוציע פון 1905 האָט געהאַט אַן אַלוועלטלעכע באַדייטונג, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס איר זיג איז זייער שנעל אַרויסגעריסן געוואָרן פון אירע הענט. די וועלט־באַדייטונג פון דער דאָזיקער רעוואָלוציע איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס זי האָט מיט זיך אָנגעהויבן און געגעבן אַ שטויס דעם ציקל רעוואָלוציאָנערע שטורעמס פון 20סטן יאָרהונדערט, וואָס האָט שוין ביז איצט באַוויזן איבערצובויען אַ גרויסן טייל פון דער אַלטער וועלט און האָט זיך נאָך ווייט ניט פאַרענדיקט. פּונקט ווי די אַמעריקאַנער רעוואָלוציע פון 1776 איז געווען דער פּאָראויסגייער פון דער גרויסער בורזשואַזער פראַנצויזישער רעוואָלוציע פון 1789, און די שפּעטערדיקע פראַנצויזישע רעוואָלוציע פון 1848 איז געוואָרן דער סיגנאַל פאַר אַ גאַנצער ריי רעוואָלוציעס, וואָס האָבן זיך איבערגעטראָגן איבער מערב אייראָפּע און אָפּגערייניקט דעם וועג פאַר דעם קאַפּיטאַליסטישן איבערבוי פון דער דעמאָלטדיקער וועלט, אַזוי איז די רוסלענדישע רעוואָלוציע פון 1905 געווען אַן אָנזאָגערין פון אַ גאַנצער ריי רעוואָלוציאָנערע ענדערונגען, וואָס זיינען נאָך איר פאַרגעקומען אין עסטרייך (1906), אין טערקיי (1910), אין כינע (1911), אויף די באַלקאַנען א. אז. וו.

די רוסלענדישע רעוואָלוציע פון 1905 האָט זיך אויסגעצייכנט פון אַלע פריערדיקע רעוואָלוציעס מיט איין וויכטיקן פּרט: הגם זי האָט לכתחילה געזאָלט זיין אַ בורזשואַזע רעוואָלוציע קעגן דער צאַריש־פריצישער הערשאַפט, איז אָבער דער הויפּט־באַוועגער אין דערדאָזיקער רעוואָלוציע, די קראַפט, וואָס האָט איר געגעבן אַלע אירע נצחונות, די צייטווייליקע, ווי די מער פּערמאַנענטע, געווען דער פילנאַציאָנאַלער רוסלענדישער אַרבעטער־קלאַס. אין דערדאָזיקער רעוואָלוציע איז דער מאָדערנער אַרבעטער־קלאַס צום ערשטן מאָל נאָך דער קורצווייליקער פּאַריזער קאָמונע פון יאָר 1871 אַרויסגעטראָטן ניט נאָר ווי אַ באַזונדערער קלאַס, נאָר ווי די פירנדיקע קראַפט, וואָס זי אַליין איז געווען בכוח צו שטעלן די צאַרישע מאַכט אויף די קני און אונטערצונעמען די ליזונג פון די גרויסע נאַציאָנאַלע און פּאָליטישע פּראָבלעמען פונעם גאַנצן לאַנד און פון אַלע פעלקער פון רוסלאַנד, וואָס די רוסלענדישע

בורזשואַזיע האָט זיך ניט געפֿילט בכוח, אָדער שוין ניט געהאַט קיין חשק אונטערצונעמען.

הגם די רעוואָלוציע פֿון 1905 האָט ניט באַוויזן צו דערשלאָגן זיך ס׳רוב פֿון די קאָנקרעטע אויפֿגאַבן וועלכע זי האָט זיך געשטעלט, איז זי אָבער בשום אופֿן ניט געווען קיין דורכפֿאַל. פֿאַרקערט: אַחוץ איר אומדירעקטער ווירקונג אויף אַנדערע לענדער איז זי געווען אַ דירעקטע צוגרייטונג צו דער גרעסטער רעוואָלוציע פֿון דער ערשטער העלפֿט פֿון 20סטן יאָרהונדערט, צו דער סאָציאַליסטישער אָקטאָבער־רעוואָלוציע פֿון 1917, וואו דער אַרבעטער־קלאַס איז שוין אַרויסגעטראָטן אַלס שותף און אָנפֿירער פֿון דעם האַרע־פּאַשנעם פּויערטום ניט נאָר קעגן דעם צאַריזם און קעגן די פּריצים, נאָר אויך קעגן דער בורזשואַזיע, קעגן דעם קאַפּיטאַליזם און קעגן דעם גיפּטיקסטן אויסדרוק פֿון דעם קאַפּיטאַליזם אויף זיין העכסטער שטופֿע, קעגן דעם מאָדערנעם פֿעלקער־פֿאַרשקלאַפֿנדיקן קריגערישן אימפּעריאַליזם. די דער־פֿאַרונגען פֿון דער רעוואָלוציע פֿון 1905 האָבן ניט נאָר צוגעגרייט דעם נצחון פֿון דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע פֿון 1917, נאָר אויך בייגעטראָגן צום זיג פֿון דער גיגאַנטישער כינעזישער רעוואָלוציע פֿון 1948 און פֿון די אַנדערע פֿעלקער, וואָס האָבן זיך נאָך דער צווייטער וועלט־מלחמה אויפֿ־געהויבן קעגן דעם פֿרעמדן אימפּעריאַליסטישן יאָך און קעגן זייערע היימישע אונטערדריקער.

אין אָט דעם ליגט דער גרויסער ווערט און די היסטאָרישע באַדייטונג פֿון דער רוסלענדישער רעוואָלוציע פֿון 1905: זי האָט געהאַט אירע וויכטיקע אָפּקלאַנגען איבער גאָר דער וועלט, און צווישן איר אויך אין יידישן לעבן, ניט נאָר אויפֿן פּאָליטישן געביט, נאָר אויך אויף אַ ברייטן געזעלשאַפֿטלעכן און קולטור־באַדן.

פֿאַרפֿראַזירנדיק דזשאָן רידס באַרימטע כאַראַקטעריסטיק פֿון די זיג־רייכע אָקטאָבער־טעג פֿון 1917 אַלס די „צען טעג, וואָס האָבן אויפֿגעטרייסלט די וועלט״, קאָן מען זאָגן, אַז די פֿאַרגייערין פֿון דער סאָציאַליסטישער אָק־טאָבער־רעוואָלוציע פֿון 1917, די רוסלענדישע רעוואָלוציע פֿון 1905 איז געווען אַ שטורעם, וואָס האָט אויפֿגעטרייסלט דעם פֿונדאַמענט פֿון דער אַלטערוועלט און אָנגעצייכנט אַ וועג פֿאַר אַ נייער וועלט.

# מיין ערשטער 1-טער מאַי

מיין ערשטן „ערשטער מאַי“ האָב איך געפייערט אין יאָר 1903. געווען איז עס אין מיין היים־שטאָט, אין ניקאָלאַיעוו, אַ שטאָט אין דרום־אוקראַינע, ניט ווייט פון אָדעס. די שטאָט האָט פאַרמאָגט צוויי גרויסע שיף־בוי זאַוואָדן (פלענטס) און אַ גרויסע צאָל אינדוסטריעלע אַרבעטער, צווישן וועלכע די סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן אָנגעפירט אַ כסדרדיקע — פאַרשטייט זיך, טיף אונטערערדישע — אַרבעט. אַזוי ווי קיין יידן האָבן אויף דידאָזיקע זאַוואָדן ניט געאַרבעט, ווייל מ'האָט אַהין קיין יידן ניט אַריינגענומען, איז די יידישע באַפעלקערונג, מיטן אויסנאַם פון אַ צאָל יוגנטלעכע און סטודענטן, כמעט ניט באַרירט געוואָרן דורך דערדאָזיקער אַרבעט — און דורך די פאָליטישע שטימונגען פון די רוסישע אַרבעטער. מ'האָט געהערט, אַז אויף דעם 1טן מאַי מאַכן געוויסע אַרבעטער „מאַיאָווקעס“, אַרויספאָרנדיק אויף שיפלעך איבער דעם בוג און אינגול, — נאָר צווישן מיינע באַקאַנטע איז ניט געווען קיינער, וואָס האָט זיך אין אַזאַ מאַיאָווקע באַטייליקט.

אָבער מיט דער מאַי־פייערונג פון 1903 איז פאָרגעקומען עפּעס אַנדערש. געווען איז עס באַלד נאָך דעם שרעקלעכן קעשעניעווער פּאָגראָם, וואָס האָט אויפגערודערט די גאַנצע וועלט און באַזונדערס, נאַטירלעך, די יידישע באַפעלקערונג פון דרום־אוקראַינע, וואָס געפינט זיך אין דער נאָענטסטער שכנות מיט בעסאַראַביע. מען קאָן זאָגן, אַז שוין נאָך די ערשטע ידיעות וועגן דעם קעשעניעווער פּאָגראָם האָט די יידישע יוגנט אין ניקאָלאַיעוו, פּונקט ווי אין אַנדערע שטעט פון תחום, גענומען טראַכטן און ריידן וועגן זעלבשוץ. און אינטערעסאַנט איז, אַז ביי קיינעם איז דערביי ניט געווען דער מינדסטער צווייפל, אַז שולדיק אין דעם קעשעניעווער פּאָגראָם איז געווען דירעקט די צאַרישע רעגירונג און איר פּאָליציי און אַז די זעלבשוץ מוז אָרגאַניזירט ווערן קעגן די מעגלעכע פּאָגראָמשטשיקעס, פּונקט ווי קעגן דער פּאָליציי און דער גאַנצער צאַרישער נאַטשאַלסטוואָ.

דידאָזיקע שטימונג פון דער יידישער יוגנט איז תיכף אונטערגעכאַפּט געוואָרן דורך דער אונטערערדישער באַוועגונג אין שטאָט און דורך איר איז ווי אַ בליץ פאַרשפּרייט געוואָרן פון מויל צום אויער אַן אָנזאָג, אַז הייַנטיקס יאָר וועט דער 1טער מאַי געפּראַוועט ווערן מיט אַ דעמאָנסטראַציע אויף די גאַסן און וועט זיך קאָנצענטרירן אַרום דעם גראַדאָנאַטשאַלניקס (דעם גובערנאַטאָרס) הויז. די הויפּט־אורזאַך, פאַרוואָס די אונטערערדישע באַוועגונג האָט באַשלאָסן אַרויסצוטרעטן מיט אַן אָפענער דעמאָנסטראַציע צום 1טן

מאַי (וועלכער פלעגט דעמאָלט געפייערט ווערן אין רוסלאַנד לויטן „אַלטן" קאַלענדאַר, דעם 18טן אַפּריל) איז געווען די גרויסע אויפרעגונג, וואָס האָט געהערשט צווישן די פּאַרט־ און זאַוואָד־אַרבעטער צוליב די אַרעסטן פון זייערע פאַרטרעטער, וואָס האָבן געפירט אונטערהאַנדלונגען מיט דער אַדמי־ניסטראַציע וועגן די אַרבעט־באַדינגונגען. דידאָזיקע שטימונגען פון דער אַרבעטער באַפעלקערונג האָבן עס געשאַפן דעם באָדן פאַר דעם ערשטן אָפּעַ־נעם 1טן מאַי אַרויסטריט אין ניקאָלאַיעוו.

אין דעם טאָג פון דער דעמאָנסטראַציע האָבן זיך אויף דער הויפּט־גאַס, סאָבאָרנאַיאַ, אויף די סקווערן און אויפן בולוואַר גענומען ווייזן גרופּעס אַר־בעטער און יוגנט, וואָס פלעגן זיך פּלוצלינג אָפּשטעלן, אַרויסהייבן אַ רויטע פאָן, אויסרופן עטלעכע רעוואָלוציאָנערע לאָזונגען, צווישן וועלכע „דאָלאָי סאַמאָדערזשאַוויע" האָט פאַרנומען דעם ערשטן אָרט, און זיך צעשפּרייטן, איידער די פּאָליציי איז אָנגעלאָפן, כדי באַלד צו פאַרזאַמלען זיך אויף אַן אַנדער אָרט. די פּאָליציי איז אַרומגעפלויגן ווי פאַרסמטע און דאָס האָט צוגעגעבן מער דרייסטקייט דער יונגוואַרג, וואָס האָט געזוכט אָנצומאַכן אויף די גאַסן אַזוי פיל טומל, וויפיל עס האָט זיך נאָר געלאָזן.

אַרום 1 בייטאָג איז דער פּלאַץ אַרום דעם גובערנאַטאָרס הויז געווען פאַרפלייצט מיט מענטשן. צווישן די גרופּעס אַרבעטער, אָנגעטאָנענע אין זייערע אַרבעטער־קליידער, האָב איך געזען אַ צאָל פון מיינע יוגנטלעכע באַקאַנטע און חברים, וואָס האָבן קיינמאָל ניט געהאַט קיין שייכות מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און וואָלטן, וואַרשיינלעך, פריער קיינמאָל ניט געטראַכט צו באַטייליקן זיך אין אַ רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־דעמאָנסטראַ־ציע. זיי האָט געבראַכט צום גובערנאַטאָרס הויז דער קעשעניעווער פּאָגראָם, די שטימונג פון פּראָטעסט און זעלבשוץ און, וואַרשיינלעך, די אַלגעמיינע אַטמאָספערע פון „פאַר דעם שטורעם", וואָס האָט זיך שוין אָנגעהויבן פילן אין רוסלאַנד.

דער עולם האָט גערעדט, געטומלט, פון פאַרשיידענע ווינקלען האָבן זיך געהערט אויסגעשרייען. די פּאָליציי, וועלכע איז געווען ווי אַ הייפל קעגן דעם גרויסן עולם, האָט זיך געפּרוּווט פון צייט צו צייט אַריינרייסן אין דער געדיכטער מאַסע, אָבער איז צוריקגעשטויסן געוואָרן מיט געלעכטער און מיט אַ פייפעריי. ביסלעכווייז האָט זיך אין פראָנט פון דעם גובערנאַטאָרס הויז אויסגעפאָרמירט אַ גרופּע, וועלכע האָט אַרויסגעשטעלט פּלאַקאַטן און אַ רויטע פאָן, און האָט גענומען אויסשרייען פאָדערונגען, וועלכע דער עולם האָט אָנגעהויבן אונטערהאַלטן ווי אַ כאָר:

„מיר פאָדערן צו באַפרייען די פאַרטרעטער פון די זאַוואָדן!"
„אַכט שעה אַרבעט, אַכט שעה רו, אַכט שעה שלאָף!"
„נידער מיט דער פּאָליציי און די פּאָגראָמשטשיקעס!"
„מיר ווילן די הענט צעברעכן די גראָמילעס!"
„זאָל לעבן דער אינטערנאַציאָנאַלער יום־טוב, דער 1טער מאַי!"
„נידער מיט דער זעלבסטהערשאַפט!"

פלוצלינג האָט זיך פון דערווייטנס דערהערט אַ צאָקען פון לויפנדיקע פערדישע קאָפּיטעס איבער דעם שטיינערנעם ברוק:

— קאָזאַקן!

פון דער זייט פון דעם „סאָבאָרנעם" פּלאַץ האָט זיך געיאָגט אַ גרופּע פון עטלעכע צענדליק דאָנער קאָזאַקן אויף שפּרינגענדיקע, ברויגע פערד. דער עולם האָט זיך געהאַלטן אַ ווײַלע, אָבער ווען די קאָזאַקן זײַנען צוגע־קומען נאָענטער, האָט זיך דער גאַנצער עולם געלאָזן לויפן אין דער קעגנ־זעצלעכער ריכטונג, אין די זײַטיקע גאַסן. און איך, נאַטירלעך, מיט אַלעמען...

די קאָזאַקן האָבן אָבער ניט נאָכגעיאָגט דעם עולם. אַנשטאָט דעם האָבן זיי זיך אויסגעשטעלט פון בײַדע זײַטן פון גובערנאַטאָרס הויז, און איידער מ'האָט זיך אַרומגעקוקט, האָט שוין דער עולם ווידער אָנגעפילט דעם פּלאַץ מיט אַזאַ שנעלקייט, אַז די קאָזאַקן האָבן זיך געמוזט אַביסל צוריקציען.

— ראַסכאָדיס! (צעגייט זיך!) — האָבן גענומען שרײַען די פּאָליסליים און דער קאָזאַקישער אָפיצער. דער עולם האָט געענטפערט מיט אַ פײַפערײַ און מיט אויסגעשרײַען. די קאָזאַקן האָבן זיך אָפּגערוקט צוריק אויף אַ קוואַרטאַל, גרייט ווידער צו לאָזן זיך לויפן אויפן עולם. וועט דער עולם ווידער אַנטלויפן, אָדער ניט?

איך האָב אַרומגענומען הינטער זיך מיט די הענט אַ דינעם בוים, הינטער וועלכן כ'בין געשטאַנען, און האָב צו זיך אַליין גערעדט: — מען טאָר ניט אַנטלויפן! מען טאָר ניט אַנטלויפן! מען טאָר ניט!... מען מוז בלײַבן שטיין, וואָס עס זאָל ניט זײַן! אויב איך וועל איצט אַנטלויפן, וועל איך שוין מער קיינמאָל ניט קאָנען באַטייליקן זיך אין אַ דעמאָנסטראַציע...

דער קאָזאַקישער אָפיצער האָט פון ווײַטנס אַ מאַך געטאָן מיט דער נאַגאַיקע און געגעבן אַ סיגנאַל. די קאָזאַקן האָבן זיך ווידער אַ לאָז געטאָן מיט זייערע פערד אויפן עולם. אָבער די מאַסע מענטשן, מענער און באַ־זונדערס פרויען, האָבן זיי באַגעגנט מיט אַזאַ געשרײַ, פײַפערײַ און פּראָ־טעסטן, אַז די פערד האָבן זיך אָפּגעשטעלט האַרט לעבן זיי. ווײַטער גיין האָבן זיי ניט געקאָנט. די געדיכטע מענטשן־וואַנט האָט זיך ניט גערירט פון אָרט. די קאָזאַקן האָבן עס אויך דערפילט און זײַנען געזעסן אין די זאָטלען, ווי זיי וואָלטן ניט געוואוסט וואָס צו טאָן מיט זיך. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט זיי דער אָפיצער באַפוילן צוריקצוציען זיך צום ווינקל פון גאָס.

דער דעמאָנסטרירנדיקער עולם האָט אָפּגעהאַלטן זײַן ערשטן וויכטיקן נצחון: ער האָט דערפילט, אַז ער קאָן, אויב ער וויל נאָר, בלײַבן אויפן אָרט און צווינגען די באַוואָפנטע מאַכט צוריקצוטרעטן. „נאַטשאַלסטוואָ" האָט עס, ווי עס זעט אויס, אויך דערפילט.

און דעמאָלט איז אויפן באַלקאָן פון הויז אַרויס פריער דעם גובער־נאַטאָרס סעקרעטאַר און דערנאָך דער גובערנאַטאָר אַליין און האָט מיט אַ בוימלדיקן קול גענומען בעטן בײַ דעם עולם, בײַ די „בראַטצי" (ברידער־

לעך), מען זאָל זיך צעגיין און ניט מאַכן קיין אומאָרדענונגען. אויף די אויס־געשרייען פון דעם עולם האָט דער גובערנאַטאָר געענטפערט, אַז ער וועט זען צו באַפרייען די, וואָס זיינען „לויט אַ מיספאַרשטענדעניש" אַרעסטירט געוואָרן און ער וועט ניט דערלאָזן, אַז אין שטאָט זאָלן באַגאַנגען ווערן אומאָרדענונגען און גוואַלדטאַטן קעגן וועמען עס איז...

ווייטער שטיין ביים גובערנאַטאָרס הויז און וואַרטן אויף גליקן האָט שוין מער ניט געהאַט קיין זינען. דער עולם האָט אָנגעהויבן פאַרלאָזן דעם פלאַץ, אָבער ניט איינציקווייז, נאָר אין גרויסע גרופּעס. לאַנג נאָך איז די סאָבאָרנאַיאַ, די ניקאָלאַיעווער הויפּט־גאַס, געווען באַדעקט מיט אַן אומ־געוויינלעכן עולם שפּאַצירער, מיט אַרבעטער פון די זאַוואָדן און פון די סלאָבאָדקעס (אַרבעטער־פאָרשטעטל) אין זייערע אַרבעט־קליידער.

די מענטשן, — איך ווייס עס, יעדנפאַלס, וועגן זיך און מיינע נאָענטע חברים, — זיינען עפּעס זיכערער און גרעסער געוואָרן אין זייערע געפילן, אין זייערע אייגענע אויגן. מען איז געגאַנגען מיט אויפגעהויבענע קעפּ פון זיגער. מען האָט הויך גערעדט און געגאַנגען מיט ניט־איילנדיקע, גע־מאָסטענע טריט. מען האָט געפילט, ווי אַ הויקער וואָלט אַראָפּגעפאַלן פון די רוקנס דורך דעם, וואָס מען האָט געצוואונגען דעם גובערנאַטאָר אַרויסצוגיין צום עולם.

דאָס איז געווען מיין ערשטער 1טער מאַי, אין יאָר 1903, מיט איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק.

# דער בלוטיקער זונטיק (פון 9טן יאַנואַר, 1905)

**דער 9טער** יאַנואַר 1905 (לויט דער איצטיקער צייטרעכענונג — דער 22טער) אין צאַרישן רוסלאַנד איז געווען אַ וויכטיקער איבערבראַך־מאָמענט אין דער געשיכטע. אין דעם טאָג איז אין דער צאַרישער מלוכה, וואו דאָס פאָלק איז אין משך פון יאָרהונדערטער געווען אָממערסטן געבונדן הענט און פיס, פיזיש און גייסטיק, פאָרגעקומען דער ערשטער גרויסער און די־רעקטער מאַסן־צוזאַמענשטויס צווישן דעם פאָלק און זיינע הערשער.

ווי געוויינלעך אין צאַרישן רוסלאַנד און אונטער אַלע רעאַקציאָנערע רעזשימען איז דאָס פרידלעך דעמאָנסטרירנדיקע פאָלק אויפגענומען געוואָרן מיט אַ האָגל קוילן, אונטער וועלכן עס זיינען געפאַלן טויזנטער קרבנות. אָבער להיפוך צו דעם „געוויינלעכן" אויסגאַנג פון אַזאַ בלוט־באַד האָט דאָס פאָלק דאָס מאָל דערפילט און פאַרשטאַנען ווער זיין שונא איז און האָט פאַרלאָזן דאָס „שלאַכטפעלד" פאַרן צאַרישן ווינטער־פּאַלאַץ מיט אַ פעסטער אַנטשלאָסנקייט צו קעמפן קעגן דעם דורכגעפוילטן צאַריש־פּאָליציייאישן רעזשים ביז אַ זיגרייכן סוף.

די ערשטע רוסישע אָקטאָבער־רעוואָלוציע פון 1905 איז געקומען דורך אַ ריי גענעראַל־סטרייקס, וואָס האָבן אין אַ קורצער צייט אַרומגעכאַפּט דאָס גאַנצע לאַנד, פאַראַליזירט די פּאָליציי־מאַשין און מיליטער־מאַכט פון דער צאַרישער רעגירונג און זי געצוואונגען — צייטווייליק, — צו שטעלן זיך אויף די קני און באַגעבן די פאָדערונגען פון פאָלק. די דאָזיקע רעוואָ־לוציע איז צוגעגרייט געוואָרן דורך די בלוטיקע געשעענישן פון דעם 9טן יאַנואַר. דאָס פאַרגאָסענע בלוט פון די פעטערבורגער אַרבעטער האָט צע־מענטירט די כוחות פון דעם גאַנצן רוסלענדישן אַרבעטער־קלאַס און אַ טייל פון פויערים קעגן דעם צאַריזם.

ווי איז עס געקומען צו דעם טאָג פון 9טן יאַנואַר מיט 50 יאָר צוריק?

ס'איז געווען אין ברען פון דער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה וואָס האָט זיך אָנגעהויבן אויפן וויטן מזרח, אויף די פעלדער און ברעגן פון מאַנ־דזשוריע מיט אַ יאָר פריער און האָט באַשיינפערלעך באַוויזן פאַר דער גאַנצער וועלט און פאַרן רוסלענדישן פאָלק די צעפוילטקייט און דעם באַנ־קראָט פון דער באַוואָפנטער מאַכט און פון דער גאַנצער סאָציאַל־פּאָליטישער אָרדענונג, אויף וועלכער דער צאַריזם האָט זיך אַזוי לאַנג געהאַלטן. אין דער דאָזיקער מלחמה, האָבן די שלעכט־צוגעגרייטע, שלעכט־באַוואָפנטע רוסישע אַרמייען אויפן וויטן מזרח געליטן דורך דעם אָפענעם פאַרראַט פון די צאַרישע גענעראַלן כסדר'דיקע בלוטיקע און שענדלעכע מפּלות מצד דעם פיל שוואַ־כערן אָבער בעסער אָרגאַניזירטן יאַפּאַנישן מיליטאַריזם. דאָס האָט געצוואונ־

געשאָסן פון אַ קאַנאָן. אויסגעשאָסן האָט, שטעלט זיך אַרויס, מיין פאָטער פון דעם געלאָדענעם רעוואָלווער, וואָס איז געלעגן ביי אים אויפן טיש און וועלכן ער האָט ניט באַמערקנדיק אין דעם נערוועזן צושטאַנד, אין וועלכן ער האָט זיך געפונען, אַ דריק געטאָן. איך האָב דערפילט אַ שטאַרקן שטויס און פאַרשטאַנען, אַז די קויל האָט מיך געטראָפן. איך בין אויפגעשפּרונגען, זיך אַרומגעטאַפּט און פילנדיק, אַז איך קאָן שטיין אויף די פיס, קיין בלוט איז ניטאָ און קיין זאַך טוט מיר ניט וויי, האָב איך קודם כל זיך אַ וואָרף געטאָן פאַרמאַכן די פאָרטקע פון פענצטער, כדי דער רויך פון דעם שאָס זאָל ניט אַרויס אין דרויסן און ניט צוציען קיין אויפמערקזאַמקייט פון אַ „גוט אויג". איך האָב אויך פאַרזיכערט מיינע עלטערן, אַז דער שאָס האָט קיינעם ניט געטראָפן און זיי זאָלן זיך באַרואיקן.

אָבער ערשט שפּעטער, ווען דער רויך אין צימער איז זיך צעגאַנגען, האָב איך דערפילט, אַז די קויל האָט מיך יאָ געטראָפן. זי האָט מיך געטראָפן אין האַנט־פלאַך פון דער רעכטער האַנט און איז געבליבן שטעקן צווישן די ביינדלעך פון צוויי פינגער. קיין בלוט פון דער וואונד איז כמעט ניט געגאַנגען.

האָב איך זיך געמאַכט האַרץ, אַרומגעוויקלט די האַנט מיט אַ טיכל, האָב געבעטן מיין מוטער צו דערלאַנגען עסן, איידער איך גיי אַוועק, האָב געמאַכט דאָס עסן בקיצור (ווייל די האַנט האָט דערוויל אָנגעהויבן ווי טאָן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער) און האָב דערנאָך, די מאַמע זאָל ניט הערן, פאַרטרויט דעם טאַטן אַ „סוד", אַז די קויל האָט מיך געטראָפן אין האַנט און אַז ער זאָל מיט מיר אַרויסגיין צום דאָקטאָר (דר. פּאָקראַס, וואָס האָט באַדינט די זעלבשוץ).

ווען מיר זיינען געקומען צום דאָקטער און ער האָט באַטראַכט מיין וואונד האָט ער גראַטולירט מיין פאָטער מיט דעם „געלונגענעם" שאָס, וואָס האָט מיך געקאָנט דערהרגענען (ווייל כ'האָב געהאַלטן די האַנט איבערן האַרצן), אָבער האָט מיך ניט דערהרגעט. וואָס איז שייך דער וואונד אויך דער קויל אין וואונד האָט דער דאָקטער געזאָגט, אַז אַרויסנעמען די קויל, וואָס שטעקט צווישן צוויי ביינער אין האַנט־פלאַך וועט זיין צו ווייטיקדיק און געפערלעך פאַר די ביינער, און ער האָט מיר פאָרגעשלאָגן איינצושפּריצן עפּעס קעגן דעם ווייטיק און פאַרבאַנדאַזשירן די האַנט און זי האַלטן אַזוי ביז ס'וועט מעגלעך ווערן אַרויסצונעמען די קויל, אָדער זי וועט אַליין אַרויספאַלן...

— נו, און דאָס וואָס איך דאַרף איצט זיין מיט דער זעלבשוץ? — האָב איך געפרעגט.

— וועגן זעלבשוץ פאַרגעסט דערוויל, — האָט מיך דער דאָקטער „באַרואיקט".

— און וואָס וועט זיין מיט די ביינדלעך פון די פינגער?

— די ביינדלעך וועלן אפשר בלייבן גאַנץ, אָבער די פינגער (די צוויי

וויכטיקסטע פינגער פון דער רעכטער האַנט!) וועלן פאַרבלייבן פּאַראַ־ליזירט...

נישקשה פון אַן אויסזיכט!

איך האָב דעריבער לאַנג ניט געטראַכט און בין באַשטאַנען, אַז דער דאָקטער זאָל מיר תיכף אפּערירן די האַנט און פּרואוון אַרויסנעמען די קויל, און אַז מיין פאָטער, וואָס איז געזעסן הינטער דער טיר אין וואַרט־צימער זאָל וועגן דעם ניט וויסן. דער דאָקטער האָט מיר געמוזט פאָלגן, און די אָפּעראַציע, פאַר וועלכער ער האָט מורא געהאַט איז דורכגעגאַנגען שנעלער און גרינגער, איידער ער האָט געמיינט. ער האָט מיר אויפגעשניטן די האַנטפלאַך, אַרויסגעצויגן די קויל פון צווישן די פינגער־ביינער, פאַרנייט די וואונד, פאַרקלעפּט און אַרויפגעלייגט אויף איר אַ לייכטן באַנדאַזש, און איך האָב דעמאָלט געהאַט די באַפרידיקונג צו פילן זיך ווי אַ „העלד", ווייל איך האָב ניט אַרויסגעלאָזן קיין איין געשריי, וועלכן מיין פאָטער זאָל קאָנען דערהערן הינטער דער טיר...

דריי טעג נאָכדעם איז מיין האַנט געוועזן ווי אין פייער און שלאָפן ביינאַכט איז געווען אוממעגלעך. זיינען אָבער מיינע שלאָפלאָזע נעכט ניט פאַרגאַנגען אומזיסט. איך האָב זיי אויסגענוצט אויף אַרומצוגיין איבער די גאַסן און רעווידירן די פּאַטרולן פון דער זעלבשוץ.

אין אַ וואָך צייט אַרום איז דער ווייטאָג אין האַנט פאַרגאַנגען און מען האָט געקאָנט אַראָפּנעמען דעם באַנדאַזש. אָבער איך האָב נאָכדעם אין משך פון עטלעכע חדשים געהאַט אַן אַרבעט כסדר צו מאַסאַזשירן די צוויי אָנגע־גריפענע פינגער ביז די נאָרמאַלע בלוט־צירקולאַציע האָט זיך צו זיי אומגע־קערט צוזאַמען מיט דער מעגלעכקייט פריי צו באַנוצן זיך מיט זיי...

***

אָבער נאָכן 19טן פעברואַר איז געקומען דער חודש אַפּריל, דער חודש פון פּסח און פּאַסכאַ, דער „באַליבטער" סעזאָן פון די צאַרישע פּאָגראָמען און יעדנפאַלס פון די פאַרשטאַרקטע פּאָגראָם־שרעקן. פון די שטעט און שטעטלעך אַרום ניקאָלאַיעוו האָט זיך געטראָגן די פאָדערונג: וואו קריגט מען געווער פאַר דער זעלבשוץ?

מיין פריינט און דעמאָלט שוין חבר, שמואל ווייצמאַן, האָט מיך באַ־זאָרגט מיט אַ פאַרבינדונג צו קריגן געווער אין זיין היימשטאָט, פּינסק. ער האָט מיר געגעבן אַן אַדרעס פון אַ יידן ערגעץ אויף דער לאַהישינער גאַס אין פּינסק (און דאָס איז, דאַכט זיך, געווען דעמאָלט די סאַמע בלאָטיקסטע גאַס אַפילו אין פּינסק).

דער נאָמען פון דעם יידן, אויף וויפיל איך קאָן זיך דערמאָנען, איז געווען חנן דער סטאָליער. דער פּאַראָל, וואָס שמואל האָט מיר געגעבן צו אים, איז געווען זייער אַ מאָדנער. איך האָב געדאַרפט, אַריינגייענדיק צו דעם יידן, זאָגן צו אים: „זיי אויף מיר ניט ברוגז", און דעמאָלט וועט שוין אַלץ זיין אין אָרדענונג.

אַז דעם פּאַראָל, האָט מיך שמואל געוואָרנט, וועט דער מענטש אפילו ניט וועלן ריידן מיט מיר.

שמואל האָט מיר אויך רעקאָמענדירט מיטצונעמען מיט זיך אַ טשע־מאָדאַנטשיק און אָנפילן אים אַפילו מיט שטיינער כדי ער זאָל אויסזען שווערער, — וואָרום אין פאַל אויב אַ „גוט אויג" וועט מיך באַמערקן, אַריינקומענדיק קיין פינסק, זאָל ביי איר זיך ניט דערוועקן קיין חשד, ווען איך וועל פון דאָרטן אַרויספאָרן מיט אַ פולן טשעמאָדאַן.

ווען מען וואָלט מיך איצט געפרעגט, וואָלט איך געזאָגט, אַז דאָס איז געווען, מילד גערעדט, זייער אַ נאאיווע עצה, וואָרום אויב מען וואָלט מיך צופעליק פאַרהאַלטן מיט מיין טשעמאָדאַנטשיק און אויסגעפונען אַז ער איז אָנגעפילט מיט שטיינער, וואָלט דאָס ערשט געוואָרפן אויף מיר אַ חשד, פון וועלכן עס וואָלט ניט גרינג געווען אַרויסצודרייען זיך.

איך האָב יעדנפאַלס געפאָלגט די עצה, געקומען מיטן טשעמאָדאַנטשיק קיין פינסק, דערפרעגט זיך אויף דער לאהישינער גאַס און אויף חנן דעם סטאָליער און ווען כ׳בין אַריינגעקומען אין זיין האַלב־פינצטער שטיבל, איז מיר גאַנץ פינצטער געוואָרן אין די אויגן. די אורזאַך איז געווען, וואָס זייענדיק אַליין אַ יונגער יאַט, האָב איך זיך פאָרגעשטעלט, אַז אַ מענטש, וואָס האָט צו טאָן מיט צושטעלן געווער פאַר זעלבשוץ, איז אויך אַ יונגער מענטש. ערשט באַגעגנט האָט מיך אַן עלטערער הויכער ייד, מיט אַ לאַנגער גרוילעכער באָרד און מיט אַן אויסזען גיכער פון אַ רב, איידער פון אַ סטאָליער.

— וואָס וויל אַ יונגערמאַן? — האָט ער מיך געפרעגט.

ביי מיר האָט אָפגענומען דאָס לשון: ווי זאָגט מען אַן עלטערן יידן מיט אַזאַ באָרד ביי דער ערשטער באַגעגעניש און נאָך אויף „דו" — „זיי אויף מיר ניט ברוגז"? האָב איך אים איבערגעפרעגט צי ער איז טאַקע חנן דער סטאָליער, און אַז ער האָט צוגעגעבן אַז ער איז עס, האָב איך גלייך אַרויסגעשאָסן, אַז שמואל וויצמאַן האָט מיך געשיקט צו אים.

דאָס איז געווען קעגן אַלע געזעצן פון קאָנספּיראַציע, וועגן וועלכע איך האָב ווען עס איז געהערט. אָבער חנן האָט, ווי עס זעט אויס, גלייך פאַר־שטאַנען מיט וואָס פאַר אַ העכט ער האָט צו טאָן. ער האָט מיך איינגעלאַדן אין אַן אַלקערל אין הינטערשטן טייל פון הייזל און האָט מיך געפרעגט, ווי לאַנג איך קלייב זיך צו בלייבן אין פינסק און צי בין איך ערגעץ פאַרפאָרן אין אַ גאַסטיניצע (האָטעל). איך האָב אים געענטפערט, אַז איך בין ערגעץ ניט פאַרפאָרן, ווייל איך האָב זיך קודם כל געוואָלט טרעפן מיט אים און אַז איך וואָלט וועלן פאַרבלייבן אין פינסק וואָס וויניקער צייט, ווייל דאָס צוריקברענגען די „סחורה" אין מיין שטאָט איז דרינגענדיק.

חנן האָט מיר פאָרגעשלאָגן איבערצונעכטיקן אין זיין הייזל און האָט צוגעזאָגט אין אַ טאָג, העכסטנס אין צוויי אָרום, צוצושטעלן מיר די „סחורה".

ערשט דעמאָלט האָב איך זיך דערפילט אַביסל היימישער מיט אים און האָב אים געזאָגט, אַז מיין פּאַראָל איז „זיי אויף מיר ניט ברוגז".

— איך ווייס, איך ווייס, איך האָב זיך באַלד אָנגעשטויסן מיט ווענען מען האָט דאָ צו טאָן, — האָט ער געזאָגט מיט אַ שמייכל. און איך בין שוין פאַרבליבן ביי אים ביז אויף מאָרגן נאָכמיטאָג. ווען ער האָט מיר צוגע־שטעלט די „סחורה" — אַ פּאָר צענדליק רעוואָלווערן מיט „נאָך עפּעס" אויף צו שרעקן די מעגלעכע פּאָגראָמשטשיקעס, — און ער האָט אויך געשיקט מיט מיר צום וואָקזאַל אַ ייִנגל, וואָס האָט מיר באַוויזן דעם וועג און האָט פאַר מיר געקויפט אַ בילעט.

דער וועג צוריק מיטן שווערן טשעמאָדאַן „סחורה" אין די הענט, האָט זיך געצויגן ווי פון פּעך. אָבער דאָס ערגסטע איז געקומען ווען איך בין שפּעט אין אָוונט געקומען אויף דער סטאַנציע קאַזאַטין, שוין אין אוקראַינע און זיך דערוואוסט, אַז דער נעקסטער צוג אויף ביקאָלאַיעוו גייט־אָפּ ערשט מאָרגן אינדערפרי. איך האָב געדאַרפט וואַרטן אויפן צוג אפשר אַ שעה צען, און וואו זאָל איך זיך דערווייל אַהינטאָן מיט מיין טשעמאָדאַן? און וואָס וועט זיין, אויב דער סטאַנציע־זשאַנדאַר, וואָס האַלט אין איין אַרייַנ־גיין און אַרויסגיין פון וואָקזאַל־צימער, וועט זיך פאַראינטערעסירן מיט מיר און מיט מיין טשעמאָדאַן?

איך האָב אָנגעהויבן נאָכקוקן דעם זשאַנדאַרם און האָב געפילט, אַז ער וואַרפט כסדר בליקן אויף מיר און אַז זיין אַריינגיין און אַרויסגיין האָט עפּעס גאָר אַ שלעכטע שייכות מיט מיר. און פּלוצלינג האָב איך זיך גע־כאַפּט די „סיבה" פון זיין קוקן: דער מאַנטל וואָס איך האָב געהאַט אויף זיך, איז געווען זייער אַן אָפּגעטראָגענער און דער טשעמאָדאַנטשיק איז געווען זייער אַ נייער. קלאָר: דער מאַנטל מיטן טשעמאָדאַנטשיק זיינען ניט קיין פּאָר קליידער. אָט האָסטו דיר מיין גאַנצע קאָנספּיראַציע! ווי איז מיר ניט איינגעפאַלן מיטצונעמען עפּעס אַן אַלטן צעפּאַרענעם טשעמאָ־דאַן, וואָס וואַרפט זיך ניט אין די אויגן? און אויב שמואל האָט שוין מיר יאָ אָנגעזאָגט, וואָס איך זאָל אַריינלייגן אין דעם טשעמאָדאַן, איז פאַרוואָס האָט ער מיר ניט דערמאָנט, אַז דער טשעמאָדאַן זאָל ניט זיין קיין נייער?

דער זייגער האָט שוין געהאַלטן ביי 12 ביינאַכט, איך בין געווען שלעפעריק און האָב אָנגעהויבן מורא האָבן טאָמער ווער איך אַנטשלאָפן און אַ גנב (די קאַזאַטינער סטאַנציע איז דעמאָלט געווען באַרימט איבערן לאַנד אַלס נעסט פון גנבים) וועט ביי מיר צוגנבענען דעם טשעמאָדאַן מיט אַלץ וואָס אין אים?

און פּלוצלינג איז מיר איינגעפאַלן אַ „גוואַלדאָוונער" איינפאַל: אָנ־שטאָט צו שרעקן זיך, צי דער זשאַנדאַרם קוקט מיר נאָך, אָדער ניט, צי איז ער מיך חושד, צי ניט, בין איך אַליין צוגעגאַנגען צו אים, האָב זיך ביי אים צעפרעגט ווען מיין באַן דאַרף אָנקומען, האָב באַקומען די אינפאָר־מאַציע, אַז ער וועט דאָ זיין אַ גאַנצע נאַכט, טאַקע צוליב די גנבים, וואָס

דרייען זיך דאָ כסדר אַרום, און האָב אים אויסגעדריקט מיין מורא, טאָמער וועט מען מיך באַגנבענען ווען איך וועל אַנטשלאָפן ווערן. מיין לאַגע האָט אַרויסגערופן סימפּאַטיע ביי דעם זשאַנדאַרם, ער האָט מיר אַן עצה געגעבן אַריינצוגיין אין זאַל פון ערשטן קלאַס און זיך דאָרטן אויסציען אויף אַ באַנק, און ער וועט שוין אויפּפּאַסן, אַז מיר זאָל קיין בייז ניט געשען.

און אַז דאָס האַרץ פון דעמזשאַנדאַרם איז שוין יאָ געווען אַזוי גוט, האָב איך אים זייער איידל באַדאַנקט, אויסגעדריקט די האָפענונג, אַז איך וועל ניט פאַרשלאָפן מיין באַן, בין אַריין אין זאַל פון ערשטן קלאַס, אויס־געצויגן זיך אויף אַ באַנק, אונטערגעלייגט דעם טשעמאָדאַן צוקאָפּנס און בין אַנטשלאָפן געוואָרן.

אויפגעכאַפּט האָב איך זיך פון דעם, וואָס עמעצער האָט מיך גע־טרייסלט ביי דער פּלייצע. איך עפן אויף די אויגן: דער זשאַנדאַרם שטייט איבער מיר. מיין ערשטער געדאַנק איז, נאַטירלעך, געווען: אַריינגעפאַלן... דורכגעפאַלן!... אָבער דער זשאַנדאַרם האָט מיר מיט אַ שמייכל געזאָגט, אַז מיין באַן קומט באַלד אַריין אין דער סטאַנציע און אַז איך זאָל בעסער זיך צוגרייטן. איך האָב אים נאַטירלעך מיט גרויס גרייטקייט און מיט אַ שיינעם דאַנק געפּאָלגט.

אָט אַזוי האָב איך איבערגעלעבט אַן אומזיסטע שרעק און אַ זשאַנדאַרם האָט אַ גאַנצע נאַכט אָפּגעהיט מיין שלאָף און מיין טשעמאָדאַן מיט דער „סחורה״ פון גנבים...

דאָס ביסל רעוואָלווערן, וואָס כ׳האָב געבראַכט פון פינסק איז פאַרטיילט געוואָרן צווישן עטלעכע זעלבשוץ אָרגאַניזאַציעס אַרום ניקאָלאַיעוו. דאָס מאָל זיינען מיר געווען זייער פּאָרזיכטיק וועמען אָנצוטרויען די רעוואָלווערן און פּאַטראָנען צו זיי, ווייל מיר האָבן אויסגעפונען, אַז חברה האָט געהאַט אַ טבע אויסצושיסן די פּאַטראָנען אין די היימישע קעלערן און צו „פּאַר־געסן״ וואו זיי האָבן באַהאַלטן די רעוואָלווערן די פאַרטיילונג פון די רע־וואָלווערן איז, נאַטירלעך, פאָרגעקומען שטרענג געהיים, אָבער דאָס האָט ניט געשטערט, אַז אין שטאָט און שטעטלעך זאָלן זיך תיכף פאַרשפּרייטן קלאַנגען פון „מענטשן וואָס ווייסן״, אַז די זעלבשוץ פאַרמאָגט ניט נאָר רעוואָלווערן, נאָר אויך ביקסן, גראַנאַטן און שיער ניט קאַנאָנען, און דאָס האָט געהויבן די שטימונג ביים עולם.

# מיר זוכן אַן ענטפער אויף דער יידן־פראַגע

דער ווינטער פון 1904־1905 אין רוסלאַנד איז געווען פול מיט אָרגאַ־ניזאַציע־אַקטיוויטעט. ווער האָט זיך דעמאָלט ניט אָרגאַניזירט און ניט אַרויסגעשטעלט קיין פּאָליטישע פאָדערונגען?

עס דערמאָנט זיך, אַז אין יענער צייט איז ערגעץ אין אַ וואָלגאַ־שטאָט פאָרגעקומען אַ צוזאַמענפאָר פון בינען־ציכטלער. האָט דערדאָזיקער צוזאַ־מענפאָר, וואָס האָט לויט אַלע געטלעכע און צאַרישע געזעצן זיך געזאָלט פאַרנעמען בלויז מיט בינען און מיט האָניק, אַרויסגעטראָגן אַ רעזאָלוציע, אַז צוליב דער אַנטוויקלונג פון דער רוסלענדישער בינען־ציכטלעריי און האָניק־פּראָדוקציע איז אַבסאָלוט נויטיק צו באַגרעניצן די מאַכט פון דעם זעלבסטהערשנדיקן קייסער, צו שאַפן אַ קאָנסטיטוציע, צו פאַררופן אַ פאַר־לאַמענט און צו גאַראַנטירן פאַרן פאָלק די פרייהייט פון וואָרט, פון פּרעסע, פון פאַרזאַמלונגען, פון פאַראייניקונגען א. אז. וו.

איז דאָך שוין אָפּגערעדט, אַז אַזעלכע אָרגאַניזאַציעס, ווי די יידישע זעלבשוץ, וואָס האָבן געהאַט דירעקט צו טאָן מיט דער פּאָליציי־אישער פּאָגראָם־מאַכט פון צאַריזם, האָבן אוודאי ניט געשוויגן און האָבן זיך באַוועגט זייער ענערגיש אין דער ריכטונג פון די סאָציאַליסטישע פאַרטייען, וואָס האָבן שוין לאַנג געפירט דעם קאַמף קעגן צאַריזם.

איינמאָל אין אַ ווינטערדיקן פרימאָרגן, — דאָס איז געווען קורץ פאַר דעם 9טן יאַנואַר, — איז צו מיר געקומען אַ יונגערמאַן, וועלכער האָט זיך פאַר מיר פאָרגעשטעלט אַלס „איסאַק דער שוואַרצער" (שפּעטער איז ער צווישן אונז געווען אַ שטיקל צייט באַקאַנט אויך אַלס איסאַק פּריקאַז־טשיק און איסאַק דער דווינסקער). ער האָט מיר געבראַכט גרוסן פון אַ פּאָר מענטשן פון אָדעס און פון קיעוו, וועלכע כ'האָב געקענט און האָט מיר פאָרגעשלאָגן איך זאָל פאָרן אַלס דעלעגאַט אויף אַ ציוניסטיש־סאָציאַליסטי־שער קאָנפערענץ, וואָס פאַרזאַמלט זיך (אומלעגאַל, פאַרשטייט זיך) אין עטלעכע טעג אַרום אין אָדעס.

איך האָב אים אָנגעוויזן, אַז ס'איז אין ניקאָלאַיעוו ערשטנס נאָך ניטאָ קיין סימן פון אַ וועלכער עס איז ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער, אָדער פּועלי־ציוניסטישער, ציי אַפילו בונדיסטישער אָרגאַניזאַציע. די איינציקע אָרגאַני־זאַציע, וואָס מיר האָבן איז די זעלבשוץ. און צווייטנס, גלויב איך, אַז כדי צו פאָרן אַלס דעלעגאַט אויף אַ קאָנפערענץ דאַרף דען דאָך פון עמעצן אויסגעקליבן ווערן און אַז ס'איז ניטאָ קיין אָרגאַניזאַציע. קאָן דאָך מיך קיינער ניט קלייבן און ניט שיקן.

און אַז ס׳איז שוין געקומען צו־רייד האָב איך איסאַקן פאַרטרויט אַ סוד, אַז כאָטש איך בין „אַמאָל״ מיט אַ פיר־פינף יאָר צוריק געווען אַ מיטגליד אין אַ ציוניסטישן זעלבסט־בילדונג יוגנט־קרייז, און בין אויך איצט נאַציאָנאַל געשטימט און בשום אופן ניט אַסימילאַטאָריש, — און הגם איך טראַכט די לעצטע צייט אַלץ מער און מער וועגן סאָציאַליזם, קאָן איך אָבער אַלץ ניט צונויפפּאָרן אין מיין געדאַנק דעם סאָציאַליזם און דעם ציוניזם, ווייל זיי שיינען פּראַקטיש צו זיין צוויי פאַרשיידענע און אַפילו קעגנזעצלעכע זאַכן. דעריבער איז זיין באַמיאונג צו קומען צו מיר אַזש פון אָדעס, צי פון ערגעץ אַנדערש און איינצולאַדן מיך אויף אַ קאָנפערענץ, ליידער, אַן אַרויסגעוואָרפענע. אָבער איסאַק האָט מיך אַזוי לייכט ניט אָפּגעלאָזן:

ערשטנס, האָט ער דערקלערט, איז די זעלבשוץ אויך זייער אַ וויכטיקע אָרגאַניזאַציע און איך גיב זיך, ווי עס זעט אויס, ניט אָפּ קיין חשבון וויפיל מוטיקע קעמפער עס וועלן פון איר אַרויסוואַקסן (דעם אמת געזאָגט, ווייס איך ביז איצט ניט וויפיל און ווער עס איז פון איר אַרויסגעוואַסן); צווייטנס, ווייסט „מען״ וועגן מיר טאַקע פון איר, פון דערדאָזיקער אָרגאַניזאַציע, וועלכע כ׳האָב געהאָלפן שאַפן; דריטנס איז די קאָנפערענץ, וואָס ווערט פאַררופן, בלויז אַן אָרגאַניזיר־קאָנפערענץ, זי פאַרטרעט ניט קיין אָרגאַניזאַציעס, זי וועט זיי ערשט דאַרפן שאַפן, אויב זי וועט עס באַשליסן; פערטנס, וועט דאָס דערהויפּט זיין אַ דיסקוסיע־קאָנפערענץ, וואו מענטשן, וואָס טראַכטן און צווייפלען פונקט ווי איך, וועלן זיך דורכריידן, דורכדרעשן אַלע פראַגעס און וועלן טאַקע זען צי מען קאָן פאַרבינדן דידאָזיקע אידייען, סאָציאַליזם און ציוניזם (אייגנטלעך האָט זיך דעמאָלט שוין געהאַנדלט ביי מיר ניט וועגן ציוניזם, נאָר וועגן טעריטאָריאַליזם, וועגן אַ טעריטאָריעלער ליזונג פון דער יידישער פראַגע)...

אין יענע טעג זיינען צווישן דער געזעלשאַפטלעך געשטימטער יוגנט פאָרגעקומען אומאויפהערלעכע דיסקוסיעס. מיט עטלעכע וואָכן איידער איסאַק איז צו מיר געקומען מיט זיין איינלאַדונג האָבן מיר געהאַט אַ דיסקוסיע מיט אַ גרופּע אָרטיקע סאָציאַל־דעמאָקראַטן, — אַ פּאָר פון זיי מיינע שול־חברים — טאַקע וועגן דער יידישער פראַגע, וואָס צוליב די פּאָגראָמען און די פּאָגראָם־דראָאונגען איז דער אינטערעס צו איר דעמאָלט זייער פאַרשאַרפט געוואָרן.

מיינע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע חברים זיינען געווען זייער וואוילע בחורים און מיידלעך און מיר זיינען געווען זייער פריינטלעך צווישן זיך. אָבער זיי האָבן צו דער יידן־פראַגע, צו דעם, וואָס עס וועט פּאָרט זיין מיט די יידן, אַרויסגעוויזן אַזאַ קאַלטע גלייכגילטיקייט, אַז איך בין געווען שאָקירט פון דעם. זייער געוויינלעכער ענטפער איז געווען, אַז אונטער סאָציאַליזם וועלן סיי ווי ניט זיין קיין באַזונדערע נאַציאָנאַליטעטן, דעריבער דאַרפן זיך סאָציאַליסטן איצט ניט ברעכן די קעפּ אויף קומענדיקע לעזונגען פון דער יידישער פראַגע.

איך האָב אין יענער צייט געפירט אַ מין טאָג־בוך, אין וועלכן כ׳פלעג פון צייט צו צייט פאַרשרייבן מיינע איבערלעבונגען. און מיר איז ביז היינט פאַרבליבן אין זכרון אַן אויסדרוק, וואָס כ׳האָב דאָרטן פאַרשריבן: „אויב מען זאָל מיר ברענגען טויזנט באַווייזן, אַז דאָס יידישע פאָלק איז היסטאָריש פאַר׳משפט צום אונטערגאַנג און איך זאָל ניט קאָנען ענטפערן אויף קיין איינעם פון די דאָזיקע באַווייזן, וועל איך פונדעסטוועגן פאַרט בלייבן איי־בערצייגט, אַז ס׳איז פאַראַן אַ טויזנט און ערשטער באַווייז, אַז מיין פאָלק קאָן ניט, וועט ניט און דאַרף ניט אונטערגיין”.

אַ שטאַרקן איינדרוק האָט אויף מיר בעת דער דיסקוסיע, וואָס איז פאָרגעקומען, געמאַכט אַ באַמערקונג פון מיין יינגערן חבר, שאול בראָן, אַלס ענטפער אויף די פאַרזיכערונגען, אַז די סאָציאַלע רעוואָלוציע וועט שוין לעזן אַלע נאַציאָנאַלע פראַגן און דעריבער איז ניטאָ וואָס צו פאַרנעמען זיך איצט מיט דער יידן־פראַגע:

— איר שטעלט זיך, ווי עס זעט אויס, פאָר, — האָט ער באַמערקט, — אַז דער סאָציאַליזם וועט ווי אַראָפּפאַלן פון הימל פאַרטיקערהייט אין אַלע פּרטים און מיט זיין אָנקומען וועלן אַלע פראַגעס אויטאָמאַטיש געלייזט ווערן. איר פאַרגעסט אָבער, אַז דער סאָציאַליזם, פּונקט ווי דער קאַפּיטאַליזם, פּונקט ווי פאַר דעם דער פעאָדאַליזם, איז אַ געזעלשאַפטלעכע סיסטעם, וואָס דאַרף דורכגיין אַ ריי עטאַפּן אין איר אַנטוויקלונג. פון אירע ערשטע טריט, ווען זי נעמט זיך ערשט אַרויספּלאָנטערן פון קאַפּיטאַליזם, ביז איר רייפ־קייט, ווען זי וועט פאַרענטפערן אירע אַלע הויפּט־פּראָבלעמען. דאָס וועט געוויס דויערן אַ לאַנגע צייט און ביז דעמאָלט וועט אַ יידן־פראַגע בלייבן אַפילו אונטער אַ סאָציאַליסטישער אָרדנונג.

אין יענער צייט איז עס פאַר מיר געווען ווי אַן אַנטדעקונג, און דאָס האָט סוף כל סוף געבראַכט דערצו, אַז איך זאָל אָננעמען איסאַקס פאָרשלאַג און זאָל פאָרן אויף דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער אָרגאַניזיר־קאָנפע־רענץ אין אָדעס.

דערציילן וואָס עס איז פאָרגעקומען אויף יענער קאָנפערענץ, אויף וועלכער מיר זיינען אָפּגעזעסן, ניט אַרויסגייענדיק פון די צימערן דריי צי פיר טעג און נעכט, כמעט אָן שלאָף, הייס דיסקוטירנדיק יעדן פאָרשלאַג און זוכנדיק צו פאַרבינדן דעם טעריטאָריאַליזם מיט מאַרקסיזם, איז ניט דאָ דער פּלאַץ און ניט אַלץ קאָן איך זיך דערמאָנען. אבער איין אינטע־רעסאַנטער שטריך פון דער קאָנפערענץ געדענקט זיך גוט, ווייל ער איז געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר דער רעוואָלוציאָנער־געשטימטער רוסלענדי־שער יוגנט פון יענער צייט: וועגן וואָס מיר זאָלן ניט געוועןריידן, וואָס פאַר אַ רעזאָלוציע עמיצער האָט פאָרגעשלאָגן, האָט דערביי געמוזט דערמאָנט ווערן אַזוי פיל מאָל ווי מעגלעך דאָס וואָרט מאַרקסיזם. ווען ס׳איז ענדלעך צום סוף פון דער קאָנפערענץ געקומען אַ פאָרשלאַג צו פאַרעפנטלעכן די רעזאָלוציעס (אומלעגאַל, פאַרשטייט זיך) איז איינער פון די דעלעגאַטן, מאַרק

טומאַרקין פון קעשעניעוו באַשטאַנען אויף דעם, אַז די רעזאָלוציע וועגן פאַרעפנטלעכן די רעזאָלוציעס זאָל זיך אָנהויבן מיט די ווערטער:

„אַרויסגייענדיק פון די פּרינציפּן פון מאַרקסיזם באַשליסן מיר...״

— אָבער ווי קלעפּט זיך מאַרקסיזם צו אַזאַ רעזאָלוציע? — האָבן אַנדערע געפרעגט.

— נישקשה — האָט זיי מאַרק פאַרזיכערט, — מאַרקסיזם קאָן ערגעץ ניט שאַדן...

און ער האָט טאַקע אויסגעפירט.

צעפאָרן זיינען מיר זיך פון דער אָרגאַניזיר־קאָנפערענץ מיט אַ „ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער״ טעאָריע, וואָס האָט געהונקען אויףביידע פיס, אָבער וועלכע איז אפשר דערפאַר טאַקע געוורן אונדז טייער ווייל אונדז האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז מיר זיינען צו איר אַליין דערגאַנגען. יעדער איינער פון אונדז האָט זיך דעמאָלט גערעכנט פאַר אַ 100־פּראָצענטיקן מאַרקסיסט, — און אין דערזעלביקער צייט איז אונזער יידישער געוויסן געווען באַפרידיקט: מיר האָבן דאָס יידישע פאָלק ניט אויפגעגעבן...

די פּראַקטישע רעזולטאַטן פון דער דאָזיקער קאָנפערענץ זיינען פאַר אונדז, דער יוגנט פון די דרום־רוסישע שטעט, וואָס האָבן זיך אין איר באַטייליקט, געווען צוויי: ערשטנס, אַז מיר מוזן זיך מיט אַלע כוחות אַריינוואַרפן אין קאַמף קעגן דער זעלבסטהערשאַפט און אָנהויבן אָרגאַניזירן די אַרבעטער, — דאָס האָט פון אונדז געפאָדערט אונזער מאַרקסיזם; און צווייטנס, אַז מען מוז באַפעסטיקן און אויסברייטערן די זעלבשוץ־גרופּעס און פאַרבינדן זיי אויך מיט רוסישע אַרבעטער, ווייל דאָס וועט בעסער באַשיצן די יידישע מאַסן פון די פּאָגראָם־געפאַרן.

# מען גרייט זיך צום 1טן מאַי

צוריקקומענדיק פון דער אָדעסער קאָנפערענץ האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַרבעט פון פאַרבינדן די זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציעס מיט דער אַלגעמיינער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. דאָס איז אָנגעקומען ניט שווער, ווייל די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס האָבן אין יענער צייט אַרויסגעוויזן אַ שטאַרקע שטרעבונג צו פאַראייניקטע אַקציעס. אין ניקאָלאַיעוו, למשל, האָט זיך צו יענער צייט שוין געגרינדעט אַן אַלגעמיינער שטאָטישער קאָאָרדיניר־קאָמיטעט פון די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס, אין וועלכע עס זיינען אַריינגעגאַנגען די עס־ערן (סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן), די ס.־ד. (ביידע פראַקציעס), אַן אָרגאַניזאַציע פון די מיליטערישע מאַטראָסן פון די קריגשיפן, וואָס זיינען געשטאַנען אין ניקאָלאַיעוו און צוויי פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען (פון די אַרבעטער פון פראַנצויזישן זאַוואָד און פון די פּריקאַזטשיקעס, — הגם ביידע יוניאָנס זיינען דערווייל אָנגעפירט געוואָרן דורך איניציאַטיוו־קאָמיטעס).

דער דאָזיקער שטאָטישער קאָמיטעט האָט גערן אַריינגענומען אין זיין באַשטאַנד די זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציע, דערהויפּט פּיליכט דערפאַר, ווייל ער, ווי די גאַנצע שטאָט, האָט געגלויבט אין דער לעגענדע וועגן דער „גוואַלדיקער" צאָל וואָפן וואָס די זעלבשוץ באַזיצט און וועגן דער קאַמפּס־פעיִקייט פון אירע מיטגלידער.

אַ באַווייז פון דעם האָבן מיר באַקומען אויף איינער פון די זיצונגען פון דעם שטאָטישן קאָאָרדיניר־קאָמיטעט אין אָנהייב אַפּריל. ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן צוגרייטן אַ גרויסע מאַסן־דעמאָנסטראַציע לכבוד דעם קומענדיקן 1טן מאַי. איז איינער פון די מיטגלידער פון דער קאָמיטע, סאַוואַראַיעצקי (אַ קאַראַאים, אַ מיטאַרבעטער פון דער צייטונג „אָדעסקיע נאָוואָסטי" אַלס איר ניקאָלאַיעווער קאָרעספּאָנדענט), אַרויסגעקומען מיט זייער אַן אַמביציעזן פּלאַן, אין וועלכן אונזער זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציע האָט געדאַרפט שפּילן די ערשטע פידל.

דער פּלאַן איז געווען אַזאַ: ווען די הויפּט־מחנות פון דער מאַי־דעמאָנסטראַציע, די אַרבעטער פון פראַנצויזישן זאַוואָד, וועלן גרייט זיין אַרויסצוקומען פון זאַוואָד און אַרויפצוקומען אויף דער סאָבאָרנע (די ניקאָלאַיעווער הויפּטגאַס), וועט דאָך די פּאָליציי און אַן אָפּטייל פון דעם אָרטיקן קאָזאַקישן פּאָלק זיכער פּרוּוון ניט אַרויסלאָזן זיי פון דער זאַוואָד־טעריטאָריע און צעטרייבן די, וואָס וועלן זיך שוין פריער פאַרזאַמלען אויף דער סאָבאָרנע גאַס. איז סאַוואַראַיעצקיס פּלאַן געווען, אַז אונזער זעלבשוץ זאָל ערשטנס

באַזאָרגן זיין ס.־ר.־אָרגאַניזאַציע מיט „אַ פּאָר הונדערט רעוואָלווערן" און אַנדערע זאַכן און זיי וועלן אויף די גאַסן פון שטאָט זוכן אָפּצוציען אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון דער פּאָליציי. די הויפּט־קרעפטן ווידער, פון דער זעלבשוץ מיט איר הויפּט־באַוואָפענונג זאָלן פאַרנעמען זייערע פּלעצער אין צוויי קאַנאַוועס („טרענטשעס"), וואָס ציען זיך צווישן דעם זאַוואָד און דעם וואָקזאַל און אויב די קאָזאַקן וועלן אַהין פּרואוון צוקומען, אויפנעמען זיי מיט אַ שיסעריי...

ס'איז געווען אַ „גענויאַלער" פּלאַן, וואָס האָט געהאַט בלויז אַ פּאָר „חסרונות": ערשטנס, האָט די זעלבשוץ געהאַט קוים טעלעכע צענדליק „שפּייערס" (רעוואָלווערן) און האָט פון זיי בשום אופן ניט געקאָנט אויסטיילן קיין „פּאָר הונדערט" פאַר די עס־ערן; און צווייטנס, וואָלטן די מיטגלידער פון דער זעלבשוץ אויסגעשאָסן געוואָרן, ווי זיצנדיקע הינער, ווען זיי וואָלטן געפּרואווט באַגעגענען די קאָזאַקישע קאַוואַלעריע זיצנדיק אין אַ פּאָר קאַ־נאַוועס...

איך האָב פאַרשטייט זיך, דערוויידערט קעגן דעם „פּלאַן", טענהנדיק, אַז ערשטנס קאָן די זעלבשוץ ניט אָוועקגעבן איר געווער, וואָס מוז זיין שטענ־דיק צוגעגרייט אויפן פאַל פון אַ פּאָגראָם (אַז מיר האָבן גאָרניט אַזויפיל געווער, איז, פאַרשטייט זיך, געהאַלטן געוואָרן ווי אַ „מיליטערישער סוד"). און צווייטנס, וועט קיין שום מיטגליד פון דעם זעלבשוץ ניט מסכים זייך צו זיצן אין קאַנאַוועס אַרום דעם פּראָווינציעלן זאַוואָד, ווען די אַרבעטער פון שטאָט וועלן דעמאָנסטרירן אויף די הויפּט־גאַסן.

סאַוואַ ראַיעצקי (ער איז אין אַ פּאָר יאָר אַרום באַגאַנגען זעלבסטמאָרד), איז געווען זייער אַן ענטוזיאַסטישער און זייער אַן איינגעשפּאַרטער מענטש. איך, ווידער, האָב ניט געהאַט דעם מינדסטן ענטוזיאַזם פאַר זיין פּלאַן און בין אויך געווען איינגעשפּאַרט. און אַזוי ווי דער אָנפירער פון דער זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציע און דער „באַלעבאָס" איבער איר אַמוניציע איז געווען ניט סאַוואַ, נאָר איך, האָב איך סוף כל סוף אויסגעפירט און דער פּלאַן איז איינשטימיק אָפּגעוואָרפן געוואָרן קעגן די שטימען פון די פּאָר עס־ערן אין דעם קאָמיטעט.

ווען מען דערציילט עס איצט קלינגט עס נאַאיוו און אַפילו קינדיש. מען דאַרף אָבער געדענקען, אַז דאָס איז געווען מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, אין די קינדער־יאָרן פון דער רוסלענדישער רעוואָלוציע, אין דעם פייערדיקן יאָר 1905, ווען אויף דער סצענע האָט בוכשטעבלעך פון אונטער דער ערד אַרויסגעשפּראָצט אַ דור, וואָס האָט אָפּגעוואָרפן די מורא און וואָס האָט זיך געפילט פּייאיק דרייסט צו דערלאַנגען מיט דער האַנט צום הימל.

אין יענעם פרילינג פון 1905 איז אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג שוין הייס דיסקוסירט געוואָרן די פּראַגע וועגן דעם כאַראַקטער פון דער קומענדיקער „צייטווייליקער רעגירונג", וואָס וועט מוזן אָרגאַניזירט ווערן נאָכן פאַלן פון צאַריזם.

די פראַגע איז געווען ניט צי וועט געלינגען אַראָפּוואַרפן די צאַרישע אָרדענונג, אָדער ניט. אין דעם איז מען — יעדנפאַלס אין די יוגנט־קרייזן, וואו איך האָב פאַרקערט, — געווען אַזוי זיכער, אַז דאָס האָט זיך אַפילו ניט געלוינט צו דיסקוטירן. די פּראַגע איז בלויז געווען: ווער זאָל זיך באַטייליקן אין דער אָרגאַניזאַציע פון אַ צייטווייליקער רעגירונג אויפן פּלאַץ פון דעם אַראָפּגעוואָרפענעם צאַריזם? זאָל דאָס זיין, ווי די מענשעוויקעס האָבן געגלויבט, אַ שותפותדיקע רעגירונג צוזאַמען מיט דער ליבעראַלער בורזשואַזיע און אינטעליגענץ; זאָל זי אָרגאַניזירט ווערן בלויז דורך די רע־וואָלוציאָנערע פּאַרטייען פון די אַרבעטער און פּויערים, לויט לענינס פּאָר־שלאָגן, אָדער זאָל דער אַרובעטער־קלאַס אַליין איבערנעמען אויף זיך די אָרגאַניזאַציע פון דער רעגירונג. דאָס לעצטע איז, אגב, געווען טראָצקיס פּלאַן, וואָס האָט זיך אויסגעדריקט אין דער פאָרמולע: „דאָלאָי סאַמאָדער־זשאַוויע, אַ פּראַוויטעלסטוואָ ראַבאָטשעיע". (אַראָפּ מיט דער זעלבסטהער־שאַפט, פאַר אַן אַרבעטער־רעגירונג). לעניו האָט דעם דאָזיקן פּלאַן ביטער באַקעמפט אַלס אַזאַ, וואס וועט איזאָלירן דעם אַרבעטער־קלאַס פון דעם גאַנצן האָרעפּאַשנעם פאָלק.

און איך דערמאָן זיך מיט וואָס פאַר אַ זיכערקייט מיר, יידישע יוגנט־לעכע, האָבן דיסקוטירט די דאָזיקע פראַגן, — מיר, וועמען אונזערע עלטערן, מלמדים און לערערס האָבן ערשט ניט לאַנג געלערנט, אַז „אַ ייד דאַרף זיך נישט מישן צווישן מלכים", און אַז „יינגלעך און מיידלעך" וועלן קיינמאָל ניט איבערקערן די מעכטיקע צאַרישע אָרדענונג מיט איר אַרמיי, פּאָליציי, זשאַנדאַרן, שפּיאָנען, גלחים, פּריצים א. אז. וו. — מיר האָבן אויפגעהערט מורא צו האָבן פאַרן קייסער און זיין מאַכט, פּונקט ווי מיר האָבן זיך אויפגעהערט צו רעכענען מיט דער מורא פון די עלטערן און מיט די וואָרנונגען פון די לערערס און מלמדים. איך געדענק, אַז אין דיסקוסיעס מיט חברים — אַלץ וועגן דער פראַגע וואָס פאַר אַ צייטווייליקע רעגירונג עס זאָל געגרינדעט ווערן נאָכדעם ווי מען וועט אַראָפּוואַרפן „ניקאָלאַיקען" — האָב איך, למשל, געטענהט, אַז ס'האַנדלט זיך אין דער אמתן ניט, צי זאָל דער אַרבעטער־קלאַס אַריינעמען די פאָרשטייער פון דער בורזשואַזיע אַלס שותפים אין אַזאַ רעגירונג, נאָר צי וועלן זיך געפינען בורזשואַזע עלעמענטן, וואָס זאָלן נאָר האָבן דעם מוט אַריינצוטרעטן אין אַ רעוואָלוציאָנערער רעגירונג..

# אין אַ וואַגאָן מיט חסידים

סוף אַפּריל 1905 איז צו מיר געקומען צופאָרן פון אומאַן (קיִעווער גובערניע) אַ דאָרטיקער יונגערמאַן — אייזיק ס., — (איצט איז ער אַ לאָיער אין אַמעריקע מיט אַן „אַמעריקאַניזירטן" נאָמען און „אַמעריקאַניזירטע איי־בערצייגונגען") און האָט מיר דערציילט, אַז פאַר דער אומאַנער זעלבשוץ איז דרינגענדיק נויטיק צו קריגן געווער, ווייל דאָרטן קאָן צו יעדער מינוט אויסברעכן אַ פּאָגראָם, וועלכן די פּאָליציי, אונטער דער אָנפירונג פון דעם פּריסטאַוו (פּאָליציי־קאַפּיטאַן) מאַלינאָווסקי — מ'האָט געשמועסט, אַז ער איז אַ משומד — גרייט דאָרטן צו.

און וואו איז דאָס געווער, וואָס מיר האָבן פאַריקן יאָר צוגעשטעלט?

שטעלט זיך אַרויס, אַז פון יענעם געווער איז שוין כמעט קיין זכר ניט געבליבן: די פּאַטראָנען האָט מען אויסגעשאָסן, די רעוואָלווערן זיינען טיילווייז קאַליע געוואָרן, טיילווייז אַזוי פאַרפאַלן געוואָרן און מען ווייסט ניט וואו זיי זיינען אַהינגעקומען, — מיט איין וואָרט, מען מוז האָבן נייע געווער, און דרינגלעך.

אויב דרינגלעך איז עפּעס אַנדערש. האָב איך אַוועקגעוואָרפן אַלץ מיט אַן אַנדער, בלויז געזאָגט מיין פאָטער, וועלכער האָט געוואוסט וועגן אַלע מיינע „געשעפטן", אַז איך מוז תיכף אַוועקפאָרן, האָב זיך אפילו ניט געזעגנט מיט מיין מוטער, וועלכע איז דעמאָלט געווען שווער קראַנק („מיט וואָס וועט איר מיין זיין דאָ העלפן?") און בין מיט אייזיקן אַוועק קיין אָדעס. מיר האָבן זיך דאָרטן אָפּגעשטעלט אויף דער קוואַרטיר פון צוויי אומאַנער סטודענטן, לאַזורקין און גוסאַקאָוו, און גענומען ביסלעכווייז אַריינברענגען אַהין די „סחורה", וואָס מיר האָבן געקראָגן דורך די פאַרבינדונגען, וואָס כ'האָב געהאַט.

אייזיקן, וועלכער האָט געשטאַמט פון אַ זייער פרומער פאַמיליע און האָט זיך דעמאָלט שוין גערעכנט פאַר אַ „באָלשעוויק", איז איינגעפאַלן, אַז ער קאָן דאָ טרעפן צוויי פייגל מיט איין מאָל: אַזוי ווי מיר וועלן סיי ווי פירן וואָפן פאַר דער זעלבשוץ וועט ער שוין פאַר איין וועגס מיטנעמען פון אָדעס אויך אַביסל אומלעגאַלע ליטעראַטור. איך בין געווען קעגן דעם פּלאַן צו מישן די ביידע טראַנספּאָרטן און אייזיק האָט לפנים איינגעשטימט מיט מיר... אָבער געטאָן האָט ער זיינס, און ווען מיר האָבן שוין געווען אָנגעפּאַקט צוויי שווערע טשעמאָדאַנעס מיט אונזער סחורה, האָט זיך אַרויס־געשטעלט, אַז ער האָט, אָן מיין וויסן, אַריינגעפּאַקט אין זיי אויך אַזוי פיל

אומלעגאַלע בראַשורן, אַז פאַר אַ היבשער צאָל פּאַטראָנען איז שוין אין די טשעמאָדאַנעס ניט געבליבן קיין פּלאַץ. עס איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אייזיק זאָל אָדער אַרויסנעמען די ליטעראַטור פון די טשעמאָדאַנעס, אָדער איבער־לאָזן די פּאַטראָנען ביי לאַזורקינען, און ער וועט זיי שוין צושיקן קיין אומאַן מיט עמיצן אַנדערש. אייזיק האָט צו אַלץ צוגעשטימט, אָבער געטאָן האָט ער פאַרקערט: ניט נאָר איבערגעלאָזן די ליטעראַטור אין די טשעמאָדאַנעס, נאָר איינגעפּאַקט אַן מיין וויסן די פּאַטראָנען אין עפּעס אַ העמדל, פאַרבונדן מיט אַ שטריקל און דאָס געטראָגן אין האַנט.

מיר האָבן יעדנפאַלס באַשלאָסן צו זעצן זיך אין באַן אין צוויי באַזונ־דערע וואַגאָנען און זיך ניט באַגעגענען אויפן וועג, כדי טאָמער פאַלט איינער דורך זאָל זיך דער צווייטער קאָנען ראַטעווען מיט זיין טשעמאָדאַן.

אָדעס איז דעמאָלט, צוליב דער אַלגעמיינער אומרואיקער לאַגע און צוליב די פריערשע „אומאָרדענונגען" אין געגנט געווען אונטער אַ מיליטער־צושטאַנד („וואָיענאָיע פּאָלאָזשעניע"). אויפן אָדעסער וואָקזאַל האָבן זיך דעריבער זיכער אַרומגעדרייט צוזאַמען מיט די זשאַנדאַרן אויך ציווילע שפּיאָ־נען, פון וועלכע מ'האָט זיך געמוזט אַרויסדרייען. איך געדענק ניט וואָס אייזיק האָט געטאָן. איך אָבער האָב, געדענקענדיק מיין דערפאַרונג מיט אַ זשאַנדאַר אויף דער קאַזאַטינער סטאַנציע מיט עטלעכע וואָכן צוריק, זיך איינגעטשעפּעט אין עפּעס אַ זשאַנדאַר אויף דער אָדעסער סטאַנציע, ער זאָל מיר נאָר זאָגן ווען די באַן וועט אָפּגיין און צי מוז איך אָפּגעבן מיינע זאַכן אין באַגאַזש און נאָך אַזעלכע וויכטיקע זאַכן, ביז ער האָט זיך קוים אָפּגעטשעפּעט פון מיר און מיר דערקלערט, אַז ער איז אַ צו־פאַרנומענער מענטש ער זאָל זיך קאָנען אָפּגעבן מיט מיינע באַגאַזש־פראַגן...

מילא, ניט איז ניט. נאָר איידער איך האָב געפּרואווט מזל מיט אַן אַנדער „קנעפּל", האָב איך דערזען אַ בילד, וואָס האָט מיך אַזוי איבערראַשט, אַז איך האָב קוים געגלויבט מיינע אויגן:

אויף דער פּלאַטפאָרם פון דער סטאַנציע האָט אַרויפגעמאַרשירט אַ מחנה פון וויניקסטנס אַ דריי צענדליק פאַרשוינען: אַלטע מיט גרויע בערד, יינגערע מיט שוואַרצע בערד, יונגעלייט — מיט בערדלעך און עטלעכע גאָר יונגע יינגלעך פון אַ יאָר צען, ניט מער, און אַלע מיט לאַנגע, אויסגעכאַליעטע פּיאות, ווי פּראָפּנציער... זיי אַלע האָבן געטראָגן שוואַרצע זיידענע קאַפּאָטעס איבערגעבונדענע מיט זיידענע גאַרטלען, קיילעכדיקע פוטערנע שטריימלעך אָדער קיילעכדיקע ווייכע היט, קורצע אַטלעסענע הויזן ביז די קני, ווייסע זאָקן און לאַטשן... זיי האָבן אין מיינע אויגן אויסגעזען מיט זייער גאַנצן הולך, מיט זייער קליידונג און וואָרפן מיט די הענט — זאָל מיר גאָט מוחל זיין, — זייער ענלעך אויף די אַנטיסעמיטישע קאַריקאַטורעס, וואָס די „נאָ־וואָיע ווערעמיאַ" און אַנדערע דעמאָלטיקע אַנטיסעמיטישע צייטונגען פלעגן דרוקן וועגן יידן. ביי אונז אין ניקאָלאַיעוו, אָדער אין אומאַן, וואו איך האָב זיך געלערנט, זיינען אויך געווען חסידים, וואָס האָבן זיך אויסגעצייכנט פון

אַנדערע יידן מיט זייערע לענגערע קאַפּאָטעס, אָבער אַזעלכע חסידים ווי אָט די, — זיי זיינען געווען פון גאַליציע, צי אפשר פון אונגאַרן, האָב איך נאָך אויף מיין לעבן ניט געזען.

קוקנדיק אויף זיי אַ פאַרגאַפטער האָב איך דערהערט, אַז זיי ריידן וועגן אַ ספּעציעלן וואַגאָן, וואָס איז פאַר זיי אויסגעטיילט געוואָרן, און מיר איז תיכף איינגעפאַלן אַ גוטער געדאַנק: אָט מיט די חסידים, אין זייער וואַגאָן וועט זיין פאַר מיר די זיכערסטע זאַך צו פאָרן...

געטראַכט און געטאָן: ווען זיי האָבן גענומען אַריינגיין אין וואַגאָן, בין איך אַריינגעקומען נאָך זיי, האָב ניט געמאַכט קיין לאַנגע שהיות (שיעס), אַרונטערגערוקט מיין טשעמאָדאַן אונטער אַ באַנק, און זיך אַוועקגעזעצט קוקן אין פענצטער, ווי ניט מיך מיינט מען.

די חסידישע קאָמפּאַניע האָט מיך, אמת, זייער שטאַרק „געמיינט", פריער האָבן זיי מיר געפרואווט דערקלערן אויף אַ שפּראַך, וואָס איך האָב כמעט ניט פאַרשטאַנען (חצי פויליש, חצי יידיש און אפשר מיט אַ צומיש פון אונגאַריש, אָדער רומעניש), אַז דער וואַגאָן איז בלויז פאַר זיי און אַז איך זאָל זיין אַזוי גוט און זיך אָפּטראָגן. אָבער ווען איך האָב זיי ענערגיש גע־ענטפערט אויף רוסיש, אַז זיי זאָלן מיך לאָזן צורו און אויפהערן מיר „מאַראַ־טשען" דעם קאָפּ (פיליכט האָב איך זיך אַפילו „ענערגישער" אויסגעדריקט) האָבן זיי באַשלאָסן, אַז מען קאָן מיט דעם „ערל" גאָרניט מאַכן און האָבן מיך בלויז געשאָלטן צווישן זיך אויף זייער מאָדנעם יידיש, וועלכן כ'האָב דעמאָלט קוים פאַרשטאַנען, וויפיל ס'איז אין מיר אַריין. אָבער אַזוי ווי איך אַלס „גוי" בין דאָך ניט מחויב געווען צו פאַרשטיין זייערע קללות, האָבן זיי מיר ניט געשאַדט, און ווען ס'איז געקומען דער אָוונט האָב איך זיך גאַנץ פיין אויסגעצויגן אויף דער באַנק ,אויף וועלכער קיינער פון די חסידים האָט זיך לעבן מיר ניט געזעצט, און בין רואיק אונטער דער שכינה פון מיינע „גוטע יידן" (וועלכע זיינען, ווי כ'האָב פאַרשטאַנען פון זייערע געשפּרעכן, געפאָרן אויף אַ גאָר געהויבענער חסידישער חתונה ערגעץ אין קיעווער גו־בערניע) אָפּגעשלאָפן אַ גאַנצע נאַכט.

אויף מאָרגן אינדערפרי האָבן די חסידים פאַרלאָזן ערגעץ אויף אַ סטאַנ־ציע די באַן, דער וואַגאָן איז אָנגעפילט געוואָרן מיט אַנדערע מענטשן, און דעם זעלביקן טאָג טאָקע בין איך צום ערשטן מאָל אויף מיינע „סחורה"־עקס־פּעדיציעס דורכגעפאַלן, אַריינגעפאַלן אין די הענט פון די זשאַנדאַרן און מיט זייער ברכה אין טורמע אַריין.

משמעות, אַז די קללות, מיט וועלכע די חסידים האָבן מיך מכבד געווען, האָבן פאָרט געהאַט זייער ווירקונג...

# „ניט מיין טשעמאָדאַן"

געשען איז עס אַזוי:

נאָכדעם ווי די חסידים האָבן פאַרטאָג אויסגעשטייגט ערגעץ אויף אַ סטאַנציע אין קיעווער גובערניע, בין איך ווייטער געפאָרן ביז די באַן איז געקומען קיין כריסטינאָווקע, אַ סטאַנציע פאַר אומאַן. דאָרטן האָט מען געדאַרפט בייטן דעם צוג און כ'האָב זיך איבערגעזעצט אין אַ וואַגאָן, וואָס האָט געדאַרפט גיין קיין אומאַן. איך האָב, ווי געוויינלעך, אונטערגערוקט מיין טשעמאָדאַן אונטער אַ באַנק און אַליין זיך אַוועקגעזעצט אין אַ צווייטער אָפּטיילונג פון וואַגאָן, כדי ניט צו זיין צו נאָענט צום טשעמאָדאַן און אין דער זעלביקער צייט קאָנען האַלטן אויף אים אַן אויג אויף טאָמער מאַלע ווי עס מאַכט זיך.

איך זיץ אין וואַגאָן, דער צוג האָט שוין לאַנג געדאַרפט אָפּגיין, אָבער ער רירט זיך נאָך אַלץ ניט. פּלוצלינג לויפט צו מיר אַריין מיין „שותף" אין דער רייזע, אייזיק, אַ צעטומלטער, מיט צעפּלאָשעטע אויגן און זאָגט מיר אָן אַ בשורה:

— מיר זיינען פאַרפאַלן! מיר זיינען אַרעסטירט! לאָמיר אנטלויפן...

— וואו אַרעסטירט? פאַרוואָס פאַרפאַלן? וואוהין אַנטלויפן? וואָס האָט פּאַסירט?

דערקלערט מיר אייזיק, אַז בעת ער איז אַריין אין אַ צווייטן וואַגאָן מיט זיין טשעמאָדאַן, האָט אַ קאָנדוקטאָר, וואָס איז געשטאַנען ביים אַריינגאַנג אין וואַגאָן, באַמערקט דאָס שווערע פּעקל, וואָס ער האָט געהאַלטן איינגע־וויקלט אין אַ העמדל און האָט אים געפרעגט, וואָס ער האָט דאָרטן. און אייזיק האָט אים תיכף געענטפערט:

— ברויט!

דאָס איז טאַקע געווען אַ פיינער ענטפער, אָבער ס'איז געווען קלאָר, אַז ס'איז אַ ליגן. האָט דער קאָנדוקטאָר אַרויסגענומען ביי אים דעם פּעקל פון האַנט און איז געגאַנגען אים ווייזן אַ זשאַנדאַרם. דאָס האָט, נאַטירלעך, געמיינט, אַז אייזיק איז דורכגעפאַלן און ס'האָט געקאָנט מיינען אַ דורכפאַל אויך פאַר מיר, אויב מען וועט נעמען זוכן אין די וואַגאָנען. וואָס טוט מען?

איז מיר איינגעפאַלן אַ פּלאַן: אויף דער אַנדער זייט סטאַנציע איז גע־שטאַנען אַ צוג, וואָס האָט געדאַרפט אָפּגיין אין דער קעגנזעצלעכער ריכטונג, אויף טאַלנע, אָדער שפּאָלע. איז זאָל אייזיק תיכף נעמען מיין טשעמאָדאַן, מיט אים אַריבער אין יענעם צוג און אויב ס'וועט אים געלינגען — אָפּ־

פאָרן אין דער ריכטונג פון טאַלנע. איך ווידער וועל בלייבן אין מיין צוג און האַלטן אַן אויג אויף זיין טשעמאָדאַן, האָפנדיק אַז אויב מען האָט מיך ניט באַמערקט, וועל איך אים קאָנען בשלום ברענגען קיין אומאַן..

אייזיק האָט געטאָן ווי איך האָב געראָטן. אָבער פון דעם דורכפאַל האָט אונז מיין פלאַן ניט געראַטעוועט.

איך זיץ אין מיין וואַגאָן אין געהאַקטע וואונדן, צייל די סעקונדעס און מינוטן, און דער צוג, וואָס האָט לויט מיין חשבון שוין געדאַרפט אָפּגיין אויף אומאַן, רירט זיך ניט פון אָרט. דאָס זעלביקע אויך דער אַנדערער צוג, וואָס האָט געדאַרפט אָפּגיין אויף טאַלנע.. און אָט באַווייזט זיך אין וואַגאָן אַ קאָנדוקטאָר, גייט פון איין באַנק צו דער צווייטער, קוקט זיך צו צו די פּאַסאַזשירן, קומט ענדלעך צו צו מיר און פרעגט ביי מיר מיין בילעט. איך ווייז אים דעם בילעט, ער נעמט אים באַטראַכטן און בעט מיר איך זאָל מיט אים אַריינגיין צום סטאַנציע־נאַטשאַלניק, ווייל עפּעס איז אין אים „ניט אין אָרדענונג". איך האָב, נאַטירלעך, גלייך פאַרשטאַנען, אַז ער פירט מיך ניט צום סטאַנציע־נאַטשאַלניק, נאָר צו די זשאַנדאַרמען און האָב באַשלאָסן צו האַלטן זיך פעסט און קאַלטבלוטיק ווייניקסטנס ביז דער צוג, אין וועלכן אייזיק איז געזעסן (אויב ער איז אויך ניט אַרעסטירט) וועט אָפּגיין.

דער קאָנדוקטאָר פירט מיך אַריין אין אַ צימער פון דער סטאַנציע, — טאַקע דער זשאַנדאַרם־צימער, ווי דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט. דאָרטן זיצן, צי שטייען אַ פּאָר זשאַנדאַרמען, עפּעס איינער אין ציוויל־קליידער, אָבער די הויפּט זאַך: אויף אַ טיש שטייט אייזיקס טשעמאָדאַן אַ צעעפנטער און די זשאַנדאַרמען ציען פון אים פאָרזיכטיק אַרויס די רעוואָלווערן און פּאַטראָנען, וואָס זיינען געווען באַשטימט פאַר דער זעלבשוץ און אומלעגאַלע בראָשורן און בלעטלעך, וועלכע אייזיק האָט אַהין אַריינגעפּאַקט. די זשאַנדאַרמען ציען פון טשעמאָדאַן און פּאַקן פונאַנדער יעדע זאַך באַזונדער, פאַרשרייבן לאַנגזאַם אויף אַ לאַנגן צעטל און פרעגן מיך דערוויל גאָרניט. איך איל זיך אויך ניט צו פאַרפירן מיט זיי וועלכע עס איז פריינטלעכע געשפּרעכן און קוק פון דער זייט דורכן פענצטער, וואַרטנדיק, אַז דער טאַלנער צוג, אין וועלכן אייזיק מיטן אַנדער טשעמאָדאַן האָט זיך געפונען, זאָל ענדלעך אָפּגיין. אָבער דער צוג רירט זיך אַלץ ניט פון אָרט.

די זשאַנדאַרמען האָבן געענדיקט דאָס פאַרשרייבן און נעמען זיך צו מיר: נאָמען, פאָטערס נאָמען, פאַמיליען־נאָמען, עלטער, פון וואַנען, וואוהין פאָרסטו? איך ענטפער זיי, פרעג זיי עטלעכע מאָל איבער יעדע פראַגע וואָס זיי שטעלן מיר, ביז זיי פרעגן מיך ענדלעך די הויפּט־פראַגע:

— ס'איז דיין טשעמאָדאַן? וואו האָסטו אים גענומען? וואוהין האָסטו אים געפירט?

הגם איך האָב ניט געהאַט קיין דערפאַרונג מיט פריערדיקע אויספרעגונגען, פאַלט מיר איין, אַז וואָס ווייניקער איך וועל ענטפערן די זשאַנדאַרמען און בכלל וואָס ווייניקער איך וועל זיין איינער אַליין מיט זיי, אַלץ געזינטער

וועט זיין פאַר מיר. פרעג איך זיי מיט אַ פּנים פון איינעם, וואָס איז שוין געניט אין אַזעלכע געשפּרעכן:

— איז דאָס אַן אָפיציעלער דאָפּראָס (אויספרעגונג)?

— ניין, — ענטפערט מיר איינער פון די זשאַנדאַרמען, — דאָס איז בלויז אַ „פּרעדוואַריטעלני״ (פּאַראויסיקער) דאָפּראָס, כדי צו וויסן מיט וועמען מען האָט צו טאָן. דער אָפיציעלער דאָפּראָס וועט זיין ערשט אין אומאַן, ביים זאַשנדאַרמסקי ראַטמיסטער...

אויב אַזוי, טראַכט איך מיט פאַרלייכטערונג, האָב איך אייך אין דער אדמה. און נאָך לייכטער ווערט מיר אויפן האַרצן, ווען איך דערהער ענדלעך אַ לאַנגן פייף און דער צוג אויף טאַלנע רירט זיך פון אָרט און פאַרלאָזט די סטאַנציע. און אַזוי ווי מען האָט אייזיקן מיט זיין „פּעקל״ ניט אַריינגעבראַכט צו די זשאַנדאַרמען, הייסט עס, אַז אים איז געלונגען אַוועקצופאָרן און ראַטעווען זיך מיטן טשעמאָדאַן.

(שפּעטער מיט אַ פּאָר וואָכן האָב איך זיך דערוואוסט, אַז ער איז פאָרט דורכגעפאַלן, וואָרום מען האָט גענומען זוכן אויף אַלע באַנען, וואָס זיינען אָפּגעגאַנגען פון כריסטינאָווקע און מען האָט אייזיקן סוף כל סוף טאַקע פאַרהאַלטן און אַרעסטירט ערגעץ הינטער טאַלנע. אָבער צוליב דעם, ווייל מ׳האָט אים ניט געפּאַקט צוזאַמען מיט מיר אויף דער סטאַנציע כריסטינאָווקע, האָט מען אונזביידן ניט געקאָנט דערנאָך פאַרבינדן אין איין „דיעלאָ״ (פּראָצעס) און דאָס האָט געמאַכט דעם גאַנצן ענין לייכטער פאַר אונז ביידן).

דערהערט פון די זשאַנדאַרמען, אַז דער אָפיציעלער „דאָפּראָס״ וועט געמאַכט ווערן ערשט אין א־מאַן ביים זשאַנדאַרמסקי ראַטמיסטער, ענטפער איך זיי זייער קאַלט, אַז וויבאַלד אַזוי, איז וואָס האָב איך מיט זיי צו ריידן און גלאַט פאַרלירן צייט? ווען איך וועל געבראַכט ווערן צום ראַטמיסטער אין אומאַן וועל איך דאָרטן געבן מיינע דערקלערונגען.

מיין קאַלטקייט האָט געמאַכט דעם געהעריקן איינדרוק.. דערזען, אַז זיי האָבן צו טאָן ניט מיט עפּעס אַבי וועמען, נאָר מיט אַ „ריכטיקן פויגל״, זיינען זיי צו מיר געוואָרן זייער העפלעך, האָבן מיך געפרעגט, צי בין איך ניט הונגעריק, צי וויל איך ניט עפּעס עסן און טרינקען, איידער עס קומט דער נעקסטער צוג, מיט וועלכן זיי וועלן מיך אָפּפירן קיין אומאַן. און איך זאָג זיך ניט אָפּ: געוויס בין איך הונגעריק, געוויס וויל איך עסן און טרינקען. אַ זשאַנדאַרם ברענגט מיר וואָס איך באַשטעל, איך עס און קיי זייער לאַנגזאַם, מיט גרויס כוונה און באַטראַכט דערווייל וואָס איך זאָל ענטפערן דעם זשאַנדאַרמסקי ראַטמיסטער, ווען מען וועט מיך ברענגען צו אים.

אין אַ פּאָר שעה אַרום האָט מען מיך אַוועקגעפירט קיין אומאַן, פון דעם זשאַנדאַרם־צימער אויף דער באַן־סטאַנציע בין איך דערווייל אַרויס מיט גאַנצע ביינער און דאָס אַליין איז שוין געווען אַ גרויסער געווינס. ווען מ׳האָט מיך געבראַכט קיין אומאַן צום זשאַנדאַרמסקי ראַטמיסטער און אַריינגעפירט אין זיין קאַבינעט, וואָס האָט זיך געפונען אין זיין וואוינונג, האָט

ער מיך אויפגענומען ווי אַ „געהויבענעם גאַסט״, אויף וועלכן ער האָט שוין לאַנג געוואַרט: אײדל גערעדט צו מיר, טיטולירט מיך מיט אַ „גאָספּאָדין״ (הער) און גערעדט מיט מיר אויף „איר״, פאַרגעשלאָגן מיר סיגאַרעטס, — „אַ דאַנק, איך רויכער ניט״; אַ גלאָז טיי? — „אַ שיינעם דאַנק, שוין גע־האַט״. בין איך גרייט צו ענטפערן אים אויף אַ פּאָר פראַגן? — „געוויס, מיטן גרעסטן פאַרגעניגן״.

— נאָמען?

— פאָטערס נאָמען?

— פאַמיליען נאָמען?

— פון וואַנען געפאָרן?

— וואוהין?

— צוליב וואָס פאַר אַ צוועק? (געפאָרן קריגן „אוראָקן״ אין אומאַן).

— צו וועמען געפאָרן? (צו קיינעם ניט ספּעציעל, פּשוט געפאָרן קיין אומאַן).

— האָט איר דאָ קרובים? (ניין).

— באַקאַנטע? (איך דענק, אַז יאָ).

— קאָן מען וויסן זייערע נעמען און אַדרעסן? (ניין, מען קאָן ניט).

— פאַרוואָס? (ווייל אַז איך בין אַריינגעפאַלן אין אַ צרה, וויל איך ניט, אַז זיי זאָלן אויך האָבן צרות).

און אַזוי פרעגט ער און איך ענטפער אים זייער געמיטלעך און פריינט־לעך, — פּשוט אַ מין געשפּרעך צווישן אַ פּאָר „אינטעליגענטע מענטשן״. ביז עס קומט די ריכטיקע פראַגע:

— וואוהין האָט איר געפירט דעם טשעמאָדאַן?

— אין ערגעץ ניט.

— וואָס הייסט? איר פירט אַן אָנגעפּאַקטן טשעמאָדאַן מיט אַזעלכע זאַכן און פירט אים אין ערגעץ ניט?

ענטפער איך, אַז איך האָב דעם טשעמאָדאַן ערגעץ ניט געפירט און ניט געקאָנט פירן פּשוט דערפאַר, ווייל ס׳איז ניט מיין טשעמאָדאַן.

— איז וועמעס טשעמאָדאַן איז עס?

— פון וואַנען זאָל איך וויסן, ווען דער טשעמאָדאַן איז ניט מיינער.

מיר דרייען זיך אַרום אַ צען מינוט אַרום דער האַרבער פראַגע וועגן טשעמאָדאַן, וועלכער איז ניט מיינער און וועלכן כ׳האָב אין ערגעץ ניט געפירט, ביז דער ראַטמיסטער גיט אַ קלונג אין אַ גלעקל און עס קומט אַריין אין צימער דער זעלביקער „קאָנדוקטאָר״ (וואַרשיינלעך אַ פּשוטער שפּיאָן), וועלכער האָט מיך פאַרהאַלטן אין וואַגאָן אין כריסטינאָווקע.

אויף דער פראַגע פון דעם זשאַנדאַרמסקי ראַטמיסטער דערקלערט דער „קאָנדוקטאָר״, אַז יאָ, דאָס איז דער טשעמאָדאַן און דאָס איז דער מאַן (איך, הייסט עס), וועלכן ער האָט אַליין מיט זיינע אויגן געזען אַריינטראָגנדיק דעם טשעמאָדאַן אין וואַגאָן אַריין.

— נו, — פרעגט דער ראָטמיסטער, — וועט איר איצט אויך באַהויפּטן, אַז ס׳איז ניט אייער טשעמאָדאַן און איר האָט אים אין ערגעץ ניט געפירט?

דערקלער איך אים, ווי דער אמת איז, אַז ס׳איז פאָרט ניט מיין טשע־מאָדאַן און איך האָב אים פאָרט אין ערגעץ ניט געפירט. און דאָס וואָס דער קאָנדוקטאָר האָט מיך געזען אַריינטראָגנדיק עפּעס אַ טשעמאָדאַן אין וואַגאָן, לייקן איך, חלילה, ניט. נאָר ס׳איז ניט געווען מיין טשעמאָדאַן: אַ מאַן, וואָס האָט געהאַט עטלעכע שווערע פּעק האָט מיר געבעטן העלפן אים אַריינ־טראָגן זיין טשעמאָדאַן אין וואַגאָן, האָב איך אים געהאָלפן. אָבער צי דאָס איז געווען דער טשעמאָדאַן, אָדער אַן אַנדערער, קאָן איך אויף זיכער ניט זאָגן, ווייל איך האָב זיך ניט צוגעקוקט...

די דאָזיקע דערקלערונג פאַראינטערעסירט דעם זשאַנדאַרמסקי ראָט־מיסטער:

— און ווער איז ער געווען, דער מאַן, וואָס האָט אייך געבעטן אַריינ־טראָגן דעם טשעמאָדאַן אין וואַגאָן?

— איך האָב ניט די מינדסטע אַנונג.

— ווי זשע נעמט עס אַ מענטש אַריינטראָגן אין וואַגאָן אַזאַ טשעמאָדאַן מיט אַזעלכע זאַכן, ווען אַן אומבאַקאַנטער מענטש שלאָגט עס אים פאָר?

דערקלער איך זייער פריינטלעך, אַז ערשטנס האָב איך דאָך ניט געוואוסט און ניט געקאָנט וויסן וואָס אין טשעמאָדאַן געפינט זיך, אויב דאָס איז דער טשעמאָדאַן, וואָס כ׳האָב אַריינגעטראָגן. פרעגט דען אַ נאָסילשטשיק (אַ טרעגער) ביי די פּאַסאַזשירן וואָס עס געפינט זיך אין זייערע פּעק, וואָס ער טראָגט אַריין אין וואַגאָן? און צווייטנס בין איך שוין אַזאַ מענטש, וואָס קאַטאָרי ווערלכער קאָן ניט אָפּזאָגן אין אַזאַ קליינער טובה אַן עלטערן מענטשן, וואָס בעט מיך העלפן אים אַריינטראָגן זיינע פּעקלעך אין וואַגאָן. ווען איר, זאָג איך, וואָלט מיך געבעטן אַריינטראָגן אייערן אַ טשעמאָדאַן אין וואַגאָן וואָלט איך אייך מסתמא אויך ניט אָפּגעזאָגט. מיין „גוטסקייט" געפעלט ניט דעם ראָטמיסטער. ער האַלט, אַז דאָס איז פון מיין זייט ניט אויסגערעכנט:

— ווי אַזוי — וואונדערט ער זיך — נעמט אַ מענטש און טראָגט אַריין פאַר עמעצן אַזאַ טשעמאָדאַן אין וואַגאָן? גאָט ווייסט וואָס עס האָט דאָך דאָרטן געקאָנט ליגן?

איך באַטראַכט זייער קריטיש דעם אינהאַלט פון דעם אָפענעם טשעמאָ־דאַן מיט די „זאַכן", וואָס שטייט לעבן טיש און באַמערק, אַז נאָך מיין מיינונג האָט שוין קיין ערגערע זאַך דאָרטן ניט געקאָנט זיין...

— וואָס הייסט? — טענהט מיט מיר איין דער ראָטמיסטר — מען האָט דאָך איז אַזאַ טשעמאָדאַן געקאָנט אַריינפּאַקן אַ טויט קינד...

איך באַטראַכט ווידער מיט גרויס אויפמערקזאַמקייט דעם טשעמאָדאַן און קום צום שלוס, אַז אַפילו ווען מען וואָלט דאָרטן אַריינגעפּאַקט אַ טויטן מענטשן וואָלט איך אויך וועגן דעם ניט געקאָנט וויסן, ווייל איך האָב ניט

געפרעגט וואָס אין טשעמאָדאַן געפינט זיך און ניט געקאָנט וויסן, וואָס מ׳האָט אין אים אַריינגעלייגט.

— און ווי האָט ער אויסגעזען, דער מענטש, וואָס האָט מיר געגעבן אַריינטראָגן דעם טשעמאָדאַן? ווייס איך אפשר זיין נאָמען און וואו מען קאָן אים געפינען?

— זיין נאָמען ווייס איך, נאַטירלעך, ניט, ווייל כ׳האָב אים ניט געפרעגט און בכלל געזען אים דאָס ערשטע מאָל. וואָס איז שייך זיין אויסזען האָט ער זיך מיר ממש „איינגעקריצט" אין זכרון: אַ הויכער, אַ דאַרער, אַן עלטערער מאַן מיט אַ ווייס בערדל און טונקעלע ברילן, זעט אויס ווי אַ לערער, אפשר אַ דאָרפס־לערער, האָט צו מיר גערעדט מיט אַ מאַלאָרוסישער (אוקראַינישער) אויסשפּראַך.

— האָט איר באַקאַנטע צווישן די אוקראַינישע סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן, אָדער סאָציאַל־דעמאָקראַטן? פיליכט איז דאָס געווער געווען באַשטימט פאַר זיי?

— וואָס רעדט איר, גאָספּאָדין פּאָלקאָווניק? (איך האָב אים געהעכערט אין ראַנג). ווי קום איך צו זיי?

דער דאָפּראָס האָט זיך אַזוי אין אַן אומדערוואַרט רואיקן, כמעט „פריינט־לעכן" טאָן געצויגן אַרום אַ פּאָר שעה. געענדיקט האָט ער זיך דערמיט, וואָס כ׳האָב זיך אָנגענומען מיט העזה און געבעטן דעם גאָספּאָדין „פּאָלקאָווניק" ער זאָל וואָס שנעלער פּאַקן דעם אייגנטימער פון דעם טשעמאָדאַן, כדי איך זאָל קענען באַפרייט ווערן פון אַרעסט, וואָרום ערשטנס וועלן מיינע עלטערן זיך זייער שטאַרק באַאומרואיקן וועגן מיר און צווייטנס, קאָן איך פאַרלירן די געלעגנהייט צו קריגן אין אומאַן די אוראָקן, אויף וועלכע איך האָב גערעכנט. דער זשאַנדאַרמסקי ראָטמיסטער האָט מיר פאַרזיכערט, אַז אויב איך וועל זיי נאָר באַהילפיק זיין וועלן זיי טאָן אַלץ וואָס מעגלעך, כדי וואָס שנעלער צו כאַפּן דעם אמתן שולדיקן, און דעמאָלט וועט מען מיך תיכף באַפרייען... און איך האָב פאַר זיך — עפּעס אַן אַ באַזונדערער מורא — געטראַכט, אַז אויב איך וועל דאַרפן זיצן ביז זיי וועלן געפינען דעם „אמתן שולדיקן", וועל איך זיך מוזן גוט אָנזיצן...

פון דעם זשאַנדאַרמסקי ראָטמיסטערס קאַבינעט האָט מען מיך גלייך אָפּגעפירט אין דער אומאַנער טורמע.

# אין אַן איינצל־קאַמער

ווען מ'האָט מיך געבראַכט פון דעם „דאָפּראָס" ביים אומאַנער זשאַנ־דאַרמסקי ראַטמיסטער אין טורמע און מען האָט מיך דאָרטן תיכף אַריינגע־זעצט אין אַן „אַדינאַטשקע" (אַן איינצל־קאַמער) אויפן פערטן שטאָק, און איך האָב גענומען טראַכטן און איבערטראַכטן וואָס עס איז געשען, וואָס מיך דערוואַרט און באַזונדערס פאַרוואָס דער דאָפּראָס ביי דעם זשאַנדאַרם איז געווען אַזאַ מילדער, און כמעט „פריינטלעכער", איז מיר ביסלעכווייז קלאָר געוואָרן צוויי זאַכן: ערשטנס, אַז ס'איז דאָך דאָס יאָר 1905, ווען ממש אַפילו אַ טויבער האָט געקאָנט דערהערן די אָנקומענדיקע טריט פון דער ערשטער רוסלענדישער רעוואָלוציע. ניט נאָר די גאַנצע באַפעלקערונג האָט געפילט איר אָנקומען, נאָר די צאַרישע נאַטשאַלסטווע האָט עס געפילט אפשר נאָך מער, און האָט געציטערט פאַר דעם טאָג פון אָפּרעכענונג, וואָס קאָן אָט־אָט קומען. זיי האָבן דעריבער געזוכט אַרויסצוציען אויף זיך אַ מילדערע, פריינט־לעכע מאַסקע און ווען זיי האָבן נאָר געהאַט אַ געלעגנהייט, האָבן זיי פאַר־זיכערט די „פּאָליטישע", וואָס זיינען דעמאָלט אַריינגעפאַלן אין זייערע הענט אַז זיי אַליין מיינען, חלילה ניט קיין שלעכטס, נאָר אַז זיי מוזן דערפילן אַן אומאַנגענעמע פליכט, אַרעסטירנדיק מענטשן: „ניטשעוואָ ניע פּאָדיעלאַיעש, סלוזשבאַ!" (מען קאָן זיך ניט העלפן, ס'איז אַזאַ דינסט...).

די צווייטע אורזאַך פון דעם זשאַנדאַרמס פריינטלעכקייט איז וואַר־שיינלעך געווען, וואָס אים איז איינגעפאַלן, אַז איך מוז זיין זייער אַ וואַזש־נער פויגל, וועלכן מען קאָן ניט דערשרעקן מיט די געוויינלעכע דראָאונגען און ביי וועלכן מען קאָן פיליכט מער אויספירן „מיט גוטן"...

ווי עס זאָל ניט זיין, האָט ער „מיט גוטן" באַפוילן צו האַלטן מיך אונטער אַ שטרענגער ספּעציעלער אויפזיכט אין אַן איינצל־קאַמער, וואו איך האָב ניט געהאַט קיינעם צו ווענדן זיך צו ריידן, קיין ביכער צו לייענען, קיין שום זאַך צו טאָן, און האָב טאָג און נאַכט געזעסן דורך דעם קליינעם לעכל אין טיר דאָס אויג פון אַ וועכטער, וועלכער האָט ניט צוגעלאָזן קיינעם פון די אַרעסטאַנטן אָפּצושטעלן זיך ביי „מיין" טיר און פּרואוון אַרויסריידן צו מיר אַ וואָרט. שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט דעם צוועק פון איינצל־קאַמער, וואו מ'האָט מיך אָפּגעהאַלטן גאַנצע זעקס וואָכן, ניט אַרויסרופנדיק מיך אויף קיין שום אויספרעגונגען, פונקט ווי מען וואָלט וועגן מיר גאָר אינגאַנצן פאַרגעסן. דער צוועק פון דער איינצל־קאַמער און פון דער „פאַרגעסנקייט" איז געווען צו טרייבן דעם אַרעסטירטן צו פאַרצווייפלונג, צו צעברעכן זיינע נערוון און דערפירן אים דערצו, אַז ער זאָל זיך אַליין אָנהויבן

בעטן, אַז מען זאָל אים נעמען אויף אַן אויספרעג, וואָרעם אין אַזאַ צושטאַנד איז געווען לייכטער צו פאַרפּלאָנטערן אים און אַרויסקריגן פון אים, וואָס ער וואָלט אַנדערש ניט דערציילט.

די ערשטע פאַר וואָכן אין דער איינצל־קאַמער פלעג איך אַרומשפּאַנען פון ווינקל צו ווינקל, ווי אַ חיה אין אַ שטייג, טראַכטנדיק און איבערטראַכטנדיק וועגן אַלץ אין דער וועלט. אָפּטמאָל האָב איך זיך געפילט אין דער פולער איינזאַמקייט און שווייגן פון דער איינצל־קאַמער, ווי אַ לעבעדיק־באַגראָבענער אין אַ קבר. און מערקווירדיק: גראַד דעמאָלט האָב איך זיך דערטראַכט דערצו, אַז דער טויט איז גאָרניט אַזוי שרעקלעך, ווי מען מאָלט אים. געוויס איז שרעקלעך פאָרצושטעלן זיך, אַז מען ליגט אין קבר אַ לעבעדיקער, מען קאָן זיך ניט אַ ריר טאָן, כאָטש מען פילט אַלץ, ווי איך לעבן. אָבער אויב מען איז טויט קאָן מען דאָך גאָרניט פילן, און אויב מען פילט גאָרניט איז דאָך ניט שייך צו פילן שרעק אָדער אומבאַקוועמלעכקייט. מיט אַנדערע ווערטער: אַזוי לאַנג ווי מען לעבט, ליגט מען דאָך ניט אין קבר און עס איז ניטאָ וואָס צו שרעקן זיך פאַר דעם, וואָס עס קומט פאַר אין קבר און מען קאָן האָפן אויף בעסערס, ווי יעדער לעבעדיקער מענטש. און אויב מען איז טויט זיינען קיין האָפענונגען, אמת, מער ניטאָ, אָבער מען דאַרף זיי שוין ניט, און קיין שום שרעק איז שוין אויך ניטאָ. אַזוי, אַז ס'איז ניטאָ וואָס מורא צו האָבן פאַרן טויט...

וועדליק פאַר איינעם, וואָס איז געזעסן אין איינצל־קאַמער און האָט ניט געהאַט קיינעם צו ווערען אַ וואָרט אויסצוריידן, זיינען דאָס געווען זייער אָפּטימיסטישע געדאַנקען...

אָבער מיין איינזאַמקייט אין דער איינצל־קאַמער האָט געדויערט ניט מער ווי אַ צוויי־דריי וואָכן. אין איין שיינעם טאָג האָב איך דערהערט אַ שטיקל טומל ביי מיין טיר, ווי מען וואָלט עמיצן געשטופּט, און דורכן „פענצטערל" אין טיר האָט זיך דערהערט אַ דרייסטע שטים:

— העי, טאָוואַרישטש, ביסטו דער און דער?

ער האָט אָנגערופן מיין נאָמען און פאַמיליע און איך האָב געענטפערט, אַז יאָ, דאָס בין איך.

— און מיין נאָמען איז מאַשעוויטש.

— זייער אָנגענעם.

— האָסטו אַלצדינג וואָס דו דאַרפסט?

— איך האָב דאָ גאָרניט.

— האָסטו סיגאַרעטן, זייף, אַ ציין־בערשטל?

איך האָב געענטפערט, אַז איך האָב ניט קיין איינע פון די זאַכן.

— וועסטו זיי האָבן מאָרגן. איך וועל זיי דיר צושטעלן. דאַרפסט נאָך עפּעס? זאָג..

— איך וואָלט געדאַרפט אַ בוך, איך האָב גאָרניט וואָס צו לייענען.

— אַ בוך וועלן מיר אויך קריגן.

אויף מאָרגן האָב איך באַקומען דורכן „פענצטערל“ פון טיר זייף, אַ ציין־בערשטל און אַ פעקל פאַפּיראָסן, — און הגם איך האָב קיינמאָל פריער ניט גערויכערט, האָב איך דעמאָלט אָנגעהויבן פון לאַנגווייליקייט צו רויכערן און אָפּגערויכערט דערנאָך כמעט 25 יאָר. מיט עטלעכע טעג שפּעטער האָב איך באַקומען אַ בוך: אַ כמעט פרישן נומער פון דעם „דיקן“ דעמאָלטיקן רוסישן חודש־זשורנאַל „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ“. שפּעטער, ווען מען האָט מיך אַריבערגעפירט פון איינצל־קאַמער אין אַן אַלגעמיינער קאַמער, האָב איך זיך באַקענט מיט מאַשעוויטשן און זיך דערוואוסט וועגן אים טשיקאַווע זאַכן: ניט געקוקט אויף זיין יידיש־קלינגענדיקן פאַמיליען־נאָמען איז ער ניט געווען קיין ייד, נאָר אַ קריסט, וואַרשיינלעך אַ ווייסרוס. און ניט געקוקט אויף זיין אינטערעס צו מיר איז ער געווען ניט קיין פּאָליטישער, נאָר אַ קרימינעלער אַרעסטאַנט, וואָס איז געווען פאַרמשפּט אויף לאַנגע יאָרן אַרעס־טאַנטסקע ראָטע פאַר עפּעס אַ האַרבן קרימינעלן פאַרברעכן. מיט מיר האָט ער זיך פאַראינטערעסירט און האָט מיר אַרויסגעהאָלפן אין מיין איינזאַמקייט גראָד דערפאַר, ווייל מען האָט מיך געהאַלטן אונטער אַזאַ שטרענגער וואַך אין אַן איינצל־קאַמער, אַז איבער דער טורמע האָבן זיך פאַרשפּרייט ממש פאַנ־טאַסטישע קלאַנגען וועגן מיר. דעם וועכטער, וואָס איז כסדר געשטאַנען ביי מיין טיר, האָט מאַשעוויטש פּשוט אָן צערעמאָניעס אָפּגעשטופּט און יענער האָט ניט געוואַגט צו פּראָטעסטירן, ווייל אַלע אין טורמע האָבן גע־וואוסט, אַז מאַשעוויטש האָט סיי ווי ניט וואָס צו פאַרלירן, און אַז ער קאָן דערלאַנגען אַ קלאַפּ, וואָס מען זאָל האָבן צו געדענקען.

מיט דעם נומער פון דעם זשורנאַל „רוסקאָיע באָגאַטסטוואָ“, וואָס ער האָט מיר געבראַכט איז געווען גאָר אַ אינטערעסאַנטע געשיכטע: מען האָט מאַשעוויטשן איין טאָג אַרויסגענומען צום סליעדאָוואַטעל (געריכט אויס־פאָרשער). האָט ער ביים סליעדאָוואַטעל אויפן טיש באַמערקט אַ בוך, אַ נו־מער פון דעם זשורנאַל. האָט ער אים ביים אַרויסגיין פון סליעדאָוואַטעל פּשוט צוגעשלעפּט, אַריינגעפּאַקט אין בוזים און געבראַכט צו מיר.

— און ווי האָבן עס די וועכטער ביים טויער ניט אָפּגענומען ביי דיר ביים באַזוכן? — האָב איך אים געפרעגט.

— מיך באַזוכן זיי ניט שטאַרק, — האָט מאַשעוויטש געענטפערט מיט אַ שמייכל, — וואָרעם זיי ווייסן, אַז אויב זיי וועלן נעמען שטאַרק זוכן קאָנען זיי פון מיר כאַפּן אַ טראַסק, אַז זיי זאָלן דערזען די שטערן אינמיטן טאָג.

ווען איך האָב מיטגעבראַכט מיט זיך דעם זשורנאַל אין דער אַלגע־מיינער קאַמער, האָט איינער פון מיינע פּאָליטישע חברים דערקענט, אַז ס׳איז זיין בוך, וואָס מען האָט ביי אים צוגענומען בעת אַ הויז־זוכונג.

בכלל מוז מען באַטאָנען אַז אין יענער צייט, דער צייט ווען די אָנ־קומענדיקע רעוואָלוציע האָט, אַזוי צו זאָגן, געקלאַפּט אין טיר, איז די באַ־

ציאונג ניט נאָר פון דער „געזעלשאַפט" בכלל, נאָר אפילו פון די זשאַנ־דאַרמען, פון דער פּראָקוראַטור, אפילו פון דער טורמע־נאַטשאַלסטווע און וועד רעדט שוין פון די קרימינעלע אַרעסטירטע צו די פּאָליטישע געווען אַ גאַנץ פאזיטיווע, אָפטמאָל אַ סימפּאַטיזירנדיקע און אפילו אַן אונטער׳חנפ׳ענ־דיקע, ווי צו מענטשן, וואָס וועלן מיט רעכט פאַרנעמען אַ הויכן פּלאַץ אין דעם מאָרגנדיקן טאָג..

# פאַר אייגענע זאַכן, ניט פאַר פרעמדע

איך האָב פריער דערמאָנט וועגן דער אומדערוואַרטעטער הילף, וואָס כ'האָב באַקומען פון דעם קרימינעלן אַרעסטאַנט, מאַשעוויטשן, ווען איך בין געווען פאַרשפאַרט אין אַן איינצל־קאַמער. ס'דערמאָנען זיך נאָך אַ פּאָר אינטערעסאַנטע טיפּן פון דאָרטן. איינמאָל, ווען מיר, פּאָליטישע, האָבן געשפּאַצירט אונזער געזעצלעכע האַלבע, צי גאַנצע שעה אין הויף, האָב איך באַמערקט אין ווינקל הויף זיצנדיק אַ זייער פאַראומערטן מיטליאָריקן ייד. איך האָב ניט געוואוסט, נאַטירלעך, פאַרוואָס ער זיצט (אַזעלכע זאַכן איז ניט געווען אָנגענומען צו פרעגן), אָבער זיין פאַראומערטער אויסזען האָט ביי מיר אַרויסגערופן עפּעס אַ סימפּאַטיע. בין איך צוגעגאַנגען צו אים און האָב אים אַ זאָג געטאָן:

— וואָס זיצט אַ ייד אַזוי פאַראומערט? די זון שיינט פאַר אונז אַלע־מען, און דידאָזיקע טויערן וועלן אויך ניט אויף שטענדיק בלייבן פאַר־שפּאַרט...

ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אַ קוק געטאָן אויף מיר און מיט אַן אומעטיקן שמייכל באַמערקט:

— איך איז גוט צו האָפן. איר זיצט פאַר אייגענע זאַכן, איך אָבער זיץ פאַר פרעמדע.

איך האָב זיך ניט גלייך געכאַפּט וואָס ער מיינט:

— וואָס, חלילה, צוליב עפּעס אַ בלבול?

— וואָס פאַר אַ בלבול? — האָט ער שוין פרייער געשמייכלט, — איר הערט דאָך, פּשוט פאַר פרעמדע זאַכן, פאַר אַ גנבה, און אויב ס'וועט קומען אַן אַמניסטיע, וועט מען אייך, פאַרשטייט זיך, אַרויסלאָזן און איך וועל דאַרפן אָפּזיצן מיין צייט...

דעם דאָזיקן אונטערשייד צווישן „אייגענע" און „פרעמדע" זאַכן האָב איך קיינמאָל ניט געקאָנט פאַרגעסן

אין יענער צייט פלעגן די פּאָליטישע ניט דאַרפן טאָן קיין אַרבעט אין טורמע. אַפילו ניט צוראַמען די אייגענע קאַמער. דער צוראַמער אין אונזער קאַמער איז געווען אַ יונגער אוקראַאינער, קוזיאַ, אַ מאַן פון אַ יאָר 25־26. ער איז געווען די ערלעכקייט אַליין און נאָך זיין ראַמען האָט ביי אונז קיינמאָל ניט אויסגעפעלט קיין זאַך, וואָס מיר פלעגן לאָזן אויף די בעטן אָדער אויפן טיש.. ער האָט זיך אויך אויסגעצייכנט מיט עפּעס אַ ספּעציעלער פיינטשאַפט צו גנבים. דאָס וואָרט „וואָר" (גנב) פלעגט ער אַרויסריידן מיט אַ גוואַלדיקער פאַראַכטונג, ווי ערגערס קאָן שוין ניט זיין. פון אַנדערע אַרעסטירטע האָב

איך זיך דערוואוסט, אַז ער זיצט פאַר גנבענען אַ פערד. איינמאָל האָט אונז קוזיאַ אַנגעזאָגט מיט פרייד, אַז זיין טערמין ענדיקט זיך שוין און ער וועט די טעג אַרויסגעלאָזן ווערן פון טורמע. איך האָב מיט אים פאַרפירט אַ געשפּרעך:

— און וואָס וועסטו איצט טאָן, קוזיאַ?

— ווידער פערדלעך, — האָט ער געענטפערט, ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך.

— וועט מען דאָך דיך ווידער כאַפּן און אַריינזעצן?

— איז וואָס דענקסטו, — האָט ער כמעט מיט כעס מיר געענטפערט, — אַרבעטן פאַרן פּריץ פאַר אַ „דוואָוגריוועניעם" (20 קאָפּיקעס) אַ טאָג איז בעסער ווי אין טורמע?

— קוזיאַ, — האָב איך אים אַ פרעג געטאָן, — אָט זאָגסטו וועסט זיך ווידער נעמען פאַר פערדלעך. דו זאָגסט דאָך אָבער שטענדיק, אַז דו האָסט פיינט גנבים. און מיט וואָס איז גנבענען פערד בעסער?

קוזיאַ האָט מיך ערנסט אָנגעקוקט אַרן מיט אַ פעסטער איבערצייגונג, ווי אַ גוט דורכגעטראַכטן געדאַנק, געענטפערט:

— אַ פערד איז עפּעס אַנדערש. ווען אַ מענטש האָרעוועט און פאַרדינט עפּעס, און אַן אַנדערער קומט און גנבעט עס ביי אים צו, איז עס אַ זינד און אַ פאַרברעכן. אָבער אַ פערד? ניט מענטשן האָבן געמאַכט די פערד, נאָר גאָט, און גאָטס פערד איז ניט קיין עבירה צו נעמען...

אַ זייער אייגנאַרטיקע פילאָסאָפיע, וואָס האָט געקאָנט געשאַפן ווערן בלויז אויפן באָדן פון דער דעמאָלטיקער אומגעהויערער פויערישער אָרעמקייט...

וועגן דעם דעמאָלטיקן נאַטשאַלניק פון דער טורמע האָט מען מיר דערציילט, אַז ער איז ניט נאָר אַ שלעכטער, נאָר פּשוט אַ משוגענער און ער קאָן מאַכן גוואַלדן אויף אַן אַרעסטירטן אָן שום אורזאַך. איך האָב אָבער פון פענצטער פון מיין קאַמער באַמערקט אַז ער פאָרעט זיך אָפּט אַרום אַ בעיט מיט פאַרשיידענע בלומען אַרום זיין הויז. ער באַשפּריצט זיי, שניידט זיי אַרום און קליבט בכלל נחת פון זיי. האָב איך איינמאָל בעת זיין באַזוך ביי מיר אין קאַמער באַמערקט אים אין אַ זייער ניט־אָפיציעלן טאָן, אַז ער האָט זייער שיינע בלומען אַרום זיין וואוינונג. ער האָט מיך עפּעס מאָדנע אָנגעקוקט, עפּעס אַ בורטשע געטאָן, אָבער בעת זיין באַזוך פון מיין קאַמער דעם אַנדער טאָג האָט ער געהאַלטן אין האַנט אַ קליין ביגטעלע בלומען, וועלכע ער האָט ביים אַרויסגיין ווי אומגערן איבערגעלאָזן ביי מיר אויפן טיש. אויף מאָרגן האָב איך אים אויפריכטיק באַדאַנקט פאַר די פאָר בלומען, וואָס ער האָט ביי מיר „פאַרגעסן", און ביסלעכווייז האָט דאָס „אייז" פון אים גענומען אָפּגיין, ער האָט געקוקט אויף מיר און גערעדט פריינטלעכער און האָט מיר אפילו אַ פאָר מאָל אָפּגעגעבן אַ „רעפּאָרט" וועגן דעם צושטאַנד פון זיינע בלומען. ער האָט זיך אפילו געמאַכט ניט וויסנדיק וועגן

דעם, וואָס כדי צו זען זיינע בלומען האָב איך געמוזט אַרויפקריכן אויפן הויכן פענצטער פון מיין קאַמער, וואָס איז לויט די טורמע־כּללים געווען „שטרענג פאַרבאָטן“.

איינמאָל רופט מיך דער נאַטשאַלניק אַרויס צו זיך אין קאַנצעלאַריע, ווייזט מיר אַ בריוו, וואָס כ׳האָב געשריבן צו מיינע עלטערן און זאָגט מיר, אַז דער זשאַנדאַרמסקער ראַטמיסטער האָט אים ניט דורכגעלאָזן. „און ווען ס׳הענגט אָפּ פון מיר — גיט ער צו — וואָלט איך אים אויך ניט דורכגעלאָזן“.

— פאַרוואָס ?

— דערפאַר, — ענטפערט ער, — ווייל איר קריטיקירט דאָרטן, און דאָס איז ניט דערלויבט.

— איך האָב, דאַכט זיך, דאָרט קיינעם ניט קריטיקירט.

— איר האָט אָבער קריטיקירט דעם... סוף, וואָס איר קריגט דאָ.

איך דערמאָן זיך, אַז איך האָב אין מיין בריוו באַשריבן אין אַ שפּאַס, צו מאַכן מיינע עלטערן פילן לייכטער, ווי איך האָב זיך געיאָגט נאָך אַ גרויפּ אין סופּ, ווי איך בין צוליב דעם אַריינגעשפּרונגען אין טעלער און דאָרטן אַרומגעשוואומען און ווי כ׳בין פון דאָרטן אַרויס אַ לעבעדיקער, אָבער אָן אַ גרויפּ.

— וואָס־זשע, זאָג איך, איך טאָר שוין ניט האָבן קיין מיינונג וועגן דעם סופּ ? איך וואָלט אַ בעלן געווען צו הערן וואָס איר וואָלט זאָגן, ווען מען גיט אייך עסן אַזאַ סופּ יעדן טאָג.

דער נאַטשאַלניק האָט זיך גענומען פאַרענטפערן : פאַר די 13 קאָפּיקעס אַ טאָג, וואָס ער באַקומט אויף צו קאָרמענען אַן אַרעסטירטן קאָן ער קיין בעסערס ניט געבן. „און איר, — זאָגט ער — קריטיקירט דאָס עסן, ווי איר וואָלט געווען אַ גאַרקי און געשריבן ערגעץ אויף דער פרייהייט“.

— וואָס איך וועל שרייבן, ווען איך וועל זיין אויף דער פרייהייט, איז שוין מיין זאַך, — ענטפער איך אים, און איך באַמערק, אַז דאָס מאַכט אויף אים אַ גרעסערן איינדרוק, ווי איך האָב זיך פאַרגעשטעלט.

— וואָס־זשע, — פרעגט ער מיך, — וועט זיין ? איר זאָגט זיך טאַקע אָפּ צו עסן די רעגולערע שפּייז ?

— אוודאי זאָג איך זיך אָפּ, — ענטפער איך, כאָטש איך האָב פריער אפילו ניט געטראַכט וועגן דעם, ווארעם וואָס אַנדערש האָב איך געהאַט וואָס צו עסן ?

דער נאַטשאַלניק טראַכט אַ ביסל און פּלוצלינג פאַלט אים איין אַ גע־ניאַלער געדאַנק :

— דאָס איז די איינציקע שפּייז, וואָס מיר קאָנען אייך געבן, אַזוי לאַנג ווי איר זייט געזונט. אָט, ווען איר וואָלט געווען קראַנק, וואָלט איר גע־קאָנט איבערגיין אויף אַ „באָלניטשני פּאַיאָק“ (קראַנקען־דיעטע).

— מיט אַזאַ שפּייז, — שמיד איך דעם אייזן אַזוי לאַנג ווי ער איז

הייס — מעגט איר זיכער זיין, אַז כ'וועל קראַנק ווערן. אָבער ספּעציעל קראַנק ווערן, כדי צו קריגן אַ באַלניטשני פּאַיאָק קאָן איך דאָך ניט...

— פונדעסטוועגן, — זאָגט ער, — גייט אַריין צום דאָקטאָר, ווען ער קומט אויף אַ באַזוך אין טורמע, עס קאָן זיין, אַז ער זאָל ביי אייך געפינען עפּעס אַ קראַנקהייט. רעדט זיך מיט אים דורך....

עהע, טראַכט איך, ביסט שוין אַזוי ווייט פאַרגאַנגען? אויב אַזוי איז דאָך גאָרניט שלעכט...

באַדאַנק איך אים זייער פיין פאַר זיין עצה און באַמערק בלויז, אַז אפשר וואָלט אים, דעם גאָספּאָדין נאַטשאַלניק, געווען באַקוועמער צוריידן וועגן דעם מיט דעם דאָקטאָר, איידער מיר אַליין....

— ניין, ניין, — ענטפערט ער, — אייך וועט זיין באַקוועמער, רעדט זיך מיט אים דורך.

אויף מאָרגן, בעת דעם דאָקטאָרס וויזיט, האָט מען מיך אַרויסגערופן צו אים. דער דאָקטאָר, אַ יונגערמאַן פון אַן אומאַנער פאַרמעגלעכער פאַמיליע, פּרענקעל, מיט וועלכער כ'בין אין פריערדיקע יאָרן געווען אַביסל באַקאַנט, האָט מיך וואַרעם באַגריסט:

— דאָס זייט איר, הייסט עס, דער קראַנקער? איז וואָס פאַר אַ דיעטע ווילט איר אויסקלייבן? פאַראַן דריי דיעטעס: פאַר אָפּגעשוואַכטע — גרעסערע פּאָרציעס קאַשע און אַביסל מילך; פאַר קראַנקע — אַ טעגלעכע דיעטע פון פלייש און מילך; און אַ דיעטע פאַר טשאַכאָטאָטשניקעס (טובערקולאָזע) וואָס האַלטן שוין ביים שטאַרבן — הינער־פלייש, בוליאָן, מער מילך.

מיין געוויסן האָט מיר ניט דערלויבט צו פאַרשרייבן זיך פאַר אַ טשאַכאָטאָטשניק, האָב איך אויסגעקליבן די דיעטע פון אַ „קראַנקן", און האָב זיך אויף איר אַזוי „פּאַפּראַוועט" (פאַרריכט), אַז ווען איך בין אין עטלעכע חדשים אַרום באַפרייט געוואָרן און געקומען אַהיים, און מיין מוטער האָט מיך דערזען, האָט זי מיט פאַרלייכטערונג געזאָגט:

— אויב מען קומט אַרויס מיט אַזאַ אויסזען פון טורמע, האָב איך שוין פאַר גאָרניט מורא...

# איך לאָז זיך ניט פאַרפּלאָנטערן

ניט געקוקט אויף דער „פריינטלעכקייט" און „מילדקייט", וואָס דער אומאָנער זשאַנדאַרם האָט אַרויסגעוויזן צו מיר בעת דעם ערשטן אויספרעגן מיך, דערהויפּט טאָקע ווייל ס'איז געווען אין מיטן פון יאָר 1905, ווען די ערשטע רוסלענדישע רעוואָלוציע האָט שוין מעכטיק געקלאַפּט אין טיר און די „היטער פון געזעץ" האָבן מורא געהאַט טאָמער וועלן די הייגטיקע פּאָליטישע געפאַנגענע ווערן מאָרגן די באַלעבאַטים פון לאַנד, — ניט געקוקט אויף דעם, האָט ער געטאָן אַלץ וואָס ער האָט געקאָנט, כדי אַריינצופּלעכטן מיך אין אַ „דיעלאָ" (אַ פּראָצעס), פון וועלכן איך זאָל קיין גאַנצער ניט אַרויס.

איין מיטל, ווי שוין דערמאָנט, איז געווען אָפּצוהאַלטן מיך עטלעכע וואָכן אין אַן איינצל־קאַמער („אָדינאָטשקע"), אָפּגעריסן פון אַלץ און אַלעמען און אפילו פון אַ געריכטלעכער אויספאָרשונג, כדי צו צעברעכן מיינע נערוון און די קאַלטבלוטיקייט, וואָס כ'האָב אַרויסגעוויזן, ווען כ'בין אַריינגעפאַלן אין זיינע הענט. ווען איך האָב ענדלעך אָנגעהויבן פּראָטעסטירן קעגן דעם, וואָס מ'האַלט מיך פאַרשפּאַרט „אומזיסט און אומנישט", פאַר אַ „פרעמדן טשעמאָדאַן", האָט מען מיך ענדלעך אַרויסגערופן צום געהילף־פּראָקוראָר, און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה „אויספרעגונגען".

בוכשטעבלעך אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק פלעגט מען מיך אַרויסרופן פון פערטן שטאָק, וואו מיין קאַמער האָט זיך געפונען, אויפן ערשטן אין אַ ספּעציעלן צימער פאַר אויספאָרשונגען, און דער פּראָקוראָר מיט אַ פּאָר „אָכראַניקעס" פלעגן מיך אויספרעגן און איבערפרעגן וועגן דעם טשעמאָדאַן און זיין אינהאַלט: ווי ער קומט צו מיר, ביי וועמען האָב איך אים באַקומען, וואוהין איך האָב אים געפירט, וואָס פאַר אַ פאַרבינדונג איך האָב מיט די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס, וועמען איך האָב געזאָלט צושטעלן דעם טשעמאָדאַן מיט די געווער און דער אומלעגאַלער ליטעראַטור, וואָס מ'האָט אין אים געפונען, א. אז. וו.

איך, ווידער, פלעג זיך האַלטן ביי דאָס מייניקע: דער טשעמאָדאַן איז ניט מיינער, איך האָב אים אין ערגעץ ניט געפירט, צו קיינעם ניט געזאָלט ברענגען, און אויב עמיצער האָט מיך אַפילו געזען אַריינטראָגנדיק אַ טשעמאָדאַן, אויב דאָס איז טאָקע דער טשעמאָדאַן, וואָס כ'האָב אַריינגעטראָגן, לייקן איך ניט, אַז כ'האָב עמיצן, אַן עלטערן מענטשן מיט עטלעכע פּעק טאַקע געהאָלפן אַריינטראָגן אַ טשעמאָדאַן אין וואַגאָן, אָבער ווער דער

מענטש איז געווען און וואָס אין טשעמאָדאַן איז געלעגן האָב איך ניט געוואוסט, ניט געקאָנט וויסן און ווייס ביז איצט ניט.

— האָט איר נאָך וואָס עס איז צוצוגעבן צו דעם געזאָגטן? — פלעגט זיין די שטענדיקע פראַגע. און מיין שטענדיקער ענטפער איז געווען:

— מער קיין וואָרט האָב איך ניט צוצוגעבן.

קיין גוואַלדיקן איינדרוק פלעגן אויף מיר די אויספרעגונגען ניט מאַכן. ערשטנס, דערפאַר, ווייל ס'איז, ווי געזאָגט, געווען אַ צייט אַזאַ, ווען מיין דור האָט ממש פאַרלוירן דעם געפיל פון שרעק; און צווייטנס, ווייל צו דער צייט, ווען די פּראָקוראָרישע אויספרעגונגען האָבן זיך אָנגעהויבן האָט מען מיך שוין אַריבערגעפירט פון דער איינצל־קאַמער אין אַן אַלגעמיינער קאַמער מיט נאָך דריי, צי פיר, פּאָליטישע, און צווישן זיי האָט זיך געפונען מיין „שותף" אייזיק, צוליב וועמען דער גאַנצער דורכפאַל איז וואָרשיינלעך פאָרגעקומען. דאָס וואָס מען האָט מיך אַריינגעזעצט אין איין קאַמער מיט אייזיקן ווען די פולע אויספרעגונג איז נאָך ניט פאַרענדיקט געוואָרן, האָט מיר באַוויזן, אַז די זשאַנדאַרמען און דער פּראָקוראַטור איז ניט געלונגען. זיי האָבן יעדנפאַלס ניט געווען מאַטעריאַל צו פאַרבינדן מיך מיט אייזיקן און מיט אונזערעביידע „טשעמאָדאַנעס". עס איז דעריבער מעגלעך, אַז זיי גלויבן טאַקע, אַז ס'איז געווען עפּעס אַ דריטער, וואָס האָט געפירט געווער און וואָס האָט אונז בלויז אויסגענוצט פאַר זיינע צוועקן אָן אונזער וויסן. און וויבאַלד אַזוי האָב איך שוין ניט וואָס מורא צו האָבן פאַר זייערע אויספרעגונגען, — איך דאַרף זיך בלויז פעסטהאַלטן ביי מיין ערשטער דערקלערונג, אַז „ס'איז ניט מיין טשעמאָדאַן" און אַ סוף.

אָבער סוף כל סוף האָבן מיר די כסדרדיקע אויספרעגונגען מיט דער שטענדיקער „פראַגעלע", צי האָב איך נאָך וואָס צוצוגעבן צו מיינע פריערדיקע דערקלערונגען שטאַרק דערעסן, — הויפּטזאַכלעך דערפאַר, ווייל זיי האָבן זיך אַזוי געצויגן אַ גאַנצן זומער און צווייטנס, ווייל מען האָט שוין געפילט אין דער לופטן, אַז אָט־אָט וועט די רעוואָלוציע אויסברעכן, און ווי וועט זי זיך קאָנען באַגיין אָן אונז (און נאָך מער פאַרשטייט זיך, ווי וועלן מיר זיך קאָנען באַגיין אָן איר, זיצנדיק הינטער די טורמע־גראַטעס). איך האָב דעריבער באַשלאָסן אַז ס'איז צייט צו מאַכן אַ סוף צו די אויספרעגונגען. און ווען מ'האָט מיך איינמאָל, אין מיטן סעפּטעמבער ווידער אַרויסגערופן אויף אַ „דאָפּראָס", האָב איך „אָנגעגורט די לענדן" מיט כעס און איידער מען האָט נאָך באַוויזן וואָס עס איז צו פרעגן ביי מיר, האָב איך גענומען גוואַלדעווען אויפן פּראָקוראָר און זיינע פאַר אַרויסהעלפער, אַז מער זאָלן זיי מיך ניט רופן, ווייל איך וועל זיי מער קיין וואָרט ניט ענטפערן, וואָרעם „איך זע דאָך, אַז איר זוכט ניט קיין גערעכטיגקייט, נאָר איר שטעלט מיר כסדר פראַגעס, כדי מיך צו פאַרפּלאָנטערן אין אַ נעץ.

צו מיין גרויסער פאַרוואונדערונג האָט מיך דער פּראָקוראָר גענומען באַרואיקן, פאַרענטפערן זיך, אַז אומזיסט בין איך אים חושד אין וועלן מיך

פאַרפלאָנטערן, אַז מיר זיינען דאָךביידע אינטעליגענטע מענטשן, און איך דאַרף פאַרשטיין, אַז אים איז גאָר ניט אַזוי אנגענעם צו האַלטן אַזאַ פיינעם מענטשן ווי איך אין טורמע, נאָר ער האָט זיך ניט געקאָנט העלפן: „סלוזש־באַ" (זיינע פליכטן, הייסט עס, צווינגען אים עס צו טאָן). און אַ באַוויַיז איז, אַז ער האָט שוין טאַקע פאַרענדיקט די אויספאָרשונג און עס שטייט די פראַגע וועגן אַרויסלאָזן מיך אויף „זאַלאָג" (בעיל)...

הגם איך בין ניט געווען קיין גרויסער בקי (באָקי) אין די צאַרישע געזעצן, האָב איך אָבער שוין געגוג געוואוסט צו פאַרשטיין, אַז אויב דער פּראָקוראָר רעדט שוין וועגן בעיל פאַר מיר איז עס בלויז דערפאַר, ווייל ער האָט שוין סיי ווי באַשלאָסן מיך צו באַפרייען, און וויבאַלד אַזוי, האָב איך מיט גרויס זיכערקייט דערקלערט, אַז וועגן דעם, אַז וועד עס איז זאָל אַריינ־טראָגן פאַר מיר „זאַלאָג" קאָן קיין רייד ניט זיין: ערשטנס, ווייל ער אַליין זעט דאָך, אַז איך בין אין גאָר ניט שולדיק, און אַז מ׳האָט מיך ביז איצט געהאַלטן פאַרשפּאַרט אומזיסט און אומגישט; און צווייטנס, איז ניטאָ ווער עס זאָל פאַר מיר אַריינטראָגן „זאַלאָג": איך האָב ניט קיין געלט, מיינע עלטערן אויך ניט און קיין פריינט, וואָס זאָלן פאַר מיר אַריינטראָגן „בעיל", האָב איך ניט.

מיין חשבון האָט זיך אַרויסגעוויזן פאַר אַ ריכטיקן: אין אַ וואָך אַרום נאָך דעם באַזוך פון פּראָקוראָר בין איך באַפרייט געוואָרן אָן שום „בעיל" און האָב בלויז געמוזט געבן אַן אונטערשריפט, אַז איך וועל לאָזן וויסן דעם פּראָקוראָר מיין אַדרעס און ווען איך וועל בייטן מיין אַדרעס, כדי טאָמער מאַלע וואָס עס מאַכט זיך, אפשר וועט ער מיך נאָך אַמאָל דאַרפן...

און ס׳איז שוין טאַקע געווען די העכסטע צייט באַפרייט צו ווערן. וואָרעם ערשטנס, זיינען די געשעענישן געגאַנגען מיט זיבן־מייליקע טריט, די רע־וואָלוציאָנערע באַוועגונג האָט זיך שוין אַלץ מער און אָפענער אַרויסגעריסן פון די קעלערן און די בוידעמער אויף דער גאַס, און יעדער איינער וואָס האָט נאָר געוואָלט אָדער געקאָנט עפּעס טאָן איז אין איר אַריינגעצויגן געוואָרן, ווי אין אַ ווירבל־שטראָם. און צווייטנס האָט שוין דאָס זיצן אין איין קאַמער מיט איינע און די זעלבע מענטשן, וועלכע דו האָסט געמוזט זען און הערן און אָנרירן טאָג און נאַכט, שוין דערעסן ווי אַ ביטערע ציבעלע און אָנ־געהויבן אַזוי ווירקן אויף די נערוון, אַז מען האָט אַלץ אָפטער אויסגעלאָדן די נערוועזקייט איינער אויפן אַנדערן, — אָפט אין גאַנץ ברוטאַלע פאָרמען.

איינער פון אונזערע „מיטזיצער", למשל, האָט זיך אַ פאָר מאָל „באַ־רימט", אַז ער קאָן פאַרבלייבן אויף דער אויבערשטער באַנק אין אַ שוויץ־באָד לענגער פון וועמען עס איז. האָבן מיר אים אונטערגעגעבן חשק טאַקע צו ווייזן וואָס ער קאָן, און ווען ער האָט זיך פאַרקליבן אויף דער אויבערשטער באַנק אין דער טורמע־באָד האָבן מיר אים גענומען דערלאַנגען אַזוי פיל „פּאַרע" (הייסן דאַמף), אַז מיר האָבן אים שפּעטער געמוזט אַ געחלשטן אַרויסטראָגן פון דאָרטן און אים קוים אָפּגעמינטערט.

אַ צווייטן מיטגליד פון אונזער קאַמער, יאָסיפן (יוסף וויינשטיין, וועלכער איז שפּעטער נאָך זיין קומען קיין אַמעריקע לאַנגע יאָרן געווען אַ זעצער אין „טאָג״ און אַן אַקטיווער טוער אין „איקאָר״) האָבן מיר „גאָר ניט גע־טאָן״. מיר פלעגן בלויז ביים עסן צוזאַמען מיטאָג ביי איין טיש בעמען ציילן יעדן לעפל סופּ אָדער קאַשע, וואָס ער האָט צוגעטראָגן צום מויל, און דער רעזולטאַט איז געווען, אַז ער פלעגט אויפשפרינגען פון טיש מיט גוואַלדן, זידלערייען און סטראַשונקעס צו שלאָגן זיך, אָבער עסן פלעגט ער שוין ניט...

אַ דריטן מיטגליד, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן עפּעס אַן אמתע ליידנ־שאַפט צו שלאָפן, פלעגן מיר אַריינלייגן אונטערן שטרוי־מאַטראַץ אַ קעסטעלע פון שוועבעלעך מיט אַ האַלבער שוועבעלע אינעווייניק. פון דער דאָזיקער האַלבער שוועבעלע האָבן זיך געצויגן לאַנגע פעדים צו די צוויי בעטן, צווישן וועלכע זיינע האָט זיך געפונען. און אַז די, וואָס זיינען געלעגן אין די בעטן, פלעגן נעמען ציען און דרייען די פעדים, פלעגט דאָס שטיקל שוועבעלע אָנהויבן דרייען זיך און קראַצן די ווענטלעך אין דער שאַכטעלע פון די שוועבעלעך און דער איינדרוק איז געווען, אַז עמיצער גראָבט זיך אונטער דער וואַנט פון טורמע. אונזער „שלאָפער״ פלעגט זיך אויפכאַפּן, עס פלעגט זיך אָנהויבן אַ שמועס וועגן דעם, צי ווער עס איז און מיט וואָס פאַר אַ צוועק עמיצער גראָבט אונטער די וואַנט פון טורמע, און דער „שלאָ־פער״ פלעגט שוין מער ניט קאָנען איינשלאָפן, וויפיל ער האָט זיך ניט באַמיט.. אויף מאָרגן ביינאַכט פלעגט זיך די זעלביקע געשיכטע איבערחזרן מיט מער פרישקייט.

ווי ס׳איז צו זען פון דעם איז שוין באמת טאַקע מער ניט געווען קיין יושר צו האַלטן פאַרשפאַרט הינטער גראַטעס אַזאַ חברה, ווי מיר זיינען געווען, און אין משך פון די לעצטע פאָר וואָכן פון סעפּטעמבער זיינען מיר, די פּאָליטישע, טאַקע באַפרייט געוואָרן, און זיינען אָנשטאָט צו קאָכן זיך הינטער פיר ווענט אין דער אייגענער זאַפט אַריבער אין קאָך פון דער גרויסער גאַס, וואָס האָט שוין אויף אונז ווי געוואַרט.

## „אין שול אריין!"

די פריהייט האט שוין געוואַרט אויף אונז, די „פּאָליטישע", ווען די טויערן פון דער אומאַנער טורמע האָבן זיך געעפנט פאַר אונז אַרום מיטן סעפּטעמבער, 1905.

ביי די טויערן האָט אונז שוין אָפּגעוואַרט אַ גרויסער עולם: פריינט, באַקאַנטע, חברים און גלאַט אַזוי מענטשן, וועלכע האָבן פלוצלינג דערפילט אַ נאָענטקייט מיט אונז. צווישן דעם עולם איז געווען אויך מיין פאָטער, און קוקנדיק אויף אים האָב איך פלוצלינג דערפילט, ווי איך בין אויסגעוואַקסן אין די עטלעכע חדשים.

ווען איך בין אַרעסטירט געוואָרן בין איך נאָך אַלץ געווען אַ ייִנגל, אַ לייכטער לונג און לעבער מיט גאַנץ קנאַפּע זאָרגן אויפן קאָפּ. אין טורמע בין איך אומבאַמערקט פאַר זיך פלוצלינג אויסגעוואַקסן. דער אויסערלעכער סימן פון דעם איז געווען, וואָס כ'האָב דאָרטן, צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן, באַקומען אַ בערדל ניט קיין צו געדיכטע, ניט קיין צו לאַנגע, אָבער פאָרט אַ בערדל, וואָס האָט מיך געמאַכט — צוזאַמען מיט דער טורמע־בלייכקייט פון פּנים — אויסזען עלטער מיט אַ יאָר צען און וועלכע איך האָב געקאָנט אַריינגעמען אין זשמעניע, ווען כ'האָב זיך געדאַרפט אַן עצה האַלטן מיט זיך אַליין. מיין פאָטער ווידער איז געווען גלאַט געראַזירט, מיט אַ פרישער הויט אויפן פּנים און האָט אויסגעזען אַזוי, אַז מיינע פריינט, וועלכע האָבן פון אָנהייב ניט געוואוסט ווער ער איז, האָבן אים אָנגענומען פאַר מיין ברודער און בלויז געצווייפלט ווער ס'איז דער עלטערער פון אונז ביידן.

אָבער וויכטיקער ווי דערדאָזיקער אויסערלעכער אויסזען איז געווען דער בליק וואָס מיין פאָטער האָט אויף מיר געוואָרפן: ניט ווי אויף אַ פאַר־בלאָנדזשעטן זון, וואָס איז גרייט צוריקצוקערן זיך אַהיים, נאָר ווי אויף אַן עלטערן חבר, וואָס האָט אָפּגעטאָן אַ וויכטיקע אַרבעט.

— וואָס קלייבסטו זיך איצט צו טאָן?

— איצט, — האָב איך געענטפערט, — האָב איך אַרבעט און דאַרף זיך וועגן דעם דורכריידן מיט די חברים.

מיין פאָטער האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי צו אַ זעלבסטפאַרשטענד־לעכער זאַך, ווי אַן אנערקענונג, אַז איך באַלאַנג שוין ניט צו דער פאַמיליע, נאָר צו אַ גרעסערער משפּחה, פאַר וועלכער כ'האָב גרעסערע פאַראַנטוואָרט־לעכקייטן.

פון דעם טורמע־טויער זייענען מיר אַוועק אין אַ הויז, וואָס ס'איז שוין צוגעגרייט געוואָרן אַ פריילעכער אויפנעם, אַ „ליאַמע", ווי מען פלעגט עס רופן אין ווייסרוסלאַנד און ליטע. מען האָט געגעסן און געטרונקען, גע־

וואונטשן זיך און געזונגען, געקושט זיך און געקושט געוואָרן, — און פון יענעם אָוונט אָן ביז סוף אָקטאָבער, גאַנצע 5 אָדער 6 וואָכן, קאָן איך זיך בשום אופן ניט דערמאָנען ווען איך האָב געגעסן און געשלאָפן. ס'איז געווען, ווי מיר וואָלטן אַריינגעכאַפּט געוואָרן אין אַ וויכער, וואָס האָט געבלאָזן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, געדרייט זיך מיט אַ גרעסערן און שנעלערן אימ־פּעט, אַרומגעכאַפּט אַלץ ברייטערע קרייזן און וואו מ'וועט זיין מאָרגן און וואָס מען וועט דאַרפן טאָן האָט מען, דאַכט זיך, אַפילו ניט געטראַכט, ווייל מען איז געוואָרן אַ טייל פון אָט דעם וויכער, פון דער רעוואָלוציע, וואָס האָט זיך אַלץ מער און מער אַרויסגעריסן אין דרויסן...

וואָס איז געווען די ערשטע זאַך, וואָס מיר האָבן געטאָן און געדאַרפט טאָן? אָרגאַניזירן זיך און ריידן. מיט אָרגאַניזירונג, דעם אמת געזאָגט, האָבן מיר זיך זייער ווייניק פאַרנומען און אפשר ניט געקאָנט פאַרנעמען, ווייל דער עולם אַרום אונז, אַרום די וואָס זיינען דורך דעם „אוניווערזיטעט" פון דער צאַרישער טורמע, איז געוואַקסן ווי אויף הייוון, ווי אַ שניי־באַלעם, וואָס ווערט אַלץ גרעסער, וואָס מער ער קייקלט זיך. אפילו ווען מיר וואָלטן געהאַט צייט צו אָרגאַניזירן און געוואוסט ווי דאָס צו טאָן, וואָלטן מיר אויך ווייניק געקאָנט אויפטאָן אין דעם פּרט, ווייל די רעוואָלוציאָנערע מאַסן־באַוועגונג האָט אָנגענומען סטיכישע פאָרמען, וואָס האָבן זיך נאָך ניט געקאָנט איינ־גרעניצן אין קיין אָרגאַניזאַציע.

דערפאַר אָבער האָבן מיר געמוזט ריידן. ריידן גאַנצענע טעג און, דאַכט זיך, נעכט. ריידן מיט איינציקע מענטשן, מיט גרופּעס, פאַר פאַרזאַמלונגען, פאַר די ערשטע גרויסע מאַסן־מיטינגען. און דאָ האָב איך זיך צום ערשטן מאָל געמוזט אַנטשליסן און דערפילן דעם טעם פון אַרויסטרעטן פאַר אַ גרויסן עולם.

געווען איז עס, גלויב איך, אין עטלעכע טעג אַרום נאָך אונזער באַ־פרייאונג. אין שטאָט האָט זיך אָרגאַניזירט אַ פאַראייניקטער קאָמיטעט פון די רעוואָלוציאָנערע פאַרטייען, — סאָציאַל־דעמאָקראַטן, בונד, עס־ערן און ס.־ס. אויף איינער פון די ערשטע זיצונגען פון דעם פאַראייניקטן קאָמיטעט איז באַשלאָסן געוואָרן צו אָרגאַניזירן דעם ערשטן גרויסן אַרויסטריט. פאַרן אָרט פון דעם ערשטן אַרויסטריט האָט מען אויסגעקליבן די גרויסע שול. די צייט — דעם נאָענטסטן שבת אין דער פרי נאָכן לייענען די תורה. מיר האָבן זיך איינגעטיילט מיט די ראָלן, דאָס הייסט, מיט די רעדעס: די ערשטע רעדע וועט האַלטן דער פאָרשטייער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פאַר־טיי — וועגן דער אַלגעמיינער לאַגע אין לאַנד, וועגן דער ערשט פאַרלוירענער רוסיש־יאַפּאַנישער מלחמה, וועגן דער צעפוילטקייט פון דער צאַרישער אָרדענונג. די צווייטע רעדע זאָל האַלטן דער פאָרשטייער פון בונד, — וועגן דער יידישער לאַגע, וועגן די יידישע חשבונות מיטן צאַריזם. די דריטע און לעצטע רעדע האָב געזאָלט האַלטן איך, אַלס פאָרשטייער פון ס.־ס.: וועגן די געפאָדערטע בירגערלעכע פרייהייטן, וועגן אַלגעמיינע וואַלן צו אַ גרינ־

דונג־פאַרזאַמלונג. דעם פאָרשטייער פון די ס.־ר. האָט מען באַפרייט פון אַ רעדע, ווייל ער איז געווען אַ רוסישער שילער פון דער אָרטיקער גערטנער־שולע און מיר האָבן גערעכנט, אַז ס'איז בעסער, אַז אויף דער ב׳נע אין אַ שול זאָלן אַרויסטרעטן יקדישע רעדנער... די יידישע רעדנער, אגב, האָבן אַפילו ניט געטראַכט צו ריידן אין יידיש, טיילווייז ווייל זיי האָבן טאַקע ניט געקענט, טיילווייז, ווייל די עפנטלעכע שפּראַך איז געווען רוסיש.

איך מוז זיך מודה זיין, אַז איך האָב אַרויסגעוויזן גרויס „באַשיידנקייט" און נאָכגעביקייט ביים אָננעמען צו ריידן דער לעצטער, ווייל כ'האָב געהאַט אַ חשבון דערביי: איך האָב געהאָפט, אַז צו מיר וועט עס סיי ווי ניט דערגייך און איך וועל ניט דאַרפן ריידן, ווייל מען וועט דאָך געוויס ניט דערלאָזן צו דערפירן די פאַרזאַמלונג אין דער גרויסער שול ביזן סוף. הגם איך בין ווייט ניט געווען קיין שעמעוודיקער, אָדער שרעקעוודיקער יינגל, האָב איך אָבער נאָך פאַר קיין גרויסן אָפענעם עולם ניט גערעדט און האָב אינערלעך גע־ציטערט פאַר אַזאַ מעגלעכקייט.

דער באַשלוס אַרויסצוטרעטן שבת אין שול איז תיכף פאַרשפּרייט גע־וואָרן פון מויל צו מויל איבער אַלטשטאָט און ניישטאָט, צווישן די יידישע אַרבעטער, עקסטערנס און אָרעמשאַפט, און ווען מיר, די פאָרשטייער פון די אָרגאַניזאַציעס און די באַשטימטע רעדנער זיינען שבת פאַרן תורה־לייענען, געקומען אין שול, איז שוין די שול געווען איבערגעפאַקט, ניט אַ שפּילקע אַריינצוואַרפן. די שטאָט־באַלעבאַטים, וואָס האָבן געוויינלעך געדאַוונט אין אַ האַלב־ליידיקער שול, האָבן, נאַטירלעך, דערשמעקט אַז עפּעס קלייבט מען זיך צו טאָן און האָבן זיך געאיילט שנעלער צו ענדיקן דעם דאַוונען. אַ צאָל פון זיי האָט זיך שוין אַפילו באַצייטנס גענומען שטופּן צו די טירן און אפילו צו די פענצטער, אָבער ביי די טירן און די פענצטער זיינען געשטאַנען פעסטע, אַנטשלאָסענע יאַטן און האָבן קיינעם ניט אַרויסגעלאָזן. מיר, די „רעדנער" האָבן זיך צוגערוקט צו דער בימה און געוואַרט ביז וואַנען מען וועט ענדיקן לייענען די תורה.

און אָט האַלט מען שוין ביים ענדיקן און מיר הייבן אָן אונטערפירן דעם פאָרשטייער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, גרישאַ גערוויצן צו די טרעפּ פון דער בימה. אָבער ער זאָגט זיך אָפּ. ער וועט דאָ ניט אַרויס־טרעטן.. ער איז אַ היגער, אַלע קענען אים דאָ און קיינער וועט אים, סיי ווי ניט הערן, זאָל אַרויסטרעטן דער פאַרשטייער פון בונד. אָבער דער פאָרשטייער פון בונד האָט פּלוצלינג אויך פאַרלוירן דעם מוט: ער איז דאָ אַ פרעמדער, ער וועט זיך דעריבער אַלעמען וואַרפן אין די אויגן, און ער פילט סיי ווי ניט, אַז ער וועט אין דעם טומל, וואָס האָט זיך גענומען שטאַרקן אין דער שול, קאָנען ריידן. פאַרוואָס זאָלסטו (מיינענדיק מיך) ניט אַרויסטרעטן דער ערשטער?

איך האָב דערפילט ווי צו באַגראָבן זיך לעבעדיקערהייט. אַזוי דורכפאַלן ביים ערשטן אַרויסטריט, — דער עולם איז געקומען און מיר זאָלן ניט ריידן? אָבער איך, — ווי קאָן איך ריידן, אַז איך קאָן ניט עפענען דאָס מויל פאַר אַ

גרויסן עולם? און דאָ הויבט שוין אויף דער בעל קורא די צונויפגעוויקלטע תורה אין דער הויך און הויבט אָן אויסזינגען אויף שנעל אַ ברכה. קיינער הערט אים, נאַטירלעך, ניט, און מיר, די דריי „רעדנער", ווייסן ניט וואָס אָנצוהויבן צו טאָן.

און פּלוצלינג, איך ווייס אַליין ניט ווי אַזוי, — עמיצער האָט מיך, מסתמא, אַרויפגעשטופּט, — האָב איך זיך דערזען אויף דער בינע, שטייענדיק ביים טיש, אויף וועלכן ס'איז ערשט געלעגן די תורה. וואָס זאָל איך איצט טאָן? ווי עפנט מען אַ מויל?

אָבער וועגן דעם האָב איך לאַנג ניט געקאָנט און ניט געדאַרפט טראַכטן. אין שול האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטאַרקער טומל. די יידן פון דער מזרח־וואַנט האָבן גענומען ליאַרעמען:

— אַראָפּ, שייגעץ! אַראָפּ פון דער בימה.

און דער עולם בײַ די טירן און פענצטער:

— רייד! רייד! מיר ווילן הערן!

די יידן פון דער מזרח־וואַנט:

— ניטאָ וואָס צו הערן! מיר האָבן שוין געהערט! לאָזט ענדיקן דאַווענען...

און דער עולם פון די טירן אַלץ העכער און מאָנענדיקער:

— רייד! רייד! מיר ווילן הערן!!

און אין דעם אַלגעמיינעם ליאַרעם און געשריי האָב איך פּלוצלינג פאַרלוירן די מורא און די שעמעוודיקייט. איך האָב גענומען קלאַפּן אין טיש און שרייען צום עולם:

— איר וועט הערן! איר וועט מוזן אויסהערן! איר וועט זיך נאָך גענוג אָנדאַווענען און אָנלייענען מיט דער תורה. איר האָט ביז איצט גאָרניט געהערט. איר פלעגט זיך דאָך אויסבאַהאַלטן פון אונז און אויסבאַהאַלטן אייערע קינדער. איר וועט מוזן הערן!

און איך האָב גענומען ריידן — און בשעת מעשה זיך אַליין אינערלעך געוואונדערט. קודם כל — וואָס איך רייד בכלל, די צונג פאַרפּלאָנטערט זיך מיר ניט און איך זאָג וואָס איך וויל זאָגן, און דער עולם איז ביסלעכווייז שטיל געוואָרן און לאָזט מיך ריידן און הערט. און צווייטנס, — און דאָס איז פאַר מיר געווען ניט קיין קלענערער וואונדער, — וואָס איך רייד צו זיי יידיש. אמת, ס'איז ניט געווען אַזאַ „קלאַסישער" יידיש. ס'איז געווען דער יידיש — „האַלב־דייטש פּאָלאָווינאַ רייסיש" — וועלכן מיר, ספּעציעל די יוגנט, פלעגן באַנוצן אין די גרעסערע שטעט פון דרום־רוסלאַנד פאַר אונזערע היימישע באַדערפענישן (אין די קליינע אוקראַאינישע שטעטלעך האָט מען גערעדט אַ פיל בעסערן און רייכערן יידיש). אָבער ס'איז פאָרט געווען אַ מין יידיש. און איך האָב גערעדט. און מען האָט מיך געהערט און ניט איבערגעשלאָגן, און כ'האָב געפילט, אַז עפּעס פון דעם, וואָס איך רייד דערגייט צום עולם.

אין אַ צען מינוט אַרום, נאָכדעם ווי כ'האָב אָנגעהויבן ריידן, האָב איך שוין גערעדט ווי אַ „דערפאַרענער" רעדנער, אַפילו דערלויבט זיך „אָראַ־

טאַרישע״ אויסדרוקן. איך האָב אַזוי אָפּגערעדט וואַרשיינלעך איבער אַ האַלבע שעה און האָב שוין גערעדט פאַר מיינע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע און בונדישע חברים אויך: וועגן דער פאַרלוירענער מלחמה, וועגן דער ברוטאַלקייט און צעפוילטקייט פון צאַריזם, וועגן דער יידישער לאַגע, רעכטלאָזיקייט און פּאָגראָמען און טאַקע וועגן די געפאָדערטע פרייהייטן און אַלגעמיינע וואַלן צו אַ גרינדונג־פאַרזאַמלונג אויך...

ערשט ווען אַ חבר האָט זיך אויפגעהויבן צו מיר אויף דער בימה און מיר אַריינגעשעפּטשעט, אַז די פּאָליציי איז שוין ניט ווייט פון שול, האָב איך געענדיקט, און דער עולם האָט שנעל אָפּגעליידיקט די שול.

מיינע צוויי „מיטרעדנער״, דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער און דער בונדישער, האָבן מיר שפּעטער געפּפּרואווט כלומרשט פאַרוואַרפן פאַרוואָס איך האָב „פאַרכאַפּט״ אויך זייערע טעמעס: זיי, הייסט עס, וואָלטן אפשר אויך גערעדט. אָבער זיי האָבן עס ניט געמיינט ערנסט און יעדנפאַלס זיינען יענע טעג ניט געווען אַזעלכע, אין וועלכע מיר זאָלן זיך קריגן און זיין אומצופרידן.

נאָך אָט דעם אַרויסטריט אין דער אומאַנער גרויסער שול האָב איך זיך אויפגעהערט צו שרעקן פאַר אַן עולם און האָב גענומען ריידן...

# ניט־געבעטענע „מתנה"־ברענגער

וואָס נאָענטער עס איז געקומען צו אָקטאָבער פון 1905, אַלץ אָפטער און אָפענער זיינען געוואָרן די פאַרזאַמלונגען און מיטינגען, — די פאַר־מאַכטע און אָפענע, אין הייזער, הויפן, אויף גאַסן־ווינקלען און אויף די מאַרק־פלעצער.

פאַר דער אַריינמישונג פון דער פּאָליציי האָט מען זיך אינגאַנצן אויפ־געהערט צו שרעקן און זי האָט זיך בכלל אַלץ ווייניקער און ווייניקער געוויזן אויף די גאַסן. מענטשן, וואָס האָבן ערשט ניט לאַנג צוריק אויסגעמידן, ווי אַ פייער, יעדע פאַרזאַמלונג, האָבן זיך איצט גענומען אָפּשטעלן אומעטום, וואו ס'האָט זיך געקליבן אַן עולם, געזוכט אויפצוכאַפּן וועגן וואָס מען רעדט און ניט באַמערקנדי קאַליין אָנהויבן ריידן און קאָכן זיך. די מיטגלידער פון די סאָציאַליסטישע פאַרטייען זיינען, נאַטירלעך, געווען די אנערקענטע רעדנער, צו וועלכע מען האָט זיך דערהויפּט צוגעהערט, ווייל זייער שטים איז באַ־טראַכט געוואָרן פאַר דער שטים פון דער רעוואָלוציע, אין וועמעס שנעלן אָנקומען קיינער האָט שוין ניט געצווייפלט. נעכטיקע אָפענע שונאים האָבן זיך געזוכט, אָפט אויף אַ זייער אומגעלומפּערטן אופן, איינצוקויפן אין זייער פריינטשאַפט.

איינמאָל גאַנץ פרי, ווען כ'בין ערשט אויפגעשטאַנען פון שלאָף, נאָך זיצונגען, וואָס האָבן געדויערט שיער ביז אַ גאַנצע נאַכט, קלאַפּט מען צו מיר אין טיר. איך האָב דעמאָלט געהאַט אַ צימער אויף „גריאַזנע" („בלאָטיקע") גאַס ביי איינעם ווייסבאָרד, אַ לערער אין דער דאָרטיקער תלמוד תורה. עס קומען צו מיר אַריין צוויי פּערזאָנען: איינעם האָב איך ניט געקענט, דער צווייטער — יונה פרענקעל, אַ באַקאַנטער אומאָנער גביר, אַ ייד מיט אַ גרויסן בויך, מיט אַ סך חוצפּה, וועלכן כ'האָב אַביסל געקענט מיט אַ יאָר פריער, ווען כ'האָב געגעבן לעקציעס זיינעם אַן אייניקל. דעמאָלט האָב איך פּלוצלינג פאַרלוירן די לעקציע, ווען פרענקעל האָט זיך דערוואוסט, אַז איך בין אַ סאָציאַליסט און ער האָט מיך דערצו נאָך גוט אָנגעזידלט און אָנגעסטראַשעט. איצט איז ער אַריינגעקומען צו מיר און ס'האָט פון אים ממש געשפּאַרט מיט „פריינטשאַפט". ער האָט אויסגעדריקט זיין „איבערראַשונג", וואָס „אַזאַ מענטש ווי איר" לעבט אין אַזאַ קליינעם אָרעמען צימערל; האָט באַדויערט, וואָס איך האָב דאָך איצט געוויס ניט קיין צייט צו פאַרנעמען זיך מיט לעק־ציעס, און אויב אַזוי איז פון וואַנען לעב איך? — און פּלוצלינג האָט ער אַרויסגענומען פון בוזעם־קעשענע עטלעכע געלט־פּאַפּירלעך און זיי אַוועק־געלייגט אויפן טיש:

— נעמט עס, עס וועט אייך צוניץ קומען.

איך בין אַזוי איבערראַשט געוואָרן פון דער „מתנה", אַז איך האָב זיך ניט געכאַפּט גלייך אַרויסצוטרייבן אים פון צימער, און האָב אים בלויז געזאָגט, אַז אַ דאַנק, איך נויטיק זיך ניט, און אויב ער מיינט דאָס געלט פאַר דעם שטאָטישן רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט זאָל ער עס אַוועקטראָגן אַהין.

פרענקל האָט זיך געמאַכט ניט פאַרשטייענדיק:

— וואָס איז דער חילוק, פאַרן קאָמיטעט, צי פאַר אייך, ס'איז דאָך אַלץ איינס.

צו דער צייט בין איך שוין געקומען צו זיך פון דער איבערראַשונג, און האָב מיינע צוויי באַזוכער געבעטן צו פאַרלאָזן דעם צימער און מער צו מיר מיט קיין „מתנות" ניט קומען.

— מיר זיינען געקומען צוליב עפּעס אַנדערש, — האָט זיך אַריינגעמישט דער צווייטער, — מיר זיינען געקומען אייך איינלאַדן אויף אַ סאָבראַניע (פאַרזאַמלונג), וואָס וועט היינט פאָרקומען ביים ראַבינער אין הויז.

— וואָס פאַר אַ סאָבראַניע?

— נו, איר ווייסט דאָך, מען דאַרף דאָך באַטראַכטן וואָס און ווען צו טאָן, וואָס צו פאָדערן...

— זאָגט דעם ראַבינער, אַז מיר וועלן שוין באַטראַכטן וואָס און ווען אָן זיינע סאָבראַניעס, און אויב ער וויל, שטערט אים קיינער ניט צו קומען אויף אונזערע פאַרזאַמלונגען, זיי זיינען אָפן פאַר אַלעמען...

מיינע צוויי באַזוכער זיינען אַוועק, און איך האָב דעמאָלט אויף קלאָר ניט פאַרשטאַנען, וואָס אייגנטלעך זיי האָבן געמיינט מיט זייער „מתנה": אויסצוקויפן זיך אין מיינע אויגן פאַר וועלכע עס איז פריערדיקע זינד, צי קריגן ביי מיר עפּעס אַ טובהלע, טאָמער ווי עס מאַכט זיך...

אויף די זיצונגען פון דעם שטאָטישן קאָמיטעט פון די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס פלעגן מיר כסדר אַרומריידן וואָס צו טאָן דעם קומענדיקן טאָג. מיר האָבן וויניקער גערעדט וועגן וואָס צו טאָן, — ווייל מיר האָבן ניט געהאַט קיין קאָנקרעטע פּלענער. מיר האָבן באַטראַכט וועגן וואָס מען וועט דאַרפן ריידן און ווער וואו עס זאָל ריידן. און ריידן האָט מען גערעדט „בכלל": מען האָט זיך מער אַראָפּגערעדט פון האַרצן פאַר די לאַנגע יאָרן פון שווייגן, מער וועגן דעם וואָס מ'האָט זיך אָנגעליטן פון צאַריזם און פון זיין פּאָליציי, איידער וועגן קאָנקרעטע אויפגאַבן, וואָס מען קלייבט זיך דורכפירן.

בלויז איין פּראַקטישע זאַך האָבן מיר דורכגעפירט אין די ערשטע טעג פון אָקטאָבער, ווען דאָס גאַנצע לאַנד איז פאַרפלייצט געוואָרן מיט אַ קאָלאָסאַלער כוואַליע אַלגעמיינע סטרייקס און עס איז דערקלערט געוואָרן אַ סטרייק אויף די אייזנבאַנען. די פראַגע האָבן אויפגעהויבן די אָרטיקע באַן־אַרבעטער, וועלכע זיינען געקומען אָנפרעגן זיך ביים קאָמיטעט וואָס צו טאָן מיט די וואַגאָנעס פּראָדוקטן, וואָס האָבן זיך אָנגעקליבן אויף דער ליניע און וועלכע

וואָלטן מוזן קאָליע ווערן, ווען מען זאָל זיי ניט אַרויסגעבן צו די סוחרים, פֿאַר וועלכע זיי זיינען באַשטימט געוואָרן. ס׳איז באַשטימט געוואָרן אַ קאָמיסיע, אין וועלכער ס׳איז אויף וויפֿל איך געדענק, אַריין אַן אייזנבאַן־אַרבעטער, אַ באַן־טעלעגראַפּיסט, אַן אַרבעטער פֿון דער אָרטיקער מעטאַל־פֿאַבריק און אַ מיטגליד פֿון קאָמיטעט. די קאָמיסיע פֿלעגט יעדן טאָג באַטראַכטן וועלכן וואַגאָן מיט סחורה מען זאָל דערלויבן אַריינפֿירן און אויסלאָדן אין שטאָט, און דער פֿאָרשטייער פֿון קאָמיטעט פֿלעגט שטעמפּלען די דערלויבעניש.

אָבער די באַנען זיינען געווען ניט דער איינציקער וועג, דורך וועלכן עס פֿלעגן אָנקומען אין שטאָט פּראָדוקטן און אַנדערע סחורות. נאָך מער פּראָדוקטן פֿלעגן געבראַכט ווערן אויף וועגענער פֿון די אַרומיקע דערפֿער און שטעטלעך. פֿלעגן שוין די סוחרים צוזאַמען מיט זייערע באַלעגאָלעס באַלאַגערן די קאָמיסיע פֿון גאַנץ פֿרי אָן נאָך דערלויבענישן אַריינצוברענגען און אויסלאָדן זייער סחורה.

יעדער טאָג פֿלעגט ברענגען נייע פּראָבלעמען און ווי מיר וואָלטן זיך אין אונזער פֿולשטענדיקער אומדערפֿאַרנקייט ספּראַוועט מיט זיי, איז שווער צו זאָגן. אָבער אַזאַ לאַגע געדויערט בלויז אַ צוויי וואָכן, ביז מיט אַ פּאָר טעג נאָך דעם 17טן אָקטאָבער, ווען דער צאַר האָט אַרויסגעגעבן דעם באַוואוסטן „מאַניפֿעסט״, אין וועלכן ער האָט צוגעזאָגט דעם פֿאָלק אַ פּאַרלאַמענט און אַלע פֿרייהייטן, און דער באַן־סטרייק האָט זיך באַלד נאָכדעם געענדיקט. אָבער אין די עטלעכע וואָכן האָט די קאָמיסיע געטאָן איר אַרבעט ערלעך און מיט אַ טאָלק און ס׳איז מיר ניט אויסגעקומען צו הערן, אַז מען זאָל זיך באַקלאָגן אויף איר.

# בילדונג, מיינע הערן!

אין די ערשטע טעג פון אָקטאָבער איז צו אונזערע שטענדיקע רעדנער צוגעקומען נאָך איינער איך געדענקט ניט, ווי ער האָט געהייסן, נאָר צווישן אונז האָט ער באַקומען אַ ביסל אַ איראָנישן צונאָמען „טאָוואַרישטש אָבראַזאָוואַניע" (בילדונג). ער איז געווען אַ מיטליאַריקער רוסישער אַרבעטער פון דער אָרטקיער מעטאַל־פאַבריק, צום ערשטן מאָל האָט ער אויף אַ מיטינג, וואָס איז פאָרגעקומען אויפן פלאַץ פאַר דער שטאָטישער גימנאַזיע, זיך באַוויזן אין זיינע אַרבעטער־קליידער, ניט קיין אַרומגעוואַשענער, האָט געבעטן אַ וואָרט און ווען מ'האָט עס אים געגעבן, האָט ער גערעדט, ניט זייער קלאָר, אָבער ענערגיש, וועגן דעם, אַז די הויפּטזאַך וואָס דאָס פאָלק דאַרף האָבן איז „אָבראַזאָוואַניע, גאָספּאָדאַ" (בילדונג, מיינע הערן), ווארעם די צאַרישע רעגירונג האָט שטענדיק געהאַלטן דאָס פאָלק פאַרשקלאָפּט אין אומוויסנקייט, פינצטערניש און ניט־גראַמעטנעקייט.

אויף מאָרגן האָט ער זיך ווידער באַוויזן, אָבער שוין אַן אַרומגעוואַשענער, אַ געראַזירטער, אין זיין יום־טובדיקן אָנצוג, מיט אויסגעפּוצטע שיך, האָט ווידער געבעטן אַ וואָרט, און ווען ער האָט אים באַקומען האָט ער ווידער גענומען ריידן און ווידער וועגן „אָבראַזאָוואַניע, גאָספּאָדאַ", אָבער דאָס מאָל האָט ער שוין גערעדט אַ סך לענגער. און אַזוי האָט עס זיך גענומען איבערחזרן יעדן טאָג, כמעט אויף יעדער גרעסערער פאַרזאַמלונג פלעגט זיך דערדאָזיקער רעדנער ווייזן און האַלטן אַמאָל אַ קירצערע און אָפטער אַ לענגערע רעדע אויף איין און דערזעלביקער טעמע, אַפילו מיט דיזעלביקע מאָטיוון און אויסדרוקן, וועגן „בילדונג", דער נויטיקייט צו געבן דעם פאָלק בילדונג, וואָס עס האָט ביז איצט ניט געקאָנט באַקומען...

אין די שפּעטערדיקע חדשים און יאָרן, ווען כ'פלעג זיך דערמאָנען וועגן יענע טעג און יענע רעדעס האָב איך שטענדיק געפילט, אַז פון אים האָט אַרויסגערעדט די שטים פון פאָלק, וואָס האָט געהאַט מער ממשות און איז געקומען פון אַ טיפערן קוואַל, ווי זייער אַ סך „אַלגעמיינע" רעדעס וועגן פרייהייט...

אין איינעם פון יענע טעג איז מיר אויסגעקומען צו ריידן אין דער אָרטיקער (עפּשטיינס) צירק־געביידע. דער צירק איז געווען איבערגעפּאַקט. דער עולם איז געווען אויף אַ העלפט אַ שטאָטישער, דאָס הייסט אַ יידישער, און אויף אַ גוטער העלפט אַ דאָרפישער, פון די אַרומיקע פויערים, וואָס האָבן שוין אויך גענומען אָפּוואַרפן די מורא און זיינען געקומען אויף אַ

מיטינג אין אַ פאַרמאַכטער געביידע (ביז דעמאָלט האָבן מיר געמוזט קומען צו זיי, אויפן מאַרק). איך האָב גערעדט, ווי געוויינלעך, וועגן דעם פינצטערן נעכטן און דעם ליכטיקן מאָרגן, וועגן דער רעכטלאָזיקייט און צרות אונטער דעם צאַריזם און וועגן דער דעמאָקראַטיע, וואָס מיר וועלן אויפבויען נאָכן זיג. איך האָב גערעדט מיט באַגייסטערונג און דער שטאָטישער עולם, האָב איך געפילט, איז מיטגעריסן געוואָרן. נאָך דער רעדע זיינען געקומען אַפּלאָ־דיסמענטן און געשרייען: רייד איצט אויף יידיש! (געוויינלעך פלעגן מיר אויף די מיטינגען ריידן רוסיש, אָבער עס האָט עטלעכע מאָל פּאַסירט, אַז דער יידישער עולם פלעגט פאָדערן נאָך דער רוסישער רעדע אַ יידישע און איך פלעג האַלטן דיזעלביקע רעדע אין יידיש).

דערווייל הייבט זיך אויף אַ האַנט, מיט דער האַנט הייבט זיך אויף אַ פּויער און דער פּויער פרעגט:

— און וואָס איז מכוח ערד? ווי וועלן מיר קריגן ערד?

מיט אונז אויף דער בינע איז געווען „דיעד״ גריגאָרי, אַ מיטליאָריקער אוקראַינער, אַן אוקראַינישער סאָציאַל־דעמאָקראַט, אַן אַגראָנאָם לויט זיין פּראָפעסיע. איך האָב ניט געוואוסט קלאָר וואָס צו ענטפערן אויף דער קאָנקרעטער פראַגע פון דעם פּויער וועגן דעם ווי די פּויערים קאָנען קריגן ערד. אָבער גריגאָרי האָט יאָ געדאַרפט וויסן. האָבן מיר אים אַרויסגע־שטעלט צו ענטפערן דעם פּויער. האָט ער געהאַלטן זייער אַ הייסע רעדע, טיילווייז אין רוסיש, מער אין אוקראַיניש. ער האָט גערעדט וועגן די ליידן פון די פּויערים אונטער די צאַרן און די פּריצים מיט ניט ווייניקער ווייטאָג און היץ, ווי איך וועגן די צרות פון די יידן. אָבער אויף דער דירעקטער פראַגע וועגן ערד האָט ער געהאַט בלויז איין ענטפער: „ס׳וועט זיך צונויפ־קומען די גרינדונג־פאַרזאַמלונג וועט זי באַשליסן וועגן ערד״. דאָסזעלביקע געענוי, האָבן די מענשעוויקעס, עס־ערן און קאַדעטן געענטפערט דעם פּויער־טום פון רוסלאַנד מיט 12 יאָר שפּעטער, אין 1917. און פּונקט ווי אין 1917 האָט דערדאָזיקער ענטפער אויך אין 1905 ניט געקאָנט באַפרידיקן די פּויערים. זיי האָבן דאָך אַפילו ניט געוואוסט וואָס אַזוינס דאָס איז אַ גרינדונג־פאַר־זאַמלונג און ווער עס וועט דאָרטן דאַרפן באַשליסן וועגן ערד...

# דער פאַרבלוטיקטער „מאַניפעסט"

פון „יענע טעג", פון אָקטאָבער 1905, האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון אַ גרויסער מיטינג אויפן אומאַנער שטאָט־פּלאַץ, ניט ווייט פון דער מענערשער גימנאַזיע. דאָס זיינען אייגנטלעך געווען עטלעכע מיטינגען, אויף וועלכע עס האָבן גערעדט פאַרשיידענע חברים, זוכנדיק צו ענטפערן פּראַגעס, וואָס מ'האָט זיי געשטעלט. מיר אַלע זיינען געווען אין דערוואַרטונג, ווייל אינדערפרי איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע פון קיעוו, אַז מען דערוואַרט דאָרטן דעם פולן טעקסט פון אַ צאַרישן מאַניפעסט, וואָס איז שוין פאַרעפנטלעכט געוואָרן אין פּעטערבורג. מען האָט זיך פאַרגעשטעלט, אַז אין דעם מאַניפעסט וועט זיין אַ צוזאָג פון רעפאָרמעס, אָבער געגנוי האָט מען, נאַטירלעך, ניט געוואוסט.

ענדלעך איז פון וואָקזאַל אָנגעקומען אַ באַן־טעלעגראַפיסט און האָט אָנגעזאָגט, אַז ער האָט שוין דעם פולן טעקסט פון דעם מאַניפעסט. מיר, די עטלעכע מיטגלידער פון קאָמיטעט זיינען אַריין אין הויף פון גימנאַזיע און איבערגעלייענט צווישן זיך דעם מאַניפעסט. אין אים, ווי באַוואוסט, האָט צאַר ניקאָלאַי „מיט גאָטס גנאַדן דער אַלרוסלענדישער אימפּעראַטאָר" און אַזוי ווייטער, אָנגעזאָגט זיין „באַליבטן פאָלק", אַז זאָרגנדיק וועגן דער רו און וואוילזיין פון לאַנד האָט ער באַשלאָסן צו פאַררופן אַ „גאָסודאַרסטווענע דומע" (אַ פּאַרלאַמענט), אויפן פּרינציפּ פון אַלגעמיינע, דירעקטע און געהיימע וואַלן, דערלויבן די פרייהייט פון וואָרט און פּרעסע, פון פאַרזאַמלונגען און פאַראייניקונגען, א. אז. וו.

אָן לאַנגע דיסקוסיעס האָבן מיר תיכף איינגעשטימט צווישן זיך, אַז אויפן צאַרישן וואָרט קאָן מען זיך ניט פאַרלאָזן, אַז אַזוי לאַנג ווי דער צאַר און די צאַרישע מאַכט פאַרבלייבט קאָן מען ניט גלויבן קיין שום צוזאָגן און מען קאָן זיך ניט פאַרלאָזן אויף קיין שום צוגעזאָגטע פרייהייטן. מיר זיינען אַרויס אויפן שטאָט־פּלאַץ צווישן עולם און גענומען דערציילן און דערקלערן דעם מאַניפעסט. שפּעטער אַביסל — דערמאָן איך זיך — שטיי איך אויף אַ הויכן לייטער, ביי אַ וואַנט פון אַ געביידע, און רייד צום גרויסן עולם, וואָס איז געשטאַנען פון אונטן. איך געדענק איין ביישפּיל פון מיין דעמאָלטיקער רעדע:

„וואָס וואָלט איר געזאָגט, — האָב איך געפרעגט, — ווען עמיצער קומט צו אייך מיט אַ פאַלשן וועקסל און פאָדערט איר זאָלט אים גלויבן און צאָלן דעם וועקסל, כאָטש איר ווייסט, אַז ער האָט אייך שוין עטלעכע מאָל גענאַרט און באַשווינדלט? וואָלט איר ניט געזאָגט, אַז דער ריכטיקער פּלאַץ פאַר אַזאַ שווינדלער איז טורמע? און וואָס וועט איר זאָגן איצט, ווען דער צאַר קומט צו אונז און דערקלערט, אַז ער הערשט איבער אונז מיט גאָטס גנאַדן,

כאָטש ער ווייסט און מיר אַלע ווייסן, אַז דאָס איז אַ ליגן און אַז ער האָט די גאַנצע צייט געהערשט איבער אונז מיט גוואלד? איז ניט דער פּלאַץ פאַר אים גיכער אין טורמע, איידער ווייטער צו זיצן אויפן טראָן?״

איך האָב גערעדט, און פון די אַרומיקע דעכער האָט זיך צו מיר דער־טראָגן דער אָפּקלאַנג פון מיינע ווערטער. דער עולם האָט פון צייט צו צייט איבערגעשלאָגן די רעדע מיט אַפּלאָדיסמענטן און מיט רעוואָלוציאָנערע אויסגעשרייען. איך האָב געפילט, אַז מיינע ווערטער ״דערגייען״.

אין מיטןריידן האָב איך אַראָפּקוקנדיק באַמערקט, אַז אונטן ביים לייטער שטייט מיין חבר, כאַסקל ווינאָקור (ער איז איצט אין אַמעריקע, אין האַרט־פאָרד, קאָנ.) און רעדט עפּעס שטיל מיט אַן אַלטן פויער, וואָס קוקט אַרויף צו מיר מיט אַ פאַררייסענעם קאָפּ און מיט אַ צעעפנטן מויל... נו, טראַכט איך, אויב אַזאַ אַלטער פויער שלינגט שוין מיינע ווערטער, זיינען זיי באמת ״דערגאַנגען״. נאָכן ריידן, ווען איך בין אַראָפּ פון לייטער, פרעג איך ביי כאַסקלען:

— וואָס האָסטו גערעדט מיטן פויער? וואָס האָט ער געפרעגט?

כאַסקל האָט פון אָנהויב זיך געפּרואווט אויסדרייען פון אַן ענטפער, דער־נאָך אָבער האָט ער מיר דערציילט:

— איך האָב אים געפרעגט: נו, דידו (זיידע), געפעלט דיר די רעדע? אַ גוטע רעדע? און ער האָט מיר געענטפערט: ״דאָבּרע טאָ דאָבּרע, אַליע שטאָזש ווין נאַ ציו דראַבינו ווזאָבראַוּוסיאַ?״ (גוט איז עס, אָבער וואָס איז ער פאַרקראָכן אויף דעם לייטער?...).

ווי עס זעט אויס, האָט דעם אַלטן פויער מער אינטערעסירט, וואָס איך רייד אַראָפּ פון אַזאַ הויכן לייטער, איידער דאָס, וואָס איך האָב גערעדט...

און איך האָב ביי זיך מיט פאַרדראָס דערפילט:

— ניט דערגאַנגען...

אין יענע טעג האָב איך אָבער געהאַט אויך אַ גרויסע פערזענלעכע באַ־פרידיקונג. ס'איז געווען בייטאָג נאָך אַ מיטינג אין צירק, ווען איך האָב נאָך אַ רוסישער רעדע גערעדט אויך אויף יידיש. איז צו מיר צוגעקומען אַ גרופּע פון עטלעכע ״לייבלעך״, איינער פון זיי אַ ריזיקער ייד, אַ בלינדער אויף איין אויג (איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, אַז ער איז געווען באַקאַנט אין שטאָט אַלס ״זישע דער בלינדער״) און זיי האָבן מיך איינגעלאַדן — ריכטיקער, מיט זייער אַ ברוגזן טאָן אויפגעפאָדערט, אַז איך זאָל קומען ריידן צו זיין אין שול אויף ״ראַקאָווקע״. ״לייבלעך״ איז געווען דער נאָמען, מיט וועלכן מ'האָט דעמאָלט אין אומאַן באַצייכנט די באַלעגאָלעס, טרעגער און שוואַרץ־אַרבע־טער, ווארשיינלעך ווייל זיי פלעגן טראָגן אויף זיך דיקע לייבלעך. ראַקאָווקע, וואו די ״לייבלעך״ האָבן געוואוינט, האָט זיך געפונען אין יעם נידעריקן טייל פון שטאָט, ביים טייכל, וואו ס'האָבן געוואוינט די גרעסטע אָרעמע־לייט און אויך אונטערוועלט־מענטשן.



משה כץ (זיצנדיק) מיט זיינע פריינט, בוני ווינאָקור (אינמיטן), אסתר קאָנדערגאַר, כאַסקל ווינאָקור (שטייענדיק) אין אומאן 1904.

איך האָב איינגעשטימט אַפילו באַלד צו גיין מיט מיינע איינלאַדער צו ריידן אין זייער שול. מיינע חברים האָבן מיך אַוועקגענומען אָן אַ זייט און געגומען וואַרנען, אַז ס׳קאָן זיין, אַז מען וויל מיך פאַרנאַרן אין אַ פּאַסטקע און איך זאָל קיין לעבעדיקער שוין ניט אַרויס פון ראַקאָווקע. אָבער אַזוי ווי אָפּזאָגן די „לייבלעך" צו ריידן ביי זיי איז שוין געווען צו שפּעט, האָט אַ גרופּע חברים באַשלאָסן צו גיין אינאיינעם מיט מיר און אָפּוואַרטן ביי דעם אַריינגאַנג אין ראַקאָווקע ווי עס וועט זיך אויסלאָזן: אויב ס׳וועט מיט מיר עפּעס פּאַסירן זאָלן זיי באַלד קאָנען ברענגען פאַרשטאַרקונגען פון שטאָט און מיך אַרויסראַטעווען.

איך בין אַוועק מיט דער דעלעגאַציע, מיט זייער איין־אויגיקן אָנפירער פאָרויס. זיי האָבן מיך געבראַכט צו זיך אין זייער אָרעמער שול, וואָס איז זייער שנעל געוואָרן אָנגעפּאַקט. מיר האָט זיך באַזונדערס שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן די גרויסע צאָל פרויען מיט קינדער אויף די הענט און קינדער ביי די פאַרטיכער. איך האָב געקוקט אויף זיי און געטראַכט: וועגן וואָס קאָן איך ריידן צו זיי, אַז זיי זאָלן מיך פאַרשטיין?

איך בין אַרויף אויף דער בימה און גענומען ריידן, — אין מיין און זייער יידיש, פאַרשטייט זיך. כ׳האָב מיט זיי גערעדט ניט וועגן דער פּאָליטישער לאַגע און וועגן די דערוואַרטעטע פרייהייטן, נאָר וועגן זיי אַליין, דער פאַרשטויסענער ראַקאָווקע, וואָס באַדינט אַלעמען און בלייבט אַליין ביי גאָרנישט... די מענער האָבן געהערט מיט אָפענע מיילער. די פרויען האָבן

געווישט מיט די ברעגן קאָפּטיכלעך די אויגן און די נעזער. און ווען איך האָב געענדיקט און דער עולם האָט זיך גענומען שטופּן אַרום מיר און דאַנקען פאַר קומען צו זיי, איז צו מיר צוגעגאַנגען דער איין־אויגיקער, זישקע דער בלינדער, האָט מיר מיט כוח געקלאַפּט איבער דער פּלייצע און האָט מיר מיט גערירטקייט אין קול געזאָגט:

— הער נאַר, די (דו), די ערד מעג זיך איבערקערן, אָבער די מיזט זאַן אַ מאַגיד באַ אינז!... מיר זיינען מיר אויך מענטשן..

ווען כ׳האָב זיך צוריקגעקערט פון ראַקאָווקע אין באַגלייטונג פון אַ גרויסן עולם, האָבן מיך מיינע חברים, וואָס האָבן מורא געהאַט פאַר אַ פּאַסטקע, באַגעגנט מיט פרייד און, דאַכט זיך, אַביסל פאַרשעמטע.

***

אויף מאָרגן נאָכן „מאַניפעסט״, דעם 19טן אָקטאָבער, איז אין שטאָט דורכגעפירט געוואָרן אַ גרויסע דעמאָנסטראַציע אונטער די לאָזונגען: „בידער מיט דעם צאַר! מיר פאָדערן אַ גרינדונגס־פאַרזאַמלונג!״ אין מיטן גאַנג פון דער דעמאָנסטראַציע דערוויסן מיר זיך, אַז עפּעס אַ גרופּע מענטשן פאָדערט מען זאָל גיין באַפרייען אַלע אַרעסטירטע פון טורמע, — כאָטש קיינער פון שטאָטישן קאָמיטעט האָט עס ניט רעקאָמענדירט און אין טורמע זיינען קיין פּאָליטישע שוין ניט געווען. ס׳איז געווען אַ פאַרדאַכט, אַז דאָס איז אַ פּראָוואָקאַציע, כדי צו צעשטערן די דעמאָנסטראַציע. מיר האָבן אַוועקגעשיקט עטלעכע חברים צו דער טורמע, כדי צו פאַרקירעווען דעם עולם אויף צוריק. אַ גרויסער עולם איז שוין אָבער געקומען צו דער טורמע, און די פּראָוואָקאַטאָרן — ווייל דאָס איז זיכער געווען זייער אַרבעט — האָבן שוין געהעצט אין פאַרשיידענע ווינקלען, אַז מען זאָל אויפברעכן די טורמע־טויערן.

און פּלוצלינג — מיר האָבן ניט באַמערקט פון וואַנען, אָבער וואָרשיינלעך זיינען זיי שוין פון פריער דאָרטן געווען צוגעגרייט, — האָט זיך פאַר די טויערן און ווענט פון טורמע באַוויזן אַן אָפּטייל סאָלדאַטן מיט ביקסן אין די הענט און באַגנעטן אויף די ביקסן.

דער קאָמאַנדיר פון די סאָלדאַטן האָט גענומען פאָדערן פון דעם עולם, אַז ער זאָל זיך תיכף פונאַנדערגיין, אַנדערש וועט ער געצוואונגען זיין צו הייסן די סאָלדאַטן שיסן. אָבער דער עולם האָט זיך ניט גערירט פון אָרט און אַ צאָל האָבן אָנגעהויבן שרייען אויף דעם אָפיציר און אויף די סאָלדאַטן און זידלען זיי. די סאָלדאַטן האָבן באַקומען אַ באַפעל, „ווינטאָווסקי נאַ פּערעוויעס!״ (אָנשטעלן די ביקסן!), און זיי האָבן געפאָלגט. דער עולם איז אָפּגעטראָטן אַביסל צוריק און האָט גענומען נאָך מער שרייען. מיר, עטלעכע מיטגלידער פון דעם קאָמיטעט, האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן פאָרויס, כדי איינצוטענהן מיט די סאָלדאַטן. אָבער עטלעכע סאָלדאַטן (ניט אַלע) האָבן פּלוצלינג אויסגעשאָסן. איך האָב דערפילט אַ ברי אין אַ פוס און האָב זיך אָפּגעשטעלט. איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז אויב די סאָלדאַטן וועלן ווידער

נעמען שיסן אין דעם געדיכטן עולם וועלן מיר האָבן אַן איבערחזרונג פון דעם בלוטיקן זונטיק פון 9טן יאַנואַר.

אָבער די סאָלדאַטן האָבן מער ניט געשאָסן. דער אָפיציר האָט עפּעס אַ קאָמאַנדעווע געטאָן. זיי האָבן גענומען די ביקסן אויף די פּלייצעס און האָבן אַוועקגעמאַרשירט הינטער דער טורמע־וואַנט. דער עולם, וואָס האָט, ווי עס זעט אויס, ניט באַוויזן אפילו צו דערשרעקן זיך, האָט זיך געלאָזן איינ־ריידן, און האָט זיך צוריק אומגעקערט צו דער דעמאָנסטראַציע, וועלכע האָט געדויערט נאָך עטלעכע שעה.

ערשט פאַרנאַכט, ווען כ'בין געקומען אַהיים און געפילט עפּעס אַן אומבאַקוועמלעכקייט אין פוס, האָב איך אויסגעפונען, אַז אַ קויל האָט מיך געטראָפן אין אונטערשטיין טייל פון לינקן פוס און איז געבליבן שטעקן אונטער דער הויט. איך האָב זי אַרויסגעקוועטשט פון דער וואונד מיטן פינגער, פאַרבונדן די אויבנאויפיקע וואונד מיט אַ טיכל און מער ניט געטראַכט פון איר.

דעמזעלביקן אָוונט האָט דער רעוואָלוציאָנערער קאָמיטעט אָפּגעהאַלטן אַ ספּעציעלע זיצונג צו באַטראַכטן די געשעענישן לאַגע. עס איז געווען קלאָר, אַז „עמיצער", וואַרשיינלעך די פּאָליציי, אָדער די אָכראַנקע (געהיים־פּאָליציי) האָט געפּרואווט פּראָוואָצירן אַ בלוט־פאַרגיסונג. פון דער אויפפירונג פון די סאָלדאַטן ווידער איז געווען קלאָר, אַז כאָטש זיי פאָלגן נאָך די באַפעלן פון זייערע אָפיצערן, פאָלגן זיי אָבער ניט מיטן גאַנצן האַרצן: אַ סימן — זייער שיסן. געשאָסן האָבן, ווי מיר האָבן באַמערקט, ניט אַלע סאָלדאַטן, נאָר בלויז אייניקע פון זיי, און דערביי האָבן זיי געשאָסן ניט אין עולם (קיינער איז ניט דערהרגעט אָדער פאַרוואונדעט געוואָרן), נאָר אין דער ערד, פאַר די פיס פון דעם עולם (די קויל, וואָס איך האָב געקראָגן אין פוס איז, ווי עס זעט אויס, ניט געווען קיין דירעקט־געשאָסענע, נאָר אַ ריקאָשעט־קויל, אַזאַ וואָס איז פריער אָפּגעשפּרונגען פון דער ערד און איז שוין אַן אָפּגעשוואַכטע געבליבן שטעקן אין מיין פוס). אויב אַזוי, איז קלאָר, אַז מען מוז תיכף זיך שטעלן אין פאַרבינדונג מיט די סאָלדאַטן.

שטעלן זיך אין פאַרבינדונג איז געווען ניט שווער, ווייל אַ קאָמיטעט פון סאָלדאַטן איז צו אונז אַליין געקומען דעמזעלביקן אָוונט צו פרעגן וואָס זיי זאָלן טאָן. אָבער די איינציקע זאַך צו וואָס מיר האָבן זיך דערטראַכט איז געווען צו בעטן זיי, אַז זיי זאָלן ניט פאַרלאָזן די קאַזאַרמעס און ניט שיסן אין פאָלק, אויב די אָפיצערן וועלן זיי הייסן. וועגן דעם, אַז די סאָלדאַטן האָבן מיט געווער אין די הענט געקאָנט העלפן שלאָגן זיך פאַר דעם זיג פון דער רעוואָלוציע, איז אונז ניט איינגעפאַלן. און דאָס איז געווען ביי אונז אין שטאָט, ווי אין ס'רוב פון דעם דעמאָלטיקן רוסלאַנד די ערשטע מפּלה וואָס די רעוואָלוציע האָט געקראָגן נאָך איר בלוטלאָזן זיג. די אומ־באַוואָפנטע רעוואָלוציע האָט פאַרלוירן איר ערשטן צוזאַמענשטויס מיט דער באַוואָפנטער מאַכט, וואָס דער שונא האָט נאָך קאָנטראָלירט...

# דער פּאָגראָם

נאָך דער שיסעריי פון די סאָלדאַטן אין דער טייל פון דער דעמאָנסטראַציע פון 19טן אָקטאָבער, וואָס איז דורך אַ פּראָוואָקאַציע פאַרפירט געוואָרן צו די טויערן פון דער אומאַנער טורמע, האָט זיך די שטימונג אין שטאָט גענומען בייטן. אָפענע מיטינגען זיינען, אמת, נאָך פאָרגעקומען אין אַלע טיילן שטאָט, די פּאָליציי האָט זיך ניט געוויזן און ניט געשטערט צו פאַרזאַמלען זיך און ריידן, אָבער די באַלעבאַטישע עלעמענטן, וואָס האָבן ערשט נעכטן געזוכט צו פריינטלען זיך מיט די רעדנער און טוער, זיינען פאַרשוואונדן געוואָרן פון די מיטינגען, ווי אַ שטורעם־ווינט וואָלט זיי אַוועקגעבלאָזן. און „קלוגיטשקע" לייט, וואָס „זעען פאָראויס" אַל דאָס בייז, ווי נאָר זיי דערשמעקן אַ געפאַר, האָבן זיך תיכף געלאָזט הערן.

די מיטגלידער פון שטאָטישן רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט האָבן, פאַרשטייט זיך, פאַרשטאַנען די געפאַר, ווען ווען ס'האָט אָנגעזאָגט די ערשטע פּאָליצייאישע פּראָוואָקאַציע קעגן דער דעמאָנסטראַציע און די שיסעריי פון די סאָלדאַטן, אָבער קיין סך טאָן האָט מען ניט געקאָנט. די זעלבשוץ, וואָס האָט פריער עקזיסטירט אין שטאָט האָט מער ניט פונקציאָנירט אַלס אָרגאַניזאַציע. אַ שנעלע אונטערזוכונג האָט באַוויזן, אַז אויף די הענט געפינען זיך העכסטנס אַ פּאָר צענדליק רעוואָלווערן, וואָס ס'איז אַפילו אַ ספק, צי מען קאָן נאָך און צי ס'איז פאַראַן מיט וואָס פון זיי צו שיסן. אויף יעדן פאַל האָבן מיר אָנגעהויבן וואָרענען אויף די פאַרזאַמלונגען, אַז עס זיינען מעגלעך נייע און בלוטיקערע פּאָליצייאישע פּראָוואָקאַציעס און אַז מען דאַרף זיין גרייט קעגן דעם. די שטימונג פון דעם ברייטן עולם, באַזונדערס פון די אַרבעטער און פון דעם יוגנט, איז נאָך יעדנפאַלס געווען אַזאַ אַז ווען מיר וואָלטן געהאַט גענוג צייט, וואָלט מעגלעך געווען צוצוגרייטן אַ שטאַרקע זעלבשוץ און אפשר ניט דערלאָזן צו קיין פּאָגראָם. אָבער קיין צייט איז, ליידער, ניט פאַרבליבן...

ווי באַוואוסט, האָט די צאַרישע רעגירונג צוזאַמען מיטן פאַרעפנטלעכן דעם מאַניפעסט פון 17טן אָקטאָבער וועגן פרייהייטן און וועגן פאַררופן אַ מלוכהשע דומע (פּאַרלאַמענט) און זיכער נאָך איידער דער מאַניפעסט איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן, געמאַכט ברייטע פּאָליצייאישע צוגרייטונגען צו דערטרינקען די רעוואָלוציע אין בלוט — און גאַנץ ספּעציעל אין יידיש בלוט. מיט אַ פּאָר יאָר נאָכן יאָר 1905 איז איבער גאַנץ רוסלאַנד ברייט באַקאַנט געוואָרן די „חכמה" פון דעם אָנפירער פון דער צאַרישער געהיים־פּאָליציי, קאָמיסאַראָוו, וועלכער האָט זיך באַרימט פאַר דעם קעשעניעווער גובערנאַטאָר

אורוסאָוו, אַז „מיר קאָנען צו יעדער צייט אָרגאַניזירן אַ פּאָגראָם אויף צען מענטשן, אָדער אויף צען טויזנט”... די עטלעכע פרייע טעג נאָך דעם מאַניפעסט פון דעם 17טן אָקטאָבער זיינען דעם 21טן אָקטאָבער טאַקע „באַגלייט געוואָרן” מיט עטלעכע הונדערט אָרגאַניזירטע פּאָגראָמען, — אויף יידן אין די „יידישע” שטעט און שטעטלעך און אויף אַרבעטער, דאָרטן וואו עס איז ניט געווען געגנוג יידן פאַר אַ פּאָגראָם.

דידאָזיקע פּאָגראָם־פּראָוואָקאַציע האָט ניט אויסגעמידן אויך אומאַן. דעם 20טן אָקטאָבער האָבן מיר באַמערקט, אַז די פּויערים פון די אַרומיקע דערפער, וואָס פלעגן אַלע טאָג קומען אין שטאָט און צוהערן זיך צו די רעדעס אויף די גאַסן־פאַרזאַמלונגען און אין צירק ביז אין אָוונט, האָבן אינמיטן טאָג פּלוצלינג אין גרויס איילעניש געגומען פאַרלאָזן דעם מאַרק. דעמזעלביקן אָוונט איז צום קאָמיטעט געקומען אַ „דעלעגאַציע” פון אַ פּאַר באַלעבאַטישע יידן. איך געדענקט ניט צי דער שטאָטישער ראַבינער, אַלטער, איז געווען צווישן זיי, אָבער מען האָט יעדנפאַלס איבערגעגעבן אין זיין נאָמען אַ „בקשה” צו אונז, אַז מיר זאָלן תיכף אַנטלויפן פון שטאָט, וואָרעם עס גרייט זיך אַ פּאָגראָם. אויב מען וועט אונז כאַפּן, וועט מען אונז זיכער דערהרגענען און דאָס וועט זיין אַ סיגנאַל פאַר אַ גרויסע הריגה אויף יידן. אויב, אָבער, מיר וועלן ניט זיין, וועט זיך עס אויסלאָזן בלויז מיט צעבראָכענע שויבן. מיט דער פּאָליציי וועט מען שוין דורכקומען, — אויב מען איז שוין ניט דורכגעקומען...

מיר האָבן, נאַטירלעך, דעם פאָרשלאָג אָפּגעוואָרפן. ערשטנס, ווייל ס׳האָט זיך נאָך די אַלע פרייע טעג עפּעס ניט געגלויבט, אַז ס׳איז נאָך מעגלעך צו אָרגאַניזירן אַ פּאָגראָם. און צווייטנס, אויב ס׳זאָל יאָ אויסברעכן אַ פּאָגראָם, איז דאָך אוודאי נויטיק, אַז מיר, וואָס האָבן די גאַנצע צייט גערעדט צום עולם און זיינען אין זיינע אויגן געוואָרן סימבאָלן פון דער רעוואָלוציע (רוסישע אַרבעטער און פּויערים אין די פרייע טעג פלעגן אונז אָנרופן „אונ־זערע אַפּאָסטאָלן”) זאָלן פאַרבלייבן אויפן אָרט און אָרגאַניזירן אַ ווידערשטאַנד.

די נאַכט פון דעם 20טן אויפן 21טן אָקטאָבער איז, גלויב איך, קיינער פון אונז ניט געשלאָפן. מיר האָבן צונויפגעקליבן אַלעמען אויף וועמען מען האָט זיך וויפיל עס איז געקאָנט פאַרלאָזן, באַזאָרגט זיי מיט די עטלעכע רעוואָלווערן וואָס מיר האָבן נאָך געקאָנט קריגן, און זיי צעשיקט איבער די פאַרשיידענע טיילן פון שטאָט צו דערמוטיקן די באַפעלקערונג און צוצוגרייטן אַ ווידערשטאַנד, וואו ס׳וועט מעגלעך זיין.

אַ גרופּע קריסטלעכע אַרבעטער און „סאַדאָוואָדן” (סטודענטן פון דער אָרטיקער גערטנער־שולע) זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרן אויף די וועגן, וואָס האָבן געפירט פון די דערפער צו דער שטאָט צו וואָרענען די פּויערים וועגן דער פּאָליצייאישער פּאָגראָם־פּראָוואָקאַציע און אָפּצושטעלן די פון זיי, וואָס האָבן אַרויסגערופן אַ חשד.

דעם 21טן (אָדער פיליכט איז עס געווען דעם 22טן) אָקטאָבער אינדער־

פרי זיינען די באַריכטן, וואָס זיינען אָנגעקומען פון די שלוחים געוועזן באַ־רואיקנדיקע: קיין פּאַניק אין שטאָט האָט זיך ניט געפילט; די יוגנט און אַ צאָל אַרבעטער זיינען גרייט צו שלאָגן זיך, אויב נויטיק, אַפילו מיט שטעקנס, שטיינער און הוילע הענט, און קיין פויערים אויף די וועגן צו דער שטאָט האָט מען ניט געזען.

אָבער אַרום נאָכמיטאָג האָט זיך די לאַגע שטאַרק געענדערט. פּאָליציי, סיי שטאָטישע, סיי פון די אַרומיקע דערפער, האָט זיך באַוויזן אויף די גאַסן און אַרומגעשפּאַצירט „אין פולער באַוואָפענונג" מיט פנימער פון זיגער. אין אַ פּאָר פאַלן האָבן זיי געפּראָוואוט אַרעסטירן אייניקע פון אונזערע חברים, וואָס האָבן זיך אָבער פון זיי אויסגעדרייט. נאָר דאָס ערגסטע איז געווען, ווען עס זיינען געקומען צולויפן עטלעכע פון די סאַדאָוואָדן־סטודענטן און דער־ציילט, אַז ס'האָבן זיך באַוויזן אויף די וועגן פויערים מיט ליידיקע וועגעגער, אַ סך פון זיי שיכורע, וואָס פאָלגן ניט די בקשות צוריקצוקערן זיך אין די דערפער און רייסן זיך אין שטאָט אַריין. עס האָט אויסגעזען, אַז דאָס זיינען פויערים, וואָס האָפן אָנצופילן זייערע וועגענער מיט רויב אין שטאָט...

דעמזעלביקן טאָג האָט זיך דער פּאָגראָם אָנגעהויבן. ער האָט לאַנג ניט געדויערט, פילייכט בלויז אַ פּאָר שעה. אָבער דער בראַזג פון אויסגע־שלאָגענע שויבן האָט זיך שוין דערהערט אַרום מאַרק און שיכורע טריאומף־געשרייען און געזאַנגען האָבן זיך געלאָזט הערן אַלץ אָפטער.

די געשעפטן זיינען, נאַטירלעך, תיכף פאַרמאַכט געוואָרן, די יידישע הייזער האָבן פאַרהאַקט טירן און לאָדן, אויף די פענצטער פון קריסטלעכע הייזער האָבן זיך באַוויזן „הייליקע" בילדער. די עטלעכע אָנפירער פון דער כמעט ניט־עקזיסטירנדיקער זעלבשוץ האָבן אַ גאַנצע נאַכט פּאַטרולירט איבער די גאַסן, — כדי צו ווייזן דער פּאָליציי, אַז מען איז אויף דער וואַך, איידער מיט אַ האָפענונג צו קאָנען געבן אַן ערנסטן ווידערשטאַנד דעם אָנ־וואַקסנדיקן פּאָגראָם.

אויף מאָרגן אינדערפרי איז די לאַגע געוואָרן ערנסטער. אויסער דער פּאָליציי האָבן זיך שוין אויף די „סטראַטעגישע" פּונקט פון שטאָט באַוויזן באַוואָפנטע סאָלדאַטן. פאַרוויס זיינען זיי צעשטעלט געוואָרן אויף די ווינקלען, פון די גאַסן און הגם זיי האָבן אין קיינעם ניט געשאָסן, האָבן זיי אָבער געטריבן צוריק אין די הייזער די יוגנטלעכע, וואָס האָבן זיך באַוויזן אויף די גאַסן. בייטאָג זיינען פון די אַרומיקע דערפער אָנגעקומען גאַנצע אָבאָזן מיט פויערים און פוסטע וועגענער, — שוין אָפן צוליב רויבעריי. דער פּאָגראָם האָט זיך צעפלאַקערט שטאַרקער. קלעפּ אין די פאַרהאַקטע טירן און טויערן, אַ בראַזגעריי פון שויבן, די טריאומף־געשרייען פון שיכורים און כוליגאַנעס און זייער שווערער טופּענדיקער געלאַף איבער די ליידיקע גאַסן, האָט זיך געהערט אַלץ אָפטער, אָבער גלייכצייטיק זיינען פון די אָרימערע קוואַרטאַלן פון שטאָט, באַזונדערס פון די געסלעך אַרום דער אָרעמער „ראָ־

קאָוקע״ אָנגעקומען ידיעות, אַז די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן דאָרטן באַגעגנט אַ מוטיקן ווידערשטאַנד און זיינען פון דאָרטן אַנטלאָפן.

די מערהייט פון דעם שטאָטישן רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט האָט זיך סוף כל סוף פאַרזאַמלט אין אַ הויז, וואָס האָט זיך געפונען טיף אין אַ הויף אויף אַ זייטיקן געסל (דאַכט זיך, קריוואָי פּערעאולאָק האָט עס געהייסן) און האָט פון דאָרטן געזוכט אַנצוהאַלטן דעם ווידערשטאַנד קעגן דעם פּאָגראָם. קיין סך האָט מען ניט געקאָנט אויפטאָן און מיט וואָס אויפצוטאָן איז אייגנטלעך ניט געווען. אָבער שוין דער פאַקט אַליין, וואָס ס׳האָט עקזיסטירט אַ מין צענטער פון ווידערשטאַנד האָט דערמוטיקט די, וואָס זיינען געווען גרייט צו באַשיצן זיך.

מען קאָן ניט זאָגן, אַז מיר, די הילפלאָזע „אָנפירער״ פון דעם אומבאַוואָפנטן ווידערשטאַנד האָבן זיך געפילט זייער מוטיק און האָפענונגספול... די איינציקע טרייסט איז געווען, וואָס לויט די ידיעות, וואָס האָבן צו אונז געהאַלטן אין איין קומען, האָט זיך דער פּאָגראָם דערווייל אויסגעדריקט כמעט אויסשליסלעך אין צעבראָכענע שויבן און הייזער אַרום מאַרק און אין צעראַבירטע מאַרק־געשעפטן. קיין מענטשלעכע קרבנות זיינען ניט געווען... די, וואָס זיינען געקומען מיט די באַריכטן, האָבן אונז בלויז געוואָרנט, אַז מיר, די „אָראַטאָרן״ זאָלן זיך ניט ווייזן אויף די גאַסן, ווייל די פּאָליציי זוכט אונז אַרום. זי האָט שוין געקלאַפּט אין אַ סך טירן, נאָכפרעגנדיק זיך אויף אונז און אויב זי וועט אונז פּאַקן קאָן עס ווערן אַ סיגנאַל פאַר אַ בלוטבאָד...

ווי מיר האָבן זיך דערביי געפילט איז ניט שווער זיך פאָרצושטעלן. מיר זיינען געזעסן שטיל, ווי פאַרשולדיקטע. און ס׳איז שווער געווען אַרויסצורעדן אַ וואָרט. וועגן וואָס האָבן מיר דען געקאָנט ריידן? אָבער איינעם פון די מאָמענטן וועל איך קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

ס׳איז געווען אַ נאָכמיטאָג, דעם צווייטן טאָג פון פּאָגראָם. לויט די ידיעות וואָס מיר האָבן באַקומען דורך אונזערע פאַרבינדלער, איז דער פּאָגראָם אָנגעגאַנגען פויל, אָן „ענטוזיאַזם״, בלויז דורך אַ קליינעם הייפל כוליגאַנעס אונטערן שוץ פון די פּאָליציי. וועגן איין געדיכטער יידישער גאַס אויף אַלטשטאָט, אַרום וועלכער די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן זיך געקליבן, האָבן מיר בייטאָג באַקומען אַ ידיעה, אַז ס׳איז געלונגען אָפּצוטרייבן פון דאָרטן די כוליגאַנעס.

פלוצלינג רייסט זיך אַריין אין צימער פון דרויסן איינער פון אונזער קאָמיטעט, אַ חבר, וואָס זיינע עלטערן האָבן געוואוינט אויף יענער גאַס, (ער געפינט זיך איצט אין אַמעריקע) און הייבט אָן היסטעריש צו גוואַלדעווען:

— אַהאַ, איר זיצט דאָ אין באַהעלטעניש, און דאָרטן הרגעט מען אויס יידן אויף די גאַסן. בלוט גיסט זיך און איר זיצט זיך דאָ רואיק. מען איז שוין באַפאַלן מיינע עלטערן, איך ווייס ניט צי זיי לעבן נאָך...

וואָס ווייטער האָט ער געשריען אַלץ העכער. אַ שום האָט זיך באַוויזן

אויף זיינע ליפּן. זיינע אויגן האָבן, דאַכט זיך, קיינעם ניט געזען און ער האָט אַליין ניט פאַרשטאַנען, וואָס ער האָט געשריען. די חברים אַרום זיינען געזעסן פאַרצווייפלטע, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. איך האָב אָנגעגאָסן אַ גלאָז וואַסער און זי צוגעטראָגן צו אים:

— טרינק אויס וואַסער און באַרואיק זיך. זע אויף ווענען דו שרייסט!

אָבער ער איז געוואָרן נאָך היסטערישער און גענומען גוואַלדעווען נאָך העכער, אַזוי, אַז ס'איז אפילו שווער געווען צו פאַרשטיין זיינע ווערטער. כדי אָפּצושטעלן אים, האָב איך גענומען אַ אַ רעוואָלווער וואָס איז געלעגן אויפן טיש, דערלאַנגט אים די גלאָז און באַפוילן:

— טרינק, אָדער איך שיס!

דער אָנגעלאָדענער רעוואָלווער, אָדער דער אַנטשלאָסענער באַפעל האָט, ווי ס'זעט אויס, געווירקט אויף דעם היסטעריש־געוואָרענעם בחור. ער האָט גענומען די גלאָז, אויסגעטרונקען דאָס וואַסער, זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל און איז שטיל געוואָרן. שפּעטער איז געקומען די ידיעה, אַז די כולי־גאַנעס זיינען בלויז דורכגעלאָפן זיין גאַס און אַ חוץ אַ פּאָר צעבראָכענע שויבן פון געוואָרפענע שטיינער, האָבן זיינע עלטערן ניט געליטן...

דער צווייטער פּאָגראָם־טאָג האָט זיך געענדיקט און אויף מאָרגן האָט זיך אָנגעהויבן דער דריטער.

## אַ הונט איז געקומען מיך טרייסטן

ס'איז געווען אַ באַכמיטאָג, דעם דריטן טאָג פון פּאָגראָם. פון די ידיעות וואָס חברים האָבן געבראַכט אין „צענטער", האָט עס אנגעהויבן אויסזען, אַז דער פּאָגראָם ענדיקט זיך. דאָס וואָלט געווען אין הסכם מיט דעם איינגע־שטעלטן פּאָליציי־מנהג, לויט וועלכן אַ פּאָגראָם פלעגט געוויינלעך דויערן ניט מער ווי דריי טעג. אויפן דריטן טאָג פלעגט די פּאָליציי, וואָס האָט דערווייל באַקומען די געהעריקע באַפעלן פון אויבן אין די געהעריקע אויס־קויף־געלט פון די רייכערע יידן, געוויינלעך נעמען איינשטעלן „רו און אָרדענונג", אַרעסטירן עטלעכע פון די קלענערע כוליגאַנעס, אַוועקשיקן די גרעסערע און באַפוילן די יידן צוראַמען אַרום זייערע פּאָגראָמירטע געשעפטן און הייזער. פון דעם, וואָס אויף די זייטיקע גאַסן איז שטילער געוואָרן, האָט מען געקאָנט האָפן, אַז דער פּאָגראָם ענדיקט זיך.

עטלעכע חברים האָבן זיך אַוועקגעלאָזן אין די צענטראַלע שטאָטישע גאַסן זען וואָס דאָרטן טוט זיך. אַנדערע האָבן דאָרטן אָנגעהויבן באַראַטן זיך וואָס צו טאָן ווייטער. פלוצלינג איז אָנגעלאָפן אַ חבר מיט אַ מעלדונג, אַז עטלעכע פּאָליציייליט אין באַגלייטונג פון סאָלדאַטן גייען אין אונזער געסל אַריין און עס זעט אויס, אַז זיי גייען צום הויז, וואו מיר האָבן זיך געפונען.

די פראַגע האָט זיך, נאַטירלעך, באַלד געשטעלט: וואָס טוט מען? ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז חברים זאָלן איינציקווייז נעמען פאַרלאָזן דאָס הויז דורך אַ הינטער־טיר און פענצטער, וואָס האָבן געפירט אין אַ גאָרטן אַריין און פון גאָרטן אַוועק דורך די זייטיקע געסלעך אַרום. די וואָס זיינען דער־ווייל פאַרבליבן האָבן דורך אַ צווייטן פענצטער אַרויסגעקוקט אין הויף צום טויער, האָפנדיק אַז פיללייכט גייט די פּאָליציי ערגעץ אַנדערש.

די האָפענונג איז אָבער געווען אַן אומזיסטע. אָט האָט זיך די קאָליטקע (אַ טירל) פון טויער געעפנט און אין הויף האָבן אַריינגעשפּאַנט עטלעכע פּאָליציייליט מיט באַוואָפנטע סאָלדאַטן און האָבן זיך געלאָזט גלייך צו אונזער הויז. וואַרטן איז שוין ניט געווען אויף וואָס. אַ פּאָר חברים זיינען נאָך אַרויס דורך אַ הינטער־טיר, אַן אַנדערער איז אַרויסגעשפּרונגען פון פענצטער אין גאָרטן אַריין און איז ניט געוואָרן, און אין אַ מינוט אַרום בין אַיך אויך אַרויסגעשפּרונגען פון זעלבן פענצטער.

אָבער די פּאָליציי, וואָס האָט שוין געקלאַפּט און געבראָכן זיך אין די טירן פון הויז האָט, ווי עס זעט אויס באַמערקט, אַז מען לויפט דורכן גאָרטן. און ווען איך בין אַרויס פון פענצטער, בין איך גלייך אַריינגעפאַלן אין די אָרעמס פון אַ דיקן, שיכורן פּאָליציאַנט, וועלכער האָט מיך אָנגעכאַפּט ביי אַן

אַרבל פון מיין מאַנטל, מיר אַ האַק געטאָן מיט זיין טעמפּן שווערד איבער דער פּלייצע און מיך אַ שטויס געטאָן צו צוויי סאָלדאַטן מיט ביקסן, וואָס זיינען געשטאַנען אַ פּאָר טריט הינטער אים, מיטן געשריי:

— אָט איז ער, פון די „אַפּאָסטאָלן" *), דערלאַנגט אים!...

די צוויי סאָלדאַטן האָבן געהאַלטן די ביקסן אויפגעהויבן מיט די קאָלבעס פאָראויס, און איך האָב קיינמאָל שפּעטער ניט געקאָנט פאַרשטיין, צי ווייל זיי האָבן זיך ניט געאיילט מיר צו „דערלאַנגען", אָדער ווייל איך האָב זיך צוגעאיילט ניט צו באַקומען, נאָר בעת דער פּאָליסמאַן האָט זיך אַ קער געטאָן צום אָפענעם פענצטער, וואַרטנדיק מסתמא, אַז נאָך עמעצער זאָל פון דאָרטן אַרויסשפּרינגען, בין איך דורכגעלאָפן צווישן די פּאָר סאָלדאַטן, צווישן די בוימער אין גאָרטן, דערנאָך דורך אַן עפענונג אינעם פּלויט אין קרומען געסל אַריין, און האַלטנדיק זיך נאָענט ביים פּלויט, ווי אַ פאַרפאָלגטע חיה, בין איך אַנטלאָפן. איך האָב קלאָר געהערט הינטער מיר נאָכלויפנדיקע שווערע באַשטיוולטע טריט, איך האָב געהערט געשרייען: „שטיי, מיר וועלן שיסן!", אָבער איך בין געלאָפן. און איך געדענק, ווי אַ מאָדנער געדאַנק איז מיר דורכגעלאָפן אין קאָפּ: און אַז איך זאָל זיך אַפילו וועלן אָפּשטעלן וואָלט איך דען געקאָנט? די פיס לויפן אַליין....

ווי לאַנג איך בין אַזוי געלאָפן ווייס איך ניט. נאָר ווען כ'האָב מער ניט געהערט קיין געשרייען הינטער זיך און די פיס האָבן מיך מער ניט געטראָגן, בין איך אַריבערגעשפּרונגען איבער אַ פּלויט פון קוסטעס אַרום עפּעס אַ גערטנדל און בין געבליבן ליגן אָן כחות אויף דער אַנדער זייט. אַ גרויסער הונט האָט זיך געלאָזט לויפן צו מיר מיט אַ בילעריי. גלייכצייטיק האָב איך באַמערקט צוויי פרויען מיט טיכלעך אויף די קעפּ, וואָס זיינען געשטאַנען ביי אַ טיר. ביידע האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו מיר. איינע האָט אָפּגעשטעלט דעם הונט. די צווייטע האָט מיך אויפגעהויבן פון דער ערד ביי דער האַנט, ווי אַ מוטער הויבט אויף אַ קינד, און האָט אַ זאָג געטאָן צו דער צווייטער:

— ס'איז דאָך דער אָראָטאָר...

זיי האָבן מיך גענומען איילעק פירן אין הויז אַריין. איך האָב ניט געוואוסט ווער זיי זיינען, ווער עס וואוינט אין הויז. ס'איז געווען קלאָר, אַז זיי זיינען קריסטלעכע פרויען, — מיר איז שוין געווען אַלצאיינס. זיי האָבן מיר אַריינגעפירט אין הויז, אַוועקגעזעצט אין אַ הינטערשטן טונקעלן צימערל און מיך איבערגעלאָזט אַליין.

איך בין געבליבן זיצן אַן אויסגעשעפּטער, אַ פאַרצווייפלטער. איך האָב געטראַכט וועגן די עטלעכע חברים, וואָס זיינען פאַרבליבן אין הויז, פון וואַנען איך בין ערשט אַנטלאָפן. לעבן זיי נאָך? אָדער האָט זיך די פּאָליציי

---

* „אַפּאָסטאָלן" — נביאים, פאָלקס־לערער, איז געווען דער נאָמען, מיט וועלכן פויערים און אַרבעטער פלעגן אונז באַצייכענען אין די „פרייע טעג" אויף די מיטינגען.

אין זיי נוקם געווען און זיי דערהרגעט? און וואָס פאַר אַ רעכט האָב איך געהאַט צו אַנטלויפן, ווען מיינע חברים זיינען געמאָרדעט געוואָרן?

ס'איז געוואָרן אינגאַנצן פינצטער. איך בין געזעסן ווי מ'האָט מיך אַוועקגעזעצט, מיטן קאָפּ אין די הענט, אָנגעשפּאַרט אויף די קני. אַרום איז געווען שטיל. פּלוצלינג האָב איך דערהערט עפּעס לייכטע טריט, כאָטש כ'האָב קיינעם ניט געזען. „עמיצער" איז צוגעקומען צו מיר. „עמיצער" האָט מיר אָנגערירט דעם פּנים און אַוועקגעלייגט דעם קאָפּ אויף מיינע קני. ס'איז געווען אַ גרויסער הונט, — דערזעלביקער, וואָרשיינלעך, וואָס איז מיר אַנטקעגנגעלאָפן, ווען איך בין אַריינגעפאַלן אין גאָרטן. ער האָט איינגענורעט דעם קאָפּ אין מיינע קני און איז געבליבן שטיין אומבאַוועגלעך, ווי ער וואָלט מיר געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער האָט ניט געהאַט קיין ווערטער. איך האָב שוין ניט געוויינט אַ סך יאָרן, אָבער דאָס מאָל האָב איך זיך צעוויינט. מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דער שטראָם פון מיינע טרערן קאָן זיך גאָרניט אָפּ־שטעלן, און איך האָב עס ניט געפּרוּווט און ניט געקאָנט טאָן. איך האָב געוויינט איבער דעם שרעקלעכן קלאַפּ, וואָס מיר האָבן פּלוצלינג באַקומען נאָך די קורצע טעג פון פרייהייט, איבער מיין אומבאַהאָלפנקייט, איבער דעם וואָס מיינע פריינט זיינען פיזיש שוין אומגעקומען, און איך זיץ דאָ אַליין; איבער דעם, וואָס דער איינציקער פריינט וועלכער איז מיך געקומען טרייסטן איז אַ הונט...

אָבער ס'איז נאַטירלעך, געווען אַ טעות, געבוירן פון פאַרצווייפלונג. איך בין ניט געבליבן אָן פריינט. פאַרקערט, איך האָב זיך געפונען אין אַ הויז פון פריינט, כאָטש איך האָב עס פון אָנהויב ניט געוואוסט. דער באַלע־באָס פון דער וואוינונג, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, איז געווען טשערנאָוו, אַ מיטל־יאָריקער קריסט, אַ שוסטער, וועלכן כ'האָב עטלעכע מאָל באַמערקט צווישן די, וואָס האָבן געהאַלטן אָרדענונג אויף די פאַרזאַמלונגען. ער איז געווען זייער אַן אָרעמער שוסטער און האָט, דאַכט זיך, געהאַט אַ שוואַכ־קייט צום טרונק. אַזוי, יעדנפאַלס, האָט מען מיר דערציילט. ער האָט געהאַט אַ זון, אַ סאַדאָוואָד און האָט סימפּאַטיזירט מיט דער פּאַרטיי פון די סאָ־ציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן.

איך ווייס ניט צי האָט ער אַריינגעשיקט זיין הונט צו מיר אין צימער, כדי איך זאָל ניט זיין אַליין. אָבער שפּעטער איז טשערנאָוו אַריינגעקומען און האָט מיך גענומען באַרואיקן, אַז איך דאַרף פאַר קיינעם ניט מורא האָבן. עטלעכע כוליגאַנעס זיינען פריער געווען אַרום הויז און געפרעגט, צי האָט זיך דאָ ניט באַהאַלטן אַ „זשיד", אָבער ער האָט זיי אַוועקגעטריבן.

— און וואָס איז מיט מיינע חברים, וואָס זיינען פאַרבליבן אין הויז, וואָס די פּאָליציי איז באַפאַלן?

טשערנאָוו האָט נאָך אַ ישוב הדעת מיר געענטפערט:

— כ'וועל אייך זאָגן דעם אמת, ס'איז שלעכט.. מען זאָגט, אַז מען האָט איינעם צי צוויי פון זיי, דערהרגעט אויפן אָרט. אַנדערע האָט מען

שטאַרק צעשלאָגן און ערגעץ אַוועקגעפירט. איך האָב אַוועקגעשיקט מיין פרוי זי זאָל זיך דערוויסן געגויי.

שפּעט אין אָוונט האָט זיך טשערנאָווס פרוי צוריקגעקערט פון גאַס. קיין קלאָרן באַריכט האָט זי ניט געבראַכט: אויף דער גאַס פון יענער הויז איז שטיל. דאָס הויז איז פינצטער. שכנות זאָגן פאַרשיידענעס. אייניקע זאָגן, אַז מען האָט דאָרטן עמיצן דערהרגעט, אַנדערע — אַז זיי האָבן געזען מענטשן אַנטלויפן פון דאָרטן. אויף זיכער ווייסט מען ניט.

דערווייל איז אָנגעקומען טשערנאָווס זון, אַ יונגער בחור, וואָס האָט זיך געלערנט אין דער גערטנער־שולע. ער האָט דערציילט, אַז אויף וויפיל די חברים, מיט וועלכע ער האָט זיך געטראָפן, ווייסן, איז אין יענעם הויז קיינער, דאַכט זיך, ניט דערהרגעט געוואָרן. עטלעכע זיינען טאַקע צעשלאָגן געוואָרן, אָבער זיי זיינען אַנטלאָפן. אַ פּאָר פעלן, מסתמא זיך באַהאַלטן... אויף די גאַסן איז שטיל.

דורך טשערנאָווס זון האָב איך דעמזעלביקן אָוונט איינגעשטעלט אַ פאַרבינדונג מיט חברים. שפּעטער זיינען אַ פּאָר פון זיי געקומען און מיך אַוועקגענומען פון טשערנאָווס הויז אויף יעדן פאַל, טאָמער וועט די פּאָליציי אַהין אַריינשמעקן. זיי האָבן מיך געבראַכט אין אַ הויז, ניט ווייט פון שאַטאָ (אַ באַוואוסטער שטאָטישער גאָרטן אין אומאַן), וואָס האָט געהערט צו דער באַן־פאַרוואַלטונג, אין אַ צימער פון אַ יונגן רוסישן באַן־טעלעגראַפיסט, וועלכן כ'האָב גוט געקענט נאָך פון פריער. דאָ, איז מען זיכער געווען, וועט די פּאָליציי ניט אַריינקוקן...

**ווען די חברים זיינען אַוועק בין איך איינגעשלאָפן, און די נערוועזע** און פיזישע אויסשעפּונג איז געווען אַזאַ, אַז איך בין אָפּגעשלאָפן מער ווי אַ מעת־לעת.

# אין א קאַמער מיט פּאָגראָמשטשיקעס

ס'איז געווען דער צווייטער טאָג נאָכן סוף פון דעם פּאָגראָם.

מענטשן האָבן זיך ווידער באַוויזן אויף די גאַסן, די כוליגאַנעס זיינען צוריק אַוועק אין זייערע באַהעלטעגישן, גלעזערס זיינען געווען פאַרנומען מיט אַריינשטעלן שויבן אין די צעבראָכענע פענצטער, גאַנץ־געבליבענע גע־שעפטן האָבן זיך ווידער געעפנט.

איך בין אַרויס אין גאַס, אָבער איך האָב ניט באַוויזן דורכצוגיין אַ פּאָר קוואַרטאַלן, ווי ס'איז מיר פון אַהינטער אָנגעקומען אַ גאָראָדאָוואָי, וואָס האָט מיך אַרעסטירט און איבערגעגעבן צו צוויי באַוואָפנטע סאָלדאַטן, וואָס זיינען געגאַנגען מיט אים, אַז זיי זאָלן מיך אָפּפירן אין פּאָליציי־אַרעסט. „דאָרטן וועט מען דיר שוין ווייזן ווי צו האַלטן רעדעס און זידלען דעם קייסער", האָט ער מיר צוגעזאָגט. מען האָט מיך געפירט אין מיטן גאַס. מענטשן פון די טראָטואַרן האָבן זיך אָפּגעשטעלט נאָכצוקוקן, אייניקע האָבן מיך פריינטלעך געגריסט, אָבער אַנדערע האָבן מיך געזידלט, געטייטלט אויף מיר מיט די הענט (ניט צו זאָגן, אַז זיי האָבן מיך געסטראַשעט מיט קולאַקעס) און האָבן דערמוטיקט מיינע „באַגלייטער":

— גוט אַזוי, זעצט אים טאַקע אַריין, ער איז שולדיק אין אַלע צרות, אַזעלכע ווי ער דאַרף מען די קעפּ אַראָפּנעמען...

ווי איך האָב דערביי געפילט, קאָן מען זיך פאָרשטעלן. אָבער צו מיין פאַרוואונדערונג האָט זיך איינער פון די באַוואָפנטע סאָלדאַטן, וואָס האָט מיך געפירט אין פּאָליציי שטילערהייט אָפּגערופן צו מיר:

— דאַרפסט ניט מורא האָבן. אַזוי לאַנג ווי דו ביסט אונטער אונזער וואַך וועלן מיר ניט לאָזן טשעפּען דיך. אויב דו ווילסט וועמען עס איז איבערגעבן וועגן זיך, זאָג מיר אַן אַדרעס, וועל איך איבערגעבן...

איך האָב אים באַדאַנקט פאַר זיין גרייטקייט מיר צו העלפן און האָב אים פאַרזיכערט, אַז קוים האָבן אַזוי פיל מענטשן אויפן גאַס געזען ווי מען פירט מיך, וועלן מיינע פריינט שוין וויסן וואָס צו טאָן. און איך האָב קיין טעות ניט געהאַט.

שפּעטער, ווען מען האָט מיך געבראַכט אין פּאָליציי, האָט מיך דער פּריסטאַוו, מאַלינאָווסקי — אַ בעסטיע, וועגן וועלכן מען האָט געזאָגט, אַז ער איז אַ שפּיאָן און א משומד, — אויפגענומען „מיט גרויס פּאַראַד", האָט מיך פאַרזיכערט אַז איך וועל שוין דאָ באַקומען מיין ערלעך אויסקומע־ניש און וועל פאַרזאָגן אַ צענטן צו האַלטן „רעדעס קעגן קייסער" און צו 'מוטיען' דאָס פאָלק", האָט פאַרשריבן וועגן מיר אַלץ וואָס ער האָט געהאַלטן

פּאָר בויטיק און האָט געהייסן אַ פּאָליציאַנט אָוועקפירן מיך און פאַרשפאַרן „ווייסט שוין אין וועלכער קאַמער". דער פּאָליציאַנט האָט „פאַרשטייט זיך, „געוואוסט": ער האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ קאַמער, אין וועלכער ס'האָט זיך געפונען אַ צענדליק, אָדער מער, פאַרשוינען, כמעט אויסשליסלעך קריסטלעכע שטאָטישע און דאָרפישע יונגען און האָט זיי אַ זאָג געטאָן:

— דאָ האָט איר אים, דעם אַראַטאַר...

ווען ער האָט מיך אַריינגעפירט אין דער קאַמער, איז דאָרטן געווען אַ היפשער טומל, נאָר ווען ער האָט פאַרשלאָסן הינטער מיר די טיר, איז דער טומל געוואָרן נאָך גרעסער. אייניקע פון דער חברה האָבן גענומען אַרומלויפן, ווי משוגעים, איבער דער קאַמער, שפּרינגען אויף די נאַרעס (אַ מין פּלאַטפאָרם צום שלאָפן) און אַראָפּ, ס'האָבן זיך דערהערט אויסרופן: „מ'האָט אונז אַריינגעבראַכט אַ זשיד", און כ'האָב דערפילט, אַז נאָך אַ ווײַלע און די אַטמאָספערע וועט דערהיצט ווערן צום „בויטיקן" גראַד צו באַפאַלן מיך אין הסכם מיט דעם אָנזאָג פון מאַלינאָווסקין.

איך האָב זיך אָבער ניט פאַרלוירן — ניט אומזיסט זײַנען מיר 'עמאָלט געווען פון דעם דור, וואָס האָט פאַרלוירן די מורא, — און האָב זיך גלייך געווענדעט צו אַ פּאָר פון די עלטערע פאַרשוינען, וואָס זײַנען געזעסן אויף די נאַרעס מיט אַ זאַכלעכער פראַגע פאַרוואָס מען האַלט זיי דאָ.

— צוליב די זשידעס! — האָבן זיי, ווי זיך צונויפגערעדט, מיר גע־ענטפערט, און די אַנדערע אַרום האָבן אָנגעשפּיצט די אויערן.

איך האָב תיכף פאַרפירט מיט זיי אַ געשפּרעך מיט דעם גאַנצן פּאָר־בליבענעם ברען פון די פרייע טעג. אויף דעם „פּראָטעסט" פון איינעם פון זיי, אַז די פּאָליציי האָט זיי צוגעזאָגט גאַנצע דריי טעג צו „צעשפּילן זיך אויפן חשבון פון די זשידעס", און האָט זיי גאָר גענומען אַרעסטירן אויפן דריטן טאָג, האָב איך זיי קודם כל אָנגעוויזן, אַז דאָס באַווייזט טאַקע, אַז אויף דער פּאָליציי קאָן מען זיך קיינמאָל ניט פאַרלאָזן. די פּאָליציי טראַכט בלויז וועגן זיך. פריער האָט זי זיי דערלויבט צו פּאָגראָמירן די יידן, דער־נאָך, אַז זי האָט דערמיט געצוואונגען די גבירים צו געבן איר לאַפּקע־געלט, האָט זי גענומען אַרעסטירן די, וועלכע זי אַליין האָט אונטערגערעדט צו מאַכן דעם פּאָגראָם און וועט איצט זוכן אויסצוצייכענען זיך אויף זייער חשבון...

עס איז אויסגעקומען, אַז די פּאָליציי האָט אָפּגענאַרט די „אומשולדיקע" כוליגאַנעס אַרום און אַרום, און דאָס האָט געמאַכט אויף די עלטערע און מישובדיקע פון זיי אַ געוויסן אייַנדרוק. דאָס וויכטיקסטע פון דעם אײַנדרוק איז געווען, וואָס דער ערשטער הייסער מאָמענט ווען זיי האָבן געקאָנט און האָבן זיך וואַרשײַנלעך געקליבן מיך צו באַפאַלן און צו צעמזיקן מיך, איז דורכגעגאַנגען, און די אַטמאָספערע אין קאַמער איז רואיקער געוואָרן.

און באַלד איז זי געוואָרן נאָך רואיקער, ווען ס'האָט זיך ביי די גראַטעס פון אָפענעם פענצטער אין הויף פון דער פּאָליציי באַוויזן דער אויפגע־רעגטער פּנים פון זישע דעם בלינדן און ער האָט מיך גענומען פרעגן,

וואָס איך וויל, אַז ער מיט זיין חברה זאָלן טאָן פאַר מיר. אויב איך וויל, האָט ער געשריען — און דווקא אויף רוסיש, — וועלן זיי באַל' צעטראָגן די גאַנצע פּאָליציי־געביידע און מיך אַרויסנעמען פון דאָרטן.

איך האָב אים געזאָגט, אַז אַזוינס איז ניט פּראַקטיש. איך וויל בלויז ער זאָל זיך שטעלן אין פאַרבינדונג מיט חברים און זיי זאָלן אַרויסרופן דעם פּראָקוראָר, פאַר וועלכן איך וועל מאַכן אַ קלאָגע קעגן מיין אומגעזעצלעכן אַרעסט.

זישע האָט עס מיר צוגעזאָגט, אַז גייט ער שוין טאָן וואָס איך בעט אים, — אָבער אפשר דאַרף איך מען זאָל מיר עפּעס ברענגען. יאָ, האָב איך געזאָגט, אויב מעגלעך זאָל מען מיר ברענגען אַ פאַר פונט וואורשט, עטלעכע הערינג און ברויט, נאַטירלעך, ווייל מען האָט מיר נאָך אין דער פּאָליציי קיין עסן ניט געגעבן און איך וועל זייער שפּייז סיי ווי ניט עסן.

ווען זישע איז אַוועק, איבערלאָזנדיק פונדעסטוועגן עטלעכע פון זיינע באַלעגאָלעס און טרעגער צו האַלטן אויף מיר אַן אויג, אויף ווי עס מאַכט זיך, האָבן מיינע דערוויל שטיל־געוואָרענע מיטזיצער מיט פאַרוואונדערונג געפרעגט צוליב וואָס איך האָב באַשטעלט אַזוי פיל שפּייז: קלייב איך זיך דען לאַנג זיצן דאָ? איך האָב זיי געענטפערט, אַז ניט נאָר קלייב איך זיך דאָ ניט לאַנג צו זיצן, נאָר איך בין זיכער, פאַרקערט, אַז מען וועט מיך נאָך היינט אַרויסלאָזן, ווייל כ'האָב אַרויסגערופן דעם פּראָקוראָר, און אַז ווען דער פּראָקוראָר וועט קומען, קאָנען זיי זיך אויך באַקלאָגן קעגן זייער אַרעסט און מען וועט זיי מסתמא אויך מוזן אַרויסלאָזן... וואָס איז שייך דער צאָל שפּייז וואָס איך האָב געבעטן ברענגען, איז וואָר פון זיי עס וועט וועלן וועט קאָנען עסן מיט מיר...

דאָס האָט שוין מיך געמאַכט, קאָן מען זאָגן, פאַר אַן „אייגענעם יאַט" צווישן זיי, און די געפאַר, אַז זיי וועלן מיך באַפאַלן איז פאַריבער. שפּעטער אַ ביסל, ווען דער פּאָליציי־וועכטער האָט געעפנט די טיר פון קאַמער און אַריינגעטראָגן דעם גאַנצן פּאַק שפּייז, וואָס מען האָט פאַר מיר געבראַכט, האָט חברה געקוקט אויף מיר מיט גרויס דרך ארץ, האָט געמאַכט אַ פּלאַץ אויף די נאַרעס, וואו כ'האָב אויסגעלייגט די שפּייז, האָט סטאַטעטשנע אָנ־גענומען מיין איינלאַדונג „צום טיש", און ביים עסן זיינען מיר געוואָרן גאַנצע גוטע ברידער. איך האָב, נאַטירלעך, ניט געשוויגן. כ'האָב זיי צע־פרעגט פון וואַנען איינער קומט, צי איז מען ניט קיין זעמליאַקעס, מיט וואָס יעדער פאַרנעמט זיך. ביסלעכווייז זיינען מיר איבערגעגאַנגען צו דער ביטערער לאַגע פון אַרבעטער, אַרעמעלייט, און באַזונדערס פון פּויערים; איך האָב זיי דערציילט וועגן די סטרייקס, וואָס האָבן אַרויסגערופן דעם צאַרישן מאַניפעסט, — און דער סוף איז געווען, אַז ניט נאָר האָט קיין איינער פון זיי מער ניט געזוכט צו פאַרטשעפּען זיך מיט מיר, נאָר אייניקע פון זיי האָבן אויסגעדריקט באַדויערונג, וואָס זיי האָבן דאָס אַלץ פריער ניט גע־וואוסט און זיך געלאָזט פאַרפירן און אונטערהעצן דורך דער פּאָליציי. זיי

האָבן מיר אפילו פאַרגעשלאָגן אויפצוברעכן די טיר, אָדער די פענצטער־גראַטעס, אויב איך וועל עס דאַרפן.

דערוויל, אין מיטן פון אַט די געשפּרעכן האָט מען מיך אַרויסגערופן אין מאַלינאָווסקיס פּאָליציי־אָפּיס. ער האָט שוין געוואוסט וועגן מיין פּאָ־דערונג אַרויסצורופן דעם פּראָקוראָר צו באַקלאָגן זיך אויף מיין אומ־געזעצלעכן אַרעסט אויפן גרונט פון דעם צאַרישן מאַניפעסט וועגן „אומ־באַרירלעכקייט פון פּערזאָן". עס שטעלט זיך אַרויס, אַז ער אַליין האָט שוין אויך טעלעפאָנירט צום פּראָקוראָר, פרעגנדיק וואָס ער זאָל מיט מיר טאָן, נאָר יענער האָט זיך אויסגעדרייט פון אַן ענטפער. איצט וועט ער, מאַלי־נאָווסקי, צופאָרן צום איספּראַווניק און ווי יענער וועט באַשליסן אַזוי וועט ער טאָן.

איך האָב אים אויסגעהערט מיט „קאָפּ" און דערקלערט, אַז איך וועל פונדעסטוועגן באַשטיין, אַז דער פּראָקוראָר זאָל קומען אַהער, אָדער ער זאָל מיך נעמען צום פּראָקוראָר, ווייל ער האָט ניט קיין רעכט צו האַלטן מיך אַן דעם פּראָקוראָרס באַפעל, „לויטן צאַרישן מאַניפעסט". אויב ער וויל גיין צום איספּראַווניק איז עס זיין זאַך, אָבער איך וועל צוריק אין קאַמער ניט גיין, איך וועל בלייבן וואַרטן אין אָפּיס, און אויב ער וועט מיך נאָך היינט ניט באַפרייען וועל איך אים אָנקלאָגן אין געריכט צוזאַמען מיטן איספּראַוו־ניק פאַר האַלטן מיך אומגעזעצלעך אונטער אַרעסט...

דער פּריסטאַוו איז אַוועק, איך בין פאַרבליבן אין זיין „קאַבינעט" אונטער דער וואַך פון דעמזעלביקן דיקן פּאָליסמאַן, וואָס האָט מיך געפּרוואווט אַרעסטירן, ווען איך בין אַרויסגעשפּרונגען פון פענצטער פון דעם זעלבשוץ־צענטער. איצט איז ער געווען רואיק, ניט שיכור, ניט צעווילדעוועט. ער האָט זיך, ווי עס זעט אויס, אויפמערקזאַם צוגעהערט צו מיין געשפּרעך מיט מאַלינאָווסקין, און ווען יענער איז אַוועק און איך האָב זיך צערעדט מיט אים, דערמאָנט ווי ער האָט מיר דערלאַנגט מיטן שווערד איבער דער פּלייצע, האָט ער מיך אויסגעהערט, האָט זיך איבערגעצלמט און מיך פאַרזיכערט:

— כ'שווער דיר פאַר גאָט, איז איך געדענק ניט. עפּעס אַ משוגעת האָט מיך דעמאָלט געמוזט באַפאַלן...

— און אָנגעטרונקען ביסטו אויך געווען אַביסל?

ער האָט מיר ערנסט געענטפערט:

— מסתמא, אַזעלכע זאַכן טוט מען ניט ניכטערערהייט...

צווישן „אַזעלכע זאַכן", האָט זיך פון ווייטערדיקן געשפּרעך אַרויסגע־שטעלט, האָט ער אַריינגערעכנט אויך דעם פּאָגראָם און די שוץ, וואָס די פּאָליציי האָט געגעבן די פּאָגראָמשטשיקעס...

שפּעט פאַרנאַכט האָט זיך מאַלינאָווסקי צוריקגעקערט פון זיין באַזוך ביים איספּראַווניק, און האָט מיר געזאָגט, אַז „דער איספּראַווניק — צוגעבנדיק אַ פּיינעם „מי שברך" פאַר אים — באַהאַלט זיך פון אים, ווייל אים ניט

אויפנעמען; ווייל, ווי עס זעט אויס, אַז ער, מאַלינאָווסקי, זאָל אַליין טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר מיין אַרעסט. און דער פּראָקוראָר ווייל אים אויך ניט ענטפערן ניט יאָ, ניט ניין, און זאָגט, אַז ער דאַרף נאָך שטודירן דעם מאַניפעסט. אָבער ער, מאַלינאָווסקי ווייל ניט זיין קיין כפרה־הינדל פאַר זיי. איז ווי דענקט איך, איז טאַקע לויטן צאַרישן מאַניפעסט פאַרבאָטן צו פאַרהאַלטן מיך אונטער אַרעסט?

ס'איז געווען זייער אַ „רירנדיק בילד" — וואָס רופט נאָך ביז היינט אַרויס ביי מיר אַ שמייכל, ווען איך דערמאָן זיך וועגן דעם, — צוצוזען, ווי איך און דער פּריסטאַוו האָבן זיך ביידע צוזאַמען אויפמערקזאַם גענומען לייענען דעם מאַניפעסט פון 17טן אָקטאָבער, וואו ס'איז „בפירוש" צוגעזאָגט געוואָרן די אומבאַרירלעכקייט פון פּערזאָן און אַ פאַרבאָט צו אַרעסטירן ווען עס איז אָן אַ באַשלוס פון געריכט.. דער סוף פון דעמדאָזיקן שטודיום, וואָס איז אין גרונט גענומען געווען שוין ניט מער, ווי אָן אומבאַהאָלפענער אָנשטעל פון דעם צעטומלטן פּריסטאַוו, איז געווען, אַז ער האָט מיר ענדלעך געזאָגט:

— אָט וואָס, איך ווייל ניט טראָגן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר זיי און וועל אייך דאָ מער ניט פאַרהאַלטן. איר קאָנט גיין, איר זייט פריי. אָבער אויף יעדנפאַלס ווייל איך אייך בעטן מיר לאָזן אייער אַדרעס, טאָמער דאַרף מען עפּעס...

איך האָב אים דערקלערט, אַז איך האָב איצט ניט קיין אַדרעס, און אַז ער דאַרף סיי ווי ניט מיין אַדרעס, ווייל איך קלייב זיך צו פאַרלאָזן די שטאָט.

— וואוהין?

— דאָס איז שוין מיין זאַך.

ער האָט אַ „זיסן" שמייכל געטאָן.

— גוט, דאָס איז טאַקע אפשר די בעסטע זאַך פאַר מיר און פאַר אייך.

און איך האָב באַלד נאָכדעם פאַרלאָזן זיין קאַבינעט און בין אַוועק מיט מיינע חברים, וואָס האָבן שוין געוואַרט אויף מיר אין דרויסן.

# אַ קרבן

איך האָב ניט אָפּגעגאַרט דעם פּאָליציי־פּריסטאַוו, ווען כ׳האָב אים ביים אַרויסלאָזן מיך פון אַרעסט געזאָגט, אַז איך האָב ניט קיין הויז־אַדרעס און קלייב זיך סיי ווי פאַרלאָזן די שטאָט אומאַן. איך האָב פאַר דעם געהאַט גענוג אורזאַכן: איינע אַ געזעלשאַפטלעכע, די אַנדערע — אַ פּערזענלעכע.

די פּערזענלעכע אורזאַך איז געווען זייער אַ וויכטיקע. איך בין געווען זיכער, אַז די פּאָגראָם־כוואַליע, וואָס האָט באַגלייט דעם צאַרישן מאַניפעסט פון 17טן אָקטאָבער האָט ניט אויסגעמידן אויך מיין היימשטאָט, ניקאָלאַיעוו, און דאָרטן, האָט מען געזאָגט, זיינען גראָד געווען אַ צאָל געהרגעטע און פאַרוואונדעטע. מיט מיין פאַמיליע דאָרטן האָב איך אין די שטורעמדיקע טעג ניט אָנגעהאַלטן קיין פאַרבינדונג. ניט איך האָב געהאַט צייט צו שרייבן פּערזענלעכע בריוו, ניט זיי האָבן געוואוסט וואוהין מיר צו שרייבן. איך בין, נאַטירלעך, געווען היפּש אומרואיק וועגן דעם, וואָס מיט זיי האָט פּאַסירט בעת דעם פּאָגראָם, כאָטש איך האָב געהאָפט אויף דאָס בעסטע.

פון דער אַנדער זייט האָב איך ניט נאָר געוואָלט, נאָר געמוזט וויסן, וואָס עס האָט פּאַסירט מיט איינִיקע מיינע חברים אין ניקאָלאַיעוו, וואָס זיינען אַרעסטירט געוואָרן אינמיטן זומער 1905, און זיינען, לויט ידיעות, וואָס זיינען צו מיר דערגאַנגען הינטער די טורמע־גראַטעס, אַרויסגעגעבן געוואָרן דורך אַ פּראָוואָקאַטאָר. ביי איינִיקע פון זיי האָט מען געפונען געווער, וואָס איז געווען פאַרגרייט פאַר דער זעלבשוץ און מען האָט זיי אָנגעקלאָגט לויט די געזעצן פון קריגס־צושטאַנד (וואָס האָט שטענדיק געהערשט אין ניקאָלאַיעוו, ווי אין אַ מיליטערישן האַפן) אין צוגרייטן אַ באַוואָפנטן אויפשטאַנד. פאַר דעם אָקטאָבער־מאַניפעסט האָט אַזאַ באַשולדיקונג געשמעקט אויב ניט מיט קיין טויט־אורטייל איז מיט לאַנגער, שווערער קאַטאָרגע. האָט מען עמיצן פון זיי באַפרייט נאָך דער „אָקטאָבער־אַמנעסטיע״? איך האָב וועגן דעם ניט געהערט און געמוזט וועגן דעם וויסן ספּעציעל נאָך דערפאַר, ווייל ביי איינער פון די אַרעסטירטע, בוני ווינאָקור, האָבן די זשאַנדאַרן פאַרכאַפּט דעם אַרכיוו פון דער אָרגאַניזאַציע. דאָרטן האָבן געקאָנט זיין נעמען. דאָרטן איז וואַרשיינלעך טאַקע געווען אויך מיין נאָמען. עס איז נויטיק געווען צו וויסן, וואו איך האַלט, און צי וועל איך קאָנען לעגאַל פאַרברענגען אין ניקאָלאַיעוו.

אַ זייער וויכטיקע אורזאַך פון מיין באַשלוס צו פאַרלאָזן אומאַן איז געווען אַ געזעלשאַפטלעך־פּסיכאָלאָגישע. איך האָב געפילט, אַז נאָך דעם פּאָגראָם, וואָס איז אַזוי פּלוצלינג געקומען נאָך די פרייע טעג און וועלכן

מיר האָבן ניט באַוויזן אָפּצוהאַלטן, קאָן איך מער ניט אַרויסטרעטן פאַר דעם עולם און ריידן צו אים אויף דעמזעלביקן אופן, דיזעלביקע זאַכן און מיט דערזעלביקער זיכערקייט, ווי פריער. מען דאַרף זאָגן עפּעס אַנדערש און מען דאַרף טאָן עפּעס אַנדערש. אָבער וואָס און ווי אַזוי, בין איך געווען צו אומדערפאַרן צו וויסן, און מיינע חברים אין שטאָטישן רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט האָבן געוואוסט ניט מער פון מיר, הגם מיר האָבן פאַרטראָטן עטלעכע בכבודיקע פּאַרטייען: די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי, די עס־ערן, דעם בונד און די ס.־ס. און אויב איך האָב זיך געפילט אַ היפּש ביסל צעטומלט, האָבן מיינע חברים זיך געפילט ניט בעסער און ניט פעסטער ווי איך, אייניקע — זיכער ערגער און מער צעטומלט.

אַ כאַראַקטעריסטישער און טראַגישער פאַל איז אַרויסגעשוואומען אויף איינער פון די לעצטע זיצונגען פון דעם קאָמיטעט, אין וועלכער איך האָב זיך באַטייליקט. מיר זיינען געזעסן און גערעדט ווי אויפצושטעלן די פאַרבינדונגען מיט די עטלעכע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען (יוניאָנס), וואָס זיינען ווי שוועמלעך נאָך אַ רעגן אויסגעוואַקסן אין דעם לעצטן „פרייען" חודש פאַר דעם אָקטאָבער־מאַניפעסט. די דאָזיקע פאַראיינען האָבן פאַרמולירט פאָדערונגען, דורכגעפירט סטרייקס און געהאַט צו פאַרצייכענען אַ ריי געווינסן. זיי, האָבן מיר מיט רעכט געגלויבט, זיינען די בעסטע און די נאַטירלעכסטע באַזע פאַר דער ווייטערדיקער אַרבעט. אויב מעגלעך דאַרף מען די אַרבעט צווישן זיי פירן עפנטלעך, „יאַוואָטשנים פּאָריאַדקאָם" (ניט פרעגנדיק קיין דערלויבענישן) ; אויב ניט — מוז מען זיי אָנהויבן פאַרפעסטיקן אונטערערדיש.

ס'האָט אָבער אויסגעזען, אַז די פּאָגראָם־טעג, וואָס האָבן צעטומלט אַ היפּש ביסל פון דעם עולם, האָבן אויפגעריסן די נאָך זייער שוואַכע וואָרצלען פון די יוניאָנס. ניט געקוקט אויף דעם, וואָס פאַרטרעטער פון די פיר־פינף יוניאָנס, וואָס זיינען אָרגאַניזירט געוואָרן, זיינען איינגעלאַדן געוואָרן צו דעם קאָמיטעט, האָט זיך קיינער פון זיי ניט באַוויזן. זישע „דער בלינדער", וועלכער האָט געהאָלפן אָרגאַניזירן אַ פאַראיין פון באַלעגאָלעס און טרעגער, האָט זיך יאָ באַוויזן, אָבער בלויז כדי אָנצוזאָגן אונז, אַז זיין פאַראיין איז זיך צעפאַלן צוליב גאַנץ „ספּעציעלע" אורזאַכן (ווייל אַ צאָל מיטגלידער זיינע זיינען געווען האַלב־אונטערוועלט מענטשן), און מען וועט מוזן פריער גוט דורכזיפּן די מיטגלידער ביז אַ נייער פאַראיין וועט קאָנען אָנהויבן אַרבעטן.

ביים סוף פון דער זיצונג האָב איך אַ פרעג געטאָן די חברים : וואו איז אַהינגעקומען בראַילאָווסקי ? מיר דאַכט זיך, אַז כ'האָב אים ערגעץ ניט געזען זינט דעם פּאָגראָם...

בראַילאָווסקי איז געווען אַן אינטערעסאַנטער טיפּ. איך האָב אים געקענט מיט אַ יאָר פאַר דעם, אין זומער פון 1904, ווען איך האָב אַליין שטודירט אַלס עקסטערן (איינער וואָס גרייט זיך צו מיטלשול־עקזאַמענעס אויסער דער שול) אין אומאַן און האָב „געמאַכט אַ לעבן" פון לערנען אַנדערע

עקסטערנעס, וואָס האָבן געקענט ווייניקער פאַר מיר. בראַילאָווסקי, אַ יינגל פון אַ יאָר 17, איז דעמאָלט געווען מיינער אַ שילער, — אין רוסישער לי־טעראַטור און פיזיק, — און האָט זיך, לויט מיין איינדרוק, אויסגעצייכנט דערהויפּט מיט זיין טעמפּקייט און אומפייאיקייט אויסצולערנען זיך וואָס עס איז. הגם איך האָב זיך געגוייטיקט אין די פּאָר רובל פון דער לעקציע, האָב איך זיך געמוזט אָפּזאָגן צו לערנען מיט אים און האָב געגעבן זיין מוטער אַן עצה, אַז זי זאָל אים ניט באַלעסטיקן מיט שטודירן, ווייל ער האָט דערצו ניט קיין חשק און ניט קיין פיאיקייטן.

אין מיטן סעפּטעמבער 1905, ווען מ׳האָט מיך אַרויסגעלאָזן פון טורמע, האָב איך ווידער געטראָפן בראַילאָווסקין ביי מיינע באַקאַנטע. אָבער הגם איך האָב אים ניט געזען בלויז איין יאָר, האָב איך אים לכתחילה פשוט ניט דערקענט. דאָס איז געווען אינגאַנצן אַן אַנדער מענטש, סיי אויסערלעך און נאָך מער אינערלעך. אין דעם שטורעמדיקן „אומדערשראָקענעם" יאָר 1905 האָט ער דורכגעמאַכט אַ וואונדערלעכע טראַנספאָרמאַציע, ווי פון אַ פּאַר־טריקנטער פּופּע, וואָס ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ פילקאָלירטן שמעטערלינג. זיין פּנים איז דורכגעדרונגען געוואָרן מיט עפּעס אַ דעליקאַטנער סענסי־טיווקייט. אין די אויגן האָט זיך אַנגעצונדן אַ פייערל. זיין שטים איז געוואָרן ווי דורכדרינגענדיק, און הגם ער האָט מערסטנס געשוויגן און זיך צוגעהערט צו דעם וואָס אַנדערע ריידן, האָבן די ווייניקע באַמערקונגען, וואָס ער האָט געמאַכט, ממש געצוואונגען אומצוקוקן זיך אויף אים און איבערטראַכטן וואָס ער האָט געזאָגט. אין די שטורעמדיקע טעג פון דעם אָקטאָבער־חודש האָב איך אים געזען זייער אָפט, ער האָט עפּנטלעך ניט גערעדט. נאָר ער איז אומעטום געווען אויפן אָרט, ספּעציעל ביים אָרגאַניזירן און העלפן דורכפירן די פאַרזאַמלונגען. און פּלוצלינג איז ער אויף מאָרגן נאָכן פּאָגראָם פאַר־שוואונדן.

— וואו איז בראַילאָווסקי? — האָב איך געפרעגט.

די חברים האָבן זיך איבערגעקוקט. קיינער האָט ניט געוואוסט.

— מען וואָלט געדאַרפט אַ זוך טאָן, צוגיין צו אים אַהיים, אפשר האָט מיט אים עפּעס געטראָפן...

רופט זיך אָפּ איינער פון די חברים, — דערזעלביקער, וואָס האָט אונז געמאַכט אַ היסטערישע סצענע אין דער צייט פון פּאָגראָם, — רופט ער זיך אָפּ מיט אַ דערשלאָגענער מינע, קוקנדיק אין אַ זייט:

— איך דענק, אַז ער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. ער האָט זיך דער־שאָסן.

מיר זיינען אַלע אויפגעשפּרונגען:

— וואָס הייסט ער איז באַגאַנגען זעלבסטמאָרד? פאַרוואָס? ווען? פון וואַנען ווייסטו?

דערציילט אונז דער בחור, אַז בראַילאָווסקי איז געווען זיינער אַ נאָענטער חבר און ער איז דעם לעצטן טאָג פון פּאָגראָם צוגעגאַנגען צו אים, האָט

זיך געגומען קלאָגן, אַז ער איז אַנטוישט אין זיך און אין לעבן, אַז ער פילט, אַז ער וועט קיינמאָל גאָר ניט קאָנען טאָן און אַז ער האָט באַשלאָסן צו באַגיין זעלבסטמאָרד. נאָר אים ווילט זיך ניט פאַרשאַפן קיין ווייטאָג דער מאַמען, באַגייענדיק זעלבסטמאָרד אין דער היים, אין אומאַן. האָט ער, זיין חבר, אים געגעבן אַן עצה צוצופאָרן קיין שפּאָלע. און בראַילאָווסקי האָט איב געפאָלגט. ער איז אַוועקגעפאָרן אַהין און האָט זיך דאָרטן מסתמא טאַקע דערשאָסן...

— אָבער פון וואַנען ווייסטו אַז ער האָט זיך דערשאָסן? און פאַרוואָס האָסטו אים ניט אָפּגעהאַלטן, ניט אָפּגערעדט דערפון?

אָפּריידן, שטעלט זיך אַרויס, האָט ער בראַילאָווסקין „ניט געקאָנט", ווייל ער האָט געהערט, אַז ווען אַ מענטש באַשליסט צו באַגיין זעלבסטמאָרד, איז עס אַ סימן, אַז זיין פּערזענלעכקייט איז שוין געבראָכן און ער וועט שוין סיי ווי ניט קאָנען לעבן. און אַז בראַילאָווסקי האָט זיך מסתמא דער־שאָסן ווייסט ער פון דעם, וואָס יענער האָט געהאַט מיט זיך אַ רעוואָלווער...

מיר האָבן תיכף אַוועקגעשיקט אַ מענטשן קיין שפּאָלע און אויף מאָרגן האָט ער זיך צוריקגעקערט מיט דער טרויעריקער ידיעה, אַז ס'איז טאַקע אמת: דער יינגל איז אין אַ פּאָר טעג אַרום נאָכן פּאָגראָם געקומען קיין שפּאָלע, גענומען דאָרטן אַ צימער אין אַ „האָטעל", און אין אַ שעה אַרום האָט מען דערהערט פון דאָרטן אַ שאָס. ווען מ'איז אַריין אין צימער האָט מען אים שוין געפונען אַ טויטן. דער „קלוגער" בחור, צו וועלכן ער איז געקומען אויסריידן זיך דאָס האַרץ, האָט אים געגעבן די „ריכטיקע" עצה...

פונדעסטוועגן בין איך ביז היינטיקן טאָג, ווען כ'דערמאָן זיך וועגן דעם־דאָזיקן טראַגישן פאַל, זיכער, אַז די בעריזשע „עצה" איז געווען בלויז דער לעצטער שטויס, וואָס האָט געהאָלפן בראַילאָווסקין אויספירן זיין זעלבסטמאָרד. אין דער אמתן איז ער געווען איינער פון די ערשטע צווישן אַ סך פון דער יוגנט, וואָס האָבן צוליב דעם שרעקלעכן קלאַפּ, וואָס די רעוואָלוציע האָט געכאַפּט דורך די צאַרישע פּאָגראָמען, פאַרלוירן דעם גלויבן אין דער צוקונפט.

עס זיינען געווען אַ צאָל אַזעלכע איבערסענסיטיווע מענטשן, וואָס זיינען צוליב דעם באַגאַנגען זעלבסטמאָרד. עס זיינען געווען נאָך מער אַנדערע, וואָס האָבן פאַרלוירן דעם גלויבן אין דער רעוואָלוציע און זי פאַרלאָזן, ווער מיט־אַמאָל, ווער ביסלעכווייז, ווער שטילערהייט, ווער אָפן־ציניש...

דער יונגער בראַילאָווסקי איז יעדנפאַלס געווען פונקט אַזאַ דירעקטער קרבן פון דער קאָנטער־רעוואָלוציע, וואָס האָט גענומען הויבן דעם קאָפּ, ווי ער וואָלט דערמאָרדעט געוואָרן אין דעם פּאָגראָם.

מיט עטלעכע טעג איידער כ'האָב פאַרלאָזן אומאַן האָט זיך די פּאָליציי געכאַפּט, אַז זי האָט געמאַכט אַ „טעות", אַרויסלאָזנדיק מיך און האָט מיך גענומען אַרומזוכן „ווי מיט ליכט". איך האָב זיך מער ניט געקאָנט ווייזן אויף די גאַסן בייטאָג, אָדער נעכטיקן אין איין באַשטימטן אָרט בייגאַכט.

אַ צאָל חברים זיינען אַרעסטירט געוואָרן, און ס'איז קלאָר געוואָרן, אַז איך דאַרף זיך וואָס שנעלער אָפּטראָגן. וועגן אַרויספאָרן פון אומאַן „מיט דער אַקס" האָט קיין רייד ניט געקאָנט זיין, ווייל די וועגן אַרום זיינען געווען אונטער אַ שטרענגער פּאָליציי־וואַך. אַרויספאָרן מיט דער באַן איז געווען ניט גרינגער, ווייל אַ סך באַן־באַאמטע האָבן מיך געקענט. איך האָב אָבער באַשלאָסן צו ריזיקירן.

אין דער נאַכט פון דעם אָפּפאָרן, — ס'איז געווען אַ פינצטערע, קאַלטע, רעגנדיקע נאַכט פון שפּעטן האַרבסט, — האָבן מיך מיינע חברים „אויסגעפוצט" אין אַן אָנצוג מיט אַ האַרטן פאַפּירענעם קאָלנער און, אַ שניפּס (איך פלעג שטענדיק טראָגן אַ ווייך העמדל, אַ „קאָסאָוואָראָטקע"), אַ ווייכע הוט (וועלכע כ'האָב קיינמאָל ניט געטראָגן), צוגעקלעפּט מיר אַ פּאָר דיקע שוואַרצע וואָנסעס אונטער דער נאָז, אָנגעטאָן מיר אַ פּאָר ברילן, געקויפט פאַר מיר אַ בילעט אויפן באַן און דורך זייטיקע וועגן, פּונקט איידער דער צוג האָט געדאַרפט אָפּגיין, געבראַכט מיך צו דער באַן. צוליב דעם רעגן האָבן זיך מיר די וואָנסן אָפּגעקלעפּט. דער פאַפּירענער קאָלנער איז צעווייקט געוואָרן און איך האָב אים אַוועקגעוואָרפן צוזאַמען מיטן שניפּס; די ברילן האָב איך אַראָפּגענומען ווייל כ'האָב ניט געקאָנט זען דורך די נאַסע גלעזער, און דער איינציקער „מאַסקאַראַד", וואָס איז מיר פאַרבליבן, איז געווען אויפצושטעלן דעם קאָלנער פון מיין מאַנטל און אַראָפּרוקן וואָס טיפער די הוט איבערן שטערן.

אַזוי בין איך אַריין אין וואַגאָן, פאַרקראָכן אויף אַן אויבערשטער באַנק, געלייגט זיך מיטן פּנים צו דער וואַנט און געוואַרט וואָס פון דעם וועט אַרויסקומען. די באַן האָט זיך ענדלעך גערירט און איז אַוועק. קיינער האָט מיך ניט געטשעפּעט. שפּעטער האָט אַ קאָנדוקטאָר מיר אַ טאָרע געטאָן ביי דער זייט, געבעטן אַ בילעט, איינגעקוקט זיך אַביסל אין מיר, אַ זאָג געטאָן אונטערן נאָז: „ביטשעוואָ, ביטשעוואָ", און מיך געלאָזט צורו. צי האָט ער מיך דערקענט, ווייס איך ניט, אָבער ווען מיר זיינען פאַרבייגעפאָרן די סטאַנציע כריסטינאָווקע, די ערשטע נאָך אומאַן, און קיינער האָט מיך ניט פאַרהאַלטן, איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן, אַז די געפאַר פאַרהאַלטן צו ווערן איז אַריבער.

שפּעטער מיט יאָרן האָבן מיר אומאַנער איבערגעגעבן, אַז מענטשן האָבן דערציילט, אַז זיי האָבן „אַליין געזען", ווי מ'האָט מיך אַרעסטירט. אַפילו ווי מ'האָט מיך „דערהרגעט", — אָבער, ווי האָט געזאָגט מאַרק טווען: „די קלאַנגען וועגן מיין טויט זיינען געווען שטאַרק איבערטריבן"...

אין אַ טאָג אַרום בין איך שוין געווען אין ניקאָלאַיעוו צווישן מיינע אייגענע. מיין פאַמיליע, ווי אַ סך אַנדערע, האָט געליטן פון פּאָגראָם. אָבער ס'האָט זיך אויסגעלאָזן מיט שרעק און מיט היזקות. און מיט אַזעלכע „קלייניקייטן" האָט מען זיך דעמאָלט כמעט ניט גערעכנט.

# אַ פֿאָלקסגעריכט איבער פּאָגראָמשטשיקעס

אין אָנהייב נאָוועמבער האָב איך זיך צוריקגעקערט אין מיין היימשטאָט, ניקאָלאַיעוו. אָבער הגם איך בין פֿון דאָרטן אַוועק אין פֿרילינג — אויף מיין דורכגעפֿאַלענער רייזע קיין אומאַן — ערשט מיט אַ האַלב יאָר צוריק, האָב איך די שטאָט ווי ניט דערקענט. נאַטירלעך, די גאַסן, די הייזער, די שכנים זיינען געבליבן דיזעלביקע ווי געווען. אָבער עפּעס אַ גרויסע ענדערונג איז אין דער צייט פֿאָרגעקומען אין די מענטשן, — אין מיר, נאַטירלעך, אויך. מענטשן, וועלכע כ׳האָב געקענט פֿון מיינע קינדער־יאָרן אָן, מיט וועלכע איך בין אינאיינעם געוואַקסן אויף דער שול־באַנק און אויף דער גאַס, זיינען מיר געוואָרן פֿרעמד און זיי האָבן זיך געפֿילט און געפֿירט פֿרעמד און ווי אונטער אַן אָנשטרענגונג מיט מיר; און פֿאַרקערט, מענטשן, וואָס איך האָב פֿריער קיינמאָל ניט געזען, אָדער אפֿשר געטראָפֿן זיך מיט זיי צופֿעליק, זיינען מיר איצט געוואָרן נאָענט און אייגן.

איינע פֿון די ערשטע ענדערונגען האָב איך דערפֿילט אין מיין אייגענער פֿאַמיליע. זי האָט געוואוינט ווי פֿריער אויף מאָסקעווער גאַס אין אַ קעלער־שטוב, וואו מיין פֿאָטער האָט געהאַט זיין שניידער־וואַרשטאַט. מיין פֿאָטער איז אויך פֿריער געווען זייער געזעלשאַפֿטלעך, און הגם ציוניסטיש געשטימט, האָט ער מיר אַפֿילו געהאָלפֿן אין אייניקע ריזיקאַלישע אַרבעטן פֿאַר דער זעלבשוץ. איצט אָבער האָט ער עפּעס אינגאַנצן פֿאַרלוירן דעם אינטערעס צו זיין שניידעריי. ניט געקוקט אויף דער מורא און דאָס בעטן זיך פֿון דער מאַמען, פֿלעגט ער אָפֿט פֿאַרברענגען אויף די אומצאָליקע פֿאַרזאַמלונגען און מיטינגען, וואָס פֿלעגן דעמאָלט פֿאָרקומען, און קומען אַהיים אַ צעטומלטער. מיין מוטער, ווידער, וועלכע האָט קיינמאָל ניט אַרויסגעוויזן קיין פּחדנות, איז איצט געווען איבערגעפֿילט מיט שרעק. זי האָט כסדר געטראַכט און גערעדט וועגן דעם פּאָגראָם, וואָס איז פֿאָרגעקומען („ס׳האָט דאָך נאָר געפֿעלט אַ האָר, אַז זיי זאָלן אונז אַלעמען דערהרגענען״...) און וועגן פּאָגראָמען וואָס וועלן נאָך קומען, און זי האָט זיך קיין אָרט ניט געקאָנט געפֿינען. זי האָט גערעדט, אַז מען קען דאָ ניט בלייבן זיצן, מען מוז ערגעץ אַוועקפֿאָרן, נאָר וואוהין? ניט זי האָט געוואוסט, ניט עס זיינען געווען מיטלען דערצו (וועגן אַמעריקע, ווי מאָדנע עס זאָל איצט ניט אויסזען, האָט מען אַפֿילו ניט דערמאָנט. דאָס איז דעמאָלט געווען אַ ווייטע אוממעגלעכקייט...).

מיינע יינגערע ברידערלעך און שוועסטערלעך, — זיי זיינען נאָך דעמאָלט געווען קליינוואַרג, — האָבן זיך מיט מיר אינטערעסירט אפֿשר בלויז דעם ערשטן טאָג, ווען כ׳האָב זיך צוריקגעקערט אַהיים. דערנאָך האָבן זיי

פאַרלוירן דעם אינטערעס, און ס'איז פאַרשטענדלעך פאַרוואָס: וואָס פאַר אַן אינטערעס האָבן פאַר זיי געהאַט די איבערלעבונגען אין דער אומאַנער טורמע און אפילו אין די אומאַנער פרייע טעג, ווען אַלץ אַרום זיי, אין ניקאָלאַיעוו, איז געווען אויף אַזוי פיל גרעסער און אינטערעסאַנטער און איז פאַרגעקומען פאַר זייערע אויגן און מען קען כמעט זאָגן, מיט זייער דירעקטן אָנטייל. האָט מען זיי טאַקע גאַנצענע טעג ניט געזען אין הויז און אַז זיי פלעגן זיך צונויפלויפן אַהיים פלעגט די שטוב פול ווערן מיט זייערע געשרייען וועגן די מיטינגען, וואו זיי האָבן זיך אַריינגעשטופּט, פון דעמאָנסטראַציעס, נאָך וועלכע זיי זיינען נאָכגעגאַנגען.

איין טאָג איז איינער פון דיינע ברידערלעך געקומען צולויפן מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם און האָט דערציילט, אַז אויף דער מאַרסקאַיאַ פּלאָשטשאַד (פלאָט סקווער), ניט ווייט פון דעם מאַרסקאָי־זאַוואָד (וואו מען פלעגט בויען קריגשיפן), קומט היינט פאָר אַ פאָלקס־געריכט איבער פּאָגראָמשטשיקעס. איך בין, נאַטירלעך, גלייך אַוועק אַהין.

ניקאָלאַיעוו איז דעמאָלט געווען איינער פון די גרויסע רוסלענדישע אַרבעטער־צענטערן, אין וועלכע דער גייסט פון די פרייע אָקטאָבער־טעג האָט נאָך געהערשט כמעט אין דער פולער מאָס, ניט געקוקט אויף די באַמיאונגען פון דער פּאָליציי. ניקאָלאַיעוו, וואָס איז זינט די 80ער יאָרן פון פאָריקן יאָרהונדערט געווען איינער פון די וויכטיקסטע רוסישע מיליטער־האַפנס און אַ צענטער פון מיליטערישן און פּריוואַטן שיפבוי, האָט פאַרמאָגט אַ מיליטערישן גובערנאַטאָר און אַ גראַדנאַטשאַלניק (אַ מין ספּעציעלער שטאָטישער גובערנאַטאָר) און אַ פּאָליצמייסטער און אַ פּאָלק דאָנער קאָזאַקן, און עטלעכע סקוואַדראָנען מיליטערישע מאַטראָסן, — אַ חוץ רעגולערער פּאָליציי און זשאַנדאַרמעריע. ניקאָלאַיעוו האָט אָבער אויך געהאַט אַ גרויסע אינדוסטריעלע אַרבעטערשאַפט, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום צוויי גיגאַנטישע, לויט יענע צייטן, שיפבוי־זאַוואָדן, דעם „פּראָנצוויזישן" און דעם „מאַרסקאָי", און אַ גרויסע צאָל שיף־אַרבעטער (לאָנגשאָרמען), וואָס האָבן געאַרבעט ביי די אָנלאָדונגען און אויסלאָדונגען אין דעם ניקאָלאַיעווער תבואה־האַפן. ניקאָלאַיעוו האָט אויך געהאַט אַן אַלטע טראַדיציע פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג. די אויפשטאַנדן אין דעם צאַרישן קריגס־פלאָט אויפן פּאַנצער־קרייצער „פּאָטיאָמקין" אין אָדעס און אויפן קרייצער „אָטשאַקאָוו" אין קרים האָבן געפונען גאָר אַ שטאַרקן אָפּקלאַנג אין ניקאָלאַיעוו, ווייל דידאָזיקע צוויי קריגשיפן זיינען אַרויס פון די ניקאָלאַיעווער ווערפן און אַ צאָל מאַטראָסן אויף דידאָזיקע רעוואָלוציאָנערע שיפן זיינען געווען פון ניקאָלאַיעוו און אומגעגנט.

אין „יענע טעג" האָט מען אויף ניקאָלאַיעווער גאַסן־מיטינגען, אָדער פּשוט אויף די גאַסן, אָפט געקאָנט הערן שטאָלצע אויסרופן פון אַרבעטער: „אָט די הענט האָבן געבויט דעם העלדישן „פּאָטיאָמקין"". אָדער: „אינעם „אָטשאַקאָוו" איז אַריינגעלייגט געוואָרן גענוג פון מיין בלוט און שוויס"...

דאָס איז געווען די אורזאַך, וואָס כאָטש דער צאַרישער רעגירונג איז געלונגען באַלד נאָכן אָקטאָבער־מאַניפעסט, ווען די כוואַליע פון אַלגעמיינע סטרייקס האָט זיך אָפּגעשטעלט, צו דערשטיקן, אָדער יעדנפאַלס היפּש אָרונ־טערדריקן די אָפענע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין די קלענערע שטעט, אין די ניט־אינדוסטריעלע פונקטן, האָבן די רעוואָלוציאָנערע מאַסן אין ניקאָלאַיעוו נאָך פולשטענדיק באַהערשט די גאַסן און האָבן זיך דאָרטן געפילט ווי די באַלעבאַטים.

אויפן באָדן פון אָט דעם פילן זיך אַלס באַלעבאַטים איז עס אויסגע־וואקסן די דערשיינונג, וואָס האָט זיך אַ קורצע צייט נאָך אָקטאָבער גענומען פאַרשפּרייטן איבערן לאַנד און באַקומען דעם נאָמען „פאָלקס־געריכטן״: די פאָלקס־געריכטן זיינען געווען אָפענע מאַסן־פאַרזאַמלונגען, פאַר וועלכע אַ טריבונאַל פון די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס פלעגט פאַרברענגען באַ־שולדיקע אין מסירות און שפּיאָנאַזש קעגן אַרבעטער, אין פּראָוואָקאַציעס און פּאָגראָמען. אַרויסרופן עדות, פרעגן די מאַסן וואָס עס וועט זיין זייער אורטייל און טאָקע אויפן אָרט דורכפירן דעם אורטייל. מערסטנס פלעגט דער אורטייל באַשטיין אין דער פאָדערונג, אַז דער באַשולדיקטער זאָל זיך עפנטלעך מודה זיין אין זיין פאַרברעכן, דערקלערן ווי ער איז דערצו גע־קומען, בעטן ביים פאָלק מחילה און צוזאָגן, אַז ער וועט מיט זיינע ווייטער־דיקע מעשים „לטובת דעם אַרבעטנדיקן פאָלק״ זען אויסצוקויפן זיינע זינד. עס פלעגט אויך פּאַסירן, אַז נאָך דער מחילה פלעגט אַזאַ פּאַרשוין, — ספּעציעל ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן נישטיקע פאַבריק־מוסרים, אַרויסגיין פון דעם עולם אַ צעקיילטער און צעביילטער פון די פּעטש מיט וועלכע די אַרבעטער פלעגן אים מכבד זיין ביים אַוועקלאָזן אים פון דעם פאָלקס־געריכט מיטינג.

אָבער ווען עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן פּראָפעסיאָנעלע פּראָוואָקאַטאָרן און פּאָגראָמשטשיקעס זיינען די פאָלקס־געריכטן געווען זייער שטרענג און זיי פאַרמשפּטן צו דער העכסטער שטראָף, צום טויט.

אַזאַ פאַל איז מיר אויסגעקומען בייצואוואוינען, ווען איינער פון מיינע יונגע ברידערלעך איז געקומען צולויפן אַ פּאַרסאָפּעטער אין הויז און אָנגעזאָגט, אַז אויף דער מאַרסקאַיאַ פּלאָשטשאַד קומט פאָר אַ פאָלקס־געריכט, וואו מען משפּט צוויי פּאָגראָמשטשיקעס.

איך האָב אַוועקגעאיילט אַהין און אָנגעטראָפן אַ מערקווירדיק בילד. אַן עולם פון עטלעכע טויזנט אַרבעטער פוןביידע שיפּבוי־זאַוואָדן מיט אַ היפּשן צוגעמיש פון אַנדערע שטאָט־איינוואוינער און פון פויערים פון אַרומיקע דערפער האָט אָנגעפילט דעם פּלאַץ אונטערן פרייען הימל. אינמיטן פּלאַץ, ביי עפּעס אַ מיטילערישן דענקמאָל (אַ בראָנזענער ביוסט פון עפּעס אַ יונגן פלאָטן־אָפיציר, וואָס מיר האָבן קיינמאָל ניט געוואוסט ווער ער איז געווען און פאַרוואָס מ׳האָט אים געשטעלט אַ דענקמאָל, ווייל די מעטאַלענע אותיות אויפן דענקמאָל זיינען שוין לאַנג אַראָפּגעקלאַפּט געוואָרן), — ביי אָט דעם

דענקמאָל איז געשטאַנען אַ קליינע, אָבער אַ הויכע פּלאַטפאָרמע, צונויפגעקלאַפּט פון ברעטער. אויף דער פּלאַטפאָרמע איז געשטאַנען אַ טישל, אַרומגעדעקט מיט רויטן קומאַטש, און אַרום טישל זיינען געזעסן דריי מענטשן. איינעם פון זיי האָב איך געקענט, זיין נאָמען איז געווען קאַלאַפּאַטי; דאַכט זיך אַ געוועזענער סטודענט, פון גריכישער אָפּשטאַמונג, אַ באָלשעוויק און פּאָפּולערער אָנפירער פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אין ניקאָלאַיעוו. ביי דער זייט פון טיש זיינען געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזענע קעפּ צוויי מענער. דאָס זיינען געווען די צוויי פּאָגראָמשטשיקעס, וועלכע מען האָט געמשפּט.

ווען איך האָב זיך דורכגעשטופּט נאָענטער צו דער פּלאַטפאָרם, איז שוין דער משפּט געווען געענדיקט. די באַשולדיקטע זיינען שוין אויסגעפרעגט געוואָרן און זיי האָבן זיך מודה געווען פאַרן פאָלק, אַז זיי האָבן זיך פּראָפעסיאָנעל פאַרנומען מיט פּאָגראָמען און האָבן זיך באַטייליקט אין עטלעכע פּאָגראָמען, סיי אין ניקאָלאַיעוו, סיי אין אומגעגנט.

— און וואָס דענקט איר, חברים און בירגער, זאָל מען טאָן מיט די־דאָזיקע פאַרברעכער? — האָט געפרעגט קאַלאַפּאַטי, און זיין קול האָט זיך, דאַכט זיך, דערטראָגן ביז די וויטסטע ווינקלען פון דער פּלאַשטשאַד (סקווער) איבער די קעפּ פון דעם עולם, וואָס איז געווען שטיל און ווי איינגעהאַלטן מיט דעם אָטעם.

— אַ טויט די פּאָגראָמשטשיקעס! — האָט זיך דערהערט אַ הויכע שטים אַרום דער פּלאַטפאָרמע, און באַלד איז דער געשריי אויפגעכאַפּט געוואָרן פון דעם עולם: אַ טויט די מערדער! צעשיסן ווי די הינט!

קאַלאַפּאַטי האָט ביסלעכווייז אונגעשטילט דעם עולם:

— איז דאָ פאַראַן ווער עס איז, וואָס דענקט, אַז זיי זיינער ניט שולדיק, אָדער זיי וועלן בעסער ווערן און מען זאָל זיי מוחל זיין?

אַן עלטערער אַרבעטער איז אַרויף אויף דער פּלאַטפאָרמע:

— וואָס איז דאָ צו ריידן וועגן מוחל זיין? מיר קענען זיי, זיי זיינען גזלנים געווען און גזלנים וועלן זיי פאַרבלייבן. זייט זיי מוחל היינט וועלן זיי מאָרגן הרגענען אַנדערע. אַ האָרבאַטן קאָן נאָר דער קבר אויסגלייכן. צעשיסן די אויסוואורפן!

ווידער האָט דער עולם אויפגעכאַפּט דעם געשריי:

— צעשיסן די אויסוואורפן!

די דריי ריכטער האָבן זיך אַ ווײַלע שטיל באַראַטן און דערנאָך אַ וואונק געטאָן צו אַ פּאָר „דרוזשיניקעס" (מיטגלידער פון דער אַרבעטער־מיליציע, וואָס פלעגט באַוואַכן די פאַרזאַמלונגען). עטלעכע דרוזשיניקעס האָבן ביים אַלגעמיינעם שוויַגן פון דעם עולם אַראָפּגעפירט פון דער פּלאַטפאָרמע די צוויי פאַרמשפּטע וואָס האָבן ניט געפרואווט ניט צו געבן קיין ווידערשטאַנד, ניט צו בעטן רחמנות און זיי אַוועקגעפירט ערגעץ אויף אַ זייטיקער געסל. אין עטלעכע מינוט אַרום האָט זיך דערהערט אַ שאָס פון אַ רעוואָל־

ווער, דערנאָך נאָך אַ פּאָר שאָסן און ס'איז שטיל געוואָרן. די דרוזשיניקעס האָבן זיך צוריקגעקערט אַליין און האָבן זיך אָפּגעשטעלט אַרום דער פּלאַט־פאָרמע. איינער פון זיי איז אַרויפגעגאַנגען, האָט זיך געשטעלט ביים טיש קעגן די ריכטער, האָט צוגעלייגט די האַנט צום שלייף, ווי אין אַ מיליטערישן סאַלוט און האָט מיט אַ שטייפן הויכן קול ראַפּאָרטירט:

— דער באַשלוס פון דעם פאָלקס־געריכט איז אויסגעפירט. די שונאים פון פאָלק האָבן באַקומען זייער שטראָף...

דאָסדאָזיקע בילד איז מיר אויף אייביק געבליבן אין זכרון. עס איז מיר אין די שפּעטערדיקע יאָרן אַפילו ניט איין מאָל געקומען צו חלום. איך האָב ביי דער סצענע מער ווי ווען עס איז פריער דערפילט די מאַכט און דעם שטרענגן גערעכטיקייט־געפיל פון פאָלק. אָבער צו אָט דעם געפיל האָט זיך צוגעמישט אַ געפיל פון טרויער. ס'איז ניט געווען קיין רחמנות צו די פּאָ־גראָמשטשיקעס. ס'איז עפּעס געווען אַ דריקנדיקער געפיל, אַז איך בין נאָך ניט דערוואקסן צו אַזאַ אַנטשלאָסנקייט און שטרענגקייט, און אַז די רעוואָלוציע קאָן זיין ניט נאָר פריידיק, נאָר אויך שטרענג, ווי דער טויט אַליין...

# אַ פּלאַפּלדיקער „העלד"

איך האָב אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל באַמערקט, אַז איינע פון די אורזאַכן, וואָס האָבן מיר געמאַכט אומצוקערן זיך אַהיים, קיין ניקאָלאַיעוו, נאָך די פרייע אָקטאָבער־טעג און דעם פּאָגראָם אין אומאַן, איז געווען אַן אַרעסט, וואָס איז פאָרגעקומען אין ניקאָלאַיעוו זומער־צייט, בעת איך בין „געזעסן" אין אומאַן. איך האָב זיך וועגן דעם דערוואוסט פון אַ בריוול, וואָס איז מיר דורך דער „אונטערערדישער פּאָסט" אַריבערגעשיקט געוואָרן פון ניקאָלאַיעוו, פון איינעם פון די אַרעסטירטע.

ווען איך זאָג „אונטערערדישע פּאָסט" דאַרף מען, פאַרשטייט זיך, ניט מיינען, אַז דאָס איז געווען אַ וועלכע עס איז רעגולער פונקציאָנירנדיקע אונטערערדישע אָרגאַניזאַציע. ס'איז געווען פּשוטער. אין די צאַרישע טורמעס האָט מען אין אַלע צייטן געקאָנט אַריינקריגן „צעטעלעך" און אפילו אַנדערע זאַכן און אַרויסשיקן זיי פון דאָרטן מיט דער הילף פון וועכטער, וועלכע האָבן זיך דערפאַר געלאָזן באַצאָלן און פאַר וועלכע דער עסק האָט זיך צו גוט געלוינט, אַז זיי זאָלן דידאָזיקע „פּאָסט" צעשטערן. עס פלעגט, אמת, פּאַסירן, אַז אַ וועלכער עס איז פון דידאָזיקע וועכטער איז אַ חוץ זיין „רעגולער" אַרבעט נאָך געווען אַ שפּיאָן אויך, וואָס האָט איבערגעגעבן די בריוו און צעטעלעך צו „נאַטשאַלסטווע". מיט אַזאַ ריזיקע האָט מען זיך שטענדיק געמוזט רעכענען. דערפאַר אָבער פלעגט אויך טרעפן, באַזונדערס אין 1905, אַז געוויסע וועכטער האָבן באמת סימפּאַטיזירט מיט די אַרעסטירטע, אָדער האָבן זיי באַטראַכט, ווי אַ קומענדיקע נאַטשאַלסטוואָ און זיי געווען באַהילפיק באזונדערס מיט דער „אונטערערדישער פּאָסט".

דאָס בריוועלע, וואָס כ'האָב באַקומען הינטער די גראַטעס אין זומער פון 1905, איז געווען פון דער ניקאָלאַיעווער טורמע. געשריבן האָט מיר לעאָניד. דערדאָזיקער לעאָניד, וועלכער האָט פריער, אין 1904 און אָנהייב 1905, געטאָן זייער גוטע אַרבעט אַלס אינסטרוקטאָר פון דער ניקאָלאַיעווער זעלבשוץ, איז געווען אַ ביסל אַ „מאָדנער" מענטש. אַ זון פון אַ רייכער אלמנה, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן שניט־געשעפט אין ניקאָלאַיעוו, האָט ער זיך געלערנט אין אויסלאַנד, אין אַ דייטשן פּאָליטעכניקום און האָט זיך אָנהויב 1904 צוריקגעקערט קיין ניקאָלאַיעוו, ניט פאַרענדיקנדיק זיין שטודיום. ער איז געווען עלטער פון מיר מיט אַ יאָר פינף און איך געדענק ניט, ווי ער איז אַריין אין מיין קרייז. זיין גרויסע מעלה איז געווען, וואָס ער איז געווען דרייסט כמעט ביז אומזין און ענטוזיאַסטיש אָן אַ ברעג. האָט ער זיך אונטער־גענומען עפּעס צו טאָן פאַר דער אָרגאַניזאַציע, האָט אים, דאַכט זיך, קיין

זאַך ניט געקאָנט אָפּשטעלן. זיין חסרון איז געווען, וואָס ער איז געווען אַ גרויסער באַרימער, ספּעציעל אין דער אָנוועזנקייט פון פרויען און האָט געהאַט אַזאַ לויזע צונג, אַז ס׳איז געווען געפערלעך אָנצוטרויען אים אַ סוד: ס׳וואָלט סוף־כל־סוף אויסגערונען.

לעאָנידס אומדערשראָקנקייט און ריזיקאַנטישקייט קאָן מען אַמבעסטן כאַראַקטעריזירן דורך דעם פאָלגנדיקן פאַל, וואָס איז מיט אונזביידן פּאַר־געקומען אין אָנהייב פעברואַר 1905. עס איז נויטיק געווען אַרויסצולאָזן אַ בלעטל צו דער באַפעלקערונג און אונזער גרופּע האָט שוין דעמאָלט פאַר־מאָגט אַן אייגענע, פאַרשטייט זיך, אַליין־געמאַכטע „דרוקעריי". די „דרו־קעריי" איז באַשטאַנען פון אַ טישל, וואָס איז געמאַכט געוואָרן לויט לעאָנידס צייכענונג און וואָס האָט זיך געקאָנט צונויפפלייגן ווי אַ וואַליזע, ווען מ׳האָט אַרויסגעשרויפט זיינע פיסלעך. אינעם טישל, אונטער זיין אויבערשטער דעק, האָבן זיך געפונען צוויי וואַליקעס, ווי פון אַ שרייב־מאַשינקע, — איינער האָט אויף זיך גענומען טיפּאָגראַפישע פאַרב און דער צווייטער האָט געפּרעסט פאַסן פּאַפּיר איבער דעם זאַץ. דיביידע וואַליקעס זיינען געווען פאַרבונדן צווישן זיך דורך אַ פּאָר ציין־רעדלעך מיט אַ צוגעפּעסטיקט הענטל, און ווען מען האָט געדרייט דאָס הענטל האָבן זיך די וואַליקעס „אויטאָמאַטיש" באַ־וועגט, איינער האָט באַדעקט דעם זאַץ מיט פאַרב, אַ צווייטער האָט אָפּ־געפּרעסט דאָס פּאַפּיר און ס׳איז פון אונטער דעם אַרויס אַ פּראָקלאַמאַציע. ניט געקוקט אויף דער „אויטאָמאַטישקייט" פון דערדאָזיקער „פּרעס־מאַשי־נע", האָבן אויף איר געמוזט אַרבעטן צוויי מענטשן און מ׳האָט פון איר געקאָנט אַרויסקריגן אַ פּאָר הונדערט פּראָקלאַמאַציעס אַ שעה. דער חסרון פון דער „מאַשינע" איז געווען, וואָס ביי דער אַרבעט האָט זי אַביסל גע־קלאַפּט, אָבער ווען מ׳האָט אויף איר געאַרבעט אין אַ קעלער האָט עס ניט אויסגעמאַכט.

אין יאַנואַר 1905 האָבן מיר פאַר דער „פּרעס" געפונען אַ דירה, — אַ צימער ביי אַן אלמנה, וואָס האָט געוואוינט אַליין אויף א צווייטן שטאָק איבער אַ ביר־שענק. איך האָב זיך באַזעצט אין דעם צימער, פון צייט־צו־צייט פלעגט לעאָניד אַריינקומען צו מיר און ווען די באַלעבאָסטע פלעגט ערגעץ אַוועק־גיין — געוויינלעך אויף שעהען, — פלעגן מיר „אַרבעטן" מיט דער „פּרעס".

האָט איינמאָל פּאַסירט, אַז מיר האָבן זייער נויטיק געדאַרפט אַרויסלאָזן אַ בלעטל. געווען איז עס אַ שבת־צו־נאַכטס, מיר האָבן מכבד געווען דער באַלעבאָסטע מיט אַ בילעט אין טעאַטער, וועלכן זי האָט גערן אָנגענומען און איז אַוועקגעגאַנגען, און מיר מיט לעאָנידן האָבן זיך גענומען צו דער אַרבעט. אַ צייט האָבן מיר געאַרבעט אומגעשטערט. אָבער פּלוצלינג האָבן מיר דערהערט פון גאַס געשרייען:

— פּאָליציי! פּאָליציי! גנבים!

דורכן פענצטער, וואָס איז געווען צו דער גאַס, האָבן מיר באַלד אויס־

געפונען, אַז געשריען „פּאָליציי" האָבן די באַלעבאַטים פון דער ביר־שענק, וועלכע האָן דערהערט דאָס קלאַפּן פון אונזער „מאַשין" איבער דער סטעליע און ווייסנדיק, אַז די באַלעבאָסטע איז אַוועקגעגאַנגען, האָבן זיי באַשלאָסן, אַז ניט אַנדערש, ווי גנבים האָבן זיך אַריינגעראַכן אין דער וואוינונג.

אויף זייער געשרייען איז אַלד געקומען פון ווייטנס אַ פייף פון אַ גאָ־ראָדאָוואָי און ס'איז געווען קלאָר, אַז מען מוז זיך וואָס שנעלער אָפּטראָגן, ווייל פּאָליציי וועט נעמען קלאַפּן אין אונזער טיר...

איך האָב שנעל גענומען אָפּשרויפן די פיסלעך פון טישל, גרייט אים צונויפלייגן און אַראָפּלאָזן פון אַ זייטיקן פענצטער אויף אַ שכנישן דעכל, און אַליין צו אַנטלויפן דורכן פענצטער. אָבער לעאָניד האָט מיך אָפּגעשטעלט:

— שטיי, וואַרט, אַ שאָד דאָס טישל...

און ער האָט שנעל גענומען אַראָפּוואַרפן פון זיך די קליידער, בלייבנדיק אין אונטערוועש. איך האָב אים אָנגעקוקט ווי אַ משוגענעם. דערווייל האָבן זיך אויף די טרעפּ צו דער וואוינונג שוין דערהערט שווערע טריט און מען האָט גענומען קלאַפּן אין טיר:

— עפנט! פּאָליציי!...

און גלייכצייטיק האָט זיך לעאָניד אין אונטערוועש מיט אַ צעשויבערטן קאָפּ האָר אַוועקגעלאָזט צו דער טיר, עטוואָס געעפנט זי און האָט אָנגעהויבן שיסן מיט אַזעלכע ענערגישע רוסישע „ברכות", אַז אַפילו דער אָקאָלאָ־דאָטשני נאַדזיראַטעל (פּאָליציי עלטסטער) און דער גאָראָדאָוואָי, וואָס מיט אים, און דער דוואָרניק פון הויף, וואָס איז מיט זיי מיטגעגאַנגען, האָבן געמוזט איבעראַשט ווערן און לעאָניד האָט צווישן די „ברכות" געשריען:

— וואָס איז דאָס פאַר אַ „בעזאָבראַזיע"" (סקאַנדאַל)? אַ מענטש קאָן שוין גאָר ניט גיין שלאָפן מיט וועמען ער וויל? אַ דערלויבעניש דאַרף מען אויף דעם בעטן?

און ער האָט אַזוי קונציק און נאַטירלעך אָפּגעשפּילט זיין ראָליע פון דעם אויפגערעגט מאַנסביל, אַז דער פּאָליציי איז פון זיינע פּראָטעסטן און באַזונדערס פון זיינע „ברכות" געוואָרן קלאָר, אַז זיי האָבן פאַר זיך אַן אָנ־שטענדיקן מענטשן, — האָבן זיי זיך פאַר אים אַנטשולדיקט און זיינען אַוועק. לעאָניד האָט צוריק פאַרשלאָסן די טיר און מיר זיינען ביידע אַרומגעכאַפּט געוואָרן ממש מיש אַ היסטעריע פון געלעכטער... פאַרשטייט זיך, אַז וועגן ווייטער באַנוצן דידאָזיקע „דרוקעריי" אין דעם צימער האָט שוין קיין רייד ניט געקאָנט זיין.

אָט דאָס איז געווען איינער פון לעאָנידס שטריכן. אָבער, ווי געזאָגט, איז זיין חסרון פון באַרימעריי און פּלאַפּלעריי אויך געווען זייער אַ גרויסער. און ניט נאָר פלעג איך, כאָטש אַ ייִנגערער פון אים, דאָס אים אָפּן פאָרוואַרפן, נאָר ס'זיינען געווען זאַכן אין דער אָרגאַניזאַציע, צו וועלכע מ'האָט אים בפירוש ניט צוגעלאָזן. און איינע פון די „זאַכן" איז געווען דער אַרכיוו

פון דער אָרגאַניזאַציע און דאָס געווער פון דער זעלבשוץ. וואו זיי זיינען געווען באַהאַלטן האָבן געוואוסט בלויז צוויי מענטשן פון דער אָרגאַניזאַציע, און לעאָניד איז ניט געווען איינער פון זיי.

אָבער ווען מ׳האָט מיך אַרעסטירט אין אומאַן איז לעאָניד געוואָרן איינער פון די, וועמען מען האָט אָנפאַרטרויט דעם אַדרעס פון די „זאַכן", וועלכע מיר האָבן געהאַלטן אונטער אַ שטאַבל אַלטע ברעטער אין הויף פון אַ האָלץ־סקלאַד, אין וועלכן מען האָט געקאָנט אַריבערקריכן איבער אַ ני־דעריקן פּלויט פון דעם הויף, וואו אַ חבר האָט געוואוינט. דער פּלאַץ איז געווען אַ זיכערער און ס׳איז דאָרט קיינמאָל קיין דורכפאַל ניט פאָרגעקומען. אָבער אין אַ חודש נאָך מיין פאַרלאָזן ניקאָלאַיעוו האָט דער דורכפאַל פּאַסירט.

נאָר פאָרגעקומען איז ער ניט אויפן האָלץ־סקלאַד, וואו די „זאַכן" האָבן זיך שטענדיק געפונען, נאָר אין דער וואוינונג פון מיינער אַ גוטער באַקאַנטער, בוניע ווינאָקור, אַ 16־17־יאָריקע מיידל, וואָס איז געקומען פון טאַלנע אין ניקאָלאַיעוו זיך לערנען. און פאַסירט האָט עס בלויז אין אַ פּאָר טעג אַרום נאָכדעם, ווי לעאָניד האָט געבראַכט אין איר צימער דעם אַרכיוו און דאָס קעסטל מיט רעוואָלווערן, דערקלערנדיק איר, אַז ס׳איז בלויז אויף אַ זייער קורצער צייט ביז מע וועט געפינען פאַר די זאַכן אַן אַנדער אָרט, ווייל דער פריערדיקער אָרט איז געוואָרן געפערלעך...

אין יענע צייטן וואָלט עס געווען ניט מער ווי נאַטירלעך חושד צו זיין לעאָנידן, אַז ער איז אַ פּראָוואָקאַטאָר, וואָס האָט אומיסטן אָפּגעטאָן דאָס־דאָזיקע „שטיקל אַרבעט" און האָט אַריינגעשלעפּט אין אַן אומגליק אַ יונגע מיידל, וואָס האָט אָפּילו ניט געהערט צו דער אָרגאַניזאַציע. אָבער ווי האָט מען אים געקאָנט חושד זיין, ווען ער איז אַליין אין עטלעכע טעג אַרום אַרעסטירט געוואָרן און מען האָט געשמועסט, אַז די פּראָקוראַטור קלייבט זיך פאַרפירן קעגן אים עפּעס גאָר אַ גרויסן פּראָצעס?

אָט דער לעאָניד האָט עס מיר איבערגעשיקט דורך דער „אונטערערדי־שער פּאָסט" אַ בריוול, אין וועלכן ער האָט קוים פאַרשטעלט דערציילט ווי ער האָט געפּרוּווט ראַטעווען די „זאַכן" פון אַ דורכפאַל און איז אַליין דורכגעפאַלן. וועגן בוניעס אַרעסט האָט ער דערמאָנט פאַרבייגייענדיק, ווי וועגן אַ ניט־וויכטיקער בייזאַך.

ווען איך האָב אים געענטפערט מיט אַ בריוול, אין וועלכן כ׳האָב אים פאָרגעוואָרפן, וואָס ער האָט זיך אַריינגעמישט אין אַ זאַך, אין וועלכער ער האָט זיך ניט געדאַרפט אַריינמישן און דערמיט געבראַכט אַן אומגליק ניט נאָר אויף זיך, נאָר אויך אויף אַ מענטשן, וואָס האָט צו די „זאַכן" ניט געהאַט קיין שייכות, האָט מיר לעאָניד שפּעטער צוגעשיקט אַ נייעם בריוול, אין וועלכן ער האָט פּראָטעסטירט קעגן דעם וואָס איך פּרוּוו אים לערנען, האָט מיר פאָרגעוואָרפן, אַז איך האָב אין אים שטענדיק געזען בלויז חסרונות

און האָט מיר, אגב, געמאָלדן, אַז ער געהערט שוין סיי ווי ניט צו דער־זעלביקער אָרגאַניזאַציע (ס.־ס.), וואָס איך, און אַז ער האָט אין די שמועסן און דיסקוסיעס מיט אַנדערע פּאָליטישע אַרעסטירטע אין ניקאָלאַיעווער טורמע זיך איבערצייגט, אַז זיין פּלאַץ איז... אין „בונד", וועלכן ער וועט פון איצט אָן אָפּגעבן זיין גאַנץ לעבן און אַלע זיינע פייאיקייטן און וואו זיין אַרבעט וועט אָפּגעשאַצט ווערן ווי געהעריק...

# דער סוף פון אַ פּראָוואָקאַטאָר

נאָך מיין צוריקקער קיין ניקאָלאַיעוו האָב איך זיך געטראָפן מיט לעאָנידן אויף איינעם פון די דעמאָלטיקע פאָלקס־מיטינגען. ריידן דאָרטן וועגן אונזערע ענינים איז, נאַטירלעך, געווען אוממעגלעך און ער האָט מיך איינגעלאַדן צו קומען אינדערפרי צו אים אַהיים. איך האָב זיך דערוויילע דערוואוסט פון אים, אַז ער איז שוין אַ פאַרהייראַטער מענטש, — אַ היפּשע זעלטנקייט אין יענע צייטן צווישן דער דעמאָלטיקער יוגנט, — אַז ער האָט חתונה געהאַט טאַקע מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק, אין אַ קורצער צייט נאָכדעם ווי ער איז באַפרייט געוואָרן פון טורמע, און אַז ער איז, אגב, שוין ניט נאָר ניט קיין עס־עס׳אָוועץ נאָר, קיין בונדיסט אויך ניט. אַ בונדיסט איז ער גע־וואָרן זיצנדיק אין טורמע, אָבער ווען ער איז באַפרייט געוואָרן איז ער שוין „אַריבער פון בונד״ צו דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, ווייל ער האָט זיך „איבערצייגט״, אַז קיין באַזונדערע יידישע אָרגאַניזאַציעס זיינען איצט ניט נויטיק...

אויף מאָרגן אינדערפרי בין איך געקומען אויף דעם אַדרעס, וואָס ער האָט מיר אָנגעגעבן, אין זיין וואוינונג, און האָב זיך דאָרטן אָנגעשטויסן אויף אַ סצענע, וואָס האָט מיך געפּלעפט און פּשוט פאַרשעמט. לעאָנידס וואוינונג, כאָטש ער האָט געהאַט אַ רייכע מוטער, איז באַשטאַנען פון איין גרויסן, שמוציקן צימער, אין וועלכן אַ גרויסע ברייטע בעט האָט פאַרנומען דעם אויבנאָן, און אין דער בעט זיינען געלעגן און האָבן, ווי עס זעט אויס, געפּילט זיך גאַנץ באַקוועם, לעאָניד מיט זיין יונג ווייבל מיט נאָך עפּעס אַ יונגנמאַן, וועלכן כ׳האָב ניט געקענט.

די סצענע פון דעם צימער און פון „דריי אין איין בעט״ האָט מיך אַזוי איבעררראַשט, אַז איך האָב אַ מורמל געטאָן אַן אַנטשולדיקונג און שוין געוואָלט צומאַכן די טיר הינטער זיך. אָבער לעאָניד האָט זיך הויך צע־לאַכט, ווי ער וואָלט מיך געפּאַקט ביי עפּעס אַ קאָמישער זאַך, האָט מיך אַריינגערופן צוריק, האָט מיר „פאָרגעשטעלט״ זיין יונג ווייבל, וועלכע כ׳האָב אגב אַביסל געקענט פון פריער אַלס אַ גימנאַזיסטקע, אַ זעלטן־שיין מיידל פון אַן אָרעמער פאַמיליע, אָבער מיט „רייכע״ אַפּעטיטן (וועלכע האָט צוליב דעם געהאַט אַ שלעכטן נאָמען צווישן דער יוגנט), — און זיין בעט־גאַסט, „אַן אַלטן סאָציאַל־דעמאָקראַט״, וועלכער האָט אין מיינע אויגן אויס־געזען צו זיין גאַנץ יונג.

אויף מיין פאָרשלאַג, אַז איך וועל דערווייל אַרויסגיין ביז זיי וועלן זיך אָנטאָן און איך וועל מיט אים קאָנען ריידן וואָס מיר דאַרפן, האָט לעאָניד

געקומען מאַכן שפּאַס פֿון מיר, אַז איך האָב, ווי עס זעט אויס, בורזשואַזע געוואוינהייטן און אַ בורזשואַזע מאָראַל, פֿון וועלכער אַפֿילו די רעוואָלוציע האָט מיך ניט באַפֿרייט, און אַז ער, לעאָניד, האַלט, אַז איצט זיינען נייע צייטן מיט אַ נייער מאָראַל און אמתע רעוואָלוציאָנערן דאַרפֿן ווייזן אַ ביישפּיל פֿון אַ נייעז אויפֿפֿירונג און באַציאונגען צווישן מענטשן...

און „לערנענדיק" מיך אַזוי האָט לעאָניד געלאַכט מיט גרויס הנאה, — פּונקט ווי ער וואָלט זיך נוקם געווען פֿאַר דער גאַנצער צייט, וואָס איך פֿלעג אים „לערנען מאָראַל", און זיין יונג ווייבל האָט שטיל מיטגעלאַכט מיט אים, ווי זי וואָלט אויך געזען די קאָמישקייט פֿון מיין פֿאַרוואונדערונג...

שפּעטער, ווען דער „דריילינג" איז אַרויסגעקראָכן פֿון בעט, זיך אָנגעטאָן און זיך גענומען גרייטן צו פֿרישטיק, איז מיר פּאַרט געלונגען אַרויסצופֿירן לעאָנידן אין דרויסן און האָבן מיט אים דעם געשפּרעך, צוליב וועלכן איך בין געקומען צו אים.

וועגן דעם דורכפֿאַל האָט ער מיר דערקלערט, אַז ער האָט די „זאַכן" אַרויסגענומען פֿון זייער באַהעלטעניש אויף דעם האַלץ־סקלאַד, ווייל ער האָט באַמערקט שפּיקעס אַרומדרייענדיק זיך אויף יענער גאַס, און אַז ער האָט ניט באַוויזן אַלץ אַרויסנעמען פֿון דאָרטן, ווייל ער האָט ניט געהאַט גענוג צייט פֿאַר דעם (שפּעטער האָבן מיר טאַקע אויסגעפֿונען, אַז אַ קלענער טייל פֿון אַרכיוו און פֿונ געווער איז פֿאַרבליבן וואו געווען, און אַז לעאָניד האָט עס ניט אַרויסגענומען הויפּטזאַכלעך מסתמא דערפֿאַר, ווייל ער האָט עס ניט געפֿונען).

די פֿראַגע וועגן דעם, פֿאַרוואָס ער האָט אַוועקגעטראָגן די „זאַכן" צו בוניען, וועלכע איז ניט געווען קיין מיטגליד פֿון דער אָרגאַניזאַציע און וועמען ער האָט כמעט ניט געקענט, האָט ער פֿאַרענטפֿערט מיט דעם, וואָס ערשטנס האָט ער געוואוסט, אַז זי איז מיינע אַ גוטע באַקאַנטע און ווי באַלד אַזוי מעג ער איר טרויען; און צווייטנס איז דאָס, וואָס זי איז ניט געווען קיין מיטגליד פֿון אונזער אָרגאַניזאַציע איז אין זיינע אויגן געווען אַ מעלה, ניט קיין חסרון: אַזאַ דאַרף ציען אויף זיך ווייניקער פֿאַרדאַכט, און אַפֿילו ווען זי איז דורכגעפֿאַלן איז עס אויך ניט אַזאַ פֿאַרלוסט, ווי ווען אַן „אמתער רעוואָלוציאָנער" זאָל דורכפֿאַלן. אגב, איז זי נאָך גאָר אַ יונג מיידל און מען וועט זי מסתמא סיי ווי אינגיכן אַרויסלאָזן... (דער אמת איז, אַז מען האָט זי ניט אַרויסגעלאָזן, נאָר זי האָט געהאַט איבער זיך אַ שווערן פּראָצעס, אויף וועלכן זי האָט זיך זייער גוט געהאַלטן און מען האָט זי דערנאָך פֿאַרשיקט אין אַ פֿאַרוואָרפֿענעם ווינקל פֿון צפֿון־סיביר, פֿון וואַנען זי איז ערשט אין מיטן יאָר 1908 אַנטלאָפֿן און אַוועק קיין אַמעריקע).

מיין פֿאַרוואורף קעגן דעם, וואָס ער האָט זיך דערוועגט שטעלן אַן אומשולדיקן אומפּאַרטייאישן מענטשן אין אַ געפֿאַר, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט אַ געפֿערלעכן דורכפֿאַל, האָט לעאָניד געזוכט לייכט אַוועקצומאַכן מיט

דער האַנט, ווי אַ בורזשואַזן פּאַראַזיט, פון וועלכן איך קאָן, ווי עס זעט אויס, ניט פּטור ווערן...

ווען ס'איז געקומען צו רייד וועגן די שנעלע אידעאָלאָגישע בייטונגען, וואָס ער האָט דורכגעמאַכט פאַר דעם לעצטן האַלבן יאָר, ווען ער איז פון אַן עס־עס געוואָרן אַ בונדיסט, און פון אַ בונדאָוועץ אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט, און איך האָב אים באַמערקט, אַז אַן ערנסטער מענטש מיט אויפריכטיקע איבערצייגונגען בייט ניט די פּאַרטייען, ווי הענטשקעס, איז לעאָניד אַזש רויט געוואָרן פון דער „באַליידיקונג״:

— וואָס ווילסטו דערמיט זאָגן, אַז איך קאָן ווערן אַ פּראָוואָקאַטאָר? שעם זיך ניט, זאָג...

איך האָב אים געענטפערט, אַז שעמען זיך האָב איך ניט פאַרוואָס, אַז פאַר קיין פּראָוואָקאַטאָר רעכן איך אים ניט, ווייל איך האָב פאַר דעם ניט גענוג גרונטן; אַז ווען איך וואָלט געדענקט, אַז ער איז עס, וואָלט איך וועגן דעם גערעדט ניט מיט אים, נאָר אַז זיין לייכטער שפּרינגען פון איין אידעאָלאָגישער פּאָזיציע אויף דער צווייטער, זיין שנעלער בייטן די פּאַרטייען איז אַ געפערלעכע זאַך, וואָס קאָן צו קיין גוטס ניט דערפירן.

דערמיט האָט זיך מיין „פריינטלעכע״ באַגעגעניש און געשפּרעך מיט לעאָנידן געענדיקט. אָבער דאָס איז געווען ניט אונזער לעצטע באַגעגעניש. אין עטלעכע חדשים אַרום, אין פרילינג פון 1906, האָב איך זיך מיט אים ווידער באַגעגנט. דאָס מאָל אין אָדעס, אין אַ קעלער ערגעץ אויף דער מאָל־דאָוואַנקע, איך גלויב אויף קאָמיטעטסקער, אָדער באַלגאַרסקער גאַס, וואו איך האָב זיך געדאַרפט באַטייליקן אין אַ דיסקוסיע מיט אַנאַרכיסטן, וואָס האָבן דעמאָלט אויף אַ שטיקל צייט אָנגעהויבן באַקומען אַ געוויסן איינפלוס אויף די אַנטוישטע אַרבעטער און יוגנטלעכע. געזאָלט האָט מיין אַנאַר־כיסטישער אָפּאָנענט אין דער דיסקוסיע זיין מיינער אַ באַקאַנטער אַנאַר־כיסט, חיים יעכידני, וועלכער איז געווען דעמאָלט באַקאַנט אין אָדעס אַלס אַנאַרכיסטישער טעאָרעטיקער. אָבער ווי איבערראַשט בין איך געוואָרן, ווען אַנשטאָט אים איז געקומען אויף דער דיסקוסיע... לעאָניד. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז אין די דריי־פיר חדשים, וואָס איך האָב אים ניט געזען זינט אונזער לעצטן געשפּרעך אין ניקאָלאַיעוו, האָט לעאָניד שוין ווידער באַוויזן צו בייטן זיינע „איבערצייגונגען״ און איז געוואָרן אַן אַנאַרכיסט....

כדי צו פאַרענדיקן דעם קאַפּיטל „לעאָניד״ איז נויטיק צוצוגעבן, אַז ווען לעאָניד האָט זיך בעת אונזער באַגעגעניש אין ניקאָלאַיעוו אַרויסגעכאַפּט מיט דער פראַגע צי דענק איך ניט, אַז ער איז, אָדער אַז ער וועט ווערן אַ פּראָוואָקאַטאָר, און איך האָב אים געוואָרנט קעגן די געפאַרן פון זיינע „בייטונגען״, זיינען מיר ביידע געווען זייער נאָענט צום אמת: לעאָניד איז טאַקע געוואָרן אַ פּראָוואָקאַטאָר און האָט סוף כל סוף באַצאָלט דערפאַר מיט זיין לעבן.

ווי איך האָב זיך שפּעטער דערוואוסט, איז לעאָניד פון אָדעס אינגיכן

אַוועק קיין מאָסקווע און האָט זיך דאָרטן אַריינגעדרייט אין דער מאָסקווער באָלשעוויסטישער אָרגאַניזאַציע. איך האָב אַפילו געהערט, אַז ער איז דאָרטן אין 1907 געווען אַ מיטגליד פון דעם מאָסקווער קאָמיטעט, אָדער יעדנ־פאַלס אַ טוער אין אים.

סוף 1908 האָב איך זיך פון אַן אויסלענדישער צייטונג, — איך געדענק שוין ניט צי פון אַ באָלשעוויסטישער, צי פון אַן אַנאַרכיסטישער, — דער־וואוסט, אַז לעאָניד איז עפנטלעך דערקלערט געוואָרן פאַר אַ פּראָוואָקאַטאָר, וועלכער האָט געאַרבעט פאַר דער פּאָליציי, און איז אַנטלאָפן פון מאָסקווע. פון חברים, וואָס זיינען געווען אין דער שווייץ, האָב איך זיך אין אַ צייט אַרום דערוואוסט, אַז מען האָט לעאָנידן מיט זיין פרוי געזען אין דער שווייץ, אַז דאָרטן זיינען זיי זיך צעגאַנגען, ער איז אַוועק קיין איטאַליע און זי איז געוואָרן די געליבטע פון עפּעס אַ רייכן אַרמענישן ספּעקוליאַנט.

דער לעצטער קאַפּיטל פון לעאָנידס אַוואַנטיורעס איז פאַרשריבן גע־וואָרן אין מאָסקווע סוף 1920, ווען לעאָניד, וואָס האָט שוין באַוויזן צו פאַר־ברענגען בעת דער ערשטער וועלט־מלחמה אַ שטיקל צייט אין ניו־יאָרק, האָט באַשלאָסן צוריקצוקערן זיך אין סאָוועט־רוסלאַנד, האָפנדיק, ווי עס זעט אויס, אַז מען האָט שוין דאָרטן פאַרגעסן וועגן אים, אָדער ס'איז ניט פאַר־בליבן קיינער, ווער עס זאָל זיך וועגן אים דערמאָנען און אים דערקענען. ער האָט אָבער געמאַכט אַ פאַטאַלן טעות: באַזוכנדיק איינמאָל אַ געריכט־זיצונג אין מאָסקווע איז ער דאָרטן דערקענט געוואָרן פון אַ ריכטער, אַ געוועזענעם מיטגליד פון מאָסקווער באָלשעוויסטישן קאָמיטעט, וועלכן ער האָט אין 1907 אַרויסגעגעבן דער פּאָליציי. ער איז באַלד טאַקע אויפן אָרט אַרעסטירט געוואָרן, איז געשטעלט געוואָרן פאַרן געריכט און איז אַלס צאַריש־פּאָליצייאישער פּראָוואָקאַטאָר פאַרמשפּט געוואָרן צום טויט. אַ גאַנץ גענויער באַריכט וועגן זיין טויט איז געדרוקט געוואָרן אין „פּראַוודאַ“ פון יענער צייט.

אָט אַזוי האָט לעאָניד פאַרענדיקט זיין לעבן: אָנגעהויבן אַלס דרייסטער רעוואָלוציאָנער און געענדיקט מיטן שענדלעכן טויט פון אַ פּראָוואָקאַטאָר. איך האָב אָפט געטראַכט און קיינמאָל ניט געקאָנט פאַרשטיין וואָס האָט אים געטריבן צו אַזאַ סוף. פּחדנות? איך האָב אים ניט געקענט פאַר אַ פּחדן. געלט? ער האָט זיך ניט גענויטיקט אין די „דרייסיק זילבערשטיק“ פון אַ שפּיאָן־פּראָוואָקאַטאָר. פיליכט ליגט די דערקלערונג אין דעם, וואָס ער איז אין עצם געווען אַן אַוואַנטיוריסט, וואָס ניט זיין צונג האָט געפאָלגט אים, נאָר ער האָט געפאָלגט זיין צונג, און זיין אומפאַראַנטוואָרטלעכע צונג האָט אים דערפירט ביז פּראָוואָקאַציע און ביז דעם פאַרדינטן סוף פון אַ פּראָ־וואָקאַטאָר.

# אָדעס און די אָדעסיטן

סוף נאָוועמבער 1905 האָב איך ווידער פאַרלאָזן מיין היימשטאָט, ניקאָ־לאַיעוו, — אפשר האָט דאָ געשפּילט אַ שטיקל ראָלע דאָס, וואָס „קיינער קאָן ניט זיין קיין נביא אין זיין אייגענער שטאָט״? — און בין אַוועק קיין אָדעס..

אָדעס מיט ניקאָלאַיעוו זיינען שטענדיק געווען ווי אַ שטוב מיט אַ קאַמער. הגם אין יענער צייט, מיט 50 יאָר צוריק, איז נאָך צווישן דיביידע שטעט ניט געגאַנגען קיין באַן, האָט אָבער צווישן זיי עקזיסטירט אַ גוטע שיף־פאַרבינדונג. אין איין נאַכט, אָדער אין איין טאָג האָט מען גע־גרייכט פון איין שטאָט אין דער צווייטער. אָפטמאָל פלעגט מען נאָך, פאַרן יאָר 1905, פאָרן פון ניקאָלאַיעוו קיין אָדעס און צוריק ניט דערפאַר, ווייל מען האָט דאָרט עפּעס געדאַרפט, נאָר פשוט, כדי דורכצופאָרן זיך, ספּעציעל פרילינג־צייט, ווען עס פלעגט זיך אָנהויבן די יערלעכע קאָנקורענץ צווישן די צוויי שיף־ליניעס, וואָס זיינען געגאַנגען צווישן די צוויי שטעט. אין דער קאָנקורענץ פלעגט איין שיף נעמען רעכענען ביליקער ווי די צווייטע און ס'פלעגט דערגיין אַזוי ווייט, אַז מען האָט געקאָנט צופאָרן פון ניקאָלאַיעוו קיין אָדעס, אָדער צוריק פאַר דעם פּרייז פון בלויז 10 קאָפּיקעס, באַקומענדיק אַ חוץ דער רייזע (אויפן אויבערדעק, פאַרשטייט זיך) נאָך אַ „פראַנזאָליע״ (אַ ווייסע „איטאַליענישע״ בולקע).

בכלל פלעגט מען פון ניקאָלאַיעוו — און פון אַנדערע שטעט פון אוקראַינע און מערב־רוסלאַנד — אַ סך אָפטער פאָרן קיין אָדעס, איידער פון אָדעס אין אַנדערע שטעט. די אורזאַך איז געווען, וואָס אָדעס האָט „געהאַט אַ נאָמען״, און איז אין אַ סך פּרטים געווען אַן אויסנאַם צווישן אַנדערע שטעט. ביי די אָדעסער אַליין האָט זייער שטאָט געהאַט אַ היימישן נאָמען: „אָדעסאַ־מאַמאַ״. אין דער רוסישער ליטעראַטור, אָנהויבנדיק נאָך פון פּושקינס צייטן, האָט אָדעס געהייסן „קראַסאַוויצאַ אָדעסאַ״, אָדער „יוזשנאַיאַ פּאַלמיראַ״ (פאַר־וואָס „פּאַלמיראַ״, ווייס איך ניט גענוי, אָבער געזאָלט האָט עס, יעדנפאַלס, זיין אַ גרויסער קאָמפּלימענט דער שטאָט).

אַפילו די אָדעסער איינוואוינער גופא האָבן זיך מיט עפּעס — מיט זייער גאַנג, מיט זייער באַנעמען זיך, מיט זייער קליידונג און אַפילו מיט זייער שפּראַך און „לייכטקייט״ אויסגעצייכנט פון די איינוואוינער פון אַנדערע שטעט. עס וואָלט קיינעם, למשל, ניט איינגעפאַלן צו כאַראַקטעריזירן עמיצן אַלס ניקאָלאַיעווער, אָדער כערסאָנער, צי יעקאַטערינאָסלאַווער, אָדער כאַר־קאָווער. אָבער ווען מען האָט אויף עמיצן געזאָגט, אַז ער איז אַן „אָדעסיט״

איז עס באַטראַכט געוואָרן ווי אַ קלאָרע כאַראַקטעריסטיק. און ווען מען האָט אויף אַ פרוי געזאָגט, אַז זי איז „אַן אמתע אָדעסיטקע”, איז דאָס געווײנלעך געווען אַ קאָמפּלימענט איר אויסערלעכן אויסזען, קליידונג און האַלטונג צוזאַמען מיט אַן אָנצוהערעניש, אַז זי האַלט, אַז „וועגן מאָרגן זאָל זיך גאָט זאָרגן”...

ווען יידן אין אַנדערע שטעט האָבן געוואָלט זאָגן, אַז עמיצן לעבט זיך גוט, אז אים פעלט גאָרניט, פלעגט מען זאָגן, אַז אים לעבט זיך ווי גאָט אין אָדעס, — כאָטש איין גאָט ווייסט דעם אמת, אַז אים (גאָט, הייסט עס) האָט זיך אין אָדעס געלעבט ניט בעסער, ווי אין אַ וועלכער עס איז אַנדער שטאָט, — סיידן אפשר, וואָס אָדעסיטן האָבן זיך געווײנלעך ניט אויסגעצייכנט מיט זייער פרומקייט און האָבן אים ניט צופיל „מאָראָטשעט דעם קאָפּ” מיט תפילות און בקשות.

אין וואָס איז געלעגן די ספּעציעלע צוציִאונג־קראַפט פון אָדעס? איך גלויב, אַז די שטאָט האָט געהאַט אַ סך געמיינשאַפטלעכעס מיט... ניו יאָרק. קודם כל איז דאָס געווען אַ וויכטיקער, דער וויכטיקסטער רוסלענדישער האַנדלס־פּאָרט אויפן שוואַרצן ים, — אַ שטאָט, וואו ס'האָט שטענדיק געקאָכט מיט פאַרשיידענע געשעפטן און געשעפטלעך, כשרע און ניט אַזעלכע כשרע, און וואו מ'האָט געקאָנט האָפן צו „פאַרדינען אַ קערבל” לייכטער, ווי אין די היימישע שטעט און שטעטלעך.

צווייטנס, איז אָדעס געווען אַן „אָנגעפּאָרענע” שטאָט, — אַ שטאָט פון אַ סך נאַציאָנאַליטעטן, — רוסן, אוקראַינער, יידן, גריכן, טערקן, דייטשן, רומעניער, — פון אַ סך אָנגעפּאָרענע מענטשן. קיינער האָט ניט אַריינגעקוקט וואָס אין יענעמס טעפּל קאָכט זיך, און קיינער האָט קיינעם ניט בודק געווען די כשרות פון זיינע ציצות. מענטשן, וואָס האָבן דערפילט אַ חשק אַראָפּצוואַרפן פון זיך דעם געירשנטן היימישן יאָך — דעם רעליגיעזן, ווי דעם געשעפטלעכן, — זיינען געפאָרן קיין אָדעס. אפילו שלום־עליכמס מנחם־מענדל, ווייסן מיר דאָך, איז אויך געפאָרן כאַפּן גליקן אין אָדעס.

און צו דעם אַלעמען איז אָדעס טאַקע געווען אַ שיינע, „גרויסשטאָטישע” שטאָט, פריי פון דעם פאַרשימלטן פּראָווינציאַליזם פון ס'רוב אַמאָליקע רוסישע שטעט און שטעטלעך. די שטאָט איז געלעגן אויפן דרומדיקן ברעג פון אוקראַינע, ביים שוואַרצן ים, האָט פאַרמאָגט פּאַרקן, טעאַטערס (ניט איינעם, נאָר עטלעכע, אַפילו אַן אָפּערע־טעאַטער), פּראָספּעקטן, פליאַזשן (ביטשעס), לימאַנען, אַן אוניווערזיטעט און אַ סך שטודירנדיקע יוגנט. מיט איין וואָרט: אָדעס האָט געהאַט אַ שטאַרקע צוציִאונגס־קראַפט, און פאַרן קיין אָדעס איז געווען נאַטירלעכער, ווי אַוועקפאָרן פון אָדעס.

אַ חוץ דעם אַלעמען האָט אָדעס פאַר דער יוגנט פון יענער צייט געהאַט נאָך אַ ספּעציעלע מעלה: זי איז געווען אַ שטאָט מיט שטאַרקע רעוואָלוציאָנערע טראַדיציעס. די דאָזיקע טראַדיציעס האָבן זיך געצויגן נאָך פון אָנהייב פון 19טן יאָרהונדערט, פון פּושקינס צייטן (ער איז געווען פאַרשיקט

אַהין), פון דער צייט פון די דעקאַבריסטן און שפּעטער פון דער „נאַראָדנאַיאַ וואָליאַ" ביז דעם פּאָטיאָמקין־אויפשטאַנד פון 1905. אין אָדעס זיינען שטענדיק געווען רעוואָלוציאָנערע גרופּעס און קרייזלעך, מען האָט דאָרטן שטענדיק געקאָנט קריגן אונטערערדישע ליטעראַטור, — מיט איין וואָרט, אָדעס האָט געצויגן צו זיך די דעמאָלטיקע יוגנט, ספּעציעל די יידישע, פון די אוקראַינער שטעט און שטעטלעך, ווי אַ מאַגנעט.

פאַר מיר אַליין איז שוין אָדעס ניט געווען קיין גאָר אומבאַקאַנטע מדינה. דעם ערשטן מאָל האָב איך באַזוכט אָדעס נאָך אין זומער פון 1900, ווען כ'האָב צוזאַמען מיט מייז חבר סאַולן (בראָן) פּעסט אָפּגעמאַכט ביי זיך, אַז מיר מוזן זיך אַריבערכאַפּן קיין... דרום־אַפריקע. פאַרוואָס עפּעס קיין דרום־אַפריקע? ווייל ס'איז גראַד דעמאָלט פאָרגעקומען די אַנגלאָ־בורישע מלחמה; די גאַנצע רוסישע פּרעסע (און דאַכט זיך אַפילו די רעגי־רונג) האָט דעמאָלט זייער שטאַרק סימפּאַטיזירט מיט דער שוואַכער בורישער רעפּובליק, טראַנסוואַאַל, קעגן דעם „פאַררעטערישן אַלביאָן" (ענגלאַנד); די שפּיל־מאַשינעס אין יעדן טראַקטיר און די שאַרמאַנקעס אויף די גאַסן האָבן מיט גרויס געפיל געשפּילט דעם ניגון: „טראַנסוואַאַל, מיין טראַנסוואַאַל", די צייטונגען פלעגן דרוקן באַריכטן וועגן די העלדישקייטן פון די בורן און פּאָרטרעטן פון זייערע פירער, פּרעזידענט קרוגערן, קאַפּיטאַן סמוטסן (דער שפּעטערדיקער ענגלישער פעלדמאַרשאַל, יאַן סמוטס), קאַפּיטאַן דעוועי (דיואי?), גענעראַל באָטאַ און נאָך אַזעלכע העלדן. מיט איין וואָרט, וואָס איז דאָ לאַנג צו ברייען? איך מיט מיין חבר סאַול האָבן באַשלאָסן, אַז ס'איז די העכסטע צייט, אַז מיר זאָלן עפּעס טאָן צו העלפן די בורן אין זייער מלחמה קעגן ענגלאַנד. אָבער כדי צו העלפן זיי האָבן מיר, נאַטירלעך, פריער געדאַרפט זיך דערקלייבן קיין דרום־אַפריקע. און ווי האָט מען געקאָנט גרייכן קיין דרום־אַפריקע אויב ניט מיט אַ שיף, וואָס גייט (וואָס דאַרף, הייסט עס, גיין) פון אָדעס?

דאָס וואָס מיר האָבן ניט קיין געלט צו קויפן בילעטן אויף אַזאַ שיף האָט אונז ווייניק באַאומרואיקט: וועלן מיר זיך אַרויפכאַפּן אויף אַ שיף אָן בילעטן און וועלן אויפן ים אָפּאַרבעטן פאַר אונזערע רייזע־הוצאות (מיר האָבן וועגן אַזעלכע מעגלעכקייטן געלייענט ערגעץ אין אַ ביכל).

הכלל, געזאָגט און געטאָן. מיר האָבן אויסגענוצט די „קאָנקורענץ" צווישן צוויי שיפן, געקראָגן ערגעץ אַ רובל „מזומנים", אַריבערגעפאָרן אין איין נאַכט פאַר 20 קאָפּיקעס קיין אָדעס און האָבן זיך צוויי טעג אַרומגעדרייט איבער דער שטאָט און אַרומגעשמעקט אין האַפן אַרום די פאַרשיידענע שיפן, כדי אויסצוגעפינען אַ שיף, וואָס זאָל גיין קיין דרום אַפריקע. מיר האָבן אָבער אַזאַ שיף ניט געפונען, און נאָכדעם ווי מיר זיינען אָפּגעשלאָפן אַ נאַכט אין אַלעקסאַנדראָווער פּאַרק, האָבן מיר געהאַט ווייניק חשק צו שלאָפן דאָרטן נאָך אַ נאַכט. דערצו נאָך האָט זיך אונז אָנגעהויבן בענקען אַהיים (מיר זיינען דעם ערשטן מאָל אין אונזער לעבן אַרויס אַזוי ווייט פון דער היים).

מיר האָבן זיך געכאַפּט, אַז טאַטע־מאַמע וועלן ניט וויסן וואָס איבערצו־טראַכטן וועגן אונז און ס׳איז אויף זיי אַ רחמנות. הכלל: צום אָונט פון דעם צווייטן טאָג האָבן מיר אויסגעקירעוועט דעם דישל און האָבן פאַר די פאַרבליבענע צוואַנציק קאָפּיקעס זיך צוריקגעקערט קיין ניקאָלאַיעוו.

וואָס מיר האָבן אין־דערהיים דערקלערט וועגן אונזער פּלוצלינגדיקער רייזע קיין אָדעס, געדענק איך שוין ניט, פּונקט ווי איך געדענק ניט, וואָס מיינע עלטערן האָבן מיר „דערקלערט" — יעדנפאַלס איז די דערקלערונג ניט געווען אַזאַ „שטאַרקע", אַז איך זאָל זי לאַנג געדענקען, און אַזוי ווי די מלחמה אין דרום־אַפריקע האָט זיך אינגיכן געענדיקט, איז אונזער געוויסן געבליבן ריין: מיר, פון אונזער זייט, זיינען דאָך געווען גרייט צו העלפן...

אַ צווייטן מאָל, איך גלויב אין אַ יאָר אַרום, האָב איך ווידער באַזוכט אָדעס, — דאָס מאָל שוין צוזאַמען מיט מיין פאָטער, וועלכער האָט אויך געוואָלט אויסנוצן די שיף־קאָנקורענץ, כדי אָנצוקוקן אָדעס. דאָס מאָל האָב איך זיך אונטערגענומען צו זיין מיין פאָטערס פירער, ווייל אין די צוויי טעג, וואָס איך מיט מיין חבר האָבן צום ערשטן מאָל באַזוכט אָדעס, האָבן מיר זי גאַנץ גענוי אויסגעפאָרשט, יעדנפאַלס אירע שענערע צענטראַלע טיילן און דעם האַפן.

כ׳דערמאָן זיך דעם פריען פרימאָרגן, ווען מיין פאָטער מיט מיר זיינען אַראָפּ פון שיף אין אָדעסער האַפן און זיך געלאָזט גיין צו די ברייטע, הויכע שטיינערנע טרעפּ, וואָס פירן פון האַפן אין שטאָט. אויפן גרויסן פּלאַץ פאַר די טרעפּ איז נאָך כמעט קיינער ניט געווען. פּלוצלינג הערן מיר, ווי עמיצער שרייט און רופט. מיר קוקן זיך אום, ערשט אַ מענטש לויפט הענדום־פּענדום צו אונז און מאַכט מיט די הענט מיר זאָלן אים אָפּוואַרטן. ווער קאָן עס זיין און פון וואַנען קען ער אונז?

דער מענטש, — עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָס איז אַ באָסיאַק (אַ באָרוועסער פאַרשוין) — איז אָן אָטעם צוגעלאָפן צו אונז און אַ בעט געטאָן ביי מיין פאָטער:

— גיט אַ פּאַפּיראָסל...

מיין פאָטער האָט ניט גערויכערט און האָט געענטפערט, אַז ער האָט ניט קיין פּאַפּיראָסן.

— זיכער?

— אוודאי זיכער, איך רויכער ניט.

— בעסער וואָלט געווען — האָט דער באָסיאַק געזאָגט מיט אַ געמאַכטער ערנסטקייט, — איר זאָלט מיר יאָ געבן אַ פּאַפּיראָס, וואָרעם אויב ניט — און דאָ האָט ער זיך גוטמוטיק צעלאַכט, — אויב ניט וועל איך מוזן רויכערן מיינע אייגענע און זיי טויגן אויף כפּרות...

דער באָסיאַק איז געווען אַ „טיפּישער אָדעסיט", אַן אָדעסער „לייכטער לונג און לעבער"...

# אויף דער מאָלדאַוואַנקע

ביז אָדעס בין איך געווען אין אַ געוויסן זינען אַ „פרייער פויגל״.

איך האָב זיך שוין, אמת, באַטייליקט און בין געווען אַקטיוו אין זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציעס, אין אָרגאַניזאַציעס פון ס״ס (ציוניסטן־סאָציאַליסטן) אין ני־קאָלאַיעוו און אין אומאַן, — אָבער אַזוי ווי איך האָב זיי אַליין אָרגאַניזירט, איז ביי מיר געווען אַ געפיל, אַז איך פיר אָן מיט זיי, ניט זיי מיט מיר. ערשט אין אָדעס, וואוהי״ן איך בין געקומען סוף נאָוועמבער 1905 האָב איך אָנגעהויבן דערפילן, אַז איך געהער צו אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס קאָן האָבן איבער מיר אַ דעה און מיר אָנווייזן וואָס צו טאָן.

די ערשטע זאַך, וואָס כ׳האָב געטראַכט אָנקומענדיק קיין אָדעס איז געווען צו קריגן אַ צימער. נאַטירלעכער וואָלט אוודאי געווען, אַז איך זאָל זיך קודם כל שטעלן אין פאַר׳בינדונג מיט דער אָרגאַניזאַציע און זען אויף וויפיל אירע פלענער שטימען מיט מיינע, צי וויל זי מיך אין אָדעס, צי דאַרף זי מיך אין אַן אַנדער פלאַץ. אָבער, ווי געזאָגט, די אָרגאַניזאַציאָנעלע געוואוינהייטן און דיסציפלין זיינען נאָך געווען גאַנץ שוואַכע, מיינע „העלדישע טעג״ אין אומאַן האָב איך נאָך ניט פאַרגעסן און דעריבער האָב איך קודם כל פאַר זיך אַליין באַשלאָסן, אַז איך פאַרבלייב אין אָדעס און מיין ערשטער שריט איז געווען צו קריגן אַ צימער.

קריגן אַ צימער, און אפילו דעם בעסטן צימער, איז אין דער גרויסער אָדעס געווען ניט שווער. מען האָט דערצו בלויז געדאַרפט האָבן אַ קליי־ניקייט: געלט, און קיין געלט, אַחוץ ווינציקע עטלעכע רובל, האָב איך ניט געהאַט. האָב איך זיך, נאַטירלעך, אָוועקגעלאָזן זוכן אַ צימער אין אַזאַ פלאַץ, וואו מיינע פאַר רובל זאָלן מיך ניט פאַרשעמען. אַזאַ פלאַץ איז געווען די באַרימטע אָדעסער מאָלדאַוואַנקע.

מאָלדאַוואַנקע איז געווען דער אָרעמסטער טייל פון אָדעס, אַן אָרט פון אַלטע הייזער, שמוציקע, קרומע גאַסן און אָרעמע מענטשן, — באַלמעלאָכעס, קרעמער, באַלעגאָלעס, גלאַט ווינט־מענטשן און אַ היפּשע צאָל אונטערוועלט־פאַרשוינען. אין דערזעלביקער צייט איז דאָס געווען דער יידישסטער טייל פון אָדעס. אין אַנדערע „בעסערע״ טיילן פון אָדעס האָט מען אויף די גאַסן געוויינלעך גערעדט רוסיש, אפילו יידישע אַרבעטער האָבן דאָרטן ליבער גע־רעדט רוסיש, איידער יידיש, און בלויז די וואָס האָבן זיך שוין בשום אופן ניט געקאָנט ספּראַווען מיט זייער ביסל רוסיש, האָבן געבראָכן זייערע ציין אויף יידיש, — אויף דעם באַרימטן „אָדעסער יידיש״, וואָס איז געווען „האַלב דייטש, פּאָלאָווינאַ רייסיש״ און וואָס איז וואַרשיינלעך געווען אַן עלטער־

זיידע פון דעם ייִדיש, וואָס אונזערע אַמעריקאַנער קינדער גיבן אַ שיס אַרויס, ווען זיי געפינען פאַר נויטיק אויסצונוצן זייער ביסל ייִדיש־קענטעניש.

אויף דער מאָלדאַוואַנקע, אָבער, שטייט איך זיך אָן, איז דער גרעסטער טייל פון דער ייִדישער באַפעלקערונג געווען אַן אָנגעפּאָרענער, אַ קליין־שטעטלדיקער, דערהויפּט פון בעסאַראַביע, אָבער אויך פון פאַרשיידענע אוקראַיִנער און אַפילו ליטווישע און פוילישע שטעטלעך. האָבן די מאָלדאַ־וואַנקער ייִדן ניט נאָר אָפּמער און אָפענער גערעדט ייִדיש, נאָר זייער ייִדיש איז אויך געווען אַ בעסערער, ווי אין די אַנדערע טיילן פון אָדעס. אויף מאָלדאַוואַנקע האָבן זיך געפונען אַ סך ייִדישע אַנשטאַלטן, תלמוד תורהס, ייִדישע טעאַטערס און אויפן סאַמע שפּיץ פון מאָלדאַוואַנקע, דאָרטן וואו איר „גרעניץ״־גאַס, קלייז־אַרנאַוטסקאַיאַ האָט זיך געקרייצט מיט די שענערע גאַסן פון שטאָט האָבן זיך געפונען צוויי באַרימטע אַנשטאַלטן: דער אָדעסער טאָלטשאָק און דער ייִדישער שפּיטאָל.

דער טאָלטשאָק, וואָס האָט פון גאַנץ פרי ביז ביינאַכט געקאָכט ווי אַ קעסל און איז איבערגעפּילט געווען מיט קויפער און פאַרקויפער, האָט געהאַט צו טאָן דערהויפּט מיטן אָרעמסטן פאַרקויפער און דעם אָרעמסטן קויפער. דאָרטן האָט מען פאַרקויפט פון האַנט אָדער פון רעדניעס (שמאַטעס) אויף דר׳ערד געניצטע זאַכן, זאַכן וואָס מען קאָן זיך בשום אופן ניט פאָרשטעלן אויף וואָס מען קאָן זיי נוצן, געגנבעטע זאַכן, „געפּעיקטע״ כלומרשט־זאַכן, און פשוטע שמאַטעס; דאָרטן זיינען געווען קליינע הילצערנע ביידלעך, וואָס האָבן פאַרקויפט טאַנדעט־קליידער, געשלעפּט אַהין מיט גוואַלד פאַרבייגייענ־דיקע קונים און דערנאָך געגוואַלטעוועט ביז צום הימל אַלס ענטפער אויף די גוואַלדן פון אָפּגענאַרטע קונים.

דאָרטן האָט מען צווישן דעם געדיכטן עולם פאַרקויפט פון שטעלעכלעך און האַנט־טאַצן פאַרשיידענע מינים ביליקע שפּייז, וואָס איין גאָט ווייסט פון וואָס זיי זיינען געמאַכט געוואָרן און ווי מענטשן, וואָס האָבן זיי געגעסן, זיינען געבליבן לעבן. איין אָוונט, ווען דער טאָג־האַנדל פלעגט אַראָפּ, איז דער טאָלטשאָק אַריבער אין די הענט פון די גאַסן־פרויען, וואָס האָבן געשלעפּט „קאָסטאָמערס״״ פאַר די אַרבל און האָבן זיך הויך געקריגט צוליב זיי מיט זייערע קאָנקורענטקעס.

מיט איין וואָרט, ס׳איז שוין געווען איין מאָל אַ טאָלטשאָק, — אַ מאַרק פון אָרעמקייט, וואָס איז געוואָרן אַ שם דבר איבער גאַנץ אוקראַיִנע. ווען מען האָט וואו עס איז געזאָגט דאָס וואָרט „טאָלטשאָק״ האָט מען שוין געוואוסט, אַז קיין גליקן קאָן מען פון אַזוינס ניט דערוואַרטן.

און צו די אַלע מעלות פון דעם אָדעסער טאָלטשאָק, וואָס איז סיי בטאָג, סיי ביינאַכט געווען ווי אַ מין פאָדער־צימער צום גיהנום, האָט זיך אין יענער צייט, ווען איך בין געקומען קיין אָדעס אויף קליין־אַרנאַוטסקע, אַנטקעגן דעם סאַמע טאָלטשאָק באַזעצט דער „סאַיוז איסטינאָ־רוסקיך ליודעי״ („פאַרבאַנד פון עכט־רוסישע מענטשן״), אַן אָרגאַניזאַציע פון פאָליציייאיש־אָרגאַניזירטע

און געשטיצטע כוליגאַנעס און פּאָגראָמשטשיקעס, פון דיזעלביקע, וואָס האָבן דורכגעפירט באַלד נאָך דעם אָקטאָבער־מאַניפעסט אין 1905 דעם שרעקלעכן יידישן פּאָגראָם אין אָדעס, וואָס האָט אָפּגעקאָסט צענדליקער געהרגעטע און הונדערטער פאַרוואונדעטע. דידאָזיקע פיינע אָרגאַניזאַציע האָט געעפנט אירע אַ גרויסע „טשאַינע" (אַ טיי־הויז, אַ ביליקן רעסטאָראַן) סאַמע אַנטקעגן טאַלטשאָק. דער פּלאַץ איז שטענדיק פול געווען מיט אונ־טערוועלט־מענטשן, כוליגאַנעס, מעסער־העלדן. יידן וואָס האָבן געמוזט דורכגיין די גאַס פלעגן אויסמיידן צו גיין איבערן טראָטואַר פאַרביי דער „טשאַינע", נאָר זיי פלעגן אַראָפּגיין אינמיטן גאַס, אָדער אויף דער אַנדער זייט פון טאַלטשאָק.

און ניט ווייט פון טאַלטשאָק, ווי געזאָגט, האָט זיך געפונען דער באַ־וואוסטער אָדעסער יידישער שפּיטאָל. דאָס איז, וואַרשיינלעך, געווען דער גרעסטער יידישער שפּיטאָל אין גאַנץ אוקראַינע, אויב ניט אין גאַנץ רוס־לאַנד. די גאַס אַרום אים און דער גרויסער הויף אינעווייניק איז שטענדיק געווען פאַרפּליצט מיט יידישער אָרעמשאַפט, וואָס איז געקומען געוואויר־ווערן קראַנקע קרובים, אָדער אַליין זיך היילן. אָבער צו דער צייט, ווען איך בין געקומען קיין אָדעס, סוף נאָוועמבער 1905, איז דער גרויסער הויף פון שפּיטאָל געווען אָנגעפילט פון און איבערגעפילט מיט אַן אַנדער מין חולאים:



## אין אָדעס אין 1905

אַ פאָטאָגראַפיע פון אַ דעמאָנסטראַציע אין אָדעס אין אָקטאָבער 1905 אויף דער לוויה פון אַ מיטגליד פון דער ס״ס־זעלבשוץ. די פאָטאָגראַפיע האָט צוגעשטעלט ח׳ סיב, אַן אָנטיילנעמער אין יענער דעמאָנסטראַציע.

דאָס זיינען געווען מערסטנטיילס פאַרוואונדעטע, אָדער קרובים פון די קרבנות פון דעם פּאָגראָם, וואָס איז ניט לאַנג פאַר דעם פאָרגעקומען. ערשט שטייענדיק אין דרויסן, אָדער אין הויף פון שפּיטאָל האָט מען געקאָנט באַ־קומען אַ שטיקל באַגריף וועגן דעם ווי גרויס און שרעקלעך עס איז געווען דער פּאָגראָם, מיט וועלכן די אָדעסער פּאָליציי האָט געענטפערט אויף די פרייע אָקטאָבער־טעג. בוכשטעבלעך הונדערטער מענטשן מיט אַרומגעבונדענע קעפּ, מיט פאַרבאַנדאַזשירטע פּנימער, הענט און פיס פלעגן אַריין און אַרויס אין די געביידעס פון שפּיטאָל, אָדער זיצן און וואַרטן אין דרויסן אין הויף און אויף דער גאַס ביי די ווענט פון שפּיטאָל.

און וואָס מען האָט זיך אָנגעהערט פאַר שרעקלעכע געשיכטעס, ווען מען האָט זיך אַפילו בלויז אויף אַ ווייל אָפּגעשטעלט צווישן דידאָזיקע פּאָגראָם־קרבנות און זייערע קרובים! שוידערלעכע, בלוטיקע געשיכטעס פון ווילדער, צעיושעטער אוממענטשלעכקייט, פון וועלכע דאָס בלוט אין די אָדערן האָט געגליווערט און געקאָכט.

ווען איך האָב דעם ערשטן טאָג נאָך מיין אָנקומען קיין אָדעס באַזוכט דעם יידישן שפּיטאָל האָב איך זיך אַ גאַנצן טאָג ניט געקאָנט אָפּרייסן פון אים. און אפשר איז דאָס געווען די אורזאַך, וואָס כ'האָב באַשלאָסן צו באַזעצן זיך נאָענט צו אים, און האָב דעם זעלביקן טאָג טאַקע געפונען אַ צימער אויף פּראָכאָראָווסקאַיאַ נומער 3 ביי אַ יידישער פאַמיליע פאַר דעם „פּרינצ־לעכן" פּרייז פון דריי רובל א חודש. דאָס קליין צימערל האָט געהאַט פּלאַץ פאַר א שמאָל בעטל, פאַר אַ קליין טישל, פאַר אַ טאַבורעטל (אַ הילצערנער פּירקאַנטיקער בענקל) און אַ קעסטל, וואָס האָט געדינט ווי אַ מין שאַפקע פאַר אַלע מעגלעכע צוועקן. די הויפּט־מעלה פון דעם צימער איז אָבער געווען זיין אַריינגאַנג. ער האָט זיך געפונען אין אַ וואוינונג אויפן צווייטן שטאָק אַרומגערינגלט מיט אַ מין באַלקאָן, אָדער אָפענעם קאָרידאָר. אַריינגיין אין צימער בייטאָג איז געווען ניט אַזוי שווער, מען האָט בלויז געדאַרפט דורכגיין דורכן שלאָפצימער פון די באַלעבאַטים, וואָס פלעגן אויף בייטאָג אַמאָל (ניט שטענדיק) צונויפלייגן זייער בעט. אָבער ביינאַכט איז ניט געווען קיין אַנדער מעגלעכקייט אַריינצוקומען אין מיין צימער, ווי דורכקוועטשן זיך מיט סכנות נפשות צווישן דער בעט און דער וואַנט, אויב זיי זיינען געשלאָפן, אָדער אַריבערקריכן איבער זייער בעט, ווען זיי זיינען ניט געווען אין דער היים.

פונדעסטוועגן איז מיר קיין סך מאָל ניט אויסגעקומען צו דערקלייבן זיך צו מיין צימער מיט אַזאַ מאַטערניש. וואָרעם ס'איז געווען אויך אַ לייכ־טערער אַריינגאַנג אין אים: דורכן פענצטער. און אַזוי ווי איך פלעג ס'רוב קומען אַהיים גאַנץ שפּעט, ווען די באַלעבאַטים זיינען שוין געשלאָפן, פלעג איך לכתחילה גאָר ניט גיין דורך דער טיר, גאָר אַריינקלייבן זיך אין מיין צימער דורכן פענצטער. ביי היינטיקע צייטן, שטעל איך זיך פאָר, וואָלט מיר געווען אַביסל שווערלעך צו זיין אין אַזאַ מערקווירדיקן צימער, אָבער

דעמאָלט האָט עס מיך ניט אָנגעהויבן צו אַרן: וואָרעם עלעהיי אַ קאָמער אין טורמע, איז דאָרטן דען געווען בעסער?

דערפאַר אָבער האָט דער צימער פאַר מיר געהאַט איין באמת גרויסע מעלה: די באַלעבאַטים האָבן ביי מיר ניט געפרעגט קיין דאָקומענטן, דעם דאָקומענט (פאַס), וועלכן כ'האָב ביי זיך געהאַט אויף מאַלע וואָס עס מאַכט זיך, בין איך געווען ניט צו נייגעריק איינצומעלדן אין דער פאָליציי; און דער טויער פון הויף אויף פראָכאָראָווסקאַיאַ 3 איז קיינמאָל ניט געווען פאַר־שלאָסן, אַזוי אַז איך האָב ניט געדאַרפט אָנקומען צו דער טובה פון דעם דוואָרניק (דזשעניטאָר), וואָס זאָל מיר דאַרפן עפענען און האַלטן אַן אויג אויף מיר (די רוסישע דוואָרניקעס אין די גרעסערע רוסישע שטעט האָבן אין יענע יאָרן אַלע געדינט ביי דער פאָליציי).

הכלל: איך האָב זיך באַזעצט אין אָדעס, — „אין אָדעס, אין אָדעס אויף דער מאָלדאַוואַנקע", איך בין געוואָרן דער באַוואוינער פון אַ צימער, האָב זיך גענומען באַקענען מיט דער אַרומיקער אָדעסער סביבה און טראַכטן וואָס צו טאָן.

# צווישן פּאָרט און אוניווערזיטעט

אָדעס איז אין 1905־1906 געווען איינער פון די גרויסע — אויב ניט דער גרעסטער אין אוקראַינע — צענטערן פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

דער אַלגעמיינער סטרייק אין אָדעס אין זומער פון 1904 און דער „פּאָטיאָמקין"־אויפשטאַנד, — דער אויפשטאַנד פון די מאַטראָסן אויפן פּאַנצער־קרייצער „פּאָטיאָמקין" — אין יוני 1905, זיינען פון איין זייט געווען אַ רע־זולטאַט פון די רעוואָלוציאָנערע שטימונגען פון די אָדעסער אַרבעטער און פון די מאַטראָסן אין אָדעסער פּאָרט, — און פון דער אַנדער זייט האָט דאָס, וואָס זיי זיינען דאָרטן פאָרגעקומען באַפעסטיקט אין אָדעס און אויסגעשפּרייט די רעוואָלוציאָנערע באַזע צווישן דער אָדעסער באַפעלקערונג.

אין אָדעס גופא זיינען די אָפענע צענטערן פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג סוף 1905 געווען דער פּאָרט און דער נאָוואָראָסייסקער אוניווער־זיטעט. די אָדעסער פּאָרט־אַרבעטער, דערהויפּט די טרעגער און אַנלאָדער, האָבן פּונקט ווי אין אַנדערע רוסישע פּאָרטן געהערט צו דעם שווערסטן און אַמערגסטן באַצאָלטן קלאַס אַרבעטער. זיי האָבן ס׳רוב ניט פאַרדינט גענוג אַפילו צו האָבן אַ פּאָר שיך און זיינען דעריבער באַטראַכט געוואָרן פאַר אַ זייער אָפּגעשטאַנענעם עלעמענט. זיי זיינען „געקרוינט" געוואָרן מיטן פאַראַכטנדיקן נאָמען „באָסיאַקעס" (באָרוועסע), אָבער דורך די סטרייקס און דורך זייער ראָל אַלס אַרויסהעלפער אין „פּאָטיאָמקין"־אויפשטאַנד, האָבן זיי דערפילט אַז זיי זיינען אַ מאַכט. זיי האָבן קודם כל פאַרשטאַנען, אַז זייער מאַכט ליגט אין אייניקייט און אין גרייטקייט צו קעמפן פאַר זייערע פאָדע־רונגען.

ווען איך בין געקומען קיין אָדעס און זיך באַזאָרגט מיט אַ צימער אויף דער מאָלדאַוואַנקע, איז איינער פון מיינע ערשטע באַזוכן געווען אין פּאָרט, וואָס האָט נאָך אויף זיך געטראָגן קלאָרע שפּורן פון דעם פּאָטיאָמקינשן אויפשטאַנד פון מיט עטלעכע חדשים צוריק.

די שטאָט אָדעס ליגט באַדייטנדיק העכער פון ים. אַראָפּלאָזן זיך פון שטאָט אין פּאָרט מוז מען פון אַ גאַנץ שאַרפן באַרג־אַראָפּ, אין צענטער פון דעמדאָזיקן באַרג־אַראָפּ האָבן זיך געצויגן (און ציען זיך מסתמא אויך איצט) ברייטע שטיינערנע טרעפּ, דאַכט זיך עטלעכע הונדערט אין צאָל. שטייענדיק פון אויבן אויף די טרעפּ דאָט מען געקאָנט זען דעם גאַנצן פּאָרט אונטער זיך.

דער פּאָרט האָט גראָד דעמאָלט געסטרייקט. דער סטרייק איז געווען אין סימפּאַטיע מיט דעם אויפשטאַנד פון די מאַטראָסן פון צאַרישן פלאָט

אין סעוואַסטאָפּאָל. קיין קריגשיפן זיינען אין אָדעסער פּאָרט דעמאָלט ניט געווען: דער איינדרוק פון דעם זומערדיקן „פּאָטיאָמקין"־אויפשטאַנד איז נאָך געווען זייער פריש, אַז די צאַרישע רעגירונג האָט זיך נאָך ניט דערוועגט צו האַלטן אין אָדעס קריגשיפן. אין פּאָרט גופא זיינען נאָך געווען א סך חורבות, אָפּגעברענטע ווערהייזער, פאַרברענטע סלופּעס און ברעטער, רעשטן פון די ניט־לאַנגאָניקע שלאַכטן און שריפות.

ביים אַראָפּגאַנג פון די טרעפּ האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף אַן אינ־טערעסאַנט בילד: ביי די ווענט פון די פּאָרט־געביידעס זיינען געזעסן אָדער געלעגן אויף זיי הונדערטער באָרוועסע פּאָרט־אַרבעטער (כאָטש די נאָוועמ־בער־לופט איז שוין געווען גאַנץ קיל), און אויף זייערע זוילן און פּיאַטעס איז געווען מיט קרייד, צי מיט ווייסע פּאַרב אויסגעמאָלט ביי יעדן איינעם אַ גרויסער 8. דידאַזיקע ציפער איז געווען אַ מין לאָזונג פון זייער סטרייק פאַר אַן 8־שעהדיקן אַרבעטסטאָג.

מיין ערשטער באַזוך אין אָדעסער פּאָרט איז געווען ניט בלויז אויס נייגעריקייט, — כאָטש די נייגעריקייט צו דעם אָרט, וואו ס'האָט זיך אָפּ־געשפּילט דער העלדישער „פּאָטיאָמקין"־אויפשטאַנד איז געווען אַ נאַטירלעכע. אין דער צייט פון דעם אויפשטאַנד בין איך אין אָדעס ניט געווען. כ'האָב זיך דעמאָלט געפונען היינטער גראַטעס אין אומאַן. דערוואוסט זיך וועגן דעם אויפשטאַנד האָבן מיר זיך צופעליק פון אַ ברעקל פון אַ רוסישער צייטונג, וואָס דער ווינט האָט פאַרטראָגן אויפן הויף פון דער טורמע. נאָכדעם האָבן מיר זיך דערוואוסט וועגן דעם סוף פון דעם אויפשטאַנד דורך אַ שוואַרץ־מאהדיקן בלעטל „ראָדינאַ", וואָס די צאַרישע רעגירונג האָט דעמאָלט אַרויס־געגעבן פאַר סאָלדאַטן. מיר האָבן דעמאָלט, געדענק איך, געפייערט דעם „פּאָטיאָמקין"־אויפשטאַנד מיט ענטוזיאַסטישן געזאַנג פון רעוואָלוציאָנערע לידער אין די טורמע־קאַמערן און מיט אַרויסשטעלן פון הינטער די גראַטעס אַ „רויטע פאַן", געמאַכט פון רויטע פּאַפּירלעך, אין וועלכע מען פלעגט איינוויקלען פּעקלעך טאַבאַק. די וועכטער פון הויף האָבן געסטראַשעט צו שיסן אין אונז, אויב מיר וועלן תיכף ניט אַוועקנעמען די „פאַן", און דער טורמע־נאַטשאַלניק האָט געסטראַשעט אָפּצונעמען ביי אונז אַלע „פּריוויליעגיעס", איינ־געשלאָסן די פרייהייט צו שפּאַצירן אַ האַלבע שעה אַ טאָג אין הויף און צו באַקומען שפּייז־פּעקלעך פון דרויסן. אָבער ווער האָט זיי געהערט, ווען מיר האָבן שוין הינטער דעם קאַנאָנען־דונער פון דעם ווייטן „פּאָטיאָמקין" גע־הערט די מעכטיקע טריט פון דער אָנקומענדיקער רעוואָלוציע? און ווי עס זעט אויס, האָט אויך דער טורמע־נאַטשאַלניק געהערט דידאָזיקע טריט, ווייל ער האָט זיך ניט דערוועגט איינצורייסן מיט אונז און האָט זיינע דראָאונגען ניט דורכגעפירט.

יעדנפאַלס, אין אָדעסער פּאָרט בין איך געקומען צוליב אַ וויכטיקן ענין: אין פּאָרט האָט דעמאָלט שוין עקזיסטירט אַ רעוואָלוציאָנערע טרעיד־יוניאָן פון מאַטראָסן און שיף־אַרבעטער — אונטערן נאָמען „מאַרסקאַיאַ רעגיסטראַ־

ציאַ" (די ים־רעגיסטראַציע). אַזאַ יוניאָן — דאַכט זיך אויסשליסלעך פון מאַטראָסן, — האָט שוין עקזיסטירט אין ניקאָלאַיעוו אויך. און פון מיינע ניקאָלאַיעווער פריינט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פאַרטיי האָב איך באַקומען אַ פאַרבינדונג צו דער אָדעסער רעגיסטראַציע.

אין שפּיץ פון דער „רעגיסטראַציע" אין אָדעס איז דעמאָלט געשטאַנען אַ יונגער מענטש מיטן נאָמען קאַרל (זיין צווייטן נאָמען געדענק איך שוין ניט). דער קאַרל איז, גלויב איך, ניט געווען קיין אַרבעטער און איז לויט זיינע אנשויאונגען געווען נאָענטער צו די עס־ערן, איידער צו די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, הגם ער האָט, דאַכט זיך, ניט געהערט צו קיין איינער פון די פּאַרטייען. ער איז אויך ניט געווען איינער פון די רעדנער, וואָס מען האָט דעמאָלט אָפט געהערט אויף די מיטינגען. אָבער ער איז געווען אַ גלענצענדער אָרגאַניזאַטאָר און האָט געהאַט אַ זייער גרויסן איינפלוס צווישן די פּאָרט־אַרבעטער. קאַרלס אַ וואָרט איז געווען אַ געזעץ, און ס'איז ניט געווען קיין אַנדער וועג, ווי צוצוטרעטן צו די פּאָרט־אַרבעטער, ווי דורך קאַרלען.

די ספּעציעלע שליחות, וואָס איך האָב געבראַכט צו קאַרלען פון ניקאָלאַיעוו געדענק איך שוין ניט, — עס האָט זיך מסתמא געהאַנדלט וועגן געוויסע פּלענער, אָדער פאָרשלאָגן פון דער ניקאָלאַיעווער רעגיסטראַציע צו דער אָדעסער. אָבער פאַר מיר האָט אָט־די באַגעגעניש און די נאָענטע פאַרבינדונג, וואָס ס'האָט זיך צווישן אונז איינגעשטעלט, געהאַט זייער אַ גרויסע באַדייטונג, — זי האָט מיר געהאָלפן ניט נאָר דערפילן זיך אַ סך מער אינטערנאַציאָנאַליסטיש, נאָר אויך אַ סך נאָענטער מיט ניט־יידישע אַרבעטער, ווי ווער עס איז פריער. מיר איז אויך אויסגעקומען אויסצונוצן דידאָזיקע פאַרבינדונג אין דער צייט פון דער זעלבשוץ־אַרבעט אין אָדעס.

וועגן דעם וועט נאָך אויסקומען צו דערציילן. דאָ וויל איך בלויז דערמאָנען וועגן דער ספּעציעלער ראָליע, וואָס דער אוניווערסיטעט האָט דעמאָלט געשפּילט אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. דער אָדעסער „נאָוואָראָסייסקער" אוניווערסיטעט האָט פּונקט ווי די אַנדערע רוסלענדישע אוניווערסיטעטן געוואונען אַ געוויסע וויכטיקע הנחה פון דער צאַרישער רעגירונג נאָך פאַר די אָקטאָבער־טעג. נאָך אין זומער פון 1905 האָבן זיך די רוסלענדישע אוניווערסיטעטן דורך אַ פאַראייניקטן קאַמף פון די פּראָפעסאָרן און סטודענטן (ז'ערהויפּט, פאַרשטייט זיך, די סטודענטן, וואָס האָבן ניט דורכגעלאָזן קיין געלעגנהייט צו פּראָטעסטירן, דעמאָנסטרירן און סטרייקן) דערשלאָגן זיך „אַקאַדעמישע פרייהייט".

די דאָזיקע פרייהייט איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס די פּאָליציי האָט ניט געטאָרט אַריינגיין אין די אוניווערסיטעטן און באַטרעטן זייערע הויפן. אַ דאַנק דעם זיינען די אוניווערסיטעטן זינט דער צווייטער העלפט פון 1905 און באַזונדערס נאָך די אָקטאָבער־קאַמפן, געוואָרן די נאַטירלעכע און זיכערסטע פּלאַטפאָרמע פאַר אַלע אָפענע רעוואָלוציאָנערע פאַרזאַמלונגען, לעקציעס, דיסקוסיעס א. אז. וו.

סוף נאָוועמבער 1905 האָט די פּאָליציי שוין גענומען ווידער באַהערשן די גאַסן, אָפּשטעלן מענטשן און באַזוכן זיי, צוטרייבן גאַסן־פֿאַרזאַמלונגען, און אַפֿילו דורכפֿירן הויז־זוכונגען און אַרעסטן. אָבער אין אוניווערסיטעט האָט זי נאָך ניט דערוועגט זיך אַריינצושטעלן אַ שטיוול.

איז דאָרטן טאַקע געווען פֿריילעך. טאָג איין, טאָג אויס, אין משך פֿון חדשים, יעדנפֿאַלס ביז סוף יאַנואַר אָדער מיטן פֿעברואַר פֿון 1906 זיינען אין אוניווערסיטעט, סיי אין הויף, סיי אין די אודיטאָריעס פֿאָרגעקומען אומאויפֿהערלעכע פֿאַרזאַמלונגען פֿון אַלע מעגלעכע פּאַרטייען און גרופּעס. דאָרטן האָט מען גערעדט און דיסקוסירט, — דיסקוסירט דערהויפּט צווישן די פֿאַרשיידענע פּאַרטייען, אָבער אויך געוואָרנט אַלע צוזאַמען קעגן דער צאַרישער רעגירונג און קעגן אירע צוזאָגן און אַגענטן.

## ערשטע באַגעגעניש מיט אַנאַרכיסטן

מיר דאַכט זיך, אַז ווי נאָר איך בין אַריין אין די טויערן פון דעם אָדעסער אוניווערסיטעט אין „יענע טעג״, האָב איך געגומען ריידן.

כ׳האָב ביי קיינעם ניט געפרעגט קיין דערלויבעניש, קיינער האָט מיך ניט געפרעגט ווער ס׳האָט מיך באַפולמעכטיקט צו ריידן, — קיינער האָט מיך טאַקע ניט באַפולמעכטיקט אויך, — אָבער די גאַנצע אַרומיקע אַט־מאָספערע איז געווען אַזאַ, אַז אויב מען איז ניט געווען קיין שטומער און אויפן האַרצן, צי אויפן צונג איז עפּעס געלעגן, האָט מען עס געמוזט אַרויס־זאָגן.

מיר דאַכט זיך, אַז איינע פון די ערשטע דיסקוסיעס אין אָדעסער אוני־ווערסיטעט, אין וועלכע כ׳האָב זיך עפּעס אומבאַמערקט אַריינגעמישט באַלד, ווי איך בין אַהין געקומען, איז געווען אַ דיסקוסיע מיט אַנאַרכיסטן. צוליב די קלעפּ, וואָס די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג האָט געכאַפּט באַלד נאָך דעם אָקטאָבער־טעג דורך דער כוואַליע פּאָגראָמען אויף יידן, אַרבעטער און אינ־טעליגענץ, האָט די שטימונג ביי געוויסע דערהויפּט אינטעליגענטישע סטו־דענטישע עלעמענטן גענומען פאַלן, און ס׳האָב זיך גענומען וויזן אַנאַר־כיסטישע שטימונגען. אין יענעם ערשטן פּעריאָד, — איידער זיי זיינען אין 1906 אַריבער צו „פּראָפּאַגאַנדע דורך טאַט״, צו עקספּראָפּריאַציעס, וואָס האָבן שנעל באַקומען דעם כאַראַקטער פון פּשוטע רויבער־אָנפאַלן און האָבן דעמאָראַליזירט אַ סך ערלעכע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער, — האָבן די אַנאַרכיסטן אַרויסגעשיקט זייער אַ „רעוואָלוציאָנערן״ (באמת זייער אַ רע־אַקציאָנערן, פּולשטענדיק קאָנטר־רעוואָלוציאָנערן) לאָזונג: גלויבט קיינעם ניט, אַלע זיינען פּאַסקודניאַקעס, און די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען זיינען די ערגסטע פון זיי אַלעמען. בעת די פּאַרשטייער און אָנהענגער פון די פּאַר־שיידענע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און גרופּעס האָבן מער אָדער ווייניקער איינשטימיק באַשולדיקט די צאַרישע רעגירונג און די עלעמענטן, וואָס שטיצן זי — די פּריצים און די רייכערע בורזשואַזיע — אין אַלע צרות, האָבן אויפ־געדעקט די פאַלשקייט פון אירע צוזאָגן און די ראָל פון דער „אָכראַנקע״ (געהיים־פּאָליציי) און פון דער פּאָליציי בכלל אין אָרגאַניזירן פּאָגראָמען אויף יידן, אָנפאַלן אויף אַרבעטער, א. אז. וו. האָבן די אַנאַרכיסטן געווענדעט זייער הויפּט־פייער גראָד קעגן די סאָציאַליסטן און געוואָרנט קעגן זיי ווי קעגן דער הויפּט־שטערונג פאַר דער אמתער, פולער פרייהייט פון דער פּערזאָן און פאַר אַן אמתער „פרייהייטלעכער געזעלשאַפט״.

איז ווי האָט מען געקאָנט שוויגן, הערנדיק אַזעלכע דרשות? האָב איך

טאַקע ניט געשוויגן, גענומען ריידן צווישן אַ קרייז מענטשן, וואָס האָבן זיך ערשט צוגעהערט צו אַן אַנאַרכיסטישן רעדנער, און כ'האָב אַליין ניט באַמערקט ,ווי איך בין שוין פון הויף אַריבער אין אַן אודיטאָריום, וואו ס'איז אָנגעגאַנגען אַ גרייסע דעבאַטע קעגן אַנאַרכיזם, און האָב שוין דאָרטן גערעדט פון אַ טריבונע. צוליב אָט־די דיסקוסיעס מיט אַנאַרכיסטן האָב איך — ווי מאָדנע עס זאָל ניט אויסזען איצט, ביי היינטיקע באַדינגונגען, — ניט נאָר באַקענט זיך, נאָר זיך אַפילו באַפריינדעט מיט אַ צאָל פון די דעמאָלט־דיקע יידישע אַנאַרכיסטן (קיין סך אַנדערע זיינען, דאַכט זיך, ניט געווען דעמאָלט אין אָדעס, אָדער זיי זיינען געווען אין אַזאַ קליינער צאָל, אַז מיר איז ניט אויסגעקומען צו טרעפן זיך מיט זיי נאָענטער), — צווישן זיי, חיים יעכידני, נאַסטיאַ טאַראַטוטאַ און קאָליע טעפּער.

אויף דער ערשטער באַגעגעניש מיט קאָליע טעפּערן, וועלכער האָט שפּעטער, פאַרן יאָר 1917, אַ צייט געלעבט אין אַמעריקע און אפילו געשפּילט אַ געוויסע ראָלע אין דער יידישער ליטעראַטור אין ניו יאָרק, איז אינטערע־סאַנט אָפּצושטעלן זיך.

וועגן קאָליע טעפּערן האָב איך געהערט נאָך מיט עטלעכע יאָר פריער, ווען איך בין נאָך געווען אַ ייִנגל און בין ניט געווען פאַרבונדן מיט דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג. און ניט נאָר איך אַליין האָב וועגן אים גע־הערט, — אַ גאַנצער שיכט פון דער אונטערוואַקסנדיקער נאַציאָנאַלער און רעוואָלוציאָנערער יידישער יוגנט אין רוסלאַנד האָט וועגן אים געוואוסט און זיך מיט אים אינטערעסירט.

פאַרוואָס — ווייס איך באמת ניט גענוי. אָבער איך געדענק, ווי איך האָב צום ערשטן מאָל, דאַכט זיך אין 1901 אָדער 1902 געהערט וועגן עפּעס אַ געהיימניספולן קאָליע טעפּער, וועלכער זאָל האָבן געווען זיין אין דער אַזוי־גערופענער דעמאָקראַטישער פראַקציע פון דער ציוניסטישער באַוועגונג (אָרגאַניזירט פון חיים ווייצמאַנען), און האָט זי פלוצלינג פאַרלאָזן און איז, ווי „מען זאָגט”, אַריבער צום בונד. שפּעטער האָט מען דערציילט, אַז קאָליע טעפּער האָט פאַרלאָזן "עם בונד, אָבער אַז ער איז אַרעסטירט געוואָרן און שטייט פאַר עפּעס אַ שווערן פּראָצעס, דאַכט זיך אין פּינסק. דערנאָך האָט מען דערציילט, אַז קאָליע טעפּער איז עפּעס אויף אַ וואונדערלעכן אופן אַנטלאָפן פון טורמע, צי פון אונטער אַ קאָנוואָי, ווען מען האָט אים אַריבערגע־פירט פון טורמע, און אַז געהאָלפן האָט אים אין דעם עפּעס אַ העלדישע מיידל.

מיט איין וואָרט, — צי ער האָט עס דעמאָלט פאַרדינט, אָדער ניט, נאָר דער נאָמען קאָליע טעפּער איז פאַרן יאָר 1905 געווען ברייט באַקאַנט צווישן דער דער אונטערוואַקסנדיקער יידישער יוגנט און איז געווען אַרומ־געהילט מיט אַ נעפּל פון אַ לעגענדע.

און פלוצלינג האָב איך זיך געטראָפן מיט אָט־דעם לעגענדאַרישן קאָליע טעפּער פנים אל פנים. געווען איז עס אין הויף פון דעם אָדעסער

אוניווערסיטעט אויף איינער פון די אומאויפהערלעכע און אומענדלעכע דיסקוסיעס צווישן סאָציאַליסטן און אַנאַרכיסטן. איך בין צוגעקומען צום מיטינג ווען איינער האָט געהאַלטן אין ריידן, — ריכטיקער אין שרייען אויף די העכסטע אָקטאַוועס. דער רעדנער, אַ קליין, דאַר מענטשל, קלענער פון נידעריקן וואוקס, מיט אַ צעשויבערטן קאָפּ האָר און אַ צעשויבערט שוואַרץ בערדל, איז געשטאַנען אויף אַ טאַטשקע (אַ שטופּ־וועגעלע אויף צוויי רעד־לעך) און האָט... געזידלט די סאָציאַל־דעמאָקראַטן. און ווען איך זאָג „גע־זידלט", מיין איך עס טאַקע אין בוכשטעבלעכן זינען פון וואָרט: ער האָט ניט אַרגומענטירט, ער האָט ניט קריטיקירט, ער האָט ניט געזוכט צו דער־ווייזן, אַז אַנאַרכיזם איז אַ העכערער מין, אָדער אַ פּראַקטישערע אידייע, איידער סאָציאַליזם. ער האָט פּשוט אַטאַקירט די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, ווי מען זאָגט, מיט די „לעצטע ווערטער", אַלס ליגנער, זשוליקעס, שווינדלער, בורזשויעס און וואָס אין דער קאָרט. און ווען מען האָט אים, ווי דער מנהג איז, עטלעכע מאָל איבערגעשלאָגן מיט אויסרופן, צי מיט שטעכווערטלעך, איז ער פלוצלינג גאָר אַרויס פון די כלים און האָט געגומען זידלען זיינע „אָפּאָנענטן" מיט די סאַמע גרעבסטע, דרייגאָרנדיקע רוסישע „מי־שברכס" (גערעדט האָט ער, נאַטירלעך, אויף רוסיש). דער אַרומיקער עולם האָט אויף דעם געענטפערט מיט „אָהאָ" און מיט „אוי־וואָ" און מיט געלעכטערס און פּראָטעסטן, — ביז עמיצער איז צוגעגאַנגען פון אַהינטער, אַנגענומען די טאַטשקע פאַר די הענטלעך און פלוצלינג איבערגעקערט זי צוזאַמען מיטן רעדנער.

— ווער איז ער, דער מאָדנער פאַרשוין? — האָב איך געפרעגט ביי די אַרומיקע.

— אָ, — האָט מען מיר געענטפערט, — דאָס איז קאָליע טעפּער, אַן אַנאַרכיסט.

אָט־אַזוי, אומדערוואַרט, האָט זיך — פאַר מיר, וויניקסטנס, — געענדיקט די לעגענדע קאָליע טעפּער.

אין שפּעטערדיקע יאָרן, שוין אין אַמעריקע, האָב איך געהאַט אַ געלעגנ־הייט נאָענטער צו באַקענען זיך מיט טעפּערן, צו דערקענען זיינע פייאיקייטן און מעלות, וואָס האָבן אים געגעבן די מעגלעכקייט צו ווירקן אויף מענטשן, און גלייכצייטיק צו איבערצייגן זיך, אַז יענע אומגליקלעכע „רעדע" זיינע אויפן הויף פון אָדעסער אוניווערסיטעט איז ניט געווען אינגאַנצן אויסער־זיין כאַראַקטער.

אין אָדעס האָב איך זיך דעמאָלט מיט טעפּערן מער ניט געטראָפן. דער־פאַר אָבער איז מיר שפּעטער אויסגעקומען צו באַגעגענען זיך און אַפילו טיילווייז צו אַרבעטן צוזאַמען מיט אַ צאָל יידישע אַנאַרכיסטן. מערסטנ־טיילס זיינען דאָס געווען ערלעכע יידישע אַרבעטער, אייניקע פון דער ליטע (דאַכט זיך פון ביאַליסטאָק), אַנדערע אַפילו אַזעלכע, וואָס האָבן שוין באַוויזן צו לעבן אַ געוויסע צייט אין לאָנדאָן. מיין איינדרוק איז געווען, אַז דאָס

זיינען געווען מענטשן מיט ווייניק וויסן וועגן סאָציאַליזם. מיט ווייניק חשק אונטערצוגעבן זיך אַ וועלכער עס איז דיסציפּלין — מענטשן, וואָס האָבן געלעבט מער מיט זייערע עמאָציעס, איידער מיטן אינטעלעקט און דערהויפּט אַזעלכע, וואָס זיינען צו שנעל אַנטוישט געוואָרן דורך דעם, וואָס די אָקטאָבער־רעוואָלוציע פון 1905 און באַזונדערס דער מאָסקווער אויפשטאַנד אין דע־צעמבער פון דעם זעלביקן יאָר, זיינען דערשטיקט געוואָרן. זיי האָבן ניט געהאַט קיין געדולד צו וואַרטן און צו האָפן אויף בעסערע רעזולטאַטן פון אָרגאַניזירטן פּאָליטישן קאַמף. מען מוז אָבער צוגעבן, אַז זיי זיינען געווען אומ־דערשראָקן — אין וואָרט יעדנפאַלס — גרייט „אויף אַלץ״ און מיר איז דעמאָלט אָפט אויסגעקומען צו באַגעגענען זיך מיט די דאָזיקע אַנאַרכיסטן און באַזונדערס, ווי שוין דערמאָנט, מיט צוויי פון זייערע פירערס, חיים יעכידנע און נאַסטיאַ טאַראַטוטאַ.

חיים איז געווען אַ שטילער יונגערמאַן מיט אַ קרענקלעכן טובערקולאָז־אויסזען, מיט שוואַרצע ברענענדיקע אויגן, וואָס האָבן געזוכט אַריינצוקוקן אין דער נשמה פון דעם מיטשפּרעכער. ער פלעגט געדולדיק אויסהערן זיין אָפּאָ־נענט און אים פּרוּוון שעאָרעטיש איבערצייגן, דערהויפּט מיט פאַקטן גע־נומען פון קראָפּאָטקינען, לואיזאַ מישעל, רעקליו און אַנדערע באַקאַנטע אַנאַר־כיסטן. די אָדעסער אַנאַרכיסטן האָבן אויף אים געקוקט ווי אויף זייער הויפּט־טעאָרעטישער קראַפט.

נאַסטאַיאַ טאַראַטוטאַ, ווידער, האָט זיך איבערהויפּט אויסגעצייכנט מיט אירע אָרגאַניזאַטאָרישע פעאיקייטן און דרייסטקייט. אין דער ערשטער צייט, ווען איך האָב זיך מיט איר באַקענט, איז זי געווען פאַרנומען מיט אָרגאַ־ניזירן אַנאַרכיסטישע גרופּעס אין דער אָדעסער זעלבשוץ, — אַ זאַך, וואָס איז, שטעל איך זיך פאָר, געווען גאָר ניט גרינג, האָבנדיק אין זינען די „פּרינציפּיעלע״ אַנטי־אָרגאַניזאַציע שטימונגען פון די אַנאַרכיסטן. שפּעטער, אין 1906, ווען די אַנאַרכיסטישע באַוועגונג האָט שנעל אָנגעהויבן דעגענערירן אין אַן „עקס״־באַוועגונג, אין אָרגאַניזירן עקספּראָפּריאַציעס ביי פּריוואַטע מענטשן און צוליב פּריוואַטע, אייגננוציקע צוועקן, איז נאַסטיאַ אַ צייט געווען אַקטיוו אויך צווישן די עקספּראָפּריאַטאָרן, ביז זי איז אַרעסטירט גע־וואָרן און איז פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר.

# פון אַנאַרכיזם צו מאָנאַרכיזם

אין דעם פריערדיקן קאַפּיטל האָב איך דערמאָנט וועגן מיין „באַגעגע־ניש" אין נאָוועמבער 1905, אין הויף פון דעם אָדעסער אוניווערסיטעט, מיט קאָליע טעפּערן, וועלכער איז נאָך זיינע פאַרשיידענע פאַרוואַנדלונגען דעמאָלט נאָך, אָדער שוין געוועזן אַן אַנאַרכיסט. די דאָזיקע „באַגעגעניש" מיט אים יענעם מאָל האָט ניט געפירט צו קיין באַקאַנטשאַפט צווישן אונז. אין אָדעס, אָדער בכלל אין רוסלאַנד האָב איך אים דעמאָלט מער ניט באַגעגנט. אָבער שפּעטער איז מיר יאָ אויסגעקומען צו טרעפן זיך און נאָענטער צו באַקענען זיך מיט טעפּערן אין אַמעריקע און דערנאָך אין סאָוועטן־פאַרבאַנד. איך וויל דאָ דערציילן אייניקע שטריכן פון דעם דאָזיקן טשיקאַוון און וואַר־שיינלעך טראַגישן מענטשן, — כדי מער ניט אומצוקערן זיך צו דער טעמע.

קאָליע טעפּער האָט כראָנאָלאָגיש געהערט צו דעם „דור, וואָס האָט פאַרלוירן די מורא", און וואָס האָט פאַרבונדן זיין לעבן, זיין קאַמף און זיינע האָפענונגען מיט דער רוסלענדישער רעוואָלוציע און מיט די אידייען, וועלכע זי האָט פאַרזייט איבער דער וועלט. אָבער ער, טעפּער אַליין, האָט געהאַט וויייניק אינערלעכע שייכות מיט דעם דאָזיקן דור. גיכער וואָלט מען וועגן אים געקאָנט זאָגן, אַז ער האָט געהערט צו „אַ דור, וואָס האָט פאַרלוירן זיין גלויבן", וואָס האָט פאַרלייקנט און אויסגעלאַכט ניט נאָר אידייען און אידעאַליסטן, נאָר אַפילו, און אפשר קודם כל, זיך אַליין.

ווען איך האָב זיך אָנגעשטויסן אויף טעפּערן אין נאָוועמבער 1905 אין אָדעסער אוניווערסיטעט, האָט ער זיך נאָך, וואָרשיינלעך, געהאַלטן פאַר אַן אַנאַרכיסט, אָבער ווען כ'האָב זיך מיט אים באַקענט אין 1913 אין ניו יאָרק, האָט ער שוין, דאַכט זיך פון גאָרניט און פון קיינעם ניט געהאַלטן.

אין יענער צייט, צווישן 1913 און 1917, איז טעפּער, וועלכער האָט פריער גאָר ניט געהאַט צו טאָן מיט דער יידישער ליטעראַטור, געוואָרן דער אידייאישער פירער פון אַ טייל פון די „יונגע" יידישע שרייבער, ווי זישע לאַנדאָ, מאַני לייב און אַנדערע, וועלכע ער האָט געלערנט... אידייען־לאָזיגקייט אין ליטעראַטור, — פאַקטיש האָט ער, נאַטירלעך געמיינט, רעאַק־ציאָנערע אידייען.

איינמאָל טרעף איך זיך אין גאַס מיט דעם דיכטער זישע לאַנדאָ, וועלכער איז געוועזן אַ פּוילישער יונגערמאַן און האָט זייער וויייניק געקענט רוסיש. זישע לאַנדאָ האָט געהאַלטן אין האַנט אַ רוסיש בוך. ווען כ'האָב זיך פאַר־אינטערעסירט דערמיט האָט ער מיר אים געוויזן. דאָס איז געווען אַ בוך אונטערן נאָמען „מאָסקאָווסקי יעזשעגאָדניק" („מאָסקווער יאָרבוך"), וואָס

איז אין די 80ער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט אַרויס אין רוסלאַנד אונטער דער רעדאַקציע פון פּאָביעדאָנאָסצעוו, איינעם פון די פינצטערסטע רעאַק־ציאָנערן און אַ פלאַמענדיקער פאַרטיידיקער פון צאַריזם. אין דעם דאָזיקן „יעזשעגאָדניק" איז געווען אַ גרעסערער אַרטיקל איבער דער רוסישער ליטעראַטור פון אַ געוויסן לעאָנטיעוו, וועלכער האָט אין דער רוסישער לי־טעראַטור פאַרנומען די זעלביקע פּאָזיציע, וואָס פּאָביעדאָנאָסצעוו אין פּאָליטיק.

— ווי קומט צו אייך אַזאַ בוך ? — האָב איך זיך פאַרוואונדערט.

— ס׳איז אַ מערקווירדיקער בוך, — האָט מיך זישע לאַנדא געענטפערט מיט זיין האַלב־שעפּטשענדיקער שטים, — ער איז פול מיט געניאַלע ליטעראַטור־געדאַנקען, קאַליע טעפּער האָט מיר אים שטאַרק רע־קאָמענדירט.

שפּעטער מיט אַ שטיקל צייט האָט טעפּער איינגערעדט זיינע ליטעראַ־רישע „שילער" צו לייענען אַן אַנדער „מערקווירדיקן" בוך, אַ בוך פון וו. וו. ראָזאַנאָוון אונטערן נאָמען „אָפּגעפאַלענע בלומען". וו. ראָזאַנאָוו איז געווען איינער פון די אָנגעזעענסטע מיטאַרבעטער אין דער דעמאָלטדיקער פּעטער־בורגער אַנטיסעמיטישער צייטונג „נאָוואָיע ווארעמיאַ", און האָט זיך אויס־געצייכנט מיט זיין גרעניצלאָזן ציניזם אַפילו צווישן דער צעפּוילטער קליקע פון „נאָוואָיע ווארעמיאַ". און אויך פון אָט דעם קוואַל האָט קאַליע טעפּער געלערנט יונגע יידישע שרייבער אין אַמעריקע צו טרינקען... צוליב וואָס ? אפשר דערפאַר, ווייל אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז זיי גלויבן נאָך אין עפּעס...

אין ש. יאַנאָווסקיס „פרייע אַרבעטער שטימע" האָט זיך צו יענער צייט פּלוצלינג באַוויזן אַ נייער שרייבער, וואָס האָט זיך אונטערגעשריבן מיט דעם „הויך־אַריסטאָקראַטישן" איטאַליענישן נאָמען „הערצאָג ד׳אַברוצי". זיינע לאַנגע אַרטיקלען וועגן ליטעראַטור און שרייבער, „וועגן אַלץ און גאָרנישט", האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער געטאָקטן יידיש, מיט זייער שאַרפן סטיל און מיט זייער ווי אויף צולהכעיסדיקער ציניששער אידייענלאָזיגקייט. דער דאָזיקער „הערצאָג ד׳אַברוצי" איז געווען קאַליע טעפּער, וועלכער האָט צו יענער צייט געאַרבעט פאַר דעם ענגליש־יידישן ווערטערבוך, וואָס דער אַרויסגעבער פון „מאָרגן־זשורנאַל", י. סאַפּירשטיין, האָט פאַרעפנטלעכט.

פאַרוואָס טעפּער האָט אויסגעקליבן דעם „הערצאָג ד׳אַברוצי" פאַר זיין פּסעוודאָנים ווייס איך ניט. ס׳וואָלט אָבער ניט געווען קיין גרויסע איבער־ראַשונג, ווען ער שרייבט זיך אונטער „אַלעקסאַנדער מוקדון" (דעם נאָמען האָט שוין אָבער אַן אַנדער שרייבער געהאַט פאַרנומען), אָדער נאַפּאָלעאָן באָנאַפּאַרט. טעפּער האָט געמוזט אויסקלייבן פאַר זיך עפּעס אַ „הויכן" נאָמען, ווייל ער האָט געליטן פון זיין פיזישער קליינקייט און פון זיין פילן, אַז ער ווערט גייסטיק אַלץ קלענער און אומבאַדייטנדיקער. דער מיטל צו באַפעסטיקן זיין פּאָזיציע צווישן מענטשן, צוצוציען אויפמערקזאַמקייט צו

זיך איז דעריבער געוואָרן: איבעררעשן מיט „אָריגינעלקייט“, מיט זאָגן, אויב אפילו ניט טאָן, פונקט קאַפּויער ווי אַנדערע.

אַזוי האָט פּאַסירט אין מיטן פון יאָר 1915, ווען די גאַנצע יידישע פּרעסע און געזעלשאַפטלעכקייט אין אַמעריקע איז אויפגערודערט געוואָרן דורך דער טראַגעדיע פון לעאָ פראַנקן, דעם ברוקלינער יידישן יונגנמאַן, וועלכער איז געווען אַ פאַרוואַלטער פון אַ פּענסיל־פאַבריק אין אַטלאַנטאַ, דזשאָרדזשיאַ, און איז דאָרטן באַשולדיקט געוואָרן אין פאַרגוואַלדיקן און דערמאָרדן אַ מיידל, וואָס האָט ביי אים געאַרבעט. עס זיינען געווען אַ סך גרונטן צו גלויבן, אַז דער מענטש איז אומשולדיק, אַז ער איז אַ קרבן פון אַ פּאָליטיש־יורידישער און גלייכצייטיק אַנטיסעמיטישער פאַרשווערונג פון אַ דיסטריקט אַטוירני, וואָס האָט באַשלאָסן צו מאַכן זיך אַ פּאָליטישע קאַריערע דורך אַ פּראָצעס און טויט־אורטייל איבער דעם ניו יאָרקער יידן, לעאָ פראַנק. ווען דער סופּרים קאָורט פון דזשאָרדזשיאַ האָט אין זומער פון 1915 זיך אָפּגעזאָגט אָפּצושאַפן דעם אורטייל איבער לעאָ פראַנקן (וועלכער איז שפּע־טער געלינטשט געוואָרן דורך קו־קלוקסערס ביים אַריבערפירן פון איין טורמע אין אַ צווייטער), האָט דאָס די יידישע פּרעסע און געזעלשאַפטלעכקייט אויפגענומען ווי אַ גרויסן אומגליק, ווי אַן אַמעריקאַנער דרייפוס־אַפּערע און האָט באַנוצט יעדע געלעגנהייט צו ראַטעווען פראַנקן, אָדער כאָטש ריינ־צוואַשן זיין נאָמען.

און אָט אין אַזאַ צייט איז „הערצאָג ד׳אַברוצי“ אַרויסגעקומען אין „פרייע אַרבעטער שטימע“ מיט אַן אַרטיקל, אין וועלכן ער האָט אויסגעדריקט זיין „פאַרוואונדערונג“ איבער דעם, וואָס דער עולם נעמט זיך אַזוי צום האַרצן דעם ענין פון לעאָ פראַנקן און גלייבט אַזוי אין זיין אומשולד. ער האָט ד׳ערביי געגעבן אַ זייער דיקע „אַנצוהערעניש“, אַז אין גרונט גענומען וואָלט „יעדער איינער“ — אומגעפער אַזוי — געהאַט חשק צו פאַרגוואַלטיקן אַ מיידל...

דער דאָזיקער אַרטיקל האָט אַרויסגערופן גרויס אויפרעגונג צווישן אַ סך שרייבער און לייענער, וועלכע האָבן דאָס באַטראַכט פאַר אַן אויסגע־רעכנטן פאַטש אין פּנים דער יידישער געזעלשאַפטלעכקייט. אין איינעם פון יענע טעג האָב איך זיך צופעליק געטראָפן מיט טעפּערן אין אַן אָפּענעם טראַמוויי־וואַגאָן אויף בראָדוועי און ס׳האָט זיך צווישן אונז פאַרבונדן אַ געשפּרעך. טעפּער האָט מיך געפרעגט צי האָב איך געלייענט זיין אַרטיקל. איך האָב אים אָפנהאַרציק געענטפערט, אַז כ׳האָב אים געלייענט און אַז איך האַלט, אַז דאָס איז אַ צינישער אַרטיקל, און איך וואונדער זיך ווי האָט ער געקאָנט אַזוינס אָנשרייבן. טעפּער האָט ניט געפּרוּווט אַרגומענטירן וועגן דעם עצם ענין, ער האָט בלויז מיט אַ שמייכל באַמערקט, אַז וואָס מען זאָל וועגן דעם אַרטיקל ניט דענקען איז ער יעדנפאַלס אָריגינעל. איך האָב אים אויף דעם געענטפערט, אַז נאָך „אָריגינעלער“ וואָלט געווען ווען ער פּרוּווט זיך דורכצושפּאַצירן איבער טאַימס סקווער מיטן קאָפּ אַראָפּ, אָדער מיט אַראָפּ־

געלאָזטע הויזן, און אַז זיין פֿאַרזיכערונג וועגן „יעדן איינעמס" חשק צו פֿאַרגוואַלטיקן איז פּשוט אַן אויסדרוק פֿון זיין אייגענער גייסטיקער אימ־פּאָטענץ...

טעפּער האָט ניט געענטפֿערט קיין וואָרט און איז אין מיטן לויפֿן פֿון טראַמוויי אַראָפּגעשפּרונגען פֿון וואַגאָן. ווי ער איז דערביי ניט געהרגעט געוואָרן איז געווען אַ וואונדער. מיין באַמערקונג האָט, ווי עס זעט אויס, געטראָפֿן טעפּערן שאַרפֿער, ווי כ׳האָב געצילט.

באַלד נאָך דער פֿעברואַר־רעוואָלוציע פֿון 1917, ווען אַ סך רוסלענדישע פּאָליט־עמיגראַנטן האָבן זיך געאיילט צוריקצוקערן אין רעוואָלוציאָנערן רוס־לאַנד, איז טעפּער אויך אַוועקגעפֿאָרן אַהין. צוליב וואָס? ווער ווייסט: אפשר האָט ער געהאָפֿט ווידער צו געפֿינען דאָרטן זיין פֿאַרלוירענעם איך. אָבער אויב יאָ, האָט ער זיך באַלד פֿאַרגעסן וועגן דער האָפֿענונג.

אין יולי 1917, קומענדיק אין דעם דעמאָלטיקן פּעטראָגראַד (איצטיקער לענינגראַד) האָב איך באַזוכט די רעדאַקציע פֿון דער יידישער „טאָג בלאַט", וואָס האָט דאָרטן אָנגעהויבן אַרויסגיין אונטער דער רעדאַקציע פֿון דעם אַמאָליקן רעדאַקטאָר פֿון „פֿריינד", ש. ראָזענפֿעלדן און ביי דער נאָענטער מיטאַרבעטערשאַפֿט פֿון בעל מחשבותן. איינע פֿון די ערשטע פֿראַגעס, וואָס בעל מחשבות האָט מיך דעמאָלט געפֿרעגט איז געווען:

— וואָס פֿאַר אַ ווילדע ברואים האָט איר אונז געגומען אַריינשיקן פֿון אַמעריקע?

— וואָס פֿאַר אַ ווילדע ברואים?

— איינעם אַ קאַליע טעפּער קענט איר?

— יאָ, כ׳קען אים.

— קומט ער אַהער כמעט יעדן טאָג, זיצט אָפּ גאַנצע שעהען און האַלט אונז אין איין דרשנען, אַז די רעוואָלוציע איז אַן אומגליק, און אַז די בעסטע זאַך פֿאַר רוסלאַנד איז אַ צאַר מיט אַ שטאַרקער האַנט, ווי ניקאָלאַי דער ערשטער...

טעפּער איז, הייסט עס, פֿאַרבליבן „אָריגינעל" אויך אין דעם רעוואָלו־ציאָנערן פּעטראָגראַד...

אין אַ יאָר אַרום, זייענדיק אין קיעוו, וואו ס׳איז דעמאָלט געווען אַ היפּשע יידישע פּרעסע און ס׳איז אָנגעגאַנגען זייער אַ לעבעדיקע און פֿאַר־צווייגטע קולטור־טעטיגקייט און מ׳האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט אַמביציעזע קולטור־פּלענער וועגן אַ יידישער ענציקלאָפּעדיע און גרויסע יידישע פֿאַרלאַגן, האָב איך פֿון טעפּערן אומדערוואַרט באַקומען פֿון פּעטראָגראַד אַ בריוו, אין וועלכן ער האָט זיך זייער אָפֿנהאַרציק געקלאָגט, אַז ער שטאַרבט פֿון הונ־גער און ווייסט ניט וואָס אָנצוהויבן צו טאָן. האָב איך זיך דערמאָנט וועגן זיין אַרבעט אין סאָפּירשטיינס ווערטערבוך און וועגן זיין אויסגעצייכנטן ליטעראַרישן יידיש און האָב אים איינגעלאַדן צו קומען קיין קיעוו, וואו ער

וועט קריגן וויפיל ליטעראַרישע אַרבעט ער וויל. ס׳איז דורכגעגאַנגען אַ שטיקל צייט און איך האָב פון טעפּערן באַקומען אַן ענטפער:

— ניין, ער וועט קיין קיעוו ניט פאָרן, ווייל דאָרטן „שטינקט צופיל מיט יידישער קולטור״... אַנשטאָט דעם האָט ער בעסער באַשלאָסן צו פאָרן קיין סאַראַטאָוו (אַ גרויסע שטאָט אויף דער וואָלגע), וואו ער האָפט אַריינצוטרעטן אין אוניווערסיטעט און שטודירן — אין סאַמע ברען פון בירגער־קריג — דאָרטן ראָמאַנישע (פראַנצויזישע, איטאַליענישע און שפּאַנישע) פילאָלאָגיע...

שפּעטער, נאָכן סוף פון בירגער־קריג, איז טעפּער דורכגעגאַנגען עטלעכע פאַרוואַנדלונגען. אַ שטיקל צייט איז ער געווען אַ סאָוועטישער געריכט־באַאַמטער אין אַ רוסיש שטעטל. שפּעטער האָט ער פאַרלוירן די שטעלע, האָט זיך באַזעצט אין פּעטראָגראַד און האָט זיך דאָרטן געשמדט. און ניט נאָר געשמדט זיך, נאָר אַזוי דערגאַנגען די יאָרן דעם גלח, וואָס האָט אים אָפּגעשמדט, מיט זיין שטענדיקן לויפן צו אים און מתוודה (מיסוואָדע) זיין זיך דערהויפּט אין זינדיקע מחשבות און ליידנשאַפטן, אַז דער גלח, וואָס פלעגט אַריינגיין אין הויז פון דער שרייבערין רחל ברכות (וועלכע האָט מיר דערציילט וועגן דעם) האָט זיך ביי איר געבעטן צו ווירקן אויף טעפּערן, אַז ער זאָל זיך אָדער אויפהערן מתוודה זיין, אָדער צוריק ווערן אַ „ייד״.

דעם לעצטן מאָל האָב איך געהערט (אָבער ניט געטראָפן זיך) פון טעפּערן אין יאָר 1932 אין מאָסקווע. ער איז דאָרטן אַרומגעגאַנגען אַן אַ וועלכער עס איז באַשטימטער באַשעפטיקונג, פלעגט אָפּזוכן יידיש־אַמעריקאַנישע געסט אין זייערע האָטעלן, צעפרעגן זיך ביי זיי וועגן זיינע ניו־יאָרקער באַקאַנטע און ספּעציעל וועגן די פרויען, וואָס ער האָט געטראָפן אין אַמעריקע, און פלעגט דערביי אַרויסשלעפּן פון קעשענע אַ שטיקל ברויט, אָדער אַ ריבן און דעמאָנסטראַטיוו קייען עס, פאַרזיכערנדיק די אַמעריקאַנער געסט אין דער הויך, אַז דאָס איז, ווי גאַנץ רוסלאַנד לעבט איצט...

דער אַמאָליקער קאָליע טעפּער, וואָס איז פאַרן יאָר 1905 געווען אַרומגערינגלט מיט אַ נעפּל פון אַ לעגענדע, האָט אויף דער עלטער געפּרואווט זיין אָריגינעל אין דער ראָל פון אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנער, אָבער די ראָל איז געווען אַזאַ נישטיקע, אַז קיינער האָט אים ניט געשענקט קיין אויפמערקזאַמקייט. ניט קאָנענדיק ווערן קיין פאַוסט, האָט ער געפּרואווט ווערן אַ מעפיסטאָפעל, אָבער געוואָרן איז ער בלויז אַ לאַפּיטוטל...

# מיינע אוניווערסיטעטן אין אָדעס

די ערשטע פּאָר וואָכן, סוף נאָוועמבער און אָנהייב דעצעמבער 1905, וואָס כ'האָב פאַרבראַכט אין אָדעס ביז איך געווען א „פרייער פויגל”. מיין אָרגאַניזאַציאָנעלע פאַרבינדונג מיט דער ס.־ס. פּאַרטיי איז נאָך ניט געווען אַזוי שטאַרק, אַז איך זאָל פילן אַ פליכט תיכּף צו שטעלן זיך אין איר רשות. פון דער אַנדער זייט איז די „גאַס” געווען צו אינטערעסאַנט און אימפּעטיק אין יענע טעג, אַז איך זאָל זיך פון איר קאָנען אָפּרייסן.

די נאָכמיטאָגן פלעג איך פאַרברענגען אין הויף און אין די אוידיטאָריעס פון דעם אָדעסער אוניווערסיטעט. כ'האָב זיך צוגעהערט און אָפט אויך באַ־טייליקט אין די דיסקוסיעס פון די פאַרשיידענע פּאַרטייען. די דיסקוסיעס צווישן די סאָציאַל־דעמאָקראַטן און די עס־ערן און נאָך מער די דיסקוסיעס צווישן די באָלשעוויקעס (לענינצעס אָדער איסקראָווצעס, ווי מען האָט זיי דעמאָלט אָפּטער באַצייכנט) מיט די מענשעוויקעס זיינען אָנגעגאַנגען אומ־אויפהערלעך און האָבן — באַזונדערס נאָך דעם מאָסקווער דעצעמבער־אויפ־שטאַנד — אָנגענומען אַן אַלץ שאַרפערן כאַראַקטער. מען האָט דיסקוטירט ווי בעסער צו אָרגאַניזירן די פּאָליטישע אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס פאַר אַ כאַראַקטער עס דאַרפן טראָגן די יונגע פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן (יוניאָנס), צי דאַרפן די זיין פּאָליטיש־פּאַרטייאישע, פּאָליטיש־אומפּאַרטייאישע, אָדער, ווי די עס־ערן האָבן געפאָדערט, אינגאַנצן אומפּאָליטישע. מען האָט גערעדט וועגן רעוואָלוציאָנערע אויפשטאַנדן, וועגן דער מלוכה־דומע (פּאַרלאַמענט), וואָס די צאַרישע רעגירונג האָט צוגעזאָגט, וועגן דער אַגראַר־פראַגע און דער פּאַרעטערישער ראָלע פון דער בורזשואַזיע.

פאַר מיר זיינען די אַלע דיסקוסיעס געווען אַן אמתער פּאָליטישער אוניווערסיטעט, אין וועלכן כ'האָב כסדר עפּעס געלערנט. די אַרבעטער־באַוועגונג, וועלכע איז פאַר מיר ביז דעמאָלט געווען אַ מין אידעאַלע אַב־סטראַקציע האָט אין מיינע באַגריפן שנעל באַקומען דעם כאַראַקטער פון אַ רעאַלקייט, וואָס האָט מיך צוגעצויגן און צו וועלכער כ'האָב געוואָלט געהערן.

ניט געקוקט אויף דעם זיינען אָבער מיינע דעמאָלטיקע נאַציאָנאַליסטישע געפילן, וואָס האָבן מיך געבראַכט אין די ערשטע גרופּעס פון די ס.־ס. (ציוניסטן־סאָציאַליסטן) ניט אָפּגעשוואַכט געוואָרן. אַלץ וואָס כ'האָב געהערט אין די דיסקוסיעס צווישן מאַרקסיסטן און אַנטי־מאַרקסיסטן, אַלץ וואָס איך האָב זיך דעמאָלט אָנגעלייענט (און לייענען פלעג איך דעמאָלט איבער די נעכט זייער אַ סך) האָט מיר דערמאָנט וועגן דעם, אַז יידן זיינען דאָך אָבער פּאָרט אויף גרויסע צרות, — אָבער קיינער פון די רעדנער פון די פאַרשיידענע

פּאַרטייען, צווישן וועלכע עס זיינען דווקא געווען אַ סך יידן, פּרוואוט אַפילו ניט באַרירן אָדער פאַרענטפערן קיין פראַגע וועגן יידן, — צי דערפאַר ווייל דאָס אינטערעסירט זיי ניט, צי דערפאַר ווייל זיי ווייסן ניט וואָס צו ענטפערן. איך אָבער האָב געגלויבט, אַז דער ריכטיקער ענטפער ליגט אין דער פאַרוואַנדלונג פון יידן אין אַ טעריטאָריעל פאָלק אונטער אַ סאָציאַליסטישער אָרדנונג. נאָר ווי דאָס קאָן פאַרקומען איז פאַר מיר ניט געווען קלאָר. און אַזוי ווי קיין פּאַרטיקע טעאָריעס וועגן דעם האָב איך ניט געפונען, האָב איך זיי אַליין פאַר זיך געפּרוואוט שאַפן.

מיר דאַכט זיך, אַז אַ גרויסע ראָלע אין מיין דעמאָלטיקן אומרואיקן זוכן אַן ענטפער אויף דער פראַגע: וואָס פאַרט וועט זיין מיט די יידן? און ווי קאָן מען זיך דערשלאָגן, אַז יידן זאָלן זיין אַ פאָלק מיט פעלקער גלייך און זאָלן אויפהערן צו זיין א כפרה־הינדל אין די הענט פון יעדן מין רעאַקציע? — האָט געשפּילט דאָס, וואָס כ'האָב זיך ניט געקאָנט אָפּרייסן פון דעם הויף פון דעם דעמאָלטיקן אָדעסער יידישן שפּיטאָל און פון די פּאָגראָם־קרבנות און זייערע פאַמיליעס, וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען.

איך פלעג אַהין קומען יעדן טאָג און פאַרברענגען דאָרטן דעם גאַנצן פאַרמיטאָג. איך פלעג זיך צוהערן צו די דערציילונגען פון די געליטענע וועגן דעם פּאָגראָם, און מיר איז ניט שווער געווען אַזוי אַריינצולעבן זיך אין דעם וואָס זיי האָבן דערציילט, אַז כ'האָב זיך געפילט ווי איינער פון זיי, און כסדר געמאָנט ביי זיך אַליין אַן ענטפער: איז וואָס זשע טוט מען פאַרט?

אַ כאַראַקטעריסטישער פּרט: די קרבנות פון פּאָגראָם, וואָס האָבן נאָך געטראָגן באַנדאַזשן אויף זייערע קערפּערס, זיינען קיינמאָל ניט מיד געוואָרן צו דערציילן ווי דער פּאָגראָם איז פאָרגעקומען און ווי ער איז דערגאַנגען צו זיי. אָבער עפּעס האָב איך ניט געהערט ביי ס'רוב פון זיי אין זייערע דעמאָלטיקע דערציילונגען קיין יאוש, קיין פאַרצווייפלונג, קיין אָפּהענטיגקייט. פאַרקערט, זיי פלעגן באַטאָנען, אַז די אמתע שולדיקע אין דעם פּאָגראָם זיינען געווען ניט די קליינע כוליגאַנישע באַנדעס און אָנגעשיכורטע פּויערים און מעשטשאַנעס, נאָר די פּאָליציי און די צאַרישע אַדמיניסטראַציע. מען האָט גערעדט מער וועגן דעם, ווי מען האָט זיך געשטעלט קעגן די פּאָגראָמשטשיקעס, איידער ווי מ'האָט פון זיי געליטן (נאַטירלעך, אויב מ'האָט דערביי ניט פאַרלוירן עמיצן פון ד'ער פאַמיליע). מען האָט אָפט, אַליין ניט באַמערקנדיק, געמאַכט פון דעם רעוואָלוציאָנערע אויספירן וועגן דער נויטיקייט אָפּצורעכענען זיך מיט דער פּאָליציי און מיט דער זעלבסטהערשאַפט.

דידאָזיקע שטימונג פון ניט־געפאַלנקייט, פון גרייטקייט צו געבן א ווידערשטאַנד און אָפּרעכענען זיך איז געווען אַזאַ ברייט־פאַרשפּרייטע, אַז זי האָט פאַרכאַפּט אפילו... די אָדעסער גנבים. איינס פון די בלעטלעך, וואָס כ'האָב באַמערקט די ערשטע טעג נאָך מיין אָנקומען קיין אָדעס איז געווען אַ גאַנץ היפּשע פּראָקלאַמאַציע, גוט אָפּגעדרוקט און אויסגעשטעלט, ווי ס'זעט אויס אין אַ גוטער דרוקעריי, וואָס איז אויסגעקלעפּט געוואָרן אויף אַ סך

אַפּישן־קאָלאָנעס און ווענט. די פּראָקלאַמאַציע איז געווען אונטערגעשריבן: „פּאַראייניקטע אָרגאַניזאַציע פון די גנבים פון דער שטאָט אָדעס". זי האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ ווענדונג מיט עקסטראַ־גרויסע אותיות: „צו די הערן כוליגאַנעס, פּאָגראָמשטשיקעס און פּאָליציי!" (אויף רוסיש, נאַטירלעך). ווייטער איז געגאַנגען אַ דערקלערונג, אַז די אָדעסער גנבים ווילן, אַז דער ברייטער עולם זאָל וויסן, אַז קיינער פון די פּראָפעסיאָנעלע גנבים האָט זיך ניט באַטייליקט אין דעם פּאָגראָם, ניט אין די רויבערייען; אַז זיי, די גנבים, סימפּאַטיזירן שטאַרק מיט דער אָרעמער באַפעלקערונג, וואָס האָט דערהויפּט געליטן פון דעם פּאָגראָם. און געענדיקט האָט זיך דער אויפרוף מיט אַ וואָרנונג צו די „הערן כוליגאַנעס, פּאָגראָמשטשיקעס און פּאָליציי", אַז דאָס וועט זיי אומזיסט ניט אַריבער און אַז „די גנבים פון דער שטאָט אָדעס", וועלן זיך „ווי געהעריק" אָפּרעכענען מיט די, וואָס וועלן נאָך אַמאָל פּרובירן באַגיין אַזאַ פאַרברעכן, זיי וועלן טייער באַצאָלן פאַר דעם...

שפּעטער, ווען איך האָב זיך אַקטיוו באַטייליקט אין אויפשטעלן אַ ברייטע זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציע אין אָדעס האָב איך זיך דערוואוסט (און בין ניט געווען איבערראַשט דערפון, ווייל כ'האָב שוין פריער געהאַט אַזאַ דערפאַרונג אין דער זעלבשוץ פון ניקאָלאַיעוו), אַז געוויסע פּערזאָנען, וואָס זאָגן, אַז זיי זיינען דערצו באַפולמעכטיקט געוואָרן דורך פאַרשיידענע גרופּעס פון אָדעסער גנבים, זיינען געשטאַנען אין פאַרבינדונג מיט דעם זעלבשוץ־קאָמיטעט.

אין דערזעלביקער צייט איז מיר אויך אויסגעקומען נאָכמער צו באַקענען זיך מיט דעם עלעמענט, וואָס האָט צוגעשטעלט די כוליגאַנעס און פּאָגראָמשטשיקעס. מיר איז שוין אויסגעקומען צו דערמאָנען, אַז די אָרגאַניזאַציע פון צאַרישע כוליגאַנעס אונטערן נאָמען „פאַרבאַנד פון עכט־רוסישע לייט" (מיר פלעגן זיי רופן צוליב קורצקייט „שוואַרץ־מאהניקעס") האָט געהאַט אַ „טשאַינע", אַ מין בילעקז רעסטאָראַן פונקט אַנטקעגן דעם אָדעסער „טאָל־טשאָק", ניט ווייט פון יידישן שפּיטאָל און פון דעם הויז, וואו איך האָב געוואוינט. האָט פּאַסירט אַז איך האָב אין איינעם פון די ערשטע טעג פאַר־בלאָנדזשעט אין דער דאָזיקער „טשאַינע" און האָב אויסגעפונען, אַז פאַר מיינע „גרויסע קאַפּיטאַלן", וואָס איך האָב דעמאָלט פאַרמאָגט, איז דער פּלאַץ געווען ווי אָנגעמאָסטן. פאַר דריי קאָפּיקעס האָב איך געקאָנט קריגן טיי מיט אַ שטיק ברויט און הערינג; פאַר 10 קאָפּיקעס — אַ גאַנצן מיטאָג. אַי וואָס, די אַרומיקע כוליגאַנעס? איז ערשטנס האָבן זיי מיר ניט געשענקט קיין אויפמערקזאַמקייט, — ניט דערקענט אין מיר, משמעות, אַ יידן, — און האָבן מיך ניט געטשעפּעט. און צווייטנס האָבן זיי מערסטנס גערעדט וועגן זייערע ניט־וויכטיקע זאַכן, נאָר אַז זיי פלעגן זיך יאָ צערעדן וועגן צאַרישע מאַניפעסטאַציעס, צו וועלכע די פּאָליציי פלעגט זיי שיקן, און וועגן דעם ווי מען וועט זיך ביי אַ געלעגנהייט דאַרפן אָפּרעכענען מיט יידן, איז עס מיר ערשט געוואָרן „אינטערעסאַנט".

הכלל, צווישן פאַרברענגען אַרום יידישן שפּיטאָל די ערשטע העלפט

פון טאָג און אויף די פאַרזאַמלונגען און דיסקוסיעס אין אוניווערסיטעט די צווייטע העלפט, פלעג איך אין מיינע ערשטע פאָר וואָכן אין אָדעס פאַרברענגען יעדן טאָג די מיטאָג־שעה אין דער „טשאַינע" פון „פאַראיין פון עכט־רוסישע לייט". אויב עמיצער האָט מיך דאָרטן באַמערקט בין איך זיכער, אַז ער האָט געמיינט, אַז ס'איז עמיצער פון זייער געזינדל.

שפּעטער, אין פרילינג, ווען ס'האָבן זיך ווידער גענומען טראָגן קלאַנגען וועגן אַ פּאָגראָם, וואָס די פּאָליציי גרייט לכבוד דער עפענונג פון די זיצונגען פון דער ערשטער דומע אין פּעטערבורג, האָבן מיך מיינע חברים שוין געבעטן איך זאָל מאַכן ספּעציעלע „וויזיטן" אין דעמדאָזיקן זאַמל־פּונקט פון די כוליגאַנעס און זיי האָבן מיך דערפאַר אַפילו „געקרוינט" מיט אַ ספּעציעלן נאָמען, וואָס האָט זיך געפּאַסט פאַר אַזאַ פלאַץ...

# אָדעסער גאַסן אין באַוועגונג

איך האָב אַמאָל געהאַט אַ באַקאַנטן, וועלכער האָט פאַרבראַכט עטלעכע חדשים אין פּאַריז. דאָס איז געווען נאָך אין יענע צייטן, ווען אַ רייזע קיין אויסלאַנד איז נאָך געווען בערך אַ זעלטנקייט און מענטשן, וואָס האָבן „אַליין מיט די אייגענע אויגן" געזען פּאַריז זיינען געווען נאָך זעלטענער. האָט זיך דער דאָזיקער באַקאַנטער מיינער צוריקגעקערט פון פּאַריז אַהיים (אין ווילנע איז דאָס געווען) און ווען מיר האָבן אים געפרעגט ווי ס׳איז אים געפעלן געוואָרן פּאַריז און וואָס ער האָט זיך דאָרטן אָנגעזען, האָט ער זייער ערנסט געענטפערט: — אַ וואונדערלעכע שטאָט, זי האָט אַ פיינע בונדישע אָרגאַניזאַציע.

מער האָט ער וועגן פּאַריז ניט געוואוסט צו דערציילן, ווייל ער האָט דאָרט מער ניט געזען און אפשר זיך ניט אינטערעסירט צו זען.

ווען איך דערמאָן זיך איצט אָן יענעם פּעריאָד אין אָדעס, בין איך כמעט אין דער זעלביקער לאַגע צו זאָגן:

— אַ וואונדערלעכע שטאָט איז דעמאָלט געווען אָדעס, — זי האָט געהאַט אַ פּרעכטיקע אַרבעטער־באַוועגונג.

געוויס האָט די אָדעסער אַרבעטער־באַוועגונג מיט אירע פאַרשיידענע פּאַרטייען, יוניאָנס און אַנדערע אָרגאַניזאַציעס, ניט געשוועבט אין דער לופטן. זי האָט זיך אַנטוויקלט און עקזיסטירט אויף דעם קאָנקרעטן באָדן פון דער שיינער שטאָט אָדעס. און ווען מ׳דערמאָנט זיך אין יענע צייטן, מוז מען זיך, נאַטירלעך, דערמאָנען וועגן אָדעס גופא.

עס געדענקט זיך די אָרעמע אָדעסער מאָלדאַוואַנקע, — אַ לייענער, וואָס שטאַמט אַליין פון אָדעס האָט מיר צוגעשיקט אַ בריוו, וואו ער פּאַרזיכערט, אַז די אָדעסער מאָלדאַוואַנקע איז גאָר ניט געווען אַזוי אָרעם, פאַרוואָרלאָזט און שמוציק, ווי מען דערציילט. מעגלעך, אַז ער איז גערעכט. מעגלעך, אַז ער האָט זי געזען אין אַנדערע צייטן ווי איך, אָדער אַנדערע טיילן אירע, אין וועלכע איך בין דעמאָלט ניט אַריינגעדרונגען, — און אפשר איז די אַמאָליקע מאָלדאַוואַנקע פאַרפּוצט אין די אויגן פון אַן „עכטן אָדעסיט" אין אַ ראָמאַנטישן שלייער. איך דערמאָן זיך אָבער פאָרט די מאָלדאַוואַנקער אָרעמע גאַסן, אָרעמע באַפעלקערונג און בכלל די אָרעמקייט, וואָס האָט אַרויסגעשפּאַרט פון די הייזער אויף די גאַסן און צווישן וועלכע מיר איז דעמאָלט אויסגעקומען צו לעבן און צו אַרבעטן.

עס דערמאָנט זיך, אין היפּוך צו דער אָרעמער מאָלדאַוואַנקע, דער רייכער צענטער פון שטאָט, — די דעריבאַסאָווסקע הויפּט־גאַס, וואָס האָט

געפירט צום און איז, ניט ווייט פון דער גרויסער שטאָטישער ביבליאָטעק און מוזיי, געווען באַקרוינט מיט דעם גרויסן ביוסט־דענקמאָל פון דעם גע־ניאַלן רוסישן פּאָעט אַלעקסאַנדער פּושקין, וואָס האָט דאָרטן אין די 20ער יאָרן פון פאַריקן יאָרהונדערט פאַרבראַכט אַ צייט פון זיין פאַרשיקונג. אין אָנהייב פון דער דעריבאַסאָווסקער גאַס, וואו זי איז איבערגעשניטן געוואָרן דורך דער פּרעאָבראַזשענסקער האָט זיך געפונען דער „פּאַסאַזש", — אַ גע־דעקטער דורכגאַנג מיט די רייכסטע אָדעסער געשעפטן פון בײדע זייטן. קיין איין אַנדער שטאָט אין דרום־אוקראַינע האָט ניט געהאַט אַזאַ פּאַסאַזש, און מען פלעגט דעריבער ריידן וועגן אים אויסער אָדעס, ווי וועגן איינעם פון די „זיבן וועלט־וואונדער"...

עס דערמאָנט זיך דער אַראָפּגאַנג צום לאַנזשעראָן־ברעג פון ים דורך דעם לערמאָנטאָווער געסל צו דער „מאַראַזליעווער דאַטשע" — אַ וואונדער־לעכער ווינקל אויפן סאַמע ברעג פון שוואַרצן ים. דער ברעג איז געווען געדיכט דורכגעשניטן מיט פעלזן סיי ביים צוגאַנג צום וואַסער, סיי טיפער, אַז מען האָט געוואָלט האָט מען זיך דאָרטן געקאָנט אָפּרוען, באָדן זיך און אפילו אויסבאַהאַלטן זיך, ווען זייער נויטיק. אָבער פאַר מיר איז דער דאָזיקער ברעג פאַרבונדן מיט אַנדערע זכרונות. עס דערמאָנט זיך דער וועג ביים ים צום „גרויסן פאָנטאַן" און צום „קליינעם פאָנטאַן" — וואוהין דער מיטלקלאַס פלעגט אַרויספאָרן אויף זומער; די דייטשישע קאָלאָניע ליוסדאָרף, וועגן וועלכער מען פלעגט דערציילן, אַז קיין רעוואָלוציאָנער, אָדער עמיצער וואָס איז ענלעך אויף אַ רעוואָלוציאָנער (אַ שוואַרץ העמדל איבער די הויזן, איבער־געבונדן מיט אַ קוטאַס) טאָר זיך דאָרטן ניט באַווייזן, ווייל מען איז צווישן די דאָרטיקע רייכע דייטשישע קולאַקעס ניט זיכער מיטן לעבן.

און עס דערמאָנט זיך אַן אַנדער אָדעסער שטאָט־טייל, פּערעסיפּ, דער פּלאַץ פון דער דעמאָלטיקער אָדעסער „גרויסער אינדוסטריע" (די גרעסטע איז דאָרטן, דאַכט זיך, געווען ווײַנשטיינס מיל), און הינטער דער מיל דאָרטן אַ טייכל מיט שווימענדיקן אָפּפאַלס פון די פאַבריקן, וואו עס פלעגן זיך באָדן ניט נאָר קינדער, נאָר אָפט אויך דערוואַקסענע מענטשן, אַרומיקע איינ־וואוינער.

עס דערמאָנט זיך דער אַלעקסאַנדראָווער גאָרטן, וואָס איז אויך געווען ניט ווייט פון ים. דער גאָרטן איז געווען ניט קיין גרויסער, אָבער אַ שטאַרק פאַרוואַקסענער און מיר איז ניט איינמאָל אויסגעקומען ניט נאָר צו זיצן אין אים, נאָר אויך צו לויפן פון אים.

איך דערמאָן זיך די אַלע און נאָך אַ סך אַנדערע ערטער פון אָדעס, וועגן די דריי גאַסן, די פּאָליציייאַישע, די גריכישע און די יידישע, וואָס האָבן זיך איינגעשניטן אין דער פּרעאָבראַזשענסקער גאַס. מענטשן פלעגן דאָרטן אויסמיידן דורכצוגיין; וועגן דער גאַס, וואו ס'האָט זיך געפונען די יבנה־שול (בית מדרש), און די תלמוד תורה, מיט וועלכער מענדעלי מוכר ספרים האָט דעמאָלט אָנגעפירט. די אַלע גאַסן און פּלעצער דערמאָנען זיך

אָבער ניט צוליב וועלכע עס איז זייערע אייגנשאַפטן און כאַראַקטער, נאָר פּונקט ווי דער דעמאָלטיקער אָדעסער אוניווערסיטעט און פּאָרט דערפאָר, ווייל מיט זיי זיינען פאַרבונדן זכרונות וועגן דער דעמאָלטיקער באַוועגונג.

למשל: די רייכע דעריבאַסאָווסקע גאַס. גראַד אויף דער רייכער גאַס, וואָס איז שטענדיק געווען געדיכט אָנגעפילט מיט מענטשן, האָבן מיר, ניט ווייט פון דעם גרויסן אָדעסער „סאָלאָווצער טעאַטער" געהאַט אונזער „בירזשע". אונזער „בירזשע", להיפּוך צו דער געלט-בירזשע פון די ספּע־קולאַנטן, וואָס האָט זיך אויך געפונען אויף דער דעריבאַסאָווסקער גאַס מיט פאַנקאָניס גרויסער קאַפע אַלס צענטער, איז געווען אַ קוואַרטאַל פון גאַס, וואו די פאַרשיידענע טוער פון דער באַוועגונג פלעגן זיך באַגעגענען, וואו מען פלעגט אָפּריידן וואו ס'וועט זיין אַ זיצונג, צי אַ קרייז, וואָס מען דאַרף טאָן, וואָס פאַר אַ פּלאַן מען דאַרף אויסמיידן, א. אז. וו. דעריבאַסאָווסקע איז געווען אַ זיכערער פּלאַץ פאַר אַזאַ בירזשע, ווייל מ'איז געווען מער אָדער ווייניקער זיכער, אַז די פּאָליציי וועט אויף דער גאַס ניט מאַכן קיין „אַב־לאַוועס".

דער אַלעקסאַנדראָווסקער גאָרטן, ווידער, איז געווען אַן אָרט, וואו מען פלעגט מאַכן זיצונגען פון פאַרשיידענע גרופּעס און קאָמיסיעס, ווען מען איז ניט געווען זיכער מיט אַנדערע פּלעצער. דער גאָרטן האָט געהאַט אַ סך אַרויסגעגאַנגען, און ווען די פּאָליציי פלעגט אים אַפילו באַפאַלן, האָט מען כמעט שטענדיק געקאָנט אַרויסדרייען זיך פון איר דורך די פאַרשיידענע אַרויס־גאַנגען.

אויף איינער פון די דריי נאָענטע און פּאַראַלעלע גאַסן, — איך געדענק שוין ניט צי אויף דער פּאָליציאַישער, גריכישער אָדער יידישער, האָט זיך געפונען אַ „באַרימטער" פּאָליציי-צירקל, באַרימט מיט דעם מערדערלעכן שלאָגן און פּייניקן פון רעוואָלוציאָנערן און בכלל אַרבעטער וואָס פלעגן אַהין געבראַכט ווערן. דער דאָזיקער פּאָליציי-צירקל האָט געהאַט אַזאַ „נאָ־מען", אַז מען פלעגט אויסמיידן פאַרבייגיין ניט נאָר פאַרביי אים, נאָר אויך איבער די שכנישע גאַסן, — ביז מען האָט דעם פּריסטאַוו פון דעמדאָזיקן פּאָליציי-צירקל ניט דערשאָסן אין מיטן גאַס.

אויף פּערעסיפּ, וואָס האָט געהאַט ווייניק יידן און אַ באַדייטנדיקע קריסט־לעכע אַרבעטער-באַפעלקערונג איז מיר אויסגעקומען אָפט צו זיין, ווייל דאָרטן האָט זיך געפונען אַ היפשע זעלבשוץ-אָפּטיילונג, וואָס איז באַשטאַנען כמעט אויסשליסלעך פון רוסישע אַרבעטער. דאָרטן האָבן זיך אויך געפונען אונטערערדישע היילן, וועגן וועלכע מען פלעגט דערציילן, אַז זיי ציען זיך מייל לווייז אונטער און היגטער דער שטאָט, און אַז אין זיי געפינען זיך און וואוינען אַפילו באַנדעס גנבים און קאָנטראַבאַנדיסטן. אין אייניקע פון אָט־די היילן — וואָס זיינען מסתמא געווען זיכער פון אַזעלכע „איינוואוינער", — פלעגן די פאַרשיידענע גרופּעס פון דער אָדעסער זעלבשוץ דורכפירן זייערע פאַרזאַמלונגען און לערנען זיך שיסן.

די יבנהער שול האָט געהאַט אַ באַזונדערן אינטערעס פאַר דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין אָדעס, באַזונדערס פאַר די פאַרשיידענע ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע גרופּעס, ווי די ס.־ס. און פּועלי־ציון. די דאָזיקע שול, מיט אַ גרויסן הויף אַרום איר איז, דאַכט זיך — יעדנפאַלס אין מיין צייט — געווען מער אַ פּלאַץ פאַר הייסע דיסקוסיעס צווישן ציוניסטן און סאָציאַליסטן און פּילייכט נאָך מער צווישן די פאַרשיידענע מינים ציוניסטן גופא, איידער אַ פּלאַץ פון תפילות. מען האָט דאָרטן אויך געדאַוונט, געוויס. אָבער בעת די שול פלעגט אינעווייניק זיין כמעט ליידיק פון דאַוונער, איז דער הויף געווען אָפט איבערגעפּאַקט מיט ניט־דאַוונער, וואָס האָבן זיך אויף אַן „עכט־יידישן" אופן געקאָכט און געטומלט און דיסקוטירט וועגן דער „אייביקער" יידישער פּראַגע, אָדער פּראַגעס. אַהין פלעגן געווייגלעך געשיקט ווערן אייניקע פון די מער־אַנטוויקלטע און סאָלידערע יידישע אַרבעטער, וואָס זיינען געקומען פון די קליינע שטעטלעך און האָבן אַליין געהאַט אַ רעליגיעזע פאַרגאַנגענ־הייט. די דיסקוסיעס צווישן זיי און די פאַרשיידענע ציוניסטן, באַזונדערס דער יוגנט זיינען אָפט טאַקע געווען מער היציק, איידער אויפקלערנדיק און איבערצייגנדיק, אָבער זיי האָבן געבראַכט זייער נוצן.

***

ווען איך דערמאָן די אַלע ערטער, וואו מיטגלידער און טוער פון דער דעמאָלטדיקער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אין אָדעס פלעגן זיך צו־נויפקומען, מיין איך דערמיט ניט צו זאָגן, אַז די באַוועגונג איז צו יענער צייט, אין סוף 1905 און אין דער ערשטער העלפט פון 1906 געווען „היימלאָז" און האָט ניט געהאַט קיין אייגענע צענטערן. די דאָזיקע צענטערן זיינען געווען אין דער פאָרם פון „מאָלאָטשנעס" (מילכיקע רעסטאָראַנען אָדער קאַפע־הייזער). די ס.־ס., למשל, האָבן געהאַט זייער צענטראַלע „מאָלאָטשנע" אויף יעקאַטערינינסקער גאַס, ניט ווייט פון גרויס אָרנאַוטסקע. פון פאָרנט איז דאָס געווען אַ רעסטאָראַנדל, וואו מען האָט געטרונקען טיי, קאַווע, אָדער מילך און געקאָנט פאַרבייסן. אָבער הינטער דעם פאָדערשטן צימער האָבן זיך געפונען אַ ריי צימערן, וואָס זיינען כמעט שטענדיק געווען אָנגעפילט מיט מענטשן. אין זיי זיינען (אין די טעג, ווען די פּאָליציי האָט ניט גע־ווילדעוועט) פאַרגעקומען זיצונגען פון די פאַרשיידענע קאָמיסיעס און פון דער סכאָדקע (אַ קאָמיסיע, וואָס איז באַשטאַנען פון פאַרטרעטער פון אַלע קאָמיסיעס און גרופּעס); דאָרטן האָט מען אָנגעפירט מיט קרייזלעך, געגעבן לעקציעס, געלייענט און דערקלערט די פּאָליטישע נייס פון צייטונגען, א. אז. וו.

אָט אַזאַ געדענקט זיך מיר די דעמאָלטיקע אָדעס פון סוף 1905 און 1906. אַ וואונדערלעכע שטאָט מיט אַ ברויזנדיקער אַרבעטער־באַוועגונג!

# יידישע אַרבעטער־טוער

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום נאָך מיין קומען קיין אָדעס, האָב איך זיך שוין ז״ערפילט דאָרטן ניט ווי אַ צופעליקער דורכפאָרער אָדער גאַסט, נאָר ווי אַ תושב, וואָס האָט פליכטן בנוגע דער אָרטיקער באַוועגונג. כ׳האָב זיך דעריבער געמאָלדן צו „נאַטשאַלסטוואָ״, דאָס הייסט צו די פירער פון דער ס.־ס.־ישער אָרגאַניזאַציע צו וועלכער איך האָב באַלאַנגט.

ס׳איז אַ מאָדנע זאַך. ווען איך דערמאָן איצט דעם נאָמען „ס.־ס.״, דעם נאָמען פון דער אָרגאַניזאַציע, מיט וועלכער איך בין יאָרנלאַנג געווען פאַר־בונדן און וועלכע האָט פאַר מיר דעמאָלט פאַרקערפּערט מיינע אידייען און שטרעבונגען, רייסט זיך ניט ווילנדיק אַריין די ביטערע דערינערונג וועגן אַן אַנדער „ס־ס״־נאָמען, — פון דער שרעקלעכער נאַצישער אָרגאַניזאַציע, דורך וועלכער היטלער איז געקומען צו דער מאַכט. פּונקט אַזוי קלינגט אָפּ מיט אומאָנגענעמען סקריפּ אין אויער דער נאָמען „בונד״. ווייל דער „נאַצי־בונד״ פון די שפּעטערדיקע יאָרן (אין אַמעריקע), האָט דעם נאָמען פאַרמיאוסט און אים געמאַכט פאַר אַ סימבאָל פון אַנטיסעמיטישער נידער־טרעכטיקייט.

די נעמען גופא, וואָס האָבן אַמאָל געהערט צו ערלעכע יידישע אָרגאַ־ניזאַציעס, רעוואָלוציאָנערע אויף זייער שטייגער, זיינען, נאַטירלעך, ניט שולדיק אין דעם אומגליקלעכן צופאַל, וואָס די נאַציס האָבן מיט יאָרן שפּעטער זיך באַנוצט מיט ענלעכע נעמען. אָבער דאָס ענדערט ניט די לאַגע, און ווען איך דערמאָן זיך די אַלט־באַקאַנטע נעמען פיל איך, ווי ס׳וואָלט נויטיק געווען צו דערקלערן דעם היינטיקן לייענער, אַז ער זאָל זיי חלילה ניט פאַרמישן מיט די שפּעטערדיקע נאַצישע פאַרקערפּערונגען פון שאַנד און אומגליק.

לאָמיר דאָ אגב צוגעבן, אַז אַפילו אין יענע יונגע יאָרן האָב איך און אַ צאָל פון מיינע דעמאָלטדיקע יונגע חברים ניט ליב געהאַט דעם נאָמען „ס־ס״ און האָבן ביי אַ צאָל געלעגנהייטן געפּרואווט דורכפירן, אַז די אָרגאַ־ניזאַציע זאָל בייטן דעם נאָמען אויף אַ מער פּאַסיקן. ווארום דער אמת איז, אַז דער נאָמען ס.־ס. איז געווען אַ פאַרפירערישער. די ראשי תיבות „ס.־ס.״ זיינען אין גרונט געווען ניט קיין יידישע, נאָר רוסישע. זיי זיינען געווען די ערשטע אותיות פון דעם רוסישן נאָמען „סיאָניסטי־סאָציאַליסטי״. דעם דאָזיקן נאָמען האָט די פּאַרטיי אָנגענומען ביי איר גרינדונג סוף 1904, לויטן פאָרשלאַג פון נחמן סירקינען, איינער פון אירע גרינדער. די אַנדערע גרינדער פון דער פּאַרטיי, ווי מ. ליטוואַקאָוו, ד. לוואָוויטש־דאַווידאָוויטש און באַ־

זונדערס ווילי לאַצקי־באַרטאָלדי, וועלכער איז געווען אַ גרויסער חסיד פון נחמן סירקינען, האָבן דעם נאָמען אָנגענומען, כדי צו שאַפן אַ מין היסטאָרישן „המשך" מיט דעם נאָמען ציוניסטן־סאָציאַליסטן, וואָס סירקין האָט צום ערשטן מאָל באַנוצט, דאַכט זיך, אין יאָר 1900, אין זיינע אַרויס־טרעטונגען קעגן דעם בורזשואַזן ציוניזם.

פאַקטיש אָבער זיינען שוין די, וואָס האָבן אָרגאַניזירט די ס.־ס. פּאַרטיי סוף 1904, ניט געווען קיין ציוניסטן. זייער „שייכות" מיטן ציוניזם האָט זיך אויסגעדריקט דערהויפּט אין אַ פאַרביסענעם קאַמף קעגן ציוניזם. זיי האָבן קיינמאָל ניט אויפגעהערט צו קריטיקירן און באַקעמפן די פאַרשיידענע ציוני־סטישע און פּועלי־ציוניסטישע גרופּעס, באַזונדערס די באָראָכאָוו־„טעאָריע", אַז די יידישע סאָציאַליסטישע באַוועגונג מוז „סטיכיש" (אויטאָמאַטיש) פירן דווקא קיין ציון און אַז בלויז אין ארץ ישראל וועלן די יידישע אַרבעטער קאָנען שאַפן אַ „נאָרמאַלע" סאָציאַליסטישע באַוועגונג און קאָנען בויען דעם סאָציאַליזם.

מיר איז שוין אויסגעקומען אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל אָנצואווייזן, אַז די יונגע יידישע אַרבעטער און אינטעליגענץ, וואָס האָבן אויסגעבילדעט די ערשטע ס־ס־ישע אָרגאַניזאַציעס האָבן זיך אַליין גערעכנט, — האָבן יעדנפאַלס געוואָלט זיין „כשר'ע" מאַרקסיסטן. זיי זיינען דעריבער געווען שאַרפע קעגנער פון דער אַנטי־מאַרקסיסטישער אידעאָלאָגיע פון די דעמאָלט־דיקע עס־ערן (סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן) און האָבן אויף אַזוי פיל זיך אידענטיפיצירט מיט דער דעמאָלטדיקער פּראָגראַם פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע און דווקא מיט איר לינקן פליגל, אַז זיי האָבן דעם בונד, מיט וועלכן זיי האָבן געפירט אַ כסדרדיקע מלחמה, קריטיקירט פון אַ סאָציאַל־דעמאָקראַטישן שטאַנדפּונקט מיט די פּאַרטיקע אַרגומענטן פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, פון די איסקראָווצעס.

וואו די דעמאָלטיקע ס.־ס. זיינען זיך צעגאַנגען מיט דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איז עס געווען אין דער יידישער פראַגע. די ס־ס האָבן געהאַלטן, אַז אַ יידישע פראַגע, דערהויפּט אין די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער עקזיסטירט און מען טאָר זי ניט איגנאָרירן; אַז דאָס איז ניט נאָר אַ פראַגע וועגן פּאָליטישער רעכטלאָזיגקייט און אַנטיסעמיטיזם, נאָר אַ סאָ־ציאַל־עקאָנאָמישע פראַגע; אַז די יידישע מאַסן זוכן „אינסטינקטיוו" צו לייזן די דאָזיקע פראַגע דורך אַ מאַסן־עמיגראַציע, און אַז די יידישע פראַגע קאָן פולשטענדיק געלייזט ווערן נאָר דעמאָלט, ווען די יידן וועלן ווערן אַ טערי־טאָריעלע נאַציע, דאָס הייסט, אַ מערהייט אויף אַ וועלכער עס איז טערי־טאָריע.

עס איז, נאַטירלעך, אמת, אַז ניט געקוקט אויף דער דאָזיקער „מאַרקס־אָרטיקער" פאָרמולירונג איז די ס־ס אידעאָלאָגיע אין עצם געווען אַ קליינביר־גערלעך־נאַציאָנאַליסטישע, ווייל אָנערקענענדיק די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אידעאָלאָגיע און פּראָגראַם „בכלל" האָבן די ס.־ס. אָפּגעגעבן זייער טעאָרעטישע

הויפּט־ענערגיע דער באַגרינדונג פון זייער ספּעציפישער פּראָגראַם פון לייזונג פון דער יידן־פראַגע, וואָס האָט מער אַפּעלירט צו דער קליינבירגערלעכער אינטעליגענץ, איידער צו די אַרבעטער. אָבער דער סאָציאַליסטישער געוויסן פון די ס״ס איז באַפרידיקט געוואָרן דורך דעם, וואָס מיט זייער ספּעציפישער פאָרם פון דער לייזונג פון דער יידן־פראַגע האָבן זיי זיך פאַרנומען בלויז טעאָרעטיש, נאָר אין דיסקוסיעס צווישן זיך, אָדער מיט דעם בונד. פּראַקטיש אָבער זיינען זיי געווען מיט לייב און לעבן פאַרנומען אין דער רעוואָלוציאָנע־רער סאָציאַליסטישער אַרבעטער־באַוועגונג, האָבן אָרגאַניזירט יוניאָנס און אַנדערע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, געהאָלפן און דורכגעפירט סטרייקס, אָרגאַ־ניזירט און באַטייליקט זיך אין די אַלגעמיינע רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער־אַרויסטרעטונגען, געשטיצט און געזוכט דורכצופירן אין דער פּראַקטיק די פּלענער און די פּראָגראַם פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, און געליטן פון פאַרפאָלגונגען, אַרעסטן, טורמע און פאַרשיקונגען פונקט ווי אַלע אַנדערע סאָציאַליסטישע קעמפער. וואָס איז שייך דער „טעאָריע״ וועגן אַ טעריטאָריע וואו עס איז און ווען עס איז, וואו די יידישע פראַגע דאַרף „פולשטענדיק״ געלייזט ווערן, — איז די פּראַקטישע פאַרווירק־לעכונג פון דעם פּונקט קיינמאָל ניט געווען אינגאַנצן קלאָר ניט נאָר פאַר די נאָכפאָלגער, נאָר אויך פאַר די אָנפירער פון די ס״ס. זיי האָבן מער גע־גלויבט אין דער נויטיגקייט פון אַזאַ לייזונג, ווי איבערצייגט אין איר מעג־לעכקייט. דער נאָמען ס״ס איז דעריבער געווען אַ פאַרעלטערטער, אַ ניט־ריכטיקער און פאַרפירערישער.

**
*

צו יענער צייט יעדנפאַלס, אַזוי לאַנג ווי די רוסלענדישע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, וואָס האָט דערגרייכט איר הויכפּונקט אין אָקטאָבער 1905, איז נאָך ניט אינגאַנצן דערשטיקט געוואָרן אַלס מאַסן־באַוועגונג (דאָס איז גע־קומען שפּעטער, אין יאָר 1908) האָבן די ס.־ס.־אָוצעס אַקטיוו זיך באַטייליקט אין דער ברויזנדיקער אַרבעטער־באַוועגונג. אָדעס איז ניט געווען קיין אויס־נאָם. די ס״ס האָבן אין אָדעס פאַרמאָגט אַ היפּשע צאָל אינטעליגענטן און ענערגישע, פייאיקע אַרבעטער־טוער. צווישן די דעמאָלטדיקע אָנפירער פון די ס״ס אין אָדעס געדענק איך: די ברידער מאָיסעי און דאַוויד געפּשטיין, ד. לוואָוויטש־דאַווידאָוויטש, העברי (אָדער איסאַק) קוריצקי, מאַרק טומאַרקין, סאַשאַ און זשאָרזש זבאָראָווסקי, דוד באַטורינסקי, חיים קאַראַטקאָוו און אַ צאָל אַנדערע. פון די אַרבעטער, וואָס האָבן געשפּילט אַ פירנדיקע ראָליע אין דער אָרגאַניזאַציע געדענקען זיך די נעמען פון זלמן דער ערשטער (אָדער זלמן קאָראָבאָטשניק), זלמן דער צווייטער (אַ שניידער), סאַמאָילאָ (אַ שניידער), נאַהום (אַ פאָטאָגראַפער), קאַטיאַ (אַ פּודלמאַכערין), דער גרויסער באָריס (אַ האָפן־אַרבעטער), באָריס דער קליינער (אַ מעכאַניקער) און אַנדערע.

מאָיסעי געפּשטיין איז געווען אַ יונגער אַדוואָקאַט (לאָיער), און האָט געהאַט אַ נייגונג צו שרייבן, אָבער אין דער צייט פון דער רעאַקציע איז

ער פאַרשוואונדן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג און בכלל פון געזעלשאַפטלעכן לעבן. זיין יינגערער ברודער, דאַוויד, אַ סטודענט, האָט, פאַרקערט, אַזוי זיך פאַרבונדן מיט דער אַלגעמיינער אַרבעטער־באַוועגונג, אַז ער איז שפּעטער אַוועק קיין באַקו, האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער דאָרטיקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער (באָלשעוויסטישער) אָרגאַניזאַציע און איז צו דער צייט פון דער רעוואָלוציע פון 1917 געווען דער רעדאַקטאָר פון דער וויכטיקסטער קאַווקאַזער באָלשעוויסטישער צייטונג „באַקינסקי ראַבאָטשי״.

דוד לוואָוויטש־דאַווידאָוויטש (אָדער „דאַוואַ״, ווי ער איז געווען באַקאַנט צווישן די חברים), צו יענער צייט נאָך אַ סטודענט, האָט געשטאַמט פון ראָסטאָוו־אויפן־דאָן, האָט זיך קיינמאָל ניט אויסגעלערנט פריי צו ריידן, אָדער צו שרייבן יידיש, אָבער איז שפּעטער איינגאַנצן אַוועק אין ריין־יידישער אַרבעט, און האָט זיך זינט דער ערשטער וועלט־מלחמה ביז זיין טויט (אין 1948 אָדער 1949) איינגאַנצן אָפּגעגעבן מיט דער אַרבעט און אָנפירונג פון דער „אָרט״־אָרגאַניזאַציע, פריער אין רוסלאַנד און דערנאָך אויף אַן אינטערנאַציאָנאַלן מאַסשטאַב. חיים קאָראַבקאָוו און דאַוויד באַטורינסקי זיינען נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע פון 1917 געוואָרן סאָוועטישע עקאָנאָמיסטן, און די ברידער זבאַראָווסקי האָבן געאַרבעט אין סאָוועטישע כעמישע לאַבאָראַטאָריעס. מאַרק טומאַרקין, אַ סטודענט און אַ זון פון אַ קעשעניעווער באַנקיר, האָט זיך אין די יאָרן פון רעאַקציע אומגעקערט צו זיין שורש און איז, דאַכט זיך, אַליין געוואָרן אַ באַנקיר.

פון די אַקטיווע אַרבעטער, וואָס האָבן זיך דעמאָלט באַטייליקט אין דער אָנפירונג פון דער אָדעסער ס־ס־אָרגאַניזאַציע זיינען זלמן דער ערשטער, באָריס דער קליינער, קאַטיאַ און נאָך אייניקע מיט דער צייט אַוועק קיין אַמעריקע, וואו אייניקע פון זיי לעבן נאָך איצט און זיינען אַקטיוו אין דער פּראָגרעסיווער אַרבעטער־באַוועגונג. נחום דער פאָטאָגראַפער איז נאָך אַ צאָל אַרעסטן און אַרויסשיקונגען פאַרבליבן אין אָדעס, איז דאָרטן געוואָרן איינער פון די וויכטיקסטע טוער אין די יוניאָנס און אין יאָר 1926 האָב איך געהערט וועגן אים ווי וועגן דעם סעקרעטאַר פון דער צענטראַלע פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען (יוניאָנס) אין אָדעס.

סאַמאָילאָ דער שניידער איז אין 1906 אַוועק פון אָדעס קיין קרים, — דאַכט זיך אין פעאָדאָסיע, — און איך האָב געהערט, אַז ער איז דאָרטן אומגעקומען ביי אַ באַוואָפנטן צוזאַמענשטויס מיט דער פּאָליציי.

אָט־דאָס איז געווען דער מין מענטשן, וואָס זיינען דעמאָלט, סוף 1905, געשטאַנען אין שפּיץ פון דער ס־ס־אָרגאַניזאַציע אין אָדעס, — אַ צאָל פון זיי זיינען מיט דער צייט אויסגעוואַקסן אין וויכטיקע טוער אין יידישן לעבן בכלל און אין דער אַרבעטער־באַוועגונג.

# די ערשטע טריט

מיין אָדעסער „נאַטשאַלסטווע", דאָס הייסט די מיטגלידער פון דעם אָדעסער קאָמיטעט פון דער אָרגאַניזאַציע, צו וועלכער איך האָב זיך ענדלעך געמאָלדן, האָבן מיך אויפגענומען זייער פריינטלעך, זייער חבריש און אויסגעדריקט זייער צופרידנקייט, וואָס איך בין גרייט צו שטעלן זיך צו דער „אַרבעט". מיט די מערסטע פון זיי האָב איך זיך געקענט פון פריער, דורך דער זעלבשוץ־אַרבעט, מיט אייניקע האָב איך זיך געטראָפן אויף די פּאַר־זאַמלונגען אין אָדעסער אוניווערסיטעט.

איך בין געווען גאַנץ היפּש פאַרוואונדערט, ווען די מיטגלידער פון קאָמיטעט האָבן אויסגעדריקט זייער „איבעראַשונג", וואָס איך קאָן עפּנטלעך ריידן אַזאַ „גוטן יידיש" (אונזער געשפּרעך איז „נאַטירלעך" פאָרגעקומען אויף רוסיש, וואָרעם זעלטן וואָס פאַר אַ יידישער אינטעליגענט, אָדער האַלב־אינטעליגענט, אַפילו אַזאַ, וואָס האָט ביי זיך אינדערהיים גערעדט יידיש, האָט „ריזיקירט" צו ריידן אין עפנטלעכע פלעצער און ווער רעדט נאָך פון דער פּלאַטפאָרמע אויף יידיש — „נאַ זשאַרגאָניע", האָט עס דעמאָלט געהייסן).

מאָלט אייך, מיין יידיש איז דעמאָלט געווען „פון די, וואָס מען פרעגט זיך נאָך אויף זיי", דער טיפּישער אָדעסער־ניקאָלאַיעווער יידיש, אין וועלכן אויב ניט יעדעס צווייטע, איז יעדעס דריטע וואָרט געווען רוסיש, ספּעציעל אויב עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן געזעלשאַפטלעכע, אָדער קולטור־ענינים. די, וואָס האָבן גערעדט דעמדאָזיקן „זשאַרגאָן", האָבן אַליין געפילט, אַז ס'איז ניט קיין זייער געהויבענע שפּראַך און פלעגן אין דער עפנטלעכקייט אויסמיידן צו ריידן אין איר. אויב איך האָב יאָ „געהאַלטן רעדעס" אין דעמדאָזיקן יידיש איז עס געווען בלויז דערפאַר, ווייל איך האָב אין די פּאַר־אָקטאָבער טעג אין אומאַן אַליין ניט באַמערקט, ווי אַזוי כ'האָב אָנגעהויבן צו ריידן יידיש צו אַן עולם. וואָס האָט דעם ערגסטן יידיש פאָרט פאַרשטאַנען בעסער, ווי דעם בעסטן רוסיש.

יעדנפאַלס, די פירנדיקע חברים אין אָדעס זיינען געווען זייער צופרידן, וואָס זיי האָבן אין מיר אַ מענטשן, וואָס קאָן עפנטלעך ריידן יידיש, און זיי האָבן שוין געהאַט פאַר מיר אַ פּאַרטיקן פּלאַן: איך זאָל אַוועקפאָרן אַרבעטן אין באַלטע.

— פאַרוואָס עפּעס אין באַלטע?

— ווייל באַלטע איז אַ יידישע שטאָט, די באַפעלקערונג רעדט דאָרטן

מער יידיש ווי אין אָדעס און אין באַלטע דאַרף מען דערפאַר אַזאַ מענטשן ווי איך.

— און אין אָדעס דאַרף מען מיך, הייסט עס, ניט?

— אין אָדעס — ווייניקער ווי אין באַלטע. ווארום אין אָדעס רעדט מען ניט אין די אָרגאַניזאַציעס קיין יידיש, דאָ קאָן מען זייער גוט אויסקומען נאָר מיט רוסיש.

איך האָב אָבער ניט געהאַט דעם מינדסטן חשק צו פאָרן קיין באַלטע. איך בין געקומען קיין אָדעס, ווייל איך האָב געוואָלט זיין אין אָדעס און אַרבעטן דאָרטן.

האָבן מיר די פירער פון דער אָרגאַניזאַציע דערקלערט, אַז כאָטש זיי פאַרשטייען מיך און וואָלטן, נאַטירלעך, גאָר ניט געהאַט קעגן מיין אַרבעט אין אָדעס, קאָן איך אָבער אין אָדעס ניט בלייבן, ווייל די אָרגאַניזאַציע וועט מיך דאָ ניט קאָנען אויסנוצן, זי האָט פשוט ניט קיין פלאַץ פאַר מיר דאָ...

— פאַרוואָס?

האָבן זיי מיר געמאַכט אַזאַ חשבון: אין קאָמיטעט קאָן מען מיך ניט אַריינגעמען, ווייל דער קאָמיטעט איז אַן אויסגעקליבענער דורך דער „סכאָד־קע״. אין דער סכאָדקע ווידער קאָן איך אויך ניט אַריין, ווייל אין איר זיינען פאַרטראָטן ניט קיין איינצלנע חברים, נאָר פאַרטרעטער פון אַרבעטער־גרופּעס, קרייזלעך, פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגן (יוניאָנס) א. אז. וו., מיט וועלכע איך בין, נאַטירלעך, נאָך ניט פאַרבונדן. געבן מיר אַ ספּעציעלע אַרבעט אַלס אָרגאַניזאַטאָר, אָדער פּראָפּאַגאַנדיסט, קאָן מען ניט, ווייל אָדעס האָט גענוג אַזעלכע טוער. מיט איין וואָרט: די גלייכסטע זאַך איז, אַז איך זאָל פאָרן קיין באַלטע...

בקיצור: איך בין קיין באַלטע ניט געפאָרן און בין פאַרבליבן אין אָדעס. אמת, דאָס איז אפשר געווען ניט אַזוי דיסציפּלינירט פון מיין זייט, אָבער דער ווילן צו פאַרבלייבן אין אָדעס (איך האָב צוליב דעם געהאַט אויסער אַלגעמיינע, אויך ספּעציעלע, פּערזענלעכע אורזאַכן) איז, ווי עס זעט אויס, געווען ביי מיר שטאַרקער ווי די דיסציפּלין, און איך בין פאַרבליבן אין אָדעס.

דאָס פאַרבלייבן אין אָדעס אויף דער אייגענער פאַראַנטוואָרטלעכקייט איז, פאַרשטייט זיך, געווען פאַרבונדן מיט צוויי פראַגעס: ערשטנס, וואו נעמט מען די פאָר גראָשן (הגם קיין סך האָב איך ניט געדאַרפט) צו בלייבן אין אָדעס? און צווייטנס, מיט וואָס פאַר אַ געזעלשאַפטלעכער אַרבעט פאַר־נעמט מען זיך, ווען מיין אָרגאַניזאַציע דאַרף מיך דאָ ניט?

איז די ערשטע פראַגע ווי דורך אַ צופאַל געלייזט געוואָרן דורך דעם, וואָס איך האָב ניט טראַכטנדיק צי קאָן איך שרייבן פאַר אַ ציטונג אָדער ניט, גענומען שרייבן און זיך אָנגעהויבן דרוקן. אין אָדעס האָט דעמאָלט (צום סוף 1905) אָנגעהויבן אַרויסגיין אַ לעגאַלע מאַרקסיסטישע צייטונג אונטערן נאָמען „קאָמערטשעסקאַיאַ ראָסיאַ״. איינער פון די אַרויסגעבער (צי פון די

רעדאַקטאָרן) פון דער צייטונג איז געווען מיינער אַ באַקאַנטער, מיט וועלכן כ׳האָב זיך באַקענט אויף די פאַרזאַמלונגען אין אָדעסער אוניווערסיטעט. דערוויסנדיק זיך, אז איך פארברענג אָפט ארום דעם אָדעסער יידישן שפיטאָל צווישן די פּאָגראָם־געליטענע, האָט ער מיר פאָרגעשלאָגן אָנצושרייבן פאַר דער צייטונג אַן אַרטיקל. איך בין ניט געווען פויל אויף דער פען, אָנגעשריבן צוויי אַרטיקלען און בײדע אַרטיקלען זיינען טאַקע באַלד אָפּגעדרוקט געוואָרן. אויב אַזוי, האָב איך שוין אָנגעשריבן אַן אַרטיקל וועגן דער „טשאַיינע״ פון דעם כוליגאַנישן „פאַראיין פון עכט־רוסישע לייט״, וואו כ׳פלעג אַריינקומען איבערבייסן. דער אַרטיקל איז אויך אָפּגעדרוקט געוואָרן. דערנאָך האָב איך אָנגעשריבן אַ פּאָר אַרטיקלען וועגן דער יידישער עמיגראַציע, וואָס האָט דעמאָלט זיך שטאַרק אַ הייב געטאָן. די אַרטיקלען האָב איך, אמת, געדאַרפט שטאַרק איבעראַרבעטן, אָבער זיי זיינען סוף כל סוף אויך געדרוקט געוואָרן. איידער די צייטונג האָט זיך פאַרמאַכט (אַרום אַפּריל־מאַי 1906) האָב איך אין איר אָפּגעדרוקט אַ צענדליק, צי מער אַרטיקלען און האָב זיך צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן דערפילט פאַר אַ כמעט רעגולערן זשורנאַליסט, ווייל מען האָט מיר פאַר די אַרטיקלען באַצאָלט. אמת, ניט קיין סך, — אָבער ווער האָט דען געדאַרפט אין יענע צייטן אַ סך? ווען ס׳האָט געקלעקט צו באַצאָלן פאַר מיין צימער און אויף אַ מינימום פון עסן, איז עס געווען גענוג.

שפּעטער האָט זיך אין אָדעס געעפנט אַ יידישע וואָכנבלאַט (אין רוסיש) אונטערן נאָמען „יעווריעיסקי גאָלאָס״. דער רעדאַקטאָר פון דעם וואָכנבלאַט איז געווען אַ געוויסער פּאַפּערנאָ, אַ טעריטאָריאַליסט. ער האָט מיר פאָרגעשלאָגן אָנצושרייבן פאַר אים אַ פּאָר אַרטיקלען וועגן קאָלאָניזאַציע (פּראַגעס, וואָס האָבן דעמאָלט זייער אינטערעסירט סיי די טעריטאָריאַליסטן, סיי די ס״ס, וועלכע זיינען געווען סאָציאַליסטישע טעריטאָריאַליסטן). איך האָב געקראָגן אין ביבליאָטעק אַ פּאָר ביכער וועגן דער קאָלאָניזאַציע פון די „דוכאָבאָרן״ (אַ רוסישע רעליגיעזע סעקטע) אין קאַנאַדע און האָב אויף דעם גרונט אָנגעשריבן אַ האַלבן טוץ אַרטיקלען וועגן דעם ווי זיי האָבן דורכגעפירט זייער קאָלאָניזאַציע. פאַר די דאָזיקע אַרטיקלען האָב איך באַקומען די „קאָלאָסאַלע סומע״ פון 50 רובל, וועלכע זיינען דעמאָלט פאַר מיר באמת געווען אַ גאַנצער אוצר.

און אָט אַזוי צווישן „קאָמערטשעסקאַיאַ ראָסיאַ״ און „יעווריעיסקי גאָלאָס״ האָב איך אָנגעהויבן ווערן אַ זשורנאַליסט, וואָס „מאַכט אַ לעבן״ פון שרייבן. און ווען די פאַרדינסטן פון דעם האָבן ניט געקלעקט אויף דער גאַנצער הוצאה, האָט מען ענגער פאַרצויגן דעם פּאַסעק פון די הויזן, און ס׳האָט שוין געמוזט קלעקן..

וואָס איז שייך דער געזעלשאַפטלעכער אַרבעט, צוליב וועלכער איך בין אייגנטלעך דעמאָלט געקומען קיין אָדעס, האָט זיך עס אויך כמעט ווי „פון זיך אַליין״ איינגעאָרדנט. ניט ווייט פון מיין וואוינונג אויף פּראָכאָראָווסקע

איז געווען אַ טראַקטיר, אין וועלכן עס פלעגן פאַרברענגען זייער פרייע צייט און טרינקען טיי יידישע באַלעגאָלעס. מיט דעמדאָזיקן מין שווערע האָרע־פאַשניקעס בין איך שוין געווען באַקאַנט פון פריער דורך דער אַרבעט צווישן זיי אין אומאַן. האָב איך זייער שנעל געשלאָסן באַקאַנטשאַפט מיט עטלעכע פון די באַלעגאָלעס, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן אַן אינטערעס צו געזעלשאַפטלעכע פראַגעס, האָב גענומען פאַר זיי לייענען צייטונגען און דער־קלערן די באַדייטונג פון דעם געלייענטן אין יידיש (קיין רוסישע צייטונג האָט כמעט קיינער פון זיי ניט געקאָנט לייענען, כאָטש זיי האָבן פאַרשטאַנען אַ פרימיטיוון רוסיש), און איידער איך האָב זיך אַרומגעקוקט האָבן זיך פון זיי אָרגאַניזירט צוויי קרייזלעך, מיט וועלכע כ'האָב אָנגעפירט. און אַז ס'איז שוין געווען אַ פאָר קרייזלעך פון אַ 25־30 מענטשן, זיינען מיר צוגעטראָטן צו אָרגאַניזירן אַ פראָפעסיאָנעלן פאַראיין (יוניאָן) פון באַלעגאָלעס, אין וועלכן איך בין געוואָרן סעקרעטאַר.

דורך די באַלעגאָלעס האָב איך אין אַ צווייטן טראַקטיר אויף דער מאָלדאַוואַנקע געשלאָסן באַקאַנטשאַפט מיט אַ צאָל יידישע קצבים־אַרבעטער. דאָס וואָס איך, אַן „אינטעליגענט" האָב צו זיי גערעדט יידיש (טאָקע ניט מיין „ליטעראַרישן", נאָר אַ באַלעגאָליש־קצבישן, וועלכן זיי אַליין האָבן גערעדט) איז זיי שטאַרק געפעלן געוואָרן. זיי האָבן מיך געבעטן אָפטער קומען אין זייער טראַקטיר און דערקלערן זיי וואָס מען שרייבט אין די בלעטער און וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט. דער רעזולטאַט איז ווידער געווען דערזעלביקער: אין אַ פאָר וואָכן אַרום האָב איך אָנגעפירט מיט אַ פאָר פאָליטישע קרייזלעך פון יידישע קצבים־אַרבעטער, און זיי האָבן אויפגעהויבן די פראַגע וועגן אָרגאַניזירן אַ יוניאָן אין זייער פאַך. דידאָזיקע יידישע קצבים־יוניאָן האָט מיך דערוויילט פאַר איר פאָרשטייער אין דעם שטאָטישן ראָט פון פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען.

און אָט אַזוי כמעט אומבאַמערקט, אָן פאָראויס־אויסגעאַרבעטע פלענער, אָן דער הילף און אפילו אָן דער דערלויבעניש פון דער אָדעסער ס־ס אָר־גאַניזאַציע בין איך אין אַ פאָר חדשים צייט אַרומגעוואקסן געוואָרן מיט אַ היפשער צאָל יידישע אַרבעטער, מיט קרייזלעך און פראָפעסיאָנעלע פאַראיי־נען, אין וועלכע די אַרבעט איז געפירט געוואָרן אין יידיש און אויף וויפיל מעגלעך אין גייסט פון די ס.־ס.־ישע אידייען.

און מיין גרויסע באַפרידיקונג איז געווען, ווען די אָנפירער פון דער אָדעסער אָרגאַניזאַציע האָבן מיך אין פעברואַר 1906 איינגעלאַדן אָנצו־שליסן מיינע קרייזלעך אין דער אָרגאַניזאַציע און האָבן מיך אָן ספּעציעלע וואַלן אַריינגענומען אין קאָמיטעט.

# אויפֿן קעשעניעווער פראָנט

קיין באַלטע בין איך טאַקע ניט געפֿאָרן, אָבער ווען דער קאָמיטעט האָט מיך באַשטימט צוצופֿאָרן קיין קעשעניעוו צו העלפֿן דאָרטן רעאָרגאַניזירן און באַפֿעסטיקן די זעלבשוץ, האָב איך ניט געקאָנט און ניט געטראַכט אַפֿילו אָפּצואָגן זיך.

וואָרעם קעשעניעוו, אין צענטער פֿון בעסאַראַביע, איז געווען אַ גאַנץ באַזונדערע שטאָט, אַ שטאָט מיט אַ בלוטיקן צייכן אויף זיך, וואָס מען האָט קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן.

אין יענער צייט האָט קעשעניעוו, — די „שחיטה־שטאָט" פֿון דעם ערשטן שרעקלעכן פּאָגראָם פֿון אַפּריל 1903, וואָס האָט אויפֿגעטרייסלט די וועלט, — ערשט איבערגעלעבט אַ צווייטן פּאָגראָם, איינעם פֿון די טויזנט פּאָגראָמען, מיט וועלכע די צאַרישע רעגירונג האָט געזוכט נוקם צו זיין זיך פֿאַר דעם קורצן אָקטאָבער־זיג פֿון דער רעוואָלוציע.

איך בין אין קעשעניעוו פֿריער קיינמאָל ניט געווען און מיין פֿאָרשטעלונג וועגן איר איז געווען בלויז ווי וועגן אַ טאָפּלט־געליטענער פּאָגראָם־שטאָט, וואו מענטשן גייען מסתמא אַרום צעשראָקענע, פֿאַרצווייפֿלטע, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ, טראַכטנדיק בלויז וועגן דעם אומגליק, וואָס האָט זיי געטראָפֿן און ווי צו אַנטלויפֿן פֿון אים.

בין איך דערפֿאַר געווען אַ היפּש ביסל און גאַנץ אַנגענעם איבערראַשט, ווען ס'האָט זיך אַרויסגעשטעלט נאָך מיין קומען אַהין, אַז קעשעניעוו איז גאָרניט ענלעך אויף דער ליטעראַרישער „שחיטה־שטאָט", וואָס כ'האָב זיך פֿאָרגעשטעלט. פֿאַרקערט, קומענדיק פֿון אַזאַ קאָכעדיקער שטאָט ווי אָדעס, אָדער פֿון אַזאַ אינדוסטריעלן און האַנדלס־צענטער, ווי ניקאָלאַיעוו, האָט זיך קודם כל געוואָרפֿן אין די אויגן — די רואיקייט, די געלאַסנקייט, איך וואָלט אַפֿילו געזאָגט, די שטילע זעלבסטצופֿרידנקייט, וואָס האָט גערוט איבער די ווייס און געל־געקאַלכטע, יוסטע איינשטאָקיקע און צוויי־שטאָקיקע הייזער פֿון די גאַסן און האָט זיך געפֿילט אויך צווישן דער יידישער באַפֿעלקערונג.

פּאָגראָמען? געוויס, די קעשעניעווער יידן האָבן זיי ניט פֿאַרגעסן, — ניט דעם ערשטן פֿון 1903 און ניט דעם לעצטן פֿון 1905. אָבער ריידן וועגן דעם האָבן זיי זיך ניט געאיילט און מ'האָט געמוזט אַרויסציען פֿון זיי די פֿאַקטן, וואָס מען האָט זיך געוואָלט דערוויסן. עס האָט אויסגעזען, ווי דער אָקטאָבער־פּאָגראָם פֿון 1905 וואָלט אָפּגעשטעמפּט די שרעקלעכקייט פֿון דעם קעשעניעווער פּאָגראָם פֿון 1903, און דעם נייעם פּאָגראָם האָט מען שוין

ניט באַטראַכט ווי אַ ספּעציעל־יידישן אומגליק. וויפיל ער זאָל ניט האָבן אָפּגעקאָסט, האָט מען זיך אָבער אָפּגעגעבן אַ חשבון וועגן דעם פון וואַנען ער איז געקומען, ווער ס'איז באמת שולדיק אין אים, ווען מען דאַרף פאַר אים האַלטן פאַראַנטוואָרטלעך. מיין איינדרוק, יעדנפאַלס, פון די ערשטע טעג נאָך מיין קומען קיין קעשעניעוו איז געווען דער זעלביקער, וואָס איך האָב געקראָגן אין אָדעס: אַז די יידישע באַפעלקערונג ווייסט קלאָר, אַז דער פּאָגראָם איז געווען אַן אָרגאַניזירטער דורך דער פּאָליציי; אַז קרוּ־שעוואַנס פּאָגראָם־צייטונג, „בעסאַראַבעץ", וואָס האָט געהאַט אַ גאָר גרויסן חלק פאַר דעם פּאָגראָם פון 1903, ווערט ניט באַטראַכט פאַר קיין אָרגאַן פון דער עפנטלעכער מיינונג, נאָר פאַר אַ פּאָליציייאישער צייטונג; און אַז די גאַנצע שולד פאַר דעם פּאָגראָם פאַלט אויף דער צאַרישער רעגירונג און איר פּאָליטיק ניט נאָר בנוגע די יידן, נאָר בנוגע דעם גאַנצן פאָלק פון רוסלאַנד.

כאַראַקטעריסטיש פאַר דער דאָזיקער באַציאונג זיינען געווען די גע־שפּרעכן, וואָס כ'האָב געהאַט מיט דעם באַלעבאָס פון וואוינונג, וואו כ'האָב געדונגען אַ צימער, אויף ניקאָלאַיעווסקער גאַס. ער האָט געהאַט עפּעס אַ קלייטל אויף דער זעלביקער גאַס, אָבער געפירט דעם „געשעפט" האָט מערסטנס זיין ווייב, וועלכע כ'האָב דערפאַר כמעט קיינמאָל ניט געזען אין הויז. ער אַליין האָט, ווי עס זעט אויס, ניט געהאַלטן פון איבערהאָרעווען זיך. אַ זייער גוטמוטיקער, היפּש־אויסגעקליידעטער ייד פון אַ יאָר 50, האָט ער מיר אָן אַן איבעריקן חשק, ווי וועגן אַ זאַך, וועגן וועלכער ס'איז ניט כדאי צופיל צו ריידן, דערציילט וועגן דעם לעצטן פּאָגראָם.

— צי האָט ער געליטן פון דעם פּאָגראָם?

— אַוודאי, ווי דען? די כוליגאַנעס האָבן אים, חלילה, ניט דורכגעלאָזן. האָבן זיי אים געשלאָגן? זיי וואָלטן אַוודאי געשלאָגן, נאָר ער האָט זיך ניט געלאָזט... האָט ער זיך באַהאַלטן, צי אַנטלאָפן פון זיי? — ווער רעדט וועגן אַנטלויפן, ער איז ניט אַנטלאָפן און האָט זיך ניט באַהאַלטן. פאַרקערט, ער מיט נאָך עטלעכע „יידלעך" האָבן געפּאַקט אַ פּאָר כוליגאַנעס, וואָס האָבן געפּרוּווט פאַרקריכן צו אים אין הויף און זיי אַזוי אונטערגעהאַקט די זייטן, אַז זיי וועלן האָבן צו געדענקען...

— נו, און אייער קלייטל?

אין קלייטל, שטעלט זיך אַרויס, האָט מען אויסגעבראָכן די שויבן, אָבער היזק איז געווען נאָר דאָס, וואָס ס'איז געווען אַרום פענצטער. אַנדערע האָבן מער געליטן. ווען ניט די פּאָליציי, וואָס האָט אָנגעפירט מיט די כולי־גאַנעס, וואָלטן די כוליגאַנעס קיין לעבעדיקע ניט אַרויס פון די יידישע גאַסן. ס'איז זיי ניט דאָס יאָר 1903...

— האָט איך די סאַמאָאָבאָראָנע (זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציע) געהאָלפן?

— סאַמאָאָבאָראָנע? — דאָס וואָרט איז אים געווען באַקאַנט, אָבער געענוי וואָס דאָס איז אַזוינס האָט ער ניט געוואוסט, און צו טאָן מיט איר האָט ער

ניט געהאַט. ווי קומט ער צו סאַמאָאָבאַראָנע? — ער האָט געהערט, אַז דאָרטן זיינען נאָר יינגלעך און מיידלעך, איז ווער האָט מיט זיי צו טאָן? ניין, ניט ער, ניט זיינע שכנים האָבן זיך ניט פאַרלאָזן אויף קיין גליקן: אַז מען האָט אַ דאַנק גאָט אַביסל כוח אַליין און מען ווייסט וואו צו דערלאַנגען, דאַרף מען ניט קיין „סאַמאָאָבאַראָנעס"...

איך וויל, פאַרשטייט זיך, ניט באַהויפּטן, אַז אַלע געליטענע קעשעניעווער יידן האָבן אַזוי גערעדט און געטראַכט וועגן דעם אָקטאָבער־פּאָגראָם, באַזונדערס די וואָס האָבן פון אים מער און שווערער געליטן (אין דעם פּאָגראָם זיינען אויך געוועזן געהרגעטע און אַ גאַנץ גרויסע צאָל פאַרוואונדעטע), איך האָב מיט אַלעמען ניט גערעדט. אָבער פון די, מיט וועמען איך האָב גערעדט, סיי מיט אַזעלכע וואָס זיינען אַפילו פאַרוואונדעט געוואָרן, סיי מיט מיטגלידער פון דער זעלבשוץ, האָב איך באַקומען כמעט דעם זעלביקן איינדרוק: אַ פּאָגראָם איז געווען, נאָר ער איז אינגאַנצן צוגעגרייט און געפירט געוואָרן דורך דער פּאָליציי; געליטן האָט מען, אָבער מען איז ניט פאַרצווייפלט געוואָרן; אַ סך האָבן געגעבן די כוליגאַנעס אַ ווידערשטאַנד, אָבער אויב די זעלבשוץ האָט געהאָלפן באַשיצן די באַפעלקערונג האָבן ס'רוב יידן ניט געוואוסט וועגן דעם, אָדער האָבן ניט צוגעגעבן קיין גרויסע באַדייטונג...

צו ענדיקן די געשיכטע מיט מיין באַלעבאָס: איך בין אָפּגעוועזן ביי אים אין צימער אַרום אַ וואָך צייט און האָב זיך געמוזט אַרויסקלייבן פון דאָרטן. ניט, חלילה, ווייל דער צימער איז געווען אַ שלעכטער, אָדער ער האָט געקאָסט צו־טייער; אויך ניט, ווייל די באַלעבאַטים זיינען געווען שלעכט צו מיר: פאַרקערט, די באַלעבאָסטע האָב איך כמעט קיינמאָל ניט געזען און דער באַלעבאָס, ביי וועמען איך האָב, משמעות, אויסגענומען, האָט זיך צו מיר באַצויגן שוין צו־גוט און צו־פריינטלעך, און דאָס איז אייגנטלעך געווען די אורזאַך פון מיין אַרויסקלייבן זיך.

מיין באַלעבאָס איז געווען אַ ביז־גאָר גוטמוטיקער און צוגעלאָזטער מענטש, וואָס האָט ליב געהאַט צו כאַפּן אַ שמועס, און דווקא ביי אַ גלעזל ווייַן פון די פּאָר פעסלעך, וואָס ער האָט, ווי ער האָט מיר דערקלערט, אַליין געשטעלט און שטענדיק געהאַט ביי זיך אין קעלער. פלעגט ער עטלעכע מאָל אַ טאָג און אַמאָל אַפילו שפּעט אין אָוונט, ווען איך פלעג זיך אומקערן פון אַ פאַרזאַמלונג, אַריינקומען צו מיר אין צימער ניט אָנקלאַפּנדיק אין טיר, אַריינטראָגן אַ טיי־גלאָז מיט ווייַן און ווי שפּיגלענדיק זיך אין דער גלאָז פלעגט ער מיר אַ זאָג טאָן, — כמעט שטענדיק מיט דעמזעלביקן נוסח:

— אָט דאָס גלעזעלע ווייַן וועט איר ביי מיר מוזן פאַרזוכן. ס'איז פּרימאַ ווייַן. ס'איז אַ ווייַן פון גאָט. איך האָב עס אַליין געשטעלט און פון יעדן זופּ קומט צו אַ שטיק געזונט. באמנות, ווי איר זעט מיך אַ לעבעדיקן...

דאָס איז געווען זייער פיין פון זיין זייט... די צרה איז אָבער געווען, וואָס איך האָב צו יענער צייט ניט געהאַט קיין שום געוואוינהייט צו טרינקען, — ניט קיין ווייַן, ניט קיין בראַנפן, און ניט אַפילו קיין ביר. אָבער

אָפּזאָגן מיין באַלעבאָס אין פאַרזוכן דעם „ווייַן פון גאָט״, איז געווען ניט פון די לייכטע זאַכן. באַזונדערס, ווען ער פלעגט גלייך אַרויס פון מיין צימער און טאַקע באַלד צוריקקערן זיך מיט אַ צווייטער פולער גלאָז ווייַן און געבעטן מיך בלויז פאַרזוכן אויף אַ לחיים. אַ ברירה האָב איך געהאַט ? האָב איך געמוזט פאַרזוכן וויפיל עס איז, אָבער אַזוי ווי דאָס פלעגט זיך איבערחזרן אַ צוויי־דריי מאָל אַ טאָג, האָב איך באמת אָנגעהויבן מורא האָבן איך זאָל זיך ניט צוגעוואוינען שיכורן...

דער סוף איז געווען, אַז אין איין שיינעם טאָג האָב איך אָנגעזאָגט מיין באַלעבאָס, אַז איך מוז פאַרלאָזן קעשעניעוו, ווייל די פּאָליציי שפּירט מיך נאָך (ער האָט שוין אַביסל געוואוסט, אַז איך בין פון די „חברה־לייט״), און מיין באַלעבאָס, וואָס האָט באַדויערט מיין אַוועקפאָרן און מיר אָנגע־וואונטשן אַלדאָס גוטס, האָט זיך אפילו אָפּגעזאָגט צו נעמען ביי מיר די וואָך דירה־געלט פאַרן צימער.

*****

דאָס וואָס מיין הויז־באַלעבאָס און אַנדערע האָבן מיר דערציילט וועגן דער קעשעניעווער זעלבשוץ, דאָס הייסט, אַז זיי האָבן וועגן איר ניט גע־וואוסט, אָדער ניט געהאַלטן, אַז דאָס איז עפּעס אַן ערנסטע זאַך, איז ליידער געווען אמת. מיין נאָענטערע באַקאַנטשאַפט מיט דער לאַגע האָט באַוויזן, אַז הגם אַ זעלבשוץ האָט יאָ עקזיסטירט אין קעשעניעוו און זי האָט זיך געפּרואווט שטעלן קעגן דעם פּאָגראָם און אַ פּאָר חברים זיינען אַפילו אַרעסטירט געוואָרן דערביי מיט רעוואָלווערן אין די הענט, האָט זי אָבער ניט געהאַט קיין ערנסטע פאַרבינדונגען מיט דער געזעלשאַפט. זי האָט זיך באַגרענעצט מיט איר אייגענעם קרייזל פון עטלעכע איבערגעבענע יונגע אַרבעטער און עקסטערנעס (שילער־יוגנט), ניט געלאָזט וויסן וועגן זיך אין שטאָט, און — איר הויפּט־פעלער — זי האָט ניט געהאַט קיין שום פאַר־בינדונגען מיט ניט־יידישע אַרבעטער.

פון מיינע דערפאַרונגען מיט זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציעס האָב איך גע־וואוסט, אַז די פאַרבינדונג מיט דער ניט־יידישער געזעלשאַפט און באַזונ־דערס מיט ניט־יידישע זעלבשוץ־גרופּעס איז אַן אַבסאָלוטער תנאי פאַר אַ דערפאָלגרייכער זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציע, — אין אַ פּרט אַפילו וויכטיקער, ווי האָבן געווער צו פאַרטיידיקן זיך. דער פאַקט, וואָס אין דער זעלב־שוץ באַטייליקן זיך אויך ניט־יידן, פלעגט געוויינלעך זייער שנעל באַקאַנט ווערן סיי דער יידישער, סיי דער ניט־יידישער באַפעלקערונג; ער האָט דערמוטיקט די יידן, וואָס האָבן דורך דעם אויסגעמיטן די געפאַר פון שרעקן זיך פאַר יעדן ניט־יידן ווי פאַר אַ שונא, און ער האָט געמאַכט אַן איינדרוק אויף אויף דער קריסטלעכער באַפעלקערונג. די ניט־יידישע מיטגלידער פון אַ זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציע האָבן געוויינלעך גענומען זייערע פליכטן זייער ערנסט, געאַרבעט צווישן דער קריסטלעכער באַפעלקערונג און זיינען געווען צווישן די ערשטע אויפן אָרט, אין אָנהייב פון אַ פּאָגראָם־פּראָבע.

די חברים פון דער קעשעניעווער אָרגאַניזאַציע און פון דער זעלבשוץ־גרופּע, ווען מען איך האָב אָנגעוויזן אויף דער נויטיקייט צו פֿאַרבינדן זיך מיט ניט־יידישע אַרבעטער און אָרגאַניזאַציעס, האָבן מיט מיר געדן איינ־געשטימט, אַז איך בין גערעכט און האָבן צוגעזאָגט עפּעס צו טאָן אין דעם פּרט. אָבער די צייט איז געווען אַזאַ, אַז דער יונגער עולם האָט זיך מער אינטערעסירט מיט רעוואָלוציע אָדער... מיט עמיגראַציע. פֿאַר רעאָרגאַניזירן די זעלבשוץ אויף נייע ליניעס זיינען ניט געווען די געהעריקע טוער, און דאַכט זיך, אויך ניט דער געהעריקער אינטערעס.

# דער „ריכטיקער" בעל דרשן

זייענדיק אין קעשעניעוו פלעג איך עסן מיטאָג אין א מין „סטאָלאָווקע" (אַ קליין רעסטאָראַנדל) ביי אַ „קולינאַרנאַיאַ שקאָלאַ", אַ שולע, וואו מיידלעך פלעגן זיך לערנען קאָכן. ווי דאָס האָט זיך אָפּגערופן אויף דעם עסן, וואָס זיי פלעגן צוגרייטן, פּראַקטיצירנדיק אויף די באַזוכער, האָט מיך דעמאָלט וויניק געאַרט. די הויפּט־זאַך איז געווען, וואָס דער מיטאָג האָט געקאָסט ביליק און איז געווען ריין. און דאָס, וואָס די קעכערינס און דערלאַנגערינס זיינען געווען יונגע מיידלעך, וואָס האָבן אָנגעפילט די סטאָלאָווקע מיט געלעכטער און דערלאַנגט דאָס עסן מיט אַ שמייכל, האָט דעם אַפּעטיט געוויס ניט קאַליע געמאַכט.

די הויפּטזאַך אָבער פאַרוואָס איך בין געוואָרן אַ טעגלעכער באַזוכער פון דער סטאָלאָווקע ביי דער קולינאַר־שולע איז געווען, וואָס כ'האָב באַמערקט, אַז אַהין קומען עסן אייניקע רוסישע אַרבעטער. אַרבעטער, וואָס גייען ניט אין טראַקטיר און וואָס טרעפן אַזש אין דער קולינאַר־שולע, דאַרפן זיין פון די מער באַוואוסטזיניקע, פיליכט אַפילו רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער, האָב איך ביי זיך באַשלאָסן, און וויבאַלד אַזוי דאַרף מען זיך מיט זיי באַקענען און זען ווי מען קאָן די באַקאַנטשאַפט אויסנוצן.

פאַר יונגע מענטשן צו באַקענען זיך, באַזונדערס ווען מען עסט ביי איין טיש און ספּעציעל נאָך אין יענער צייט, סוף 1905, ווען ממש שטיינער האָבן גערעדט, איז געווען פון די גרינגסטע זאַכן. אין אַ דריי־פיר טעג אַרום האָב איך שוין געהאַט עטלעכע גוטע באַקאַנטע סיי צווישן דידאָזיקע אַרבעטער, סיי צווישן די מיידלעך, וואָס האָבן זיך געלערנט קאָכן.

סיי די אַרבעטער, סיי די מיידלעך זיינען געווען רוסישע, ווי די גאַנצע יוגנט אין יענע צייטן, רעוואָלוציאָנער־געשטימטע, אבער אויב עמיצער פון זיי איז געווען פאַרבונדן מיט אַ סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע, האָב איך זיך פון די געשפּרעכן מיט זיי ניט דערוואוסט. דערפאַר אָבער האָב איך זיך יאָ דערוואוסט, אַז זיי ווייסן וועגן דעם יידישן פּאָגראָם, וואָס די פּאָליציי האָט אָרגאַניזירט אין קעשעניעוו באַלד נאָך דעם צאַרישן מאַניפעסט וועגן „פרייהייט", און זיי האָבן וועגן דעם פּאָגראָם גערעדט מיט באַדויערן און מיט אויפרעגונג.

איך האָב זיי דערציילט וועגן דער יידישער זעלבשוץ אין שטאָט, וואָס קיינער פון זיי האָט, זעט אויס, וועגן איר ניט געוואוסט. איך האָב זיי דערציילט וועגן די רוסישע ארבעטער, וואָס האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין די זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציעס פון ניקאָלאַיעוו, אָדעס און אנדערע ערטער, און דאָס האָט זיי פאַראינטערעסירט.

דער סוף איז געווען, אַז נאָך עטלעכע אַזעלכע שמועסן האָבן זיי מיר צוגעזאָגט צונויפצורופן עטלעכע פון זייערע באַקאַנטע, „באַוואוסטזיניקע אַר־בעטער", ווי זיי האָבן זיי רעקאָמענדירט, און פאַרגעשלאָגן צוצושיקן צו זיי אַן אָנפירער פון דער זעלבשוץ, וואָס זאָל זיי אַלץ דערקלערן און אָרגאַניזירן.

איך בין געווען זייער צופרידן מיט דעם אויפטו און האָב וועגן דעם תיכף איבערגעגעבן דער אָרטיקער ס־ס־ישער אָרגאַניזאַציע און די פּאָר אָנפירער פון דער זעלבשוץ. איינער פון די אַקטיווסטע טוער אין דער זעלבשוץ איז דעמאָלט געווען נחמיה דער פּריקאַזטשיק, אַן אָנגעשטעלטער אין אַ מיל, צי אין אַ מעל־געשעפט.

אין מיינע אויגן און אין די אויגן פון מיינע חברים אין דיזעלביקע יאָרן, האָט ער אויסגעזען צו זיין ווי אַן עלטערער מענטש, — ער איז געווען פאַר־הייראַט, געהאַט שוין, דאַכט זיך, עטלעכע קינדער און, די הויפּטזאַך, ער האָט געטראָגן אַ גאַנץ לאַנגע שמאָלע באָרד, אַ געלבלעכע, און שטענדיק ווי פאַרפּאָראָשעט מיט מעל.

נחמיה האָט זיך אָן דעם פּלאַן אַריינצוציען רוסישע אַרבעטער אין דער קעשעניעווער זעלבשוץ אָנגעכאַפּט מיט באַגייסטערונג. אָבער ווען ס'איז געקו־מען צו דער פראַגע ווער עס זאָל גיין ריידן צו זיי האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז ער קאָן ניט גיין, ווייל ביי אים אין הויז איז געווען די „טעכניק" פון דער אָרגאַניזאַציע און פון דער זעלבשוץ (די ליטעראַטור און דאָס געווער), און מען האָט ניט געקאָנט ריזיקירן מיט זיינעם אַ דורכפאַל. איך האָב אויך ניט געקאָנט גיין, ווייל איך האָב מיט מיינע רוסישע באַקאַנטע גערעדט וועגן אַ מיסטעריעזן און, נאַטירלעך, קאָנספּיראַטיוון „פירער" פון דער זעלבשוץ, וואָס וועט קומען צו זיי ריידן. און די אַנדערע אָנפירער פון דער זעלבשוץ האָבן אָדער ניט געקאָנט האַלטן קיין רעדעס, אָדער זיינען ניט געווען זיכער אין זייער רוסיש, אָדער האָבן ניט שטאַרק געגלויבט, אַז מען קאָן בכלל אַריינציען רוסישע אַרבעטער אין „יידישער" זעלבשוץ.

„גערעטעוועט די סיטואַציע" האָט ח' קאָנסטאַנטינאָווסקי.

קאָנסטאַנטינאָווסקי איז געווען אַ סטודענט פון אָדעסער אוניווערסיטעט, וועלכער איז צוליב זיינע פּערזענלעכע אינטערעסן, דערהויפּט זיין כלה, אַ טאָכטער פון אַ קעשעניעווער יידישן באַנקיר, אָפט געקומען קיין קעשעניעוו און האָט זיך גראַד דעמאָלט דאָרטן אויך געפונען. דערדאָזיקער קאָנסטאַנ־טינאָווסקי איז געווען אַ מאָדנער טיפּ מענטש, איינער פון דעם אינטעלי־גענטיש־בורזשואַזן ערב־רב, וואָס האָט דעמאָלט, און אויף אַ קורצער צייט, זיך געריבן אַרום דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. אין אָדעס, האָט מען מיר דערציילט, איז ניט געווען קיין אַרבעט פון דער אָרגאַניזאַציע, פון וועלכער ער זאָל זיך אָפּזאָגן. און ווי געפערלעך עס איז ניט געווען די אַרבעט — פון אַריבערפירן אָדער באַהאַלטן דאָקומענטן, ליטעראַטור, „טעכ־ניק" בכלל און, נאַטירלעך, אויך זעלבשוץ־געווער, — האָט ער זיך פון איר ניט אָפּגעזאָגט און מיט גרייטקייט זיך גענומען פאַר איר. ווי ער האָט זי

אויסגעפירט איז, פאַרשטייט זיך, אַן אַנדער זאַך, — איך, יעדנפאַלס, האָב וועגן דעם ניט געוואוסט.

פון דער קורצער באַקאַנטשאַפט מיט ק. אין אָדעס און דערנאָך אין די פּאָר וואָכן אין קעשעניעוו האָט זיך ביי מיר געשאַפן דער איינדרוק, אַז ער קאָן ריידן צו אַן עולם, כאָטש איך האָב אים קיינמאָל ניט געהערט אין קיין עפנטלעכן אַרויסטריט. אין אַ סביבה פון חברים, באַזונדערס פון פרויען־געשלעכט, פלעגט ער יעדנפאַלס ריידן „פּאַר פייער און פּאַר וואַסער".

איז ווען ס׳האָט זיך אין דער קעשעניעווער זעלבשוץ־גרופּע ניט געפונען קיין אַנדערער, וואָס זאָל קאָנען גיין ריידן אויף דער פאַרזאַמלונג פון יונגע רוסישע אַרבעטער, איז אונז איינגעפאַלן, אַז ק. וועט זיין דער ריכטיקער מענטש דערפאַר: אַ סטודענט, רעדט גוט רוסיש און וועט זיכער וויסן וואָס צו ריידן.

קאָנסטאַנטינאָווסקי האָט זיך ניט אָפּגעזאָגט. אַ פאַרזאַמלונג איז אַ פאַר־זאַמלונג. ריידן צו רוסישע אַרבעטער? מיט אַ גאַנץ באַזונדערן פאַרגעניגן. וועגן זעלבשוץ? גוט, מען דאַרף אים ניט לערנען, ער ווייסט שוין ווי און וואָס צו ריידן צו זיי.

און אַזוי איז עס באַשלאָסן געוואָרן. איך האָב אים געגעבן דעם אַדרעס און די פאַרבינדונג און ער איז אין דעם באַשטימטן אָוונט אַוועק אויף דער פאַרזאַמלונג, — ריידן צו די רוסישע אַרבעטער און אַריינציען זיי אין דער זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציע.

איך האָב מיט אומגעדולד געוואַרט אויף די רעזולטאַטן פון דער פאַרזאַמלונג, אויף וועלכער מיר האָבן געלייגט גרויסע האָפענונגען. אָבער אויף מאָרגן איז קאָנסטאַנטינאָווסקי ניט געקומען צו מיר אָפּגעבן אַ באַריכט וועגן דער פאַרזאַמלונג. איך האָב גערעכנט, אַז עפּעס האָט אים מסתמא פאַרהאַלטן. אָבער ער איז ניט געקומען אויך דעם צווייטן טאָג, און דאַן האָב איך זיך דערוואוסט, אַז ער האָט פאַרלאָזן קעשעניעוו נאָך דיזעלביקע נאַכט, נאָך דער פאַרזאַמלונג.

איך האָב ניט געקאַנט פאַרשטיין וואָס ס׳האָט פּאַסירט. מיינע פּאָר באַקאַנטע פון דער קולינאַרער שולע, וועלכע איך האָב געפרעגט צי די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען און ווי זי איז דורכגעגאַנגען, האָבן מיך אָנ־געקוקט עפּעס מאָדנע און אַ מיידל, וואָס האָט געדאַרפט זיין אויף דער פאַרזאַמלונג האָט מיר אפילו געגעבן אַ קאַפּרליער אָנצוהערעניש, אַז איך האָב זיי אין עפּעס אָפּגענאַרט.

די גאַנצע זאַך האָט אָנגעהויבן ווערן אַ מין מיסטעריע, ביז איך האָב זיך אומגעקערט קיין אָדעס און זיך דאָרטן דערוואוסט וואָס עס איז פאָר־געקומען.

און פאָרגעקומען דאָרטן איז, ווי קאָנסטאַנטינאָווסקי האָט דערנאָך אין אָדעס דערציילט מיר און די חברים פאָלגנדעס: ער איז געקומען אויף דער פאַרזאַמלונג, האָט דאָרטן געטראָפן אַ פּאָר צענדליק יונגע רוסישע אַר־

בעטער און שילער און האָט געטראַכט וועגן וואָס און ווי אַזוי ער זאָל מיט זיי ריידן. האָט ער באַשלאָסן, אז די בעסטע זאַך איז ניט צו ריידן מיט זיי וועגן טעאָריעס און ניט צו דערמאָנען קיין פּראָגראַמען, נאָר ריידן מיט זיי „פּראַקטיש", ווייזן זיי ווי וויכטיק עס איז צו זיין פאַרבונדן מיט אַן אָרגאַניזאַציע... האָט ער זיי טאַקע דערציילט וועגן... דער ס־ס־ישער אָרגאַניזאַציע אין אָדעס, וועגן דעם, אַז די אָרגאַניזאַציע פאַרמאָגט אַ „מאַלאָטשנע" (אַ מילכיקן קאַפע־רעסטאָראַנדל), אַז אַהין קומען זייער פיינע מענטשן, און אַז מען קאָן דאָרטן זייער ביליק קריגן פרישטיק און אָוונטברויט...

— יאָ, אָבער וועגן דער זעלבשוץ דער זעלבשוץ ? האָסטו מיט זיי גערעדט וועגן אַריינטרעטן אָדער צוזאַמענאַרבעטן מיט דער קעשעניעווער זעלבשוץ ?

וועגן דעם, שטעלט זיך אַרויס, האָט ער ניט באַוויזן צו ריידן. און „שולדיק" אין דעם, וואָס ער האָט ניט גערעדט וועגן זעלבשוץ, זיינען, ווי ער האָט פאַרזיכערט, געווען זיי, די רוסישע אַרבעטער: זיי האָבן זיך ניט באַצויגן מיט קיין אינטערעס צו דעם, וואָס ער האָט זיי דערציילט, זיי האָבן גערעדט צווישן זיך און אַז ער האָט באַמערקט ווי אייניקע פון זיי לאַכן, האָט ער דאָך שוין געזען, אַז ס'איז אַן אַרויסגעוואָרפענע אַרבעט, האָט ער איבערגעריסן דעם געשפּרעך מיט זיי און האָט פאַרלאָזן די פאַרזאַמלונג.

— אָבער פאַרוואָס ביסטו אויף מאָרגן ניט געקומען דערציילן וואָס עס איז פאָרגעקומען ?

קאָנסטאַנטינאָווסקי האָט גענומען פלאָנטערן מיט דער צונג, האָט געזאָגט, אַז ער האָט זיך געמוזט איילן קיין אָדעס, אָבער דער אמת איז, באַטירלעך, געווען, אַז ער האָט זיך פּשוט געשעמט מיט זיין גרויסן „אויפטו".

נאָך אָט דעם דורכפאַל אין קעשעניעוו איז קאָנסטאַנטינאָווסקי נאָך אַ שטיקל צייט געווען אַקטיוו אין דער אָדעסער אָרגאַניזאַציע, זיין אַקטיוויקייט איז אָבער געווען אַ ריין געשעפטלעכע : איינקויפן פּראָדוקטן פאַר דער „מאַלאָטשנע", קריגן געלט ביי סימפּאַטיזירער פאַר דער אָרגאַניזאַציע, אַ שטיקל צייט איז ער „דערהויבן" געוואָרן צו ווערן דער פאַרוואַלטער פון דער קאַפע, און האָט זיך אַפילו אונטערגענומען אָנצופירן געשעפטלעך מיט אַ פאַרלאַג „פריילאַנד", וועלכן מיר האָבן אין פרילינג 1906 געהאַט אָרגאַניזירט אין אָדעס. אָבער שפּעטער איז ער, פּונקט ווי דער גאַנצער ערב רב פון זיין מין, פאַרשוואונדן פון דער באַוועגונג, איז אַוועק לערנען זיך אין אויסלאַנד, און כ'האָב זיך מיט אים מער ניט געטראָפן.

פון מיינע באַמיאונגען אויפצושטעלן אַן אַקטיווע זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציע אין קעשעניעוו האָט זיך גאָרניט אויסגעלאָזן. קאָנסטאַנטינאָווסקיס „אַרויסטריט" האָט אַרונטערגעריסן די מעגלעכקייט אין דער נאָענטער צוקונפט צו באַפעסטיקן די אָרגאַניזאַציע מיט רוסישע אַרבעטער. איך האָב דעריבער אין אַ פּאָר וואָכן אַרום פאַרלאָזן קעשעניעוו און זיך צוריקגעקערט אין דער קאָכעדיקער אָדעס.

# אין דעם אָדעסער ראַט

פון קעשעניעוו קיין אָדעס האָב איך זיך צוריקגעקערט אין מיטן יאַנואַר 1906 און האָב דאָרטן געטראָפן גרויסע ענדערונגען.

ווען ס'איז אינמיטן דעצעמבער 1905 פאָרגעקומען אין מאָסקווע דער באַרימטער אַרבעטער־אויפשטאַנד, האָט מען אים, אויף וויפיל עס געדענקט זיך, אין אָדעס ניט אָנגענומען פאַר קיין סיגנאַל צו אַ נייעם פאַרשטאַרקטן קאַמף קעגן צאַריזם, נאָר פאַר איינעם פון אַ צאָל לאָקאַלע אַרויסטרעטונגען איבערן לאַנד, ווי אויף קאַווקאַז, אין פינלאַנד, אין צענטראַל־רוסלאַנד, וועלכע האָבן ניט באַוויזן צו פאַרבינדן זיך צווישן זיך. די רעוואָלוציאָנערע אָדעס איז אין יענע אויפשטאַנד־טעג ניט געקומען צו הילף דעם מאָסקווער אויפשטאַנד. זי האָט זיך נאָך אַלץ געפרייט מיט דער געוואונענער האַלב־פריי־הייט פון די אָקטאָבער־טעג און האָט אויסגענוצט דידאָזיקע האַלב־פרייהייט פאַר מיטינגען און דער שאַפונג פון פאַרשיידענע לעגאַלע און האַלב־לעגאַלע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס (דערהויפּט פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, יוניאָנס) „יאַ־וואָטשנים פאָריאַדקאָם”, דאָס הייסט ניט פרעגנדיק קיין דערלויבעניש.

אָבער ווען די צאַרישע רעגירונג האָט איינציקווייז באַזיגט און ברוטאַל דערשטיקט די „לאָקאַלע” אויפשטאַנדן, איידער זיי האָבן באַוויזן צו צע־פלאַקערן זיך אין אַן אַלגעמיינעם אויפשטאַנד־פייער, האָט די רעזולטאַטן פון דעמדאָזיקן צאַרישן זיג תיכף אָנגעהויבן דערפילן דאָס גאַנצע לאַנד.

אין די קלענערע שטעט און שטעטלעך האָט די פּאָליציי ווידער גע־נומען הערשן מיט אַן אייזערנער האַנט, אויסנוצנדיק די ספּעציעל געשאַפענע כוליגאַניש־פּאָגראָמיסטישע באַנדעס פון „פאַרבאַנד פון רוסישן פאָלק”, פון „עכט רוסישע לייט” און בכלל די גרופּעס, וואָס זיינען באַקאַנט געוואָרן אונ־טערן נאָמען „טשאָרנאַיאַ סאָטניאַ” („די שוואַרצע מאה”) קעגן יעדער פּראָבע פון די אַרבעטער און אינטעליגענץ עפנטלעך אַרויסצוטרעטן. אין די גרע־סערע שטעט, ווי אין אָדעס, איז דער צוריקקער פון דער פּאָליצייאישער מאַכט צוגעגאַנגען לאַנגזאַמער. איינער פון די רעזולטאַטן פון דער פאַר־ענדערטער לאַגע אין אָדעס, למשל, איז געווען, ווען די טירן און טויערן פון דעם אוניווערסיטעט זיינען פאַרמאַכט געוואָרן פאַר די פרייע מיטינגען און פאַרזאַמלונגען, וואָס האָבן זיך דאָרטן געצויגן כמעט אָן אונטערברעכונג פון אָקטאָבער ביז סוף דעצעמבער 1905.

אָבער געפערלעכער ווי די פּאָליצייאישע רעפּרעסיעס איז געווען די רעאַקציע, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן אין דער געזעלשאַפט, און

ניט נאָר צווישן דער בורזשואַזיע, נאָר אויך אין דער אַרבעטער־באַוועגונג. דאָס שליסן די טויערן פון דעם אָדעסער אוניווערסיטעט, למשל, פאַר די מיטינגען אין הויף און פאַרזאַמלונגען און זיצונגען אין זיינע אוידיטאָריעס, איז געווען אָפיציעל אַן אַקט ניט פון דער פּאָליציי נאָר פון דעם אוניווערסי־טעט גופא, דאָס הייסט פון זיינע פּראָפעסאָרן און סטודענטן. די אָנפירונג פון דעם אוניווערסיטעט האָט אין איין שיינעם טאָג דערקלערט, אַז אַזוי ווי דער אוניווערסיטעט איז אַ פּלאַץ צום לערנען און די רעגירונג האָט אים צוגעזאָגט „אַקאַדעמישע פרייהייט" צו לערנען אומגעשטערט און אָן פּאָליציייִשער אַריינמישונג, האַלט זי, אַז די איינציקע שטערונג פאַר דער באַניִיאונג פון לערנען אין אוניווערסיטעט זיינען די אַרבעטער־פאַרזאַמ־לונגען אין הויף און אין די אוידיטאָריעס.

די פּראָפעסאָרן, וואָס האָבן גערעדט אין נאָמען פון „אַקאַדעמישער פרייהייט" און פון לערנען, זיינען געווען ניט אַליין. אַ גרויסע צאָל סטודענטן, זין פון דער בורזשואַזיע, וואָס זיינען אין דער צייט פון רעוואָלוציאָנערן אויפשטייג פון 1905 געווען אין די ערשטע רייען פון אַלע רעוואָלוציאָנערע אַרויסטרעטונגען, האָבן זיך פלוצלינג געכאַפּט, אַז — וויפיל איז דער שיעור? אָפּגעדעמאָנסטרירט, אָפּגעטומלט זיך, איז שוין צייט אַ טראַכט צו טאָן וועגן תכלית און באַניִיען דעם איבערגעריסענעם לערנען.

אַלץ אָפטער האָט מען אויף די לעצטע פאַרזאַמלונגען אין אוניווערסיטעט געהערט אַזעלכע טענות:

— די רעוואָלוציע האָט זיך דאָך שוין דערשלאָגן די הויפּט־צילן וואָס זי האָט זיך געשטעלט: אַ קאָנסטיטוציע, אַלגעמיינע וואַלן צו אַ געזעצ־געבערישער דומע (פּאַרלאַמענט), אַקאַדעמישע פרייהייט, די מעגלעכקייט צו אָרגאַניזירן זיך לעגאַל. איז וויפיל איז דער שיעור צו ריידן? צייט אויס־צונוצן די דערגרייכונגען און איבערגיין צו וואָכעדיקער אַרבעט.

די מענשעוויקעס זיינען געגאַנגען ווייטער:

— די רעוואָלוציע איז דערשטיקט געוואָרן דורך דער מפּלה פון דעם מאָסקווער און פון די אַנדערע אויפשטאַנדן. די צאַרישע רעגירונג איז ווידער אויפן פערד. ביז עס וועט מעגלעך ווערן אַ נייע רעוואָלוציע קאָן דויערן ווער ווייסט ווי לאַנג. דאַרף מען זען אויסנוצן די אַלע לעגאַלע מעגלעכקייטן, וואָס זיינען נאָך פאַרבליבן און אויפהערן „שפּילן זיך אין רעוואָלוציע".

און ס'האָבן זיך שוין אָנגעהויבן ווייזן ציניקער און זייער צאָל איז שנעל געוואַקסן צווישן דער בורזשואַזער יוגנט:

— וואָס דרייט מען בכלל אַ מוח וועגן רעוואָלוציע. צייט אָפּן מודה צו זיין, אַז די רעוואָלוציע האָט אָפּגענאַרט; האָט זיך פאַרגעשטעלט פאַר אַ גיבור און האָט זיך אויסגעלאָזן פאַר אַ צעקראָכענער לעמעשקע („פּעפּיאָלאַ"). איז זאָל זיך יעדער אַוועק אין זיין היים, פאַרנעמען זיך מיט זיינע פּערזענ־לעכע ענינים, געניסן פון לעבן אַזוי פיל, וויפיל ער קאָן און אויסלאַכן זיך פון דער גאַנצער וועלט און פון אַלע רעוואָלוציאָנערע חלומות...

דידאַזיקע רעאַקציע, וואָס איז אייגנטלעך געווען אַן אויסדרוק פון דער פאַרשאַרפטער אידעאָלאָגישער און קלאַסן־צעטיילונג און פון די באַמיאונגען, באַוואוסטזיניקע און אומבאַוואוסטזיניקע, פון דער בורזשואַזיע און פון אירע קינדער צו מאַכן שלום מיטן צאַריזם אויפן חשבון פון די אַרבעטער און פויערים און פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג בכלל, האָט זיך אָנגעהויבן פילן אויך אין די רייען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. מיר איז עס קאָנקרעט אויסגעקומען צו דערפילן אין אַזאַ אָרגאַניזאַציע, למשל, ווי דער אָדעסער ראַט פון די אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, אין וועלכן איך בין געווען דער פאַרטרעטער פון דער יידישער קצבים־אַרבעטער יוניאָן.

אין דעמדאָזיקן ראַט זיינען אַריין די פאַרטרעטער פון אַלע אַרטיקע אַרבעטער־פאַראיינען, די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, באָלשעוויקעס און מענשעוויקעס, די עס־ערן, דער בונד, די ס״ס, די פועלי ציון און אַלע יוניאָנס, וואָס זיינען ווי שוועמלעך נאָך אַ רעגן אויסגעוואַקסן אין אָדעס נאָך די אָקטאָבער־טעג.

איידער איך בין סוף דעצעמבער אַוועקגעפאָרן קיין קעשעניעוו, האָב איך קיין איין מאָל ניט באַמערקט קיין רייסערייען אויף די זיצונגען פון דעם ראַט. אַרבעט איז געווען אַזוי פיל, און די פאָדערונג אויף טוער און רעדנער און אָרגאַניזאַטאָרן איז געווען אַזוי גרויס, אַז ס׳האָט געקלעקט פאַר אַלעמען. און הגם מ׳האָט אויף יעדער זיצונג דיסקוטירט ערנסטע פראַגעס, וואָס האָבן געהאַט צו טאָן מיט אַלגעמיינע רעוואָלוציאָנערע פּראָבלעמען און עס זיינען צווישן די פאַרטייען געווען ערנסטע מיינונג־פאַרשיידנקייטן וועגן זיי, וואָס פלעגן אַרויסגעבראַכט ווערן אין די דיסקוסיעס, זיינען אָבער די דיסקוסיעס געפירט געוואָרן אויף אַ חברשן פריינטלעכן אופן, ווי צווישן מענטשן, וואָס טוען איין אַרבעט, וואָס גייט מיט דערפאָלג.

ווען כ׳בין נאָך מיין צוריקקער פון קעשעניעוו געקומען אויף אַ זיצונג פון ראַט סוף יאַנואַר 1906, האָט זיך שוין שטאַרק געפילט אַ געענדערטע שטימונג. די פראַגע איז דעמאָלט, אויף וויפיל כ׳געדענק, געשטאַנען וועגן דעם, צי זאָל דער ראַט רופן די אָדעסער אַרבעטער צו באַטייליקן זיך אין די וואַלן פון דער ערשטער דומע, וואָס זיינען באַשטימט געוואָרן אויפן מיטן פעברואַר, אָדער ער זאָל רופן די גאַנצע באַפעלקערונג צו באָיקאָטירן די וואַלן.

די באָלשעוויקעס זיינען דעמאָלט געווען פאַר אַ באָיקאָט פון דער דומע. זיי האָבן געטענהט, אַז ניט נאָר איז די דומע אַ צאַרישע און דער וואַל־געזעץ גאַראַנטירט פאַראויס אַ זיג פאַר די פריצים און דער בורזשואַזיע, נאָר דערהויפּט, אַז דער אָנטייל אין די וואַלן וועט אונטערשרייבן אַ סוף פון דער רעוואָלוציע און אַ גרייטקייט צו אַ קאָמפּראָמיס מיט דעם צאַריזם, — בעת די רעוואָלוציע איז נאָך ווייט ניט געענדיקט און האָט נאָך כחות פאַר אַ דערפאָלגרייכן קאַמף.

די פאַרשטייער פון די מענשעוויקעס האָבן, פאַרקערט, געטענהט, אַז דער דורכפאַל פון דעם מאָסקווער אויפשטאַנד ווייזט, אַז די אַרבעטער־מאַסן

קענען מער ניט האָפן צו געווינען עפּעס אין אָפענעם קאַמף און אַז זיי דאַרפן זיך דעריבער באַנוצן מיט די וואַלן אין דומע, כדי צו באַקומען אַ וואָס־גרעסערע לעגאַלע פאַרטרעטערשאַפט און פירן דעם קאַמף פאַר זייערע נויטן אויף דער לעגאַלער פּלאַטפאָרם, וואָס די דומע גיט זיי.

די עס־ערן האָבן זיך דעמאָלט גענומען שפּאַלטן אויף צוויי גרופּעס; די עס־ערן בכלל, וואָס זיינען שוין גרייט געווען צו גיין אפילו רעכטער פון די מענשעוויקעס און זיינען געווען שטאָל און אייזן פאַר באַטייליקן זיך אין די דומע־וואַלן; און עס־ערן „מאַקסימאַליסטן", וואָס האָבן אָנגעהויבן אַרויס־ווייזן אַנאַרכיסטישע שטימונגען און זיינען געווען קעגן וועלכע עס איז וואַלן אונטער אַלע אומשטענדן.

ביים בונד איז דעמאָלט קיין איינשטימיקע מיינונג ניט געווען. גייענדיק ס'רוב מיט די מענשעוויקעס איז די בונדישע פירערשאַפט געווען פאַר גיין צו די וואַלן, בעת צווישן די בונדישע אַרבעטער איז געווען אַ שטאַרקע שטימונג צו באָיקאָטירן די וואַלן. ביי די ס־ס זיינען סיי די אַרבעטער, סיי די אינטעליגענץ געווען פאַר דעם באָיקאָט פון די דומע־וואַלן.

אויף די זיצונגען פון דעם ראַט זיינען די הויפּט־דיסקוסיעס אַרום דער פראַגע פאָרגעקומען צווישן די פאַרטרעטער פון די באָלשעוויקעס און פון די מענשעוויקעס און האָבן וואָס ווייטער אָנגענומען אַ שאַרפערן כאַראַקטער. די הויפּט־רעדנער אויף די זיצונגען זיינען דעמאָלט געווען: פון די באָלשע־וויקעס — „טאָוואַרישטש דימיטרי", — אַ מענטש פון אַ יאָר 25, שטענדיק אָנגעטאָן אין אַ סטודענטישער טוזשורקע (דזשעקעט). ער איז געווען אַ ספּעציאַליסט אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג און — איך געדענק ניט אויף זיכער — דער סעקרעטאַר, אָדער דער פאָרזיצער פון ראַט. ער פלעגט געווײנלעך ריידן קורץ, אָבער אַרויסטרעטן אָפט און דער עולם האָט זיך צו אים באַצויגן מיט גרויס אַכטונג. זיין פאַמיליע־נאָמען איז, דאַכט זיך, געווען נאַכימסאָן און ער האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן פאַרעפנטלעכט עטלעכע ביכער איבער דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג אין רוסלאַנד און אין אויסלאַנד.

זיין שטענדיקער אָפּאָנענט איז געווען „טאָוואַרישטש ניקאָן", דער פאַר־טרעטער פון די מענשעוויקעס. ער איז, דאַכט זיך, אויך געווען אַ סטודענט, אַ שוואַרצער, אַ הויכער און זיינע אַרויסטרעטונגען האָבן זיך אויסגעצייכנט מיט זייער בייסיקייט און סאַרקאַסטישקייט. הגם ער האָט געטראָגן אַ קירכ־לעך־סלאַווישן נאָמען ניקאָן (ס'איז געווען אַמאָל אַ פּאַטריאַרך מיט אַזאַ נאָמען אין רוסלאַנד), איז ער אָבער אויך געווען אַ יידישער יונגערמאַן, — דאַכט זיך ערגעץ פון טיף־רוסלאַנד און האָט גערעדט מיט אַ טיף־רוסישער אויסשפּראַך.

ווען איך האָב איינמאָל אויף אַ זיצונג גענומען דאָס וואָרט און האָב זיך אין דער פראַגע וועגן דער דומע אַרויסגעזאָגט פאַר אַ באָיקאָט, האָט ניקאָן געפונען פאַר נויטיק אַרויסצוטרעטן קעגן מיר מיט אַ ביטערער

אַטאַקע. ער האָט ערשטנס געוואָלט וויסן צי די ס־ס זיינען אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט גאָר אַ רעכט צו זיין פאָרטראָטן אין ראַט, ווייל זי איז אַ „ציוני־סטישע", דאָס הייסט אַ בורזשואַזע; צווייטנס האָט ער אויסגעדריקט אַ צווייפל צי דער פאַראיין פון די פלייש־אַרבעטער, וועלכן איך פאַרטרעט אין ראַט איז טאַקע אַן אמתער פאַראיין, און צי ער איז ווערט צו זיין פאַרטראָטן אין ראַט; און דריטנס האָט ער זיך גענומען וויצלען וועגן דעם, וואָס איך פאַר־טרעט אין ראַט גראָד די „מיאַסניקעס" (פלייש־אַרבעטער) און האָט מיך די גאַנצע צייט באַצייכנט ניט מיט מיין נאָמען, נאָר אַלס „טאָוואַרישטש מיאַס־ניק" (חבר קצב).

איך בין אים ניט געבליבן שולדיק קיין ענטפער, און האָב אין מיין ענטפער באַצאָלט פאַרן „טאָוואַרישטש מיאַסניק" מיט אַדרעסירן אים אַלס „פאַטריאַרך ניקאָן" און אפילו „סוויאַטעישי פאַטריאַרך ניקאָן" (דער אַלהיי־ליקסטער פאַטריאַך)... דאָס האָט ביים עולם אַרויסגערופן מער געלעכטער, ווי זיין באַצייכענען מיך אַלס „טאָוואַרישטש מיאַסניק", — און ער האָט מיך סוף כל סוף געלאָזט צורו...

די זיצונגען פון דעם ראַט האָבן אָבער שוין לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. אין פעברואַר איז די פּאָליציי באַפאַלן דעם „אילוזיאָן"־טעאַטער (מואווי־הויז), וואו דער ראַט האָט „יאַוואָטשנים פאָריאַדקאָם" אָפּגעהאַלטן אַ זיצונג, — אַ טייל פון די פאַרזאַמלטע זיינען אַרעסטירט געוואָרן, ס'רוב זיינען זיך צע־לאָפן, — קיין פולע זיצונגען פון ראַט האָט מען שוין ווייטער ניט געקענט אָפּהאַלטן, איז ער ביסלעכווייז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַן אומלעגאַלן קאָ־מיטעט, וואָס איז ביי דער פאַרשטאַרקונג פון דער רעאַקציע אין זומער פון 1906 צעפאַלן געוואָרן.

# אַנאַרכיע פֿאַרשפּרייט זיך

**אין יענע טעג האָבן זיך צווישן די אַרבעטער, אַלס רעזולטאַט פֿון די** מפּלות פֿון דער רעוואָלוציע, אָנגעהויבן פֿאַרשפּרייטן אַנאַרכיסטישע שטי־מונגען.

דאָס איז פֿאַרגעקומען, נאַטירלעך, ניט נאָר אין אָדעס אַליין. **ידיעות** וועגן אַנאַרכיסטישע שטימונגען און וועגן דער אַנטשטייאונג פֿון אַנאַרכיסטי־שע גרופּעס צווישן אַרבעטער זיינען אָנגעקומען פֿון ביאַליסטאָק **און פֿון** ווילנע, פֿון וואַרשע און פֿון לאָדזש און פֿון אַנדערע שטעט. **אין אָדעס האָבן** מיר עס אָנגעהויבן פֿילן אויף טריט און שריט. אַלץ אָפטער **פֿלעגן חברים** **אין** די אַגיטאַציע־קרייזלעך קומען מיט פֿראַגעס וועגן אַנאַרכיזם און **אָפּט** אַריבערפֿירן די לעקציע — אויף אַנאַרכיזם, ווען מען האָט גערעדט גאָר וועגן אַנדערע זאַכן. אין מיינע קרייזלעך האָב איך באַמערקט, **אַז בעת וועגן** „געווייינלעכע" פּאָליטישע פֿראַגעס באַנוגענען זיך די אַרבעטער **מיט פֿרעגן** **דערקלערונגען,** ווען ס'איז פֿאַר זיי עפּעס ניט קלאָר געווען, **פֿלעגן זיי אין** פֿראַגעס וועגן אַנאַרכיזם אַלץ אָפּטער פֿאַרפֿירן דיסקוסיעס און פֿלעגן זיך ניט באַנוגענען מיט קיין טעאָרעטישע ענטפֿערס און דערקלערונגען. **די אַר־בעטער האָט** דערהויפּט אינטערעסירט די אַנאַרכיסטישע „פּראַקטיק", **און די** פּראַקטיק האָט געהאַט צו טאָן מיט „דירעקטע טאַטן", אָדער מיט „נוקם זיין זיך אין די בורזשויעס" פֿאַר די מפּלות פֿון דער רעוואָלוציע.

**דער אַנאַרכיסטישער פּראָפּאַגאַנדע האָט צוגעהאָלפֿן אַפֿילו דער דעמאָלט־** **דיקער רעוואָלוציאָנערער לאָזונג פֿון באָיקאָטירן די וואַלן צו דער ערשטער** צאַרישער דומע. די אַנאַרכיסטן, אָדער ריכטיקער, די אַנאַרכיסטיש־געשטימטע, **האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין דעם לאָזונג און האָבן אים „איבערגעבריייטערט":**

**— אוודאי דאַרף מען באָיקאָטירן די וואַלן צו דער דומע, ווייל באַטיי־** **ליקן זיך אין זיי מיינט גיין אויף אַ קאָמפּראָמיס מיטן צאַריזם. אָבער מען** **דאַרף באָיקאָטירן אַלע מינים וואַלן, מען דאַרף ניט האָבן קיין שום דומע,** **מען קאָן אין קיין שום אַנשטאַלט ניט גיין צוזאַמען מיט דער בורזשואַזיע, ווייל** זי וועט סיי ווי פֿאַרראַטן. מען דאַרף ניט וואַרטן ביז די בורזשואַזיע וועט אָפּיציעל שליסן אַ בונד מיטן צאַריזם קעגן דעם פֿאָלק. **מען דאַרף זיך גלייך** **און דירעקט נעמען קעמפֿן קעגן איר.**

**אין געציילטע וואָכן איז פֿון דעם דאָזיקן אַנאַרכיסטישן לאָזונג פֿון „די־** **רעקטער אַקציע" אַרויסגעוואַקסן אַ „פּראַקטישער" לאָזונג: עקספּראָפּריאַציע.** **און עקספּראָפּריאַציע האָט געמיינט פּשוט: מען דאַרף צונעמען ביי דער** **בורזשואַזיע וואָס מען קען, און מען דאַרף צוליב דעם ניט וואַרטן אויף קיין**

נייער רעוואָלוציע. מען דאַרף עס טאָן שוין, איצט, אָנהויבנדיק מיט באַזונדערע בורזשויעס.

איין טאָג, — דאָס האָט געמוזט זיין סוף פעברואַר — איז אַדעס אויפ־געציטערט געוואָרן דורך אַ שרעקלעכן אויפרייס. אַרויסגעשטעלט האָט זיך, אַז דאָס האָט אויפגעריסן אַ באָמבע, וואָס איז געוואָרפן געוואָרן אין דער בירזשע־קאַפע פאַנקאָני אויף דעריבאַסאָווער גאַס, וואו די טישלעך זיינען געווייגלעך געווען געדיכט אַרומגעזעצט מיט מענטשן. אַ צאָל מענטשן זיינען פון דעם אויפרייס פאַרוואונדעט געוואָרן, אייניקע אַפילו שווער, און עטלעכע זיינען, דאַכט זיך, געשטאָרבן פון די וואונדן. די באָמבע, האָט מען געזאָגט, איז געוואָרפן געוואָרן דורך אַנאַרכיסטן.

חיים יעכידני, איינער פון די אָדעסער אַנאַרכיסטישע פירער, האָט מיך פאַרזיכערט, אַז די אַנאַרכיסטישע „אָרגאַניזאַציע" האָט ניט געוואָרפן די באָמבע און האָט אַפלו ניט געוואוסט וועגן איר. אָבער ערשטנס איז געווען באַוואוסט אַז די אָרגאַניזאַציע ביי אַנאַרכיסטן איז זייער אַ לויזע און קיין ערנסטע דיסציפּלין איז אין איר ניטאָ, ווייל זיי אָנערקענען ניט אַזאַ זאַך; און צווייטנס איז יעדנפאַלס געווען קלאָר, אַז ווער עס זאָל ניט האָבן גע־וואָרפן די באָמבע איז עס געטאָן געוואָרן אונטער דעם איינפלוס פון אַנאַר־כיסטישע שטימונגען.

דער באָמבע־אויפרייס אין דער פאַנקאָני־קאַפע האָט אַרויסגערופן אַן אויפרעגונג אין שטאָט און אויב ער האָט עמיצן דירעקט געהאָלפן, איז עס געווען דער פּאָליציי, וועלכע האָט באַקומען די מעגלעכקייט אַרויסצוטרעטן אַלס די כלומרשטע פאַרטיידיקערין פון אָרדענונג און פון לעבנס פון אומ־שולדיקע מענטשן. זייער באַאומרואיקנדיק איז אָבער געווען דער פאַקט, וואָס די אַרבעטער אין די קרייזלעך, וועלכע איך און אַנדערע חברים האָבן אָנגעפירט, האָבן געגומען סיי דעם אויפרייס, סיי די גרויסע צאָל אומשולדיקע קרבנות זייער קאַלטבלוטיק און אפילו מיט אַ געוויסער סימפּאַטיע צו די, וואָס האָבן די באָמבע געוואָרפן. זיי האָבן געטענהט, אַז אין פאַנקאָניס קאַפע זיצן בלויז בירזשע־ספּעקולאַנטן, פּיאַוקעס און פּאַראַזיטן, אויף וועלכע די אַרבעטער האָבן ניט קיין גרונט רחמנות צו האָבן; און אַז די וואָס האָבן די באָמבע געוואָרפן, אַפילו אויב מען זאָל אָננעמען, אַז זיי זיינען אומגערעכט (און דער „אויב" איז דערביי שטאַרק אונטערגעשטראָכן געוואָרן) זיינען פאָרט „אידעאַליסטן", ווייל זיי האָבן ריזיקירט מיט זייערע אייגענע לעבנס און האָבן פאַר זיך פערזענלעך גאָרניט געקאָנט דערוואַרטן פון דעם אויפרייס...

אָבער די „אידעאַליסטן", וואָס האָבן אויפגעריסן די פאַנקאָני־קאַפע מיט אירע באַזוכער, האָבן גאָר אינגיכן (אין יענע צייטן האָבן זיך די שטי־מונגען געביטן און פאַרשפּרייט זייער שנעל) באַוויזן, אַז זיי טראַכטן ניט בלויז וועגן אַ „נקמה" פון וועלכער זיי דערוואַרטן גאָרניט פאַר זיך. עס האָבן זיך אָנגעהויבן פאַרשפּרייטן קלאַנגען און שמועסן וועגן „עקספּראָפּריאַציעס", דאָס הייסט וועגן דירעקטע באַוואָפנטע אָנפאַלן אין מיטן טאָג אויף געשעפטן

און אונטערגעמונגעז, וועגן פאָדערן און באַקומען געלט אונטער דער דראָאונג פון רעוואָלווערן אָדער באָמבעס. דאָס לאַנגע וואָרט „עקספּראָפּריאַציע" איז שנעל פאַרביטן געוואָרן אויפן קורצן ווערטעלע „עקס", — און מען האָט גענומען הערן, אַז דאָ און דאָרטן האָט מען דורכגעפירט אַן „עקס", צוגענומען געלט, געשאָסן, א. אז. וו.

אויף דער אָדעסער זעלבשוץ, — איינע פון די בעסטע, וואָס איך האָב געקענט, — האָבן זיך די אַנאַרכיסטישע שטימונגען און דער איבערגאַנג צו דער „עקס־פּראַקטיק" אָפּגערופן זייער טרויעריק. אין אונטערשייד פון אַנדערע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס, איז דאָס געווען אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט פאַרמאָגט אַ היפּשע צאָל געווער, און מיטגלידער, וואָס האָבן זיך ספּעציעל געלערנט באַנוצן מיט געווער. אמת, דאָס געווער איז געקליבן געוואָרן אין די מענטשן זיינען געלערנט געוואָרן צו באַנוצן זיך מיט דעם בלויז כדי צו פאַרטיידיקן די יידישע באַפעלקערונג קעגן מעגלעכע און שטענדיק דער־וואַרטעטע פּאָגראָמען און גוואַלדטאַטן פון דער „שוואַרצער מאה".

האָבן זיך די ערשטע אַנאַרכיסטישע שטימונגען אין דער מאָלדאַוואַנקער אָפּטיילונג פון דער זעלבשוץ, וואָס איז באַשטאַנען כמעט אויסשליסלעך פון יידישע אַרבעטער און שילער, אָנגעהויבן מיט שמועסן, אַז מען וואָלט גע־דאַרפט מכבד זיין מיט אַ באָמבע די „טשאַינע" פון „פאַרבאַנד פון רוסישן פאָלק", וואָס האָט זיך געפונען אַנטקעגן „טאָלטשאָק": ווארעם מיט וואָס זיינען זיי בעסער פון די ספּעקולאַנטן פון דער פאַנקאָני־קאַפע?

ווען ס'איז קוים מיט צרות געלונגען אָפּצורייידן די זעלבשוץ־חברים פון דעם דאָזיקן „רעוואָלוציאָנערן" פּלאַן, וואָס וואָלט אויף זיכער פּראָוואָצירט אַ פּאָגראָם, האָבן זיך אָנגעהויבן שמועסן וועגן אָוועקלאָזן זיך אויף דער יאַגד נאָך איינציקע מיטגלידער פון דעם „פאַרבאַנד", נאָך איינציקע פּאָליסלייט, אָפּילו נאָך דוואָרניקעס (דזשעניטאָרס) פון די הויפן, וואָס זיינען „אַלע שפּיאָ־נען" ביי דער פּאָליציי, א. אז. וו. „אַנדערש, — האָט מען געטענהט, — איז צו וואָס דאַרף מען אײנגאַנצן האָבן געווער? בלויז צו וואַרטן טאָמער וועט ווען עס איז קומען אַ פּאָגראָם?"

די דיסציפּלין אין דער זעלבשוץ איז נאָך אָבער געווען גענוג שטרענג אויף אָפּצוהאַלטן די מיטגלידער פון טעראָריסטישע אַקטן. נאָר ווען ס'האָבן זיך אָנגעהויבן עקספּראָפּריאַציעס אין שטאָט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די צאָל אַנאַרכיסטיש־געשטימטע מיטגלידער אין דער זעלבשוץ האָט גענומען שטאַרק וואַקסן. אַ צאָל „אָפיציעלע" אַנאַרכיסטן זיינען אויך פריער געווען אין דער זעלבשוץ און מיר האָבן ניט געהאַט קיין שום שוועריגקייטן מיט זיי סיי אין פּרט פון דיסציפּלין, סיי אין פּרט פון צוזאַמענאַרבעט. אייניקע פון זיי זיינען געווען אמתע העלדישע חברה. אָבער איצט האָבן זיך די אונטער־ערדישע פאַרזאַמלונגען סיי פון די זעלבשוץ־גרופּעס, סיי פון דער זעלבשוץ־אָנפירונג אַליין אָפּטער גענומען פאַרוואַנדלען אין אַ מין דיסקוסיעס וועגן אַנאַרכיסטישער „דירעקטער אַקציע", און די פריערדיקע מינדערהייט פון

אַנאַרכיסטן האָט זיך אָנגעהויבן פאַר אונזערע אויגן פאַרוואַנדלען אין אַ מערהייט.

די אָפּטסטע טענות לטובת „עקספּראָפּריאַציעס״ זיינען געווען:

— מען דאַרף האָבן געווער, וואָס מער געווער, און קיין געלט דערויף ווילן די בורזשויעס מער ניט געבן מיטן גוטן ווילן. זיי איז גוט, זיי קויפן זיך אויס מיט געלט ביי דער פּאָליציי, אָבער ווער וועט פאַרטיידיקן די אָרעמע מאַסן? וואָלט דעריבער געווען ניט מער ווי רעכט דורכצופירן עקספּראָפּריאַציעס ביי די רייכע בורזשויעס, כדי צו קריגן געלט פאַר דער זעלבשוץ...

און איינמאָל ווען כ'בין געקומען אויף אַ זיצונג פון דעם זעלבשוץ־קאָמיטעט האָב איך זיך דערוואוסט, אַז מען האָט פאַר מיין קומען דיסקוטירט אַ פּלאַן ווי צו מאַכן אַן „עקס״ אויף דער... מלוכה־באַנק. עס האָט געהייסן, אַז אַ פּאָר „וואָלונטירן״ האָבן שוין אַרומגעשמעקט די אַריינגאַנגען און די אַרויסגאַנגען פון באַנק, און אַז די איינציקע זאַך וואָס בלייבט איז גוט באַוואָפענען זיך, דרייסט אָנפאַלן און דער דערפאָלג איז געזיכערט...

די גרויסע פאַראינטערעסירטקייט פון דער זעלבשוץ־גרופּע אין דעם פּלאַן איז געווען אַזאַ, אַז איך האָב דערפילט, אַז אַרויסטרעטן קעגן אים מיט די געוויינלעכע טענות קעגן אומזיסטע בלוט־פאַרגיסונגען, דער ניט־דערלאָזבאַרקייט פון טעראָר און אויסזיכטן פון אַ בלוטבאָד וועט איצט ניט העלפן, — איך וועל זיך בלויז דערשלאָגן, אַז זיי וועלן פּרואוון דורכפירן דעם פּלאַן אָן מיין וויסן. איך האָב דעריבער אויסגעהערט דעם פּלאַן „מיט קאָפּ״, דערקלערט די זעלבשוץ־חברים אַז ס'איז אַ אינטערעסאַנטער פּלאַן, וועלכן מען קאָן ניט פאַרווירקלעכן איינס־צוויי, נאָר מען דאַרף אים פריער גוט אַרומטראַכטן און צוגרייטן און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן אויף אַ קומענדיקער זיצונג גענויער צו באַטראַכטן אים.

נאָך דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג בין איך אַוועק צו מיינע חברים פון אָדעסער ס־ס קאָמיטעט, האָב זיי דערציילט די גאַנצע געשיכטע און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז דאָס געווער פון דער זעלבשוץ מוז תיכף באַהאַלטן ווערן אַזוי, אַז עס זאָל ניט אַריינפאַלן אין די הענט פון די „פּלאַנירער״, — אַפילו ווען מען זאָל צוליב דעם דערנאָך מוזן איבערבויען די גאַנצע זעלבשוץ.

באַהאַלטן דאָס געווער האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין לייכטער, ווי כ'האָב פון אָנהייב מורא געהאַט. אַ טייל פון דער זעלבשוץ־געווער איז נאָך אין דעצעמבער אויסגעליען געוואָרן דער אָדעסער מאַטראָסן־אָרגאַניזאַציע (די „רעגיסטראַציע״), וואָס האָט עס געדאַרפט, כדי ניט צו דערלאָזן דער פּאָליציי און אירע כוליגאַנעס צופיל פאַנאַנדערצעלייגן זיך אין פּאָרט. אַן אַנדערער — דער גרעסטער טייל — האָט זיך געפונען אין אַן אונטערערדישער הייל (קאַטאַקאָמבע) אויף פּערעסיפּ, און קאַרל, דער פירער פון דער „רעגיסטראַציע״, האָט צו אים געהאַט אַ צוטריט. די זעלביקע נאַכט איז דאָס געווער פון דער מאָלדאַוואַנקער זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציע אַריבערגעטראָגן געוואָרן אויף אַן אַנדער אָרט, וועגן וועלכן די זעלבשוץ־מיטגלידער האָבן ניט געוואוסט.

די פּאָר צענדליק רעוואָלווערן, ס׳רוב אָן פּאַטראָנען, וואָס זיינען פּאַרבליבן אויף די הענט פון איינציקע מיטגלידער האָבן שוין קיין צו גרויסע געפאַר ניט פאַרגעשטעלט.

אויף דער קומענדיקער זיצונג פון דעם זעלבשוץ־קאָמיטעט, וועלכער האָט געזאָלט באַטראַכטן די ווייטערדיקע פּרטים פון דעם „גרויסן פּלאַן" האָב איך זיי דערציילט דעם „סוד", אַז מען מוז דעם פּלאַן אויפגעבן, ווי די „רעגיסטראַציע" האָט פאַרנומען דאָס גאַנצע געווער פון דער זעלבשוץ און מען קאָן עס פון איר „צוליב געוויסע אורזאַכן" איצט ניט אַרויס־באַקומען, — סיידן אין פאַל פון אַ פּאָגראָם...

פון דעם „פּלאַן" האָט זיך אויף אַזאַ אופן גאָרניט אויסגעלאָזן. אָבער אַ צאָל חברים, ספּעציעל די „אָרגאַניזירטע" אַנאַרכיסטן האָבן חושד געווען, אַז איך האָב עפּעס געהאַט צו טאָן מיט דעם באַשלוס פון דער „רעגיסטראַציע" צו פאַרהאַלטן דאָס געווער. דער רעזולטאַט פון דעם חשד איז געווען, אַז נאַסטיאַ טאַראַטוטאַ, איינע פון די אַקטיווע אָנפירערינס פון דער אַנאַרכיסטי־שער באַוועגונג אין אָדעס, מיט וועלכער איך האָב אָפט פריינטלעך דיסקו־סירט, האָט מיך איינמאָל אַרויסגערופן צו אונזער קאַפע און האָט מיר געגעבן אַן „עצה", אַז איך זאָל זיך וואָס שנעלער אָפּטראָגן פון אָדעס, ווייל אירע חברים, די אַנאַרכיסטן, זיינען שטאַרק אויפגעבראַכט אויף מיר פאַר „פאַרכאַפּן" דאָס געווער פון דער זעלבשוץ און צעשטערן דעם „פּלאַן" וועגן דער מלוכה־באַנק, און זיי האָבן באַשלאָסן... מיך צו דערשיסן, — ניט מער און ניט ווייניקער.

זאָגן, אַז איך האָב ניט געגלויבט, וואָס נאַסטיאַ האָט מיר דערציילט, קאָן איך ניט, — זי איז געווען זייער אַן ערנסט מיידל, — אָבער אַז די דראָאונג איז זייער ערנסט, אָדער אַז איך דאַרף זיך פאַר איר דערשרעקן, איז מיר עפּעס אויך ניט איינגעפאַלן. האָב איך איר געזאָגט, אַז אירע אַנאַר־כיסטן מעגן זיך פּלאַנעווען וואָס זיי ווילן, — איך האָב מיר מיינע אייגענע פּלענער און קלייב זיך ניט צו פאַרלאָזן אָדעס צוליב סטראַשונקעס, אָדער צו באַהאַלטן זיך פון וועמען עס איז.

און ווי עס זעט אויס, בין איך געווען גערעכט, ניט נעמענדיק צו־ערנסט די דראָאונג. אַ סימן — איך קאָן וועגן דעם דערציילן איצט, אין 50 יאָר אַרום.

# דער טויט פון באָריס דעם גרויסן

וואָס מער די צאַרישע מאַכט איז געקומען צו זיך נאָך איר מפּלה אין אָקטאָבער 1905 און וואָס מער ס׳האָט זיך גענומען שטאַרקן די רעאַקציע, — ניט נאָר די פּאָליציייִשע, נאָר אויך די געזעלשאַפטלעכע, צווישן דער בורזשואַזיע, וואָס האָט פריער „סימפּאַטיזירט״ מיט דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, אַלץ מער האָבן זיך פאַרשפּרייט די אַנאַרכיסטישע שטימונגען צווישן די אַרבעטער, וואָס האָבן אָנגעהויבן פילן, אַז די רעוואָלוציע גייט אומפאַרמיידלעך באַרג־אַראָפּ.

ביי אַ צאָל אַרבעטער האָט די פאַרביטערונג אַרויסגערופן אַ שטימונג פון „תמות נפשי עם פּלישתּים״, — אויב די רעוואָלוציע איז פאַרלוירן איז זאָל אַלץ גיין צום טייוול. האָבן ביי אַ סך פון זיי — צווישן די ייִדישע אַרבעטער און ניט־פּראָפעסיאָנעלער אינטעליגענץ — זיך פּלוצלינג פאַרשטאַרקט די עמיגראַציע־שטימונגען. מענטשן, וואָס האָבן פריער, דאַכט זיך, אַפילו ניט געטראַכט וועגן אַוועקפאָרן וואוהין עס איז, האָבן פּלוצלינג זיך געגומען דערמאָנען וועגן קרובים אין אַמעריקע און איידער מ׳האָט זיך אַרומגעקוקט, זיינען זיי אַוועק אויף יענער זייט ים.

אַנדערע, באַזונדערס די וואָס האָבן אָנגעהויבן ליידן פון סיסטעמאַטישער אַרבעטלאָזיקייט האָבן גענומען אַרויסווייזן, ווי שוין פריער דערציילט, אַ וואַקסנדיקן אינטערעס צו אַנאַרכיסטישע „האַנדלונגען״, צו עקספּראָפּריאַציעס אונטער פאַרשיידענע אויסריידן. ס׳רוב פון די, וואָס האָבן זיך אין דעם אַריינגעלאָזן און זיינען דערביי ניט אַריינגעפאַלן אין די נעגל פון דער פּאָליציי, האָבן אַ שטיקל צייט „געלעבט אַ טאָג״ אויפן חשבון פון די „עקסן״ און האָבן ביי דער ערשטער געלעגנהייט פאַרלאָזן אָדעס. אַנדערע האָבן אָפּגעשניטן אַ סך ערגער.

איך האָב קיינמאָל ניט געקאָנט פאַרגעסן דעם טראַגישן פאַל מיט „באָריס דעם גרויסן״, וועלכן כ׳האָב דערמאָנט אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל. דערדאָזיקער באָריס, וועלכער האָט באַקומען זיין צונאָמען צוליב הויכן וואוקס, איז געווען אַן אינטערעסאַנטער אַרבעטער־טיפּ. איך האָב אים צום ערשטן מאָל געטראָפן אין אָדעסער פּאַרט, וועלכן כ׳האָב באַזוכט באַלד נאָך מיין אָנקומען קיין אָדעס סוף נאָוועמבער 1905. ער איז געווען אַ פּאַרט־אַרבעטער, אַ שיף־טרעגער (לאָנגשאָרמען), איינער פון די גאָר זעלטענע ייִדישע אַרבעטער אין פּאָרט. ער האָט זיך מיר צוערשט געוואָרפן אין די אויגן מיט עפּעס אַ מין „אומפּראָפּאָרציאָנעלקייט״: אויף אַ גרויסן, שטאַרקן קערפּער פון אַ פּאָרט־אַרבעטער האָט ער געהאַט אַ קאָפּ פון אַ ייִנגל מיט

אַ פּנים און אויגן, וואָס האָבן געהאַט ממש אַ קינדישן אויסזען. ער האָט אין מיר דערקענט אַ יידן, איידער איך האָב אים דערקענט, טרעפנדיק אים אין אָפיס פון דער מאַטראָסישער „רעגיסטראַציע״ (יוניאָן), ווייל ער האָט מיך געהערט ריידן אין אוניווערסיטעט.

מיר האָבן זיך באַקענט און ס׳האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז ער איז ערגעץ פון ראָסטאָוו ביים דאָן, רעדט אַ מין קאָזאַקישן רוסיש און זייער אַ שוואַכן (אַפילו פּאָר אַדעס) יידיש, — אָבער זיין „יידישקייט״ פילט ער גאַנץ שטאַרק גראָד אין פּאָרט צווישן די פּאָרט־אַרבעטער, ווייל צווישן זיי איז געווען אַ צאָל „באַסיאַקעס״, לומפּנפּראָלעטאַריער, און צווישן זייערע „באַסיאַקישע״ חסרונות האָט אַ פּרימיטיווער אַנטיסעמיטיזם פאַרנומען ניט דעם לעצטן אָרט.

באָריס איז בשום אופן ניט געווען דאָס וואָס מען רופט אָן „אַנטוויקל־טער״ אַרבעטער, ער האָט קוים געקענט לייענען, אָבער אונטער דער ווירקונג פון די רעוואָלוציאָנערע געשעענישן האָט ער אַ סך געטראַכט און געזוכט אָן ענטפער וועגן דער לאַגע פון די אַרבעטער, און צווישן אַנדערע פראַגעס האָט אים געמאַטערט די פראַגע צי נאָכדעם ווי די רעוואָלוציע וועט זיגן וועט אויך מעגלעך זיין אַנטיסעמיטיזם...

נאָך אַ פּאָר באַגעגענישן אין פּאָרט און אויף די אוניווערסיטעט־מיטינ־גען האָב איך זיך באַפריינדעט מיט באָריסן, איך האָב אים געבראַכט אין אונזער קלוב, האָב אים אַריינגעפירט אין קרייזלעך און ער האָט זיך צו מיר שטאַרק צוגעבונדן, ווי אַ שילער און אַ חבר. אַזוי ווי מ׳האָט דעמאָלט אין פּאָרט ווייניק געאַרבעט, האָט מען אים אין אונזער קלוב געקאָנט טרעפן צו יעדער צייט, פון פרימאָרגן ביז שפּעט ביינאַכט, און ער האָט מיט גרייטקייט אויסגעפילט יעדע ארבעט, וואָס מ׳האָט אים אָנפאַרטרויט. אז באָריס האָט זיך באַזונדערס פאַראינטערעסירט מיט דער זעלבשוץ און איז געוואָרן אין איר איינער פון די אַקטיווסטע מיטגלידער, איז זעלבסטפאַרשטענדלעך.

אויף באָריסן האָב איך געקאָנט קלאָר זען די דעמאָראַליזירנדיקע ווירקונג, וואָס די אַנאַרכיסטישע שטימונגען האָבן אַלץ מער גענומען האָבן איבער דער אַרבעטער־באַוועגונג. איך מיין ניט צו זאָגן, אַז זיי האָבן זיך אָפּגעשפּיגלט אויף באָריסעס פּערזענלעכער מאָראַל, אויף זיין געטריישאַפט צו דער באַ־וועגונג, אין וועלכער כ׳האָב אים אַריינגעצויגן. אָבער אין די פּערזענלעכע געשפּרעכן, וואָס ער האָט מיט מיר דעמאָלט אָפט געפירט, פלעגט ער אַלץ אָפטער און אָפטער בעטן מיך דערקלערן אים מיט וואָס די פּרינציפּן פון אַנאַרכיזם זיינען שלעכט און פאַרוואָס מיר האַלטן, אַז „עקסן״ זיינען שעדלעך פאַר די אַרבעטער. נאָך יעדן געשפּרעך פלעגט ער אַוועקגיין, דאַכט זיך, אַ באַרואיקטער, אָבער אויף מאָרגן פלעגט ער קומען מיט אַנדערע פראַגעס, אָדער מיט דיזעלביקע, נאָר אין אַן עטוואָס אַנדערער פאָרם.

און ענדלעך האָבן אַלע זיינע פראַגעס גענומען פירן צו איינער:

— איך פאַרשטיי, אַז די, וואָס פירן דורך די עקסן צוליב נקמה אָדער צוליב זייערע אייגענע אינטערעסן זיינען דעמאָראַליזירט און שעדיקן די אינ־טערעסן פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. אָבער ווען די פּאַרטיי זאָל אַליין אויסקלייבן אירע ערלעכסטע מיטגלידער און בילדן פון זיי אַ גרופּע, וואָס זאָל דורכפירן עקספּראָפּריאַציעס, וואָלטן די אַרבעטער ניט דעמאָראַליזירט ווערן און די פּאַרטיי וואָלט באַקומען די מיטלען פאַר איר אַרבעט, וועלכע זי קריגט איצט ניט...

איך האָב געזען, וואוהין באַריס צילט, — ער האָט עס, אייגנטלעך, אַפילו ניט געפּרוּווט באַהאַלטן, — האָב איך אים סוף כל סוף, ווען אַלע מיינע דערקלערונגען האָבן ניט געהאָלפן, געזאָגט מיטן האַרבן וואָרט, אַז ער זאָל זיך אַרויסשלאָגן פון קאָפּ, און אַז אויב ער באַשטייט אויף די עקספּראָ־פּריאַטאָרישע אידייען, וועט ער אויסגעשלאָסן ווערן פון דער פּאַרטיי.

נאָך דעמדאָזיקן געשפּרעך האָט באַריס זיך גענומען וויניקער ווייזן אין קלוב און האָט מער מיט מיר אַזעלכע געשפּרעכן ניט פאַרפירט.

איין טאָג, — איך גלויב, אַז דאָס איז שוין געווען אין מאַי — איז די שטאָט אויפגערודערט געוואָרן דורך אַן „עקס"־אַנפאַל אויף אַ געשעפט פון א רייכן יידישן סוחר, — זיין נאָמען איז, דאַכט זיך, געווען באַמזע. ווי די אָדעסער פּרעסע האָט אויף מאָרגן דערציילט, האָט דערדאָזיקער באַמזע, אַנ־שטאָט צו געבן די עקספּראָפּריאַטאָרן דאָס געפאָדערטע געלט, ווי דאָס האָבן געוויינלעך געטאָן אַנדערע אויף זיין אָרט, געפּרוּווט זיי אַ סטראַשע טאָן ניט נאָר מיט דער פּאָליציי, נאָר אויך מיט אַ רעוואָלווער. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז די עקספּראָפּריאַטאָרן האָבן אין אים געשאָסן, דערשאָסן אים אויף טויט און זיך געלאָזט אַנטלויפן. אָבער ביים אַנטלויפן האָבן זיי זיך אָנגעשטויסן אויף פּאָליציי. איינער פון די עקספּראָפּריאַטאָרן האָט געוואָרפן אַ „מאַקעדאָנקע" (אַ האַנטגעמאַכטע באָמבע) און איז דערביי אַליין אַ שווער־פאַרוואונדעטער אַרעסטירט געוואָרן און איז געבראַכט געוואָרן אין דער אַר־בעטער־טורמע אין שפּיטאָל. ער האָט געהאַט קנאַפּע אויססיכטן צו בלייבן לעבן פון די שווערע וואונדן, וואָס ער האָט באַקומען פון דעם אויפרייס, אָבער אויב ער וועט בלייבן לעבן, וועט ער געשטעלט ווערן פאַר אַ קריגס־געריכט...

דורך אַ פאַרבינדונג מיט דער טורמע האָבן מיר זיך אין עטלעכע טעג אַרום דערוואוסט, אַז דער פאַרוואונדעטער איז געווען באַריס דער גרויסער. אין אַ וואָך אַרום איז ער געשטאָרבן אין טורמע־שפּיטאָל און אַ חבר, וועלכער איז צו יענער צייט באַפרייט געוואָרן פון טורמע און האָט געהאַט אַ געלעגנ־הייט צו זען באַריסן אין שפּיטאָל און צו ריידן מיט אים, האָט געבראַכט זיין לעצטן „גרוס": „זאָג זיי, אַז איך בין ניט געוואָרן קיין אַנאַרכיסט און בין ניט געגאַנגען עקספּראָפּריאירן פאַר זיך. איך האָב בלויז געוואָלט העלפן דער פּאַרטיי, כ'האָב ניט געקאָנט צוזען ווי זי נויטיקט זיך"....

*
**

ס׳רוב פון די עקספּראָפּריאַציעס וואָס זיינען דעמאָלט דורכגעפירט געוואָרן אין אָדעס, זיינען געווען אין יידישע געשעפטן. די עקספּראָפּריאַטאָרן פלעגן ניט קומען פשוט רויבן און צונעמען וואָס עס מאַכט זיך. זיי פלעגן קומען מיט אַ פאָדערונג מען זאָל זיי געבן אַזויפיל און אַזויפיל. אַנדערע פלעגן צוגעבן, אַז דאָס איז „צוליב די נויטן פון דער רעוואָלוציע". עס פלעגן זיין פאַלן, ווען דער, צו וועמען מען פלעגט אַרויסשטעלן די פאָדערונג, פלעגט זיך מיט זיי דינגען, אָדער אָפּבעטן זיך ביי זיי, אַז ער וועט זיי צושטעלן דאָס געפאָדערטע שפּעטער. און ער פלעגט ס׳רוב האַלטן וואָרט, ווייל די עטלעכע באָמבעס, וואָס זיינען געוואָרפן געוואָרן אין די געשעפטן פון אייב־געשפאַרטע, האָבן אָנגעיאָגט אַ מורא אויף דער בורזשואַזיע.

איינמאָל האָב איך געפרעגט ביי איינעם פון די אָנפירער פון די אָדעסער אַנאַרכיסטן:

— ווי קומט עס, וואָס איר מאַכט כסדר עקספּראָפּריאַציעס נאָר אויף יידישע געשעפטן? מען הערט ניט, אַז איר זאָלט אַרויסשטעלן פאָדערונגען צו רוסישע קאַפּיטאַליסטן...

און ער האָט מיר אומדערוואַרט געענטפערט גאַנץ „יידישלעך":

— מיר האָבן גאָרניט קעגן דעם, אַז רוסישע עקספּראָפּריאַטאָרן זאָלן עקספּראָפּריאירן רוסישע בורזשויעס...

דאָס מיינט ניט, אַז די אַלע „עקספּראָפּריאַטאָרן" זיינען געווען יידן. זיכער ניט. אָבער דער איינדרוק איז יעדנפאַלס געווען, אַז יידישע געשעפטסלייט שטעלן געוויינלעך ניט קיין ערנסטן ווידערשטאַנד די עקספּראָפּריאַטאָרן, ווייל זיי שאַצן זייערע לעבנס העכער איידער זייערע פאַרלוסטן. מאַכן ביי זיי אַן „עקס" איז דעריבער געווען גרינגער...

# דעמאָראַליזאַציע

ווען איך האָב אנגעהויבן שרייבן אָט די דערמאנונגען וועגן דעם יאָר 1905 און אַרום אים, האָט עס מיר אַליין פאַרשאַפט אַ געוויסע באַפרידיקונג, ווייל כ'האָב זיך דורך דעם ווידער, אין אַ האַלבן יאָרהונדערט אַרום, דערפילט פאַרבונדן מיט די מענטשן פון דעם דור, וואָס האָט פאַרלוירן די מורא — אָבער דעם איצטיקן קאַפּיטל קומט מיר אָן שווער צו שרייבן, און איך שרייב אים מיט ווייטאָג, ווייל איך וויל אין אים דערציילן וועגן מענטשן, וואָס האָבן אונטער דעם דרוק פון דער רעאַקציע זיך צו שנעל אַנטוישט און געזוכט אַן אויסוועג אין אַנטלויפן פון דער ווירקלעכקייט.

מען קאָן זאָגן מיט זיכערקייט: אויף וויפיל עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַרבעטער, איז ביי זיי געווען ניט אַן אַנטוישונג אין דער רעוואָלוציע און אין אירע צוועקן, נאָר אין דעם, וואָס ביי דער רעוואָלוציע האָבן ניט געקלעקט קיין קרעפטן דורכצופירן אירע אויפגאַבן. דער זיג איז, דאַכט זיך, געווען אַזוי נאָענט — און האָט זיך פלוצלינג אַרויסגעגליטשט פון די הענט. און וואָס טוט מען ווייטער?

איך האָב פריער דערציילט וועגן די אַנאַרכיסטישע שטימונגען, וואָס האָבן זיך פאַרשפרייט צווישן אַרבעטער. דער קרייז, וואָס דידאַזיקע שטימונגען האָבן אַקטיוו פאַרכאַפּט, איז צום גליק געווען ניט קיין זייער ברייטער און זיי האָבן לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. ערנסטער איז געווען אַן אַנדער טענדענץ, וואָס האָט זיך באַוויזן צווישן אַרבעטער, די שטימונג פון „מאַכאַיעווסטשינע".

מאַכאַיעוו איז געווען אַ סאָציאַל־דעמאָקראַט פון סוף פון די 90ער יאָרן, וואָס האָט זייער ענג געפּרואווט אויסטייטשן דעם לאָזונג, אַז „די באַפרייאונג פון דעם אַרבעטער־קלאַס איז די זאַך פון די אַרבעטער גופא". ביי אים האָט עס געהייסן בוכשטעבלעך: די אַרבעטער אַליין, אָן די אינטעליגענטן. אינטעליגענטן, האָט ער געהאַלטן, ברענגען אַריין בורזשואַזע אידייען און צעקראָכנקייט צווישן די אַרבעטער. דעריבער דאַרף זיך די אַרבעטער־באַוועגונג באַגיין אָן דער אינטעליגענץ.

דאָס איז געווען אַ פאַלשע טעאָריע. זי האָט געוואָרפן אין איין קופּע די בורזשואַזע אינטעליגענץ, מיט דער אינטעליגענץ, וואָס איז אַרויס פון די רייען פון דעם אַרבעטער־קלאַס גופא און פון די קליינבירגערלעכע שיכטן, וואָס שטייען נאָענט צו אים, און וואָס האָבן פאַרבונדן זייער גורל און האָפענונגען מיטן זיג פון דעם אַרבעטער־קלאַס. דידאָזיקע אַרבעטער־אינטעליגענץ

איז עס געווען די, וואָס האָט געהאָלפֿן פֿאַרפֿלאַנצן און פֿאַרשפּרייטן צווישן די אַרבעטער־מאַסן די סאָציאַליסטישע אידייען און דעם סאָציאַליסטישן וויסן, די מאַרקסיסטישע לערע.

די מאַכאַיעווישע אידייען האָבן פֿון אַנהייב ניט געהאַט קיין דערפֿאָלג און זיינען באַטראַכט געוואָרן אין דער דעמאָלטדיקער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, ווי אַ קוריאָז, אָדער אַ שטיק אידעאָלאָגישע עם הארצות. אָבער ווען די רעוואָלוציע האָט גענומען גיין באַרג־אַראָפּ האָבן „מאַכאַיעווישע" שטימונגען פֿון אומצוטרוי, און אפֿילו פֿון אַ געוויסער פֿיינטשאַפֿט צו דער אינטעליגענץ, אָנגעהויבן אַרומכאַפּן ברייטערע קרייזן ניט נאָר צווישן די סאָציאַל־דעמאָקראַטישע אַרבעטער, נאָר אויך צווישן אַנדערע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען.

איך האָב זיך אָנגעשטויסן אויף די מאַכאַיעווישע שטימונגען קודם כל אין די קרייזלעך, וואָס כ'האָב אָנגעפֿירט און אין די געשפּרעכן מיט די אַרבעטער אין קלוב און אויף דער „בירזשע". די קרייזלעך, וואָס זיינען פֿריער כסדר געוואַקסן און זיך פֿאַרמערט און זיינען אין עצם געווען פּאָליטישע אָרגאַניזיר־גרופּעס, האָבן אָנגעהויבן „איינדאַרן" אין צאָל און אין גרויס. ווען מען פֿלעגט פֿרעגן אַ מיטגליד פֿון אַ קרייזל פֿאַרוואָס ער איז ניט געקומען אויף דער פֿאַרזאַמלונג, האָט מען אָנגעהויבן באַקומען אַן אָפֿנהאַרציקן ענטפֿער: וואָס האָב איך צו טאָן אין קרייזל? קיין אינטעליגענט וויל איך ניט ווערן...

אַפֿילו אין דער שטאָטישער „סכאָדקע", אין וועלכער עס זיינען געווען פֿאַרטראָטן אַלע קרייזלעך און פּראָפֿעסיאָנעלע גרופּעס פֿון דער פּאַרטיי און וואָס די אָנגעהעריגקייט צו איר האָט זיך ביי אירע מיטגלידער גערעכנט פֿאַר אַ באַזונדער גרויסער פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט און כבוד, האָבן אייניקע פֿון די פֿריער זייער אַקטיווע מיטגלידער אַלץ אָפֿטער גענומען אויספֿעלן. צופֿעליק האָב איך אַנטדעקט, אַז זיי פֿאַרזאַמלען זיך פּריוואַט אין די אָוונטן אין דער וואוינונג פֿון איינעם פֿון די סכאָדקע־מיטגלידער, ביים שניידער סאַמאָילאָ.

— פֿאַרוואָס לאָזט איר דורך די זיצונגען פֿון דער „סכאָדקע"? — האָב איך זיי געפֿרעגט.

האָט סאַמאָילאָ, דער עלטערער פֿון זיי, געענטפֿערט פֿאַר זיי אַלעמען:

— און וואָס קאָן מען דען אויפֿטאָן אין דער סכאָדקע, אַז די אינטעליגענטן ווייסן ניט אויף וואָס פֿאַר אַ וועלט מען איז?

דידאָזיקע „אַנטי־אינטעליגענטן" זיינען אָבער געווען זייער ווייט פֿון אַנאַרכיסטישע שטימונגען. פֿאַרקערט, זיי זיינען אפֿילו געווען געצוווּנגען צו באַשולדיקן די אינטעליגענץ אין דער פֿאַרשפּרייטונג פֿון אַנאַרכיסטישע שטימונגען צווישן די אַרבעטער. איינער פֿון דער גרופּע, נחום דער פֿאָטאָגראַף, אַ קליינגעוואַקסיקער בחור מיט איראָנישע אויגן און אַ גוטן קאָפּ אויף די

פּלייצעס, האָט מיר געזוכט צו דערקלערן דידאַזיקע באַשולדיקונג קעגן די אינטעליגענטן אויף אַזאַ אופן:

— אַן אינטעליגענט ענדיקט אַ שולע, גייט אין אַן אוניווערסיטעט, לייענט זיך אָן מיט ביכער און שטאָפּט זיך אָן מיט בורזשואַזע אידייען און געפֿילן אַפֿילו ווען ער רעכנט זיך פֿאַר אַ סאָציאַליסט. אָבער בטבע איז ער אַן אַנאַרכיסט, — ער האַלט ניט פֿון אָרגאַניזאַציע, סיידן ער אַליין איז דער פֿירער און קריגט די אָנערקענונג. ער ווערט אַנטוישט און אַנטלויפֿט ביי דער ערשטער געלעגנהייט און שטעקט אָן די אַרבעטער — מיט זיין אַנאַר־כיזם...

איך האָב דעמאָלט ניט געגלויבט און גלויב אויך איצט ניט, אַז דאָס איז געווען אַ ריכטיקע כאַראַקטעריסטיק פֿאַר דער אינטעליגענץ, וואָס איז אויסגעוואַקסן און צונויפֿגעוואַקסן מיט דער אַרבעטער־באַוועגונג. אָבער אמת איז, אַז פֿאַר אַ גרויסער צאָל פֿון דער אינטעליגענץ, וואָס האָט בעת דעם אויפֿשטייג פֿון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג אָפּט פֿאַרפּלייצט די אַרבעט־טער־אָרגאַניזאַציעס, איז נחומס כאַראַקטעריסטיק געווען „פֿאָטאָגראַפֿיש״־ריכטיק. גראָד אין יענער צייט, אין פֿרילינג פֿון 1906, נאָך דער דערוויילונג פֿון דער ערשטער צאַרישער דומע (פֿאַרלאַמענט), האָט זיך אָנגעהויבן ממש אַ געלאַף פֿון דער פֿריער־אָנגעלאָפֿענער אינטעליגענץ אַוועק פֿון דער אַר־בעטער־באַוועגונג. וואוהין זיינען דידאָזיקע „אינטעליגענטן״ געלאָפֿן?

ניט אַלע זיינען זיי געווען פֿון איין מין און ניט אַלע זיינען זיי געלאָפֿן אין איין ריכטונג. די עכט־בורזשואַזע אינטעליגענץ, וואָס האָט „פֿאַרבלאָנ־דזשעט״ אין דער אַרבעטער־באַוועגונג אין דער צייט, ווען מ׳האָט אין גימנאַזיעס און אין די אוניווערסיטעטן סיי ווי ווייניק וואָס זיך געקאָנט אָפּגעבן מיט לערנען, האָט זיך אַ לאָז געטאָן אָניאָגן די איבערגעריסענע קאַריערעס. אַ סך פֿון זיי זיינען דעמאָלט אַוועקגעפֿאָרן לערנען אין אויסלאַנד, וואו די אויסזיכט איז געווען, אַז מ׳וועט מער זייער לערנען ניט איבעררייסן.

אַנדערע — פֿון דער אינטעליגענטישער יוגנט — האָבן זיך מיט אימפּעט אַוועקגעלאָזן אין דעם, וואָס האָט מיט אַ יאָר שפּעטער באַקומען דעם נאָמען „סאַניניזם״. דערדאָזיקער טערמין, ווי באַוואוסט, האָט זיך גענומען פֿון דעם נאָמען פֿון דעם סענסאַציאָנעלן ראָמאַן, „סאַנין״, וואָס דער דעמאָלט באַ־קאַנטער רוסישער שרייבער, אַרציבאַשעוו, האָט פֿאַרעפֿנטלעכט אין יאָר 1907. דער הויפּט־„העלד״ פֿון דעם ראָמאַן, סאַנין, איז אַן אינטעליגענט, אַ געוועזענער סטודענט, וואָס האָט זיך „אַנטוישט״ אין אַלץ, אין וואָס ער האָט פֿריער געגלויבט: אין דער רעוואָלוציע, אין ליבע, אין ערלעכקייט, אין דער פּשוטסטער מענטשלעכער מאָראַל. ער איז כלומרשט אַן אָנהענגער פֿון ניטשעס פֿילאָסאָפֿיע פֿון דעם „אויבערמענטש״, וועמען ס׳איז אַלץ דער־לויבט, און ער דערלויבט זיך אַלץ, וואָס זיינע תאוות פֿאַרלאַנגען: ער איז גראָב, ציניש, ברוטאַל און ווייזט עס באַזונדערס אַרויס אין זיין באַציאונג צו פֿרויען...

אין 1907 האָבן זיך אָרום די „פּרינציפּן" פון סאָניניזם אָרגאַניזירט גאַנצע גרופּעס פון יונגוואַרג, וואָס האָט זיך אַוועקגעלאָזן אין שיכרות און אויסגעלאַסנקייט. זיי האָבן דעמאָלט אַפילו זיך געגעבן אַ ספּעציעלן נאָמען: „אַנאַרקי" (דאָס הייסט, „אויסגעבערענטע ליכטלעך"). אין דער ערשטער העלפט פון 1906 איז נאָך דער נאָמען סאַניניזם ניט געווען און מען איז אַזוי ווייט ניט פאַרגאַנגען, אָבער אַרציבאַשעוו האָט אים ניט געדאַרפט צוטראַכטן פאַר זיין ראָמאַן: זיינע ערשטע בלימעלעך האָבן זיך שוין באַוויזן אין 1906.

איך האָב אין איינעם פון די פריערדיקע קאַפּיטלען דערמאָנט וועגן לעאָניד ב., וועלכער האָט שוין אין נאָוועמבער 1905 דעמאָנסטרירט זיין „העכערקייט" פון דער אַנגענומענער מאָראַל דורך דעם, וואָס ער האָט אַריינגענומען אַ גאַסט צו זיך און צו זיין ווייב אין בעט. געענדיקט האָט דער־דאָזיקער לעאָניד אַלס פּראָוואָקאַטאָר און ביי מיר איז קיין צווייפל ניט, אַז ער איז געווען איינער פון די ערשטע „סאַנינצעס". אין פרילינג פון 1906 איז מיר אויסגעקומען בייצווויין נאָך אַן ערגערע סצענע:

איין נאַכט, ווען איך האָב ניט געקענט נעכטיגן אין מיין צימער, האָט מיך אַ חבר, אַ סטודענט, געבראַכט אין אַ צימער פון אַ קורסיסטקע, — אַ מיידל, וואָס איז געווען „אַרום דער באַוועגונג" אָבער ניט זייער אַקטיוו אין איר. נעכטיקן אין אַ צימער פון אַ סטודענטקע איז אין יענע רעוואָלוציאָנערע צייטן ניט געווען קיין זעלטענע זאַך, ווען מען האָט צוליב פּאָליצייאישע אורזאַכן ניט געקאָנט נעכטיקן אינדערהיים. האָבן מיר פאַרבראַכט צוזאַמען דעם אָוונט, דערנאָך האָט דאָס מיידל אויסגעבעט אויפן דיל און איז באַ־שטאַנען, אַז איך מיט מיין חבר זאָלן ביידע בלייבן נעכטיקן, „ווייל איינ־צווייען איז זיכערער". ביינאַכט האָב איך זיך אויפגעכאַפּט פון אַ גערודער: מיין „חבר" האָט זיך געראַנגלט מיט דער מיידל און זי געשלעפּט פון איר בעט. ווען איך האָב זיך אַריינגעמישט און אים געצוואונגען זי לאָזן צורו האָט ער מיר מיט אַ געלעכטער געזאָגט, אַז ער האָט בלויז געוואָלט זי זאָל אויך שלאָפן מיט אונז אויפן דיל, וואָרעם שלאָפן אין בעט, ווען חברים שלאָפן אויף דער ערד איז בורזשואיש און ניט חבריש...

איך האָב אויף מאָרגן געוואָלט אָנקלאָגן דעם חבר פאַר זיין אויפפירונג, אָבער ער איז דעמזעלביקן טאָג אַוועקגעפאָרן פון אָדעס...

עס האָבן אין יענער צייט געגומען פאָרקומען אויך פאַלן פון זעלבסט־מאָרד — אויס פאַרצווייפלונג. אין אַ צאָל פאַלן האָבן די זעלבסטמאָרדן אויסגעזען ווי אומגליקלעכע צופאַלן: אַ מענטש האָט זיך אַרומגעשפּילט מיט אַ געלאָדענעם רעוואָלווער און האָט זיך „צופעליק" אַריינגעשאָסן אַ קויל אין האַרצן אָדער אין קאָפּ. אין אַנדערע פאַלן איז מען זיך באַגאַנגען אָן דער „צופעליקייט". צוויי חברים, ביידע קוים צו צוואַנציק יאָר אַלט, וואָס זיינען מיר פערזענלעך געווען זייער נאָענט, האָבן, זיצנדיק צוזאַמען אין איין קאַמער אין טורמע, אין פרילינג פון 1906, באַשלאָסן, אַז די רעוואָלוציע איז שוין

געענדיקט און ביז צו קיין נייער רעוואָלוציע וועלן זיי זיך ניט דערוואַרטן, האָבן זיי ערגעץ געקראָגן מאָרפין און בלומען. אַרומגעלייגט זיך אויף זייערע בעטלעך מיט בלומען און זיינעןביידע גלייכצייטיק באַגאַנגען זעלבסטמאָרד...

אַט אַזוי האָבן אויסגעזען די נאָכוויי־ענישן פון דער איבערגעריסענער רעוואָלוציע צווישן אַ טייל פון דער דעמאָלטיקער אינטעליגענטער יוגנט: מען האָט געזוכט צו אַנטלויפן פון דער פאַרכמורעטערווירקלעכקייט אויף פאַרשיידענע וועגן: צו קאַריערעס, צו „סאַניניזם" און אפילו צום טויט...

## צום לייפּציגער צוזאַמענפאַר

סוף מערץ 1906 בין איך אויסגעקליבן געוואָרן אַלס איינער פון די דעלעגאַטן פון דער אָדעסער אָרגאַניזאַציע צום צוזאַמענפאָר פון דער ס״ס־פּאַרטיי. אַזוי ווי די רעאַקציע אין לאַנד איז שוין געווען גענוג שטאַרק, אַז מען זאָל ניט קאָנען ריזיקירן מיט קיין אומלעגאַלן צוזאַמענפאָר אין רוס־לאַנד, איז ער אָרגאַניזירט געוואָרן אין אויסלאַנד, — אין לייפּציג, דייטשלאַנד. פון אָדעס זיינען צו דעם צוזאַמענפאָר געשיקט געוואָרן דאַוואַ (לוואָוויטש), משה געפּשטיין און איך.

פאַר מיר אין מיין דעמאָלטיקן עלטער און מיינע דעמאָלטיקע שטימונגען, איז דאָס געווען אַ זייער גרויסע געשעעניש. איך בין פאַר דעם נאָך קיינמאָל ניט געווען אין אויסלאַנד, און דייטשלאַנד מיט איר גרויסער סאָציאַליסטי־שער אַרבעטער־באַוועגונג האָט פאַר מיר געהאַט אַ באַזונדערן אינטערעס. נאָך אַלעמען איז דאָך ס׳רוב פון דער דעמאָלטיקער פּאָפּולערער סאָציאַלי־סטישער ליטעראַטור באַשטאַנען פון איבערזעצונגען פון דייטשישע סאָציאַ־ליסטישע בראָשורן און ביכער. שוין ניט צו ריידן וועגן מאַרקסן און לאַסאַלן, פלעגן מיר לייענען און שטודירן דעם קאָמוניסטישן מאַניפעסט, די ערפורטער פּראָגראַם, די גאָטער פּראָגראַם, בעבעלן, ליבקנעכטן און באַזונדערס, נאַטיר־לעך, קאַרל קאַוטסקין, וועלכער איז אין אונזערע אויגן געווען דער דירעקטער פאָרזעצער און דער אויטאָריטעטסטער אויסטייטשער פון מאַרקסיזם.

מיר האָבן געוואוסט, אַז די דייטשישע סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי פאַרמאָגט אַ מאַסע גרויסע צייטונגען, חודש־זשורנאַלן און צווישן זיי די „נייע צייט״, וועלכן קאַוטסקי „אַליין״, האָבן מיר געהערט, רעדאַקטירט. מיר האָבן געלייענט און אָפּט מקנא געווען, ווי די דייטשישע סאָציאַל־דע־מאָקראַטיע האַלט אין איין וואַקסן און פאַרמערט איר מיטגלידערשאַפט און די צאָל פון אירע פּאַרלאַמענט־דעפּוטאַטן.

מיט איין וואָרט: באַזוכן דייטשלאַנד האָט געמיינט פאַר אונז, יונגע סאָציאַליסטן, פאַר מיר, יעדנפאַלס, — די מעגלעכקייט צו טרינקען פון די סאַמע קוואַלן פון סאָציאַליזם.

אַ חוץ דעם האָט, פאַרשטייט זיך, אַ סך געמיינט די מעגלעכקייט צו באַגעגענען זיך מיט חברים, מיט די שאַפער און פירער פון דער דעמאָלט נאָך זייער יונגער ס.־ס.־ישער פּאַרטיי און קריגן ביי זיי, צי מיט זייער הילף, אַן

ענטפער אויף די טעאָרעטישע פראַגעס, איבער וועלכע מיר האָבן זיך גע־מאַטערט, געבראָכן זיך די קעפּ און קיין קלאָרן ענטפער ניט געהאַט.

איך זאָג: טעאָרעטישע פראַגעס, ווייל אין דער פראַקטיק האָבן מיר דעמאָלט קיין צו שווערע פּראָבלעמען ניט געהאַט: מיר האָבן געקעמפט מיט דער זעלבסטהערשאַפט און מיט אירע אַגענטן, מיר האָבן געזוכט אויסצו־דרייען זיך פון די הענט פון דער פּאָליציי און פון אירע שפּיאָנען: מיר האָבן אָרגאַניזירט דעמאָנסטראַציעס, געגרינדעט פראָפעסיאָנעלע פאַראיינען (יוניאָנס), געפירט סטרייקס, אַרויסגעגעבן פּראָקלאַמאַציעס, אָנגעפירט מיט אַרבעטער־קרייזלעך, — מיר האָבן געטאָן וואָס אַלע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין רוסלאַנד האָבן דעמאָלט געטאָן. און רעכענענדיק זיך פאַר מאַרקסיסטן, האָבן מיר אין אַלגעמיין נאָכגעפאָלגט די אַלגעמיינע פּראָגראַם און ליניע פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אַרבעטער פּאַרטיי, גאַנץ אָפּט — פון איר רעוואָלוציאָנערן פליגל.

אָבער ווען ס'איז געקומען צו אונזער אייגענער ספּעציעלער פּראָגראַם האָבן זיך אָנגעהויבן די צרות: ווי זאָלן מיר צונויפּפּאַרן אונזער מאַרקסיס־טישע וועלט־אַנשויאונג און סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּראַקטיק פון טאָג־טעג־לעכן קאַמף קעגן צאַריזם און קעגן דער בורזשואַזיע אין רוסלאַנד מיט אונזערע טעאָריעס, אַז דער יידישער אַרבעטער־קלאַס קאָן ניט פירן קיין „נאָרמאַלן" קלאַסן־קאַמף אַזוי לאַנג, ווי יידן לעבן צעוואָרפן צווישן אַנדערע פעלקער; אַז דער יידישער פּראָלעטאַריאַט „מוז" פאַרבלייבן אַן אָפּגעשטאָ־סענער אין פאַרגלייך מיט דעם פּראָלעטאַריאַט פון די אַרומיקע פעלקער און אַז ער וועט קאָנען פירן אַ „נאָרמאַלן" קלאַסן־קאַמף ערשט ווען ער וועט זיך דערשלאָגן ערגעץ וואו אויף דער ערד אַ באַזונדערע טעריטאָריע, וואו דאָס יידישע פאָלק זאָל קאָנען לעבן, פּונקט ווי אַלע אַנדערע פעלקער פון דער וועלט. דער געדאַנק וועגן אַן „אייגענער טעריטאָריע" האָט געשפּילט אַ זייער וויכטיקע ראָלע אין אונזער וועלט־אַנשויאונג. ווען ניט ער וואָלט דאָך אונז זאָך ניט געשטערט צו ווערן מיטגלידער פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, אָדער פאַראייניקן זיך מיטן בונד, מיט וועלכן מיר זיינען געווען „אויף מעסערס". אָבער ווי קומט מען צו אַ טערי־טאָריע? ווי קאָן דער יידישער פּראָלעטאַריאַט קומען אַהין? ווי קאָן עס בכלל מעגלעך זיין און וואָס פאַר אַ שייכות איז פאַראַן צווישן אונזער רע־וואָלוציאָנערן קאַמף אין רוסלאַנד, וועלכן מיר גיבן אָפּ אַלע כוחות, און צווישן דער „טעריטאָריע" אין ערגעץ־לאַנד, וועגן וועלכער מיר חלומען בלויז?

אויף דעם האָבן מיר געזוכט צו געבן פאַרשיידענע ענטפערס, אָבער מען קאָן ניט זאָגן, אַז זיי האָבן אונז אַליין פולשטענדיק באַפרידיקט...

האָב איך טאַקע דעריבער שטאַרק געהאַפט און אויסגעקוקט, אַז אויפן צוזאַמענפאָר, וואו ס'וועלן זיך צונויפקומען די בעסטע פאָרשטייער פון דער פּאַרטיי וועט געלינגען צו געפינען און באַקומען אַ קלאָרן ענטפער אויף דער דאָזיקער פראַגע.



אין באַן אויפן וועג צו דער דייטשישער גרעניץ בין איך שיר ניט דורכגעפאַלן. צו מיין מזל האָט געדאַרפט פּאַסירן, אַז אין דעם זעלביקן וואַגאָן, אין וועלכן איך בין געפאָרן, איז געפאָרן אַ ניקאָלאַיעווער פרוי, וואָס האָט געוואוינט אין נאָענטער שכינות מיט מיין פאַמיליע און האָט מיך געקאָנט פון קינדווייז אָן. דערזעענדיק מיך האָט זי זיך אַ לאָז געטאָן צו מיר מיט אויסגעשרייען פון צופרידנקייט און נאָך זייענדיק אַ האַלבן וואַגאָן ווייט פון מיר האָט זי, אָנרופנדיק מיך ביים נאָמען, גענומען אויספרעגן וואוהין איך פאָר און וואָס איך טו און פאַרוואָס האָט מען מיך שוין אַזוי לאַנג ניט געזען אינדערהיים...

וואָס האָב איך געקאָנט טאָן קעגן אַזאַ אָנשיקעניש, פאַרנדיק צו דער גרעניץ? מיין איינציקע שוץ איז געווען „אָנצוטאָן אַ טויבע היטל״, מאַכן זיך ניט וויסנדיק, אַז זי רעדט עס צו מיר און מיינט מיך, און ווען זי איז צוגעקומען צו מיר און אויסגעדריקט איר פאַרוואונדערונג צי דערקען איך זי ניט, האָב איך איר זייער לייטיש דערקלערט, אַז זי מאַכט געוויס אַ טעות און נעמט מיר אָן פאַר עמיצן אַנדערש, ווייל איך ווייס ניט וועגן וועמען זי רעדט און זע זי בכלל צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן.

זי האָט, אמת, אַזוי לייכט ניט נאָכגעגעבן, אָבער איך בין אויך פאַרבליבן איינגעשפּאַרט, דער סוף איז געווען, אַז זי האָט גענומען צווייפלען, צי איך בין טאַקע איך, האָט זיך אַנטשולדיקט פאַר איר „טעות״ און איז אַוועק צוריק אויף איר פּלאַץ.

אין דייטשלאַנד האָב איך דעמאָלט פאַרבראַכט אַרום 6 וואָכן: 3 וואָכן אין לייפּציג אויף דעם צוזאַמענפאָר און דערנאָך 3 וואָכן אין בערלין, שטו־דירנדיק דאָרטן די דייטשישע סאָציאַליסטישע ליטעראַטור, אַלץ וואָס כ׳האָב נאָר געקאָנט אַריינקריגן.

דעם צוזאַמענפאָר אין לייפּציג האָבן געהאָלפן אָרגאַניזירן אַ פּאָר חברים־סטודענטן, וואָס האָבן זיך דאָרטן געלערנט און האָבן אין דעם געקראָגן די הילף פון דער לייפּציגער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט ניט געוואוסט און זיך ניט אינטערעסירט מיט די מיינונג־פאַרשיידנקייטן און שאַטירונגען פון די פאַרשיידענע סאָציאַליסטישע גרופּירונגען אין רוס־לאַנד: פאַר זיי, פאַר די דייטשע חברים, איז געווען גענוג, וואָס אין רוס־לאַנד איז ערשט פאָרגעקומען אַ רעוואָלוציע און אַט פאַרקלייבן זיך יונגע רוסלענדישע רעוואָלוציאָנערן צו באַטראַכטן וואָס ווייטער, — האָבן זיי געטאָן אַלץ, כדי אונדז צו העלפן.

די 30־40 דעלעגאַטן צום צוזאַמענפאָר, וואָס זיינען זיך צונויפגעקומען קיין לייפּציג, זיינען אַלע באַזאָרגט געוואָרן מיט צימערן ביי פאַרשיידענע אַר־בעטער־פאַמיליעס אין לינדענאַו, אַן אַרבעטער־פאָרשטאָט פון לייפּציג. דער צוזאַמענפאָר גופא איז פאָרגעקומען אין אַ גרויסן הינטערצימער פון אַ

דייטשישן אַרבעטער־קלוב, וואָס איז בײַטאָג געווען כמעט שטענדיק ליידיק און ווען ער פלעגט אָנגעפּילט ווערן אין אָוונט, האָבן מיר קיין זיצונגען ניט געהאַט.

צווישן די דעלעגאַטן וואָס זײַנען געקומען צום צוזאַמענפאָר זײַנען געווען אַ היפּשע צאָל מענטשן, וואָס האָבן נאָכדעם געשפּילט אַ באַדייטנדיקע ראָליע אין דעם ייִדישן לעבן. פון דעם צענטראַל־קאָמיטעט, וואָס האָט זיך געפונען אין ווילנע, זײַנען געקומען משה ליטוואַקאָוו — מיט יאָרן שפּעטער דער רעדאַקטאָר פון מאָסקווער „עמעס"; נחמן סירקין, וועלכער איז אין עטלעכע יאָר אַרום אין אַמעריקע געוואָרן איינער פון די פירער פון די פּועלי ציון; ווילי לאַצקי־באַרטאָלדי, אַ גרויסער ענטוזיאַסט, אַ שטאַרקער פאַרהער פון נחמן סירקינען, — נאָך דער סאָוועטישער רעוואָלוציע איז ער געוואָרן אַ „פאָלקס־פּאַרטייער", אַ שטיקל צײַט, אין 1918, פאַרנומען דעם פּאָסטן פון דעם ייִדישן מיניסטער אין דער אוקראַיִנער ראַדע אין קיעוו, איז שפּעטער געוואָרן ציוניסטיש און איז אין די דרײַסיקער יאָרן געשטאָרבן אין תּל־אביב; יעקב לעשצינסקי, וועלכער איז דעמאָלט געווען איינער פון די גרינדער און טעאָרעטיקער פון דער ס"ס פּאַרטיי, האָט זיך פאַרנומען מיט פּראָגעס פון ייִדישער עקאָנאָמיק און האָט אויפן צוזאַמענפאָר געלייענט אַ זייער לאַנגן פאָרטראָג וועגן דעם ייִדישן אַרבעטער, אין וועלכן ער האָט דערוויזן, אַז דער ייִדישער אַרבעטער „פּראָלעטאַריזירט זיך ניט און קאָן זיך ניט פּראָלעטאַריזירן"; יוסף לעשצינסקי — אַ פּייאיקער זשורנאַליסט און געזעלשאַפטלעכער טוער, וועלכער האָט זײַנע לעצטע יאָרן פאַרבראַכט אין וואַרשע, אין דער „באַפרייטער" פּוילן פון נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה און האָט געאַרבעט אין בונד אונטערן נאָמען י. כמורנער.

צווישן די אַנדערע דעלעגאַטן, אָנטיילנעמער אין דעם לייפּציגער צוזאַמענפאָר פון די ס"ס זײַנען געווען: מאַקס שאַץ־אַנין, — שפּעטער אַ באַוואוסטער געזעלשאַפטלעכער טוער אין אוקראַיִנע און נאָך דער ערשטער וועלט־מלחמה — אין ריגע; מיכאַיל ראַשקעס — וועלכן אַ סך האָבן שפּעטער געקענט אין אַמעריקע אַלס דער אָרגאַניזאַטאָר פון ייִדישן געזעלשאַפטלעכן הילף־קאָמיטעט (ייִדגעזקאָם); דוד לעווין, פון האָמליע, אַ טוער אין דער פּראָפעסיאָנעלער (טרעיד־יוניאָן) באַוועגונג צווישן ייִדישע אַרבעטער אין ווייס־רוסלאַנד; נחום אופּריכטיק־קאָנגלאָ, אַ זייער אינטערעסאַנטער אַרבעטער־טוער, וואָס איז אויסגעוואַקסן און פאַרבראַכט כמעט זײַן גאַנץ לעבן אין דעם „באַרימטן" האָמליער „ראָי"; יערעמייקע כאַראַש — מיט יאָרן שפּעטער אַן אָנגעזעענער מיטאַרבעטער פון דער באַוואוסטער שווייצאַרישער „נויער ציריכער צײַטונג", איז אומגעבראַכט געוואָרן דורך די נאַציס אין דייטשלאַנד; י. טשערניכאָוו־דאַניעלי, פון ווילנע, — שפּעטער באַוואוסטער רעדנער, לאָיער און געזעלשאַפטלעכער טוער אין ווילנע און בכלל אין דער ליטע; אַראָן סינגאַלאָווסקי (אהרן טשענסטאָכאָווער) — דעמאָלט איינער פון די בעסטע רעדנער אין ייִדיש, פאַר די לעצטע 25 יאָר, אָדער מער — דער

אַנפירער פון דער וועלט־אָרגאַניזאַציע פון „אָרט״; אַראָן סאָקאָלאָווסקי, — אַ קיעווער סטודענט, שפּעטער אַ ספּעציאַליסט איבער עקאָנאָמישע פּראַגעס, וואָס האָט עטלעכע יאָר פאַרנומען אַ הויכע שטעלע אין ווירטשאַפט־אַפּאַראַט פון דער סאָוועט־רעגירונג אין מאָסקווע, ביז ער איז אין 1929 אַרעסטירט געוואָרן אַלס מיטגליד פון אַ שעדיקנדיקער מענשעוויסטישער אָרגאַניזאַציע און איז נאָך אַ סענסאַציאָנעלן פּראָצעס פאַרמשפּט געוואָרן צו עטלעכע יאָר טורמע; יודע־ירמיהו נאָוואַקאָווסקי, וועלכער איז אַ קורצע צייט נאָך דעם לייפּציגער צוזאַמענפאָר געוואָרן איינער פון די גרינדער פון דער יידישער סאָציאַליסטישער סיים (אָדער „סערפּ״)־פּאַרטיי צוזאַמען מיט בן אדירן, בעל דמיון שטיפן, באַזין־זילבערפאַרבן און דר. חיים זשיטלאָווסקי; זינט 1920 און שפּעטער איז ער געווען רעדאַקטאָר פון פאַרשיידענע סאָוועטישע זשור־נאַלן איבער עקאָנאָמיק און קאָאָפּעראַציע ביז זיין טויט אין 1933; אברהם באַריסאָוו — פון ווילנע, אויטאָר פון פּאָלעמישע בראָשורן קעגן בונד, און אַ צאָל אַנדערע.

פון די אויסלענדישע דעלעגאַטן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דעם צוזאַמענפאָר, געדענקט זיך באַזונדערס משה שעין, אַ יונגער טאַלאַנטפולער, כעמיקער, וואָס האָט שפּעטער פאַרנומען אַ הויכע שטעלע אין דעם באַרימטן פּאַסטער־אינסטיטוט אין פּאַריז; קריטשעווסקי — אַ צווייטער כעמיקער, וואָס האָט דערנאָך יאָרנלאַנג אָפּגעלעבט אין שיקאַגאָ; אב. גאָלדבערג, וועלכער איז געקומען פון ניו יאָרק צום צוזאַמענפאָר אַלס אַ ברודער־דעלעגאַט און איז זינט 1910 געוואָרן אין אַמעריקע אַ פייערדיקער ציוניסט און אַ לאַנגע צייט דער רעדאַקטאָר פון דעם אָפיציעלן ציוניסטישן וואָכנבלאַט „דאָס יידישע פאָלק״.

געוועזן נאָך אַ צאָל אַנדערע דעלעגאַטן: דוד בריסקמאַן — פון פּאַריז; גאַב־ריעלי — פון לאָדזש; מ. רעגאַלסקי פון וואַרשע — שפּעטער מיט יאָרן געלעבט אַ צייט אין ניו יאָרק און זינט דער ערשטער וועלט־מלחמה — אין בוענאָס איירעס, אַרגענטינע, וואו ער איז געוואָרן אַ ציוניסט און רע־דאַקטאָר פון דער דאָרטיקער ציוניסטישער „יידישע צייטונג״; הערש־לייב דער וועבער — פון לאָדזש, אַ וועבער־אַרבעטער, אַ זייער פייאיקער אַרבע־טער־טוער, וועלכער האָט אַ לאַנגע צייט געלעבט אין גאַליציע און אין דייטשלאַנד וואו ער האָט זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער דאָרטיקער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער באַוועגונג; צמח — אַ צווייטער זייער טאַלאַנטפולער וועבער־אַרבעטער; זלמן קאַמענעצקי — אַ אינטעליגענטער אַרבעטער, וואָס האָט שפּעטער אין אַמעריקע פאַרלאָזן די אַרבעטער־באַוועגונג און איז געוואָרן אַ טוער אין לייר אין שפּאָר־קאַסעס; אברהם האַלפּערן און שמעון — זיין פאַ־מיליע־נאָמען געדענק איך ניט — אַ סטודענט פון דעם ווילנער יידישן לערער־אינסטיטוט אויף וועלכן מען האָט געלייגט האָפענונגען.

געוועזן נאָך אַ צאָל דעלעגאַטן, ווי מאַרק טומאַרקין פון קעשעניעוו, באַריס קאַנעווסקי פון קאַזאַן, צוויי טוער פון דער גאַליצישער זש. פּ. ס,

(זשידאָווסקאָ פּאַרטיאַ סאָציאַליסטיטשנאַ), וואָס האָבן אַ סך מיטגעהאָלפן ביי דער אָרגאַניזירונג פון צוזאַמענפאָר. איינער פון זיי — גלאַזער — איז שפּע־טער געווען אַ נאָענטער מיטאַרבעטער פון דעם באַוואוסטן נתן בירנבוים אין זיין ראַדיקאַלן פּעריאָד.

עס איז געווען אַ פאַרשיידנאַרטיקער עולם, וואָס איז ס׳רוב נאָך געווען אַזוי יונג, אַז ער האָט מיט אַכטונג, ווי אויף אַן עלטערן מענטשן געקוקט אויף נחמן סירקינען, דערהויפּט דערפאַר, ווייל ער האָט אויסגעזען עלטער פון אונז אַלעמען און האָט פאַרמאָגט ניט נאָר אַ בערדל, נאָר אַפילו אַ ביסל גרויע האָר אויף די שלייפן.

מיט אַ צאָל פון זיי זיינען זיך אונזערע וועגן שפּעטער וויט צעגאַנגען, מיט אַנדערע, פאַרקערט, זיך אַ סך נאָענטער צונויפגעקומען. ס׳רוב פון זיי זיינען שוין ניטאָ אויף דער וועלט. אָבער אין יענער צייט, מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק איז עס געווען אַ לעבעדיקע, וואוילע חברה, וואָס האָט זיך טעאָרעטיש־פּאָליטיש, אמת, גאַנץ היפּש געפּלאָנטערט, אָבער האָט געמיינט אויפריכטיק מיט איר גלויבן אין סאָציאַליזם, מיט איר אָנטייל אין דער רוס־לענדישער רעוואָלוציע און מיט איר זאָרג וועגן דער צוקונפט פונעם יידישן פאָלק, ווי אַ „נאָרמאַל" פאָלק צווישן פעלקער.

# די גרויסע אידישע אויסוואַנדערונג

דער לייפציגער צוזאַמענפאָר פון דער ס"ס פאַרטיי אין פרילינג פון 1906, האָט געדויערט אַרום דריי וואָכן. פאַר אַ היינטיקן צוזאַמענפאָר אין אַמעריקע וואָלט עס געווען אַן אוממעגלעך לאַנגע צייט. אָבער דעמאָלט, מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, איז עס בשום אופן ניט געווען קיין צו לאַנגע צייט פאַר אַ רוסלענדישער סאָציאַליסטישער אָרגאַניזאַציע, וואָס פאַרזאַמלט זיך אין אויסלאַנד. די אויסלענדישע צוזאַמענפאָרן פון רוסלענדישע רעוואָ־לוציאָנערע פאַרטייען פלעגן אויך דויערן וואָכנלאַנג.

אורזאַכן פאַר דעם זיינען געווען אַ סך. ערשטנס, דאָס וואָס מען האָט אין רוסלאַנד גופא צוליב די פּאָליצייאישע באַדינגונגען ניט געקאָנט האָבן קיין אָפענע צוזאַמענפאָרן און אָפענע דיסקוסיעס פון די וויכטיקע פּראָבלע־מען. עס פלעגן זיך דעריבער אָנקלייבן ניט נאָר אַ סך פראַגעס, נאָר אויך אַ סך מיינונג־פאַרשיידנקייטן צווישן באַזונדערע פאַרטיי־טוער און פאַרטיי־גרופּעס, וועלכע מען האָט געמוזט גענוי דורכדיסקוטירן, כדי זיי אויסצו־גלייכן — ניט שטענדיק מיט דערפאָלג. דאָס האָט, נאַטירלעך, געפאָדערט אַ סך צייט. צווייטנס, זיינען די פּראָבלעמען טאַקע געווען זייער ערנסטע און וויכטיקע, אָפט זייער קאָמפּליצירטע, און אַזוי ווי קיין רעגולערע אָפענע פּרעסע, אין וועלכער זיי זאָלן טאָג־טעגלעך קאָנען באַטראַכט און פאַרענטפערט ווערן, איז ניט געווען, האָט מען דאָס אַלץ געמוזט טאָן בעל־פה, אין מינדלעכע דיסקוסיעס אויף אַ צוזאַמענפאָר און דאָס האָט אוודאי געפאָדערט צייט.

און אפשר האָט דערביי געשפּילט אַ געוויסע ראָליע אויך דאָס, וואָס ס'רוב דעלעגאַטן פון רוסלאַנד אויף דעמאָלטיקע אויסלענדישע צוזאַמענפאָרן זיינען געווען יונגע מענטשן, וואָס האָבן ניט נאָר צום ערשטן מאָל באַזוכט אויסלאַנד, וואו מ'איז פאַרהעלטניסמעסיק געווען פריי פון פּאָליציי־טעראָר, נאָר זיי האָבן זיך אָפט צום ערשטן מאָל באַגעגנט מיט זייערע פאַרטיי־פירער, וועמענס נעמען, אָדער פּסעוודאָנימען, זיי האָבן פריער בלויז געהערט בסודי־סודות.

פאַר די יונגע אָרטיקע טוער איז די מעגלעכקייט נאָענטער צו באַקענען זיך מיט זייערע פירנדיקע חברים, דורכצודיסקוטירן אַלע אָנגעזאַמלטע פּראָ־געס און אָטעמען איבעריקע עטלעכע טעג, אָדער וואָכן מיט דער פרייער לופט פון דער דעמאָלטיקער מערב־אייראָפּע, געווען אַ געלעגנהייט, וואָס וועט זיך אפשר אַ צווייטן מאָל אין זייער לעבן ניט איבערחזרן.

דאָס זיינען אויך געווען די אורזאַכן, פאַרוואָס דער לייפציגער צוזאַמענ־

פאַר פון דער ס־ס פּאַרטיי אין פרילינג פון 1906 האָט זיך געצויגן גאַנצע דריי וואָכן און וואָלט אפשר געדויערט נאָך לענגער, ווען ס'וואָלט געווען אַ מעגלעכקייט דערצו. עס זיינען אָבער אויך געווען אַ פּאָר ספּעציעלע סיבות, וואָס האָבן געפאָדערט אַ סך צייט פאַרן צוזאַמענפאָר. די ערשטע סיבה איז געווען די פּאָגראָם־אַטמאָספערע, וואָס האָט זיך אין פרילינג פון 1906 ווידער פאַרשפּרייט איבער רוסלאַנד און וואָס האָט זיך טאַקע אין עטלעכע חדשים אַרום אויסגעדריקט אין די בלוטיקע מיליטעריש־פּאָליצייאישע פּאָגראָמען אין ביאַליסטאָק, האָמעל און שעדלעץ; די צווייטע אורזאַך איז געווען די פּראָבלעם פון דער גוואַלדיק אויסגעוואַקסענער יידישער מאַסן־עמיגראַציע פון רוסלאַנד, דערהויפּט אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

ווי גרויס די יידישע מאַסן־עמיגראַציע פון רוסלאַנד איז געוואָרן נאָך די פּאָגראָמען פון 1905־1906 קאָן מען זען דערפון, וואָס פון אָדעס אַליין זיינען אין דער ערשטער העלפט פון 1906 אַרויסגעפאָרן קיין אויסלאַנד, דערהויפּט אין די פאַראייניקטע שטאַטן, אַרום 43 טויזנט יידן, אַ פולע דריטל פון דער גאַנצער דעמאָלטדיקער אָדעסער יידישער באַפעלקערונג. עס זיינען געפאָרן שוין ניט ווי אין דער פריערדיקער עמיגראַציע פריער פאַר אַלץ יונגע מענער, וואָס האָבן דערנאָך, איינאָרדענענדיק זיך אין אַמעריקע, ביס־לעכווייז אויסגעשריבן צו זיך זייערע ברידער, שוועסטער, עלטערן אָדער פרויען. אין דער נייער מאַסן־עמיגראַציע האָבן זיך אויפגעהויבן גאַנצע פאַמיליע, משפחות, שיער ניט גאַנצע שטעטלעך. ס'זיינען געפאָרן אַרבעטער און אינטעליגענטן, באַלעבאַטישע יידן און אָרעמעלייט, מענטשן וואָס האָבן זיך אַקטיוו באַטייליקט אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג און מענטשן, וואָס האָבן פאַר איר געציטערט, אָדער האָבן בכלל גאָרניט געוואוסט וועגן איר.

דידאָזיקע יידישע מאַסן־עמיגראַציע האָט געהאַט איין כאַראַקטעריסטישן שטריך, וואָס האָט זי שטאַרק אונטערשיידט פון די פריערדיקע בהלה־שטראָמען, ווען יידן זיינען „געלאָפן" צוליב מורא פאַר זייערע לעבנס. אין דעם גוואַלדיק גרויסן עמיגראַציע־שטראָם, וואָס האָט זיך אַ לאָז געטאָן זינט דעם אָנהייב פון 1906 זיינען מענטשן אין זייער מערהייט ניט „געלאָפן פון שרעק", נאָר פאַרלאָזן דאָס לאַנד אויסגערעכנט, ווי אויס פּראָטעסט קעגן דיסקרימי־נאַציעס און אונטערדריקונגען, וועלכע זיי האָבן מער ניט געוואָלט דולדן. גרויסע מאַסן יידן האָבן דעמאָלט ווי באַשלאָסן, אַז אויף קיין צאַרישן חסד איז ניטאָ וואָס צו האָפן און אויף אַ נייער רעוואָלוציע וועלן זיי זיך שוין אַזוי גיך ניט דערוואַרטן, האָבן זיי גענומען האַק־און־פּאַק און זיינען מיט זייערע ווייבער און קינדער און אַלטע לייט און אָפט צוזאַמען מיט גוטע פריינט, באַקאַנטע און שכנים אַוועק, דערהויפּט קיין אַמעריקע, וואו זיי האָבן געהאָפט צו געפינען אַ „גאָלדן לאַנד" מיט אַ פרייערן לעבן און גרעסערע עקאָנאָמישע מעגלעכקייטן.

אָט די פּלוצלינג גוואַלדיק־גרויס אויסגעוואַקסענע יידישע מאַסן־עמי־גראַציע האָט שאַרף געשטעלט פאַר די, וואָס האָבן זיך פאַרנומען מיט יידישע

געזעלשאַפטלעכע פּראָבלעמען די פּראַגע: וואוהין פירט די עמיגראַציע? וואָס וועט זיין מיט דער גרויסער מאַסע אימיגראַנטן אין די נייע לענדער? וועלן זיי מיט זיך ניט מיטברענגען די אַלע פּראָבלעמען פון אַנטיסעמיטיזם און עקאָנאָמישע דיסקרימינאַציע און נויט, פון וועלכע זיי האָבן די גאַנצע צייט געליטן אין רוסלאַנד? איז ניטאָ עפּעס אַ וועג, אָדער אַ מיטל צו קאָנטראָלירן דעמדאָזיקן עמיגראַציע־שטראָם און קירעווען אים אין אַזאַ ריכטונג, וואָס זאָל ברענגען דעם גרעסטן נוצן די עמיגרירנדיקע מאַסן און דעם יידישן פאָלק בכלל?

די ציוניסטן, — באַזונדערס אין אָדעס, וואו זיי האָבן געהאַט אַן אַלטע איינגעפונדעוועטע פעסטונג אין דעם יידישן פּאַלעסטינישן קאָמיטעט (די חובבי ציון) — האָבן גענומען פּריידיקן, אַז איצט איז די ריכטיקע צייט פאַר יידן צו פאָרן קיין ארץ־ישראל (פּאַלעסטינע). אָבער ווייניק ווער האָט זיך פּראַקטיש צוגעהערט צו זיי, — פון די צענדליקער טויזנטער יידישע אימיגראַנטן אַ חודש, וואָס האָבן זינט אָנהייב 1906 גענומען פאַרלאָזן אָדעס, זיינען קיין ארץ ישראל געפאָרן בלויז הונדערטער.

די טעריטאָריאַליסטן, ווידער, צווישן וועלכע די ס״ס אַלס סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן זיינען געווען דער אַקטיווסטער עלעמענט, האָבן געהאַלטן און געהאָפט, אַז עס זאָל געלינגען אַריינצוטראָגן אין דעם גרויסן שטראָם פון יידישער עמיגראַציע אַן אָרדענונג און אַ פּלאַן. דער פּלאַן איז געווען צו ריכטן, אויב ניט די גאַנצע, איז כאָטש אַ טייל פון דער גרויסער עמיגראַציע אויף אַ „טעריטאָריע״, ערגעץ אין אַ לאַנד וואו די יידישע מאַסן זאָלן „קאָלאָניזירט״ ווערן, איבערגיין פון די שטאָטישע נאָדל־פאַכן, האַנדל און לופט־פּרנסות צו ערד־אַרבעט און גרונט־אינדוסטריען. אויף אַזאַ אופן האָבן זיי געהאָפט, אַז ס׳וועט זיך אויסבילדן אַן אָנהייב פון אַ „נאָרמאַל״ פאָלק מיט אַ נאָרמאַלן עקאָנאָמישן געבוי און, פאַרשטייט זיך, מיט אַ „נאָרמאַלן״ פּראָלעטאַריאַט און קלאַסנקאַמף.

די פּראַגע איז אָבער געווען: ווי אַזוי, מיט וואָס פאַר אַ מיטלען קאָן מען דעם מאַסן־שטראָם פון יידישער עמיגראַציע אָפּווענדן פון די פאַראייניקטע שטאַטן, וואוהין ער איז געגאַנגען, און אים אויסקירעווען ערגעץ אויף אַ „טעריטאָריע״, וואָס קיינער פון אונז האָט, נאַטירלעך, ניט געהאַט דעם מינדסטן באַגריף וואו אַזאַ טעריטאָריע, וואָס זאָל וועלן און קאָנען אַרייננעמען די יידישע מאַסן־עמיגראַציע געפינט זיך, אָדער קאָן זיך געפינען. און אויב עס זאָל שוין אפילו זיין אַזאַ טעריטאָריע (למשל, אוגאַנדע אין מזרח־אַפריקע), איז ווי, מיט וואָס פאַר אַ מיטלען קירעוועט מען אַהין אויס דעם יידישן עמיגראַציע־שטראָם און מען מאַכט, אַז די אימיגראַנטן זאָלן דאָרטן ווערן קאָלאָניסטן, ערד־אַרבעטער און שאַפן דאָרטן שווערע גרונט־אינדוסטריען אָנשטאָט שניידעריי? און ענדלעך, וואָס פאַר אַ שייכות איז פאַראַן צווישן דער מאַרקסיסטישער אידעאָלאָגיע און אַקטיוון אָנטייל אין דער רוסלענדישער רעוואָלוציע און דעם טאָג־טעגלעכן ביטערן קלאַסן־קאַמף, מיט „רעגולירן״

די יידישע עמיגראַציע ערגעץ אויף אַ „טעריטאָריע" אין אויסלאַנד און באַזעצן דאָרטן די אימיגראַנטן אויף ערד?

ביי די דעמאָלטיקע ס"ס און די פועלי־ציון, וואָס האָבן ביטער באַקעמפט איינע די אַנדערע, איז באַשאַפן געוואָרן איין מאַגישע „טעאָרעטישע" פאָר־מולע, וואָס האָט געזאָלט געבן אַן ענטפער אויף די אַלע שווערע פראַגעס. די פאָרמולע האָט זיך גערופן: „סטיכישער פּראָצעס". ביי די פועלי־ציון — די שפּעטערדיקע „באָראָכאָוויסטן" — האָט עס געהייסן, אַז אַזוי ווי די יידישע מאַסן־עמיגראַציע פון רוסלאַנד און די שכנישע לענדער גייט אַן „סטיכיש", ווי געשטויסן פון אַן אָביעקטיוון נאַטור־געזעץ, וועט דערזעלביקער „סטיכי־שער פּראָצעס" פון אימיגראַציע מוזן אַליין פון זיך, בלויז מיט אַ קליינער הילף פון דרויסן איבערגיין אין קאָלאָניזאַציע. וואו? פאַרשטייט זיך, אין ארץ ישראל, וואָס איז דאָס וויגעלע פון דעם יידישן פאָלק און וואו „אַ לאַנד אָן אַ פאָלק — לויט דעם דעמאָלטיקן ציוניסטישן פּראָפּאַגאַנדע־לאָזונג — וואַרט אויפן פאָלק אָן אַ לאַנד".

די ס"ס האָבן אויך געזוכט צו בויען אויף דעמדאָזיקן „סטיכישן פּראָ־צעס", אויף דעם כלומרשט „אומפאַרמיידלעכן" איבערגאַנג פון מאַסן־עמיגראַ־ציע אין אַ מאַסן־קאָלאָניזאַציע. אָבער וואו? די ס"ס האָבן ניט געגלויבט אין פּאַלעסטינע און ניט איינגעזען קיין שום סימן, אַז דער עמיגראַציע־פּראָצעס זאָל פירן קיין פּאַלעסטינע די מאַסן יידישע אימיגראַנטן, וואָס ווילן פון גאָרניט וויסן און פאָרן דווקא קיין אַמעריקע. פון דער אַנדער זייט האָבן די ס"ס אַלס סאָציאַליסטן געהאַט וויניק אמונה אין דעם, אַז אַ וועלכע עס איז קאַפּיטאַ־ליסטישע מלוכה זאָל גרייט זיין אַוועקצוגעבן די יידן אַ לאַנד, אין וועלכן די „סטיכישע אימיגראַציע" זאָל קאָנען פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ „סטיכישער קאָלאָניזאַציע". איז וואָס זשע זאָל מען פאָרט טאָן? האָט מען זיך טאַקע געבראָכן די קעפּ זוכנדיק אַן ענטפער און מען האָט קיין ענטפער, וואָס זאָל שטימען מיט דער סאָציאַליסטישער אידעאָלאָגיע און מיט דער וואָכעדיקער עמיגראַנטישער פּראַקטיק ניט געקאָנט געפינען.

קוקנדיק איצט אויף צוריק מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט מוז מען צוגעבן: געוויס זיינען די אַלע טעאָריעס וועגן „סטיכישע פּראָצעסן" און פּלענער וועגן „ערגעץ־טעריטאָריעס" וואו די יידישע עמיגראַנטן זאָלן קאָנען אויסבילדן אַ „נאָרמאַלע" יידישע נאַציע מיט אַלע נויטיקע נאַציאָנאַלע אייגנשאַפטן און מעגלעכקייטן אויף עקאָנאָמישן, פּאָליטישן און קולטור־געביט, געווען אַן אוטאָפּיע; אַ חלום, וואָס איז געקומען אַלס ענטפער אויף דער דעמאָלטיקער ביטערער לאַגע פון די יידישע מאַסן אין צאַרישן רוסלאַנד. אָבער ווי אין יעדער וואויל־מיינענדיקער אוטאָפּיע איז אין דעם בענקען נאָך אַ טעריטאָ־ריע געווען אַ געוויסער רעאַליסטישער עלעמענט: אַן אייגענע, אַזוי׳ר באַזונדע־רע טעריטאָריע איז, לויט דער אָנגענומענער מאַרקסיסטישער דעפיניציע, דער ערשטער תנאי פאַר דער אויסבילדונג פון אַ נאַציע. אָן אַ טעריטאָריע קאָן

ניט זיין קיין נאַציע. אַ פאָלק, ווי די יידן, וואָס האָט ניט קיין אייגענע נאַציאָנאַלע טעריטאָריע, מוז פאַרבלייבן אַ דיסקרימינירטע אָדער געדולדעטע מינדערהייט אומעטום, וואו עס געפינט זיך, און מינדערהייטן האָבן אַ טבע סוף כל סוף, פריער אָדער שפּעטער, דורך פרייוויליקער, אָדער געצוואונגענער אַסימילאַציע, צו פאַרשווינדן.

די דעמאָלטיקע סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן (ס״ס) האָבן פאַרשטאַנען די דאָזיקע באַדייטונג פון אַ „טעריטאָריע״ פאַר דער צוקונפט פון יידישן פאָלק, אָבער וואָס צו טאָן וועגן דעם האָבן זיי ניט געוואוסט און האָבן, נאַטירלעך, ניט געהאַט קיין וועגן דערצו.

# אַ טעאָריע פאַר א טעריטאָריע

אין יענער צייט, אין די יאָרן פון דער גרויסער יידישער מאַסן־עמיגראַציע וואָס האָט זיך אָנגעהויבן נאָך די פּאָגראָמען פון 1905 און דער פאַרשטאַרקונג פון דער צאַרישער רעאַקציע אין 1906 און ווייטער, איז די ס־ס אָרגאַניזאַציע זייער שטאַרק געוואקסן און איז געוואָרן, נאָכן בונד, די צווייטע שטאַרקסטע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע צווישן די יידישע מאַסן ניט נאָר אין רוסלאַנד, נאָר אויך אין אויסלענדישע עמיגראַציע־צענטערן, ווי לאָנדאָן, פּאַריז, בערלין און אַנדערע. איז עס געווען אומפאַרמיידלעך, אַז צווישן דעם בונד און ס־ס זאָל פאָרקומען אַ ביטערער אָרגאַניזאַציאָנעלער און טעאָרעטישער קאַמף „אויף לעבן און טויט".

דער בונד האָט געהאַלטן, אַז די יידישע פראַגע אין רוסלאַנד קאָן געלייזט ווערן מיט דער הילף פון אַ נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע, דאָס הייסט דורך דער שאַפונג פון אַ צענטראַלן יידישן אויטאָנאָמען אַנשטאַלט, וואָס זאָל אָנפירן מיט אַלע ענינים פון יידישער קולטור אויפן חשבון פון דער מלוכה. די טעאָרעטישע שוואַכקייט פון דער דאָזיקער טעאָריע, אָדער פּראָגראַם איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס עס איז אוממעגלעך אָפּצושיידן די קולטור פון אַ פאָלק פון זיין עקאָנאָמישער און פּאָליטישער לאַגע, און אַ פאָלק קאָן דעריבער ניט לעבן „אויטאָנאָמיש" אין זיין קולטור, ווען ס'איז אָפּהענגיק און ווערט נאָך דערצו דיסקרימינירט פּאָליטיש און עקאָנאָמיש.

פּראַקטיש האָט דער בונדישער פּלאַן פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע אַרויסגערופן צוויי האַרבע פראַגעס: ערשטנס, ווי קאָן אַזאַ אויטאָנאָמיע גאָר געמאָלט זיין אונטער דער צאַרישער, אָדער אַפילו אַ בורזשואַז־רעפּובּליקאַנישער אָרדענונג, וואָס איז געבויט אויף דער אונטערדריקונג און דיסקרימינאַציעס קעגן די מינדערהייטן? און צווייטנס, ווי קאָן עקזיסטירן אַ נאַציאָנאַלע אויטאָנאָמיע אין יידישע קולטור־באַדערפענישן, ווען ס'איז גוט באַוואוסט, אַז די קולטור־באַדערפענישן און שטרעבונגען פון דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט און פון דער אַסימילירטער, אָדער רעליגיעז־נאַציאָנאַליסטישער יידישער בורזשואַזיע זיינען פאַרשיידן און אין פולן היפּוך?

אין דידאָזיקע שוואַכקייטן פון דער בונדישער טעאָריע און פּראָגראַם פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע האָבן די ס־ס'אָוצעס כסדר געקלאַפּט און זיי האָבן אין דעם פּרט זיך געשטיצט אויף דער קריטיק פון בונד מצד דער רוסלענדישער ס. ד. פּאַרטיי, באַזונדערס מצד די באָלשעוויקעס, וועלכע האָבן כסדר שאַרף קריטיקירט די בונדישע „נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע".

פון דער אַנדער זייט איז, נאַטירלעך, מיט די ס״ס׳ישע טעאָריעס וועגן דעם איבערגאַנג פון דער יידישער מאַסן־עמיגראַציע אויף אַ „סטיכישן״, אָדער אויף אַ וועלכן עס איז אַנדער אופן, אין קאָלאָניזאַציע אויף אַ וועלכער עס איז טעריטאָריע אויסער רוסלאַנד און אויסער אייראָפּע און אַמעריקע, געווען פּונקט אַזוי שלעכט, ווי מיט דער בונדישער טעאָריע וועגן נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, און די בונדיסטן האָבן אָט־די שוואַכקייטן שטענדיק אַטאַקירט און אויסגעלאַכט.

צו דעם איז נאָך צוגעקומען דאָס, וואָס דער בונד, וועלכער האָט זיך אין 1897 באַטייליקט אין דער גרינדונג פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, האָט פּרעטענדירט צו זיין דער „איינציקער פּאַרשטייער״ פון די יידישע אַרבעטער, פריער אין דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי און דערנאָך בכלל איבערן לאַנד און אַפילו איבער דער וועלט. די ס״ס האָבן דערמיט, נאַטירלעך, בשום אופן ניט געקאָנט איינשטימען און האָבן כסדר קריטיקירט און אַטאַקירט די „איינציקע פאָרשטייערשאַפט״ פון בונד, — און אין דעם זיינען זיי ווידער געווען דורכאויס איינשטימיק מיט דער שטעלונג פון דער רוסלענדישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

אויף דעם ס״ס־צוזאַמענפאָר אין לייפּציג אין פרילינג פון 1906, אין וועלכן איך האָב זיך באַטייליקט אַלס דעלעגאַט, האָט די קריטיק פון בונד און דער קאַמף קעגן זיינע טעאָריעס דעריבער פאַרנומען אַ וויכטיקן אָרט. די טעאָרעטישע באַגרינדונג פון דעם קאַמף האָט אויף זיך, געדענק איך, גענומען משה ליטוואַקאָוו, וועלכער האָט געהאַלטן אַ פאָרטראַג: „נאַציאָנאַל־קולטורעלע אויטאָנאָמיע קעגן יידישער קולטור״, — און אַנשטאָט דעם בונדישן פּלאַן פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע, — וואָס אויב ער וואָלט אַפילו מעגלעך געווען, וואָלט דער יידישער פּראָלעטאַריאַט אין איר געמוזט צוזאַמענאַרבעטן מיט דער יידישער בורזשואַזיע, — האָט ליטוואַקאָוו אַרויסגעבראַכט דעם פּלאַן פון „פרייע שול־פאַראיינען״. עס האָט געהייסן, אַז אין אַ סאָציאַליסטישער און אַפילו אין אַ דעמאָקראַטיש־בורזשואַזער געזעלשאַפט זאָל געזיכערט ווערן פאַר יעדער מינדערהייט־גרופּע דאָס רעכט און די מעגלעכקייט צו גרינדן און אויסצוהאַלטן אויפן חשבון פון דער מלוכה „פרייע שול־פאַראיינען״, אין וועלכע יעדע גרופּע זאָל פאַר זיך אַליין קאָנען באַשליסן אין וואָס פאַר אַ שפּראַך די קינדער זאָלן לערנען און אין וואָס פאַר אַ קולטור זיי זאָלן דערצויגן ווערן... אויף אַזאַ אופן, הייסט עס, וועט אויסגעמידן ווערן די געפאַר פון מוזן צוזאַמענאַרבעטן אויפן קולטור־געביט מיט דער רעאַקציאָנערער יידישער בורזשואַזיע, וועלכע וועט מסתמא סיי ווי אַליין ניט וועלן מיטאַרבעטן אויף דעם געביט מיט דעם יידישן פּראָלעטאַריאַט.

אַז דער דאָזיקער פּלאַן פון „פרייע שול־פאַראיינען״ האָט פּראַקטיש געטויגט אויף כפּרות האָט מען זיך געקאָנט איבערצייגן אין אונזערע איצטיקע צייטן, ווען אין דער יונגער ישראל־מדינה האָט כמעט יעדע פּאַרטיי אויסגע־

נוצט פאַר אירע צוועקן די „פרייע שול־פאַראיינען״, וואָס זי האָט געגרינדעט און אויסגעהאַלטן אויפן חשבון פון דער מלוכה. אָבער דעמאָלט, אין 1906, האָבן מיר עס ניט געוואוסט און ניט פאַרשטאַנען, און די „פרייע שול־פאַראיינען״ האָבן אונז באַפרידיקט שוין דערפאַר אַליין, ווייל זיי זיינען געווען אַן אַרגומענט קעגן דער בונדישער נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע. אַז מען האָט וועגן די „פרייע שול־פאַראיינען״ גאָר ניט געקאָנט טאָן אונטער דער צאַרישער אָרדענונג איז זעלבסטפאַרשטענדלעך.

קיין גרויסע מיינונג־פאַרשיידנקייטן האָט אויך ניט אַרויסגערופן די דיסקוסיע וועגן זעלבשוץ, וועגן וועלכער איך און אַ חבר פון קאַטערינאָסלאַוו (איך געדענק ניט זיין נאָמען) האָבן געהאַלטן קורצע פאָרטראַגן. פאַר דעם צוזאַמענפאָר זיינען געווען קלאָר צוויי פונקטן: ערשטנס, אַז די צאַרישע רעגירונג וועט זיך אין קאַמף קעגן דער רעוואָלוציע ניט אָפּזאָגן פון דעם אויסגעפּרואווטן מיטל פון פּאָגראָמען, און אַז די פּאָגראָמען, וואָס זי וועט ווייטער אָרגאַניזירן, וועלן שוין ניט זיין קיין פּשוט־כוליגאַנישע געשטיצטע פון דער פּאָליציי, נאָר זיי וועלן זיין מיליטערישע, אָרגאַניזירטע דורכן פּאָליציי־דעפּאַרטמענט (אין דעם פרט האָבן מיר זיך, אגב, אַרויסגעוויזן אינגיכן פולשטענדיק גערעכט, ווייל די פּאָגראָמען פון 1906 אין האָמעל, ביאַליסטאָק אין שעדלעץ זיינען שוין געווען אויסדריקלעך מיליטעריש־פּאָליצייאישע. אַ הויכער באַאַמטער פון דעם צאַרישן פּאָליציי־דעפּאַרטמענט, קאָמיסאַראָוו, האָט זיך אָפּן באַרימט פאַר פירשט אורוסאָוון, דעם קעשעניעווער גובערנאַטאָר, אַז „מיר קאָנען אָרגאַניזירן אַ פּאָגראָם אויף צען מענטשן און אויף צען טויזנט״...).

איך האָב אין מיין פאָרטראַג באַטאָנט די וויכטיגקייט ניט נאָר אָנצוהאַלטן די זעלבשוץ אַלס אַ זעלבשטענדיקע רעגולער־פונקציאָנירנדיקע אָרגאַניזאַציע מיט גוט־צוגעגרייטע קאַדרען, נאָר אויך אַריינצוציען אין איר וואָס מער רוסישע אַרבעטער און יוגנט צוליב איר אינערלעכער קראַפט און געזעלשאַפטלעכער ווירקונג. דער חבר פון קאַטערינאָסלאַוו האָט זיך פאַרנומען מיט אַ ספּעציעלן פונקט וועגן גרייטן די זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציעס אַזוי, אַז זיי זאָלן צו יעדער צייט קאָנען פאַרוואַנדלט ווערן אין שלאַכט־גרופּעס („באָיעוויע דרוזשיני״), וואָס זאָלן זיך קאָנען אַקטיוו באַטייליקן אין די געגאַרטע און דערוואַרטעטע נייע רעוואָלוציאָנערע אויסברוכן.

אַזוי לאַנג ווי מיר האָבן גערעדט וועגן אַ נייעם אויפברויז פון דער רעוואָלוציע, וועגן זעלבשוץ אַלס אַטאַקירנדיקע מאַכט און קעגן דער בונדישער נאַציאָנאַלער אויטאָנאָמיע, האָבן מיר, די דעלעגאַטן צום צוזאַמענפאָר, זיך געפילט האָפערדיק, פעסט און איניק. אָבער ווען ס׳איז געקומען צו אונזערע ספּעציעלע פונקטן — צו די פראַגעס וועגן דעם „נאָרמאַלן״ יידישן פּראָלעטאַריאַט און באַזונדערס וועגן דעם אַריבערגאַנג אָדער אַריבערפירן פון דער יידישער מאַסן־עמיגראַציע אויף אַ „טעריטאָריע״, האָבן זיך אָנגעהויבן צרות.

דעם פּאָרטראַג וועגן דעם געבוי און דער „ניט־נאָרמאַלקייט״ פון דעם יידישן אַרבעטער־קלאַס האָט געלייענט יעקב לעשצינסקי. זיין פּאָרטראַג איז געווען זייער אַ לאַנגער. ער האָט אים געלייענט, אויב איך מאַך ניט קיין טעות, צוויי צי דריי טעג נאָכאַנאַנד (ער איז דערנאָך טאַקע אַרויס אין דער פאָרם פון אַ גאַנצן בוך אונטערן נאָמען „דער יידישער אַרבעטער״). דער פּאָרטראַג, וואָס איז באַשטאַנען פון מאַסן ציפערן, וואָס קיינער האָט ניט געקאָנט קאָנטראָלירן, האָט אַלעמען שטאַרק אויסגעמאַטערט — אָבער אין דער דיסקוסיע וועגן אים האָט אַ צאָל דעלעגאַטן, באַזונדערס פון פּוילן, אויסגעדריקט זייער צווייפל, צי דער יידישער אַרבעטער איז טאַקע אַזוי „אומנאָרמאַל״ און „ניט פּראָלעטאַריזירט״, ווי דער פּאָרטרעגער האָט עס געזוכט פאָרצושטעלן, און צי קאָן מען זאָגן, אַז אויך די גרויסע מאַסן יידישע אַרבעטער אין די אַמעריקאַנער שעפּער, וועגן וועלכע דער ניו יאָרקער דעלעגאַט אב. גאָלדבערג האָט דערציילט, זיינען ניט קיין „אמתע פּראָלעטאַריער״. עס זיינען אויך געווען אַזעלכע „שקצים״, וואָס האָבן אָפּגעפרעגט די ריכטי־קייט פון די ציפערן און די פאַרלעסלעכקייט פון די קוואַלן, אויף וועלכע דער פּאָטרעגער האָט געבויט זיין פּאָרטראַג, וואָס איז דאָך בעצם געווען דער פונדאַמענט פון דער גאַנצער ס״ס׳ישער טעאָריע וועגן „ניט־פּראָלעטאַריזאַ־ציע״, וואָס קאָן, הייסט עס, געהיילט ווערן בלויז דורך אַ „טעריטאָריע״.

אָבער די אמתע צרות, וואָס האָבן זיך אויסגעדריקט אין צעטומלטקייט און פאַרלוירנקייט האָבן זיך אָנגעהויבן נאָך די פּאָרטראָגן וועגן טעריטאָ־ריאַליזם, וואָס זיינען געלייענט געוואָרן, געדענק איך, דורך צוויי חברים: ווילי לאַצקי־באַרטאָלדי וועגן אַ טעריטאָריע פאַר יידן, און דאַוואַ דאַווידאָ־וויטש־לוואָוויטש וועגן „סטיכישע פּראָצעסן״ אין דער יידישער עמיגראַציע.

די דיסקוסיע וועגן די צוויי פּאָרטראָגן האָט אָנגעהאַלטן אַ גאַנצע וואָך צייט, אָדער מער. עס זיינען געווען דעלעגאַטן, וואָס האָבן זיך אין איר ענערגיש באַטייליקט, — און איך צווישן זיי האָב זייער שטאַרק געשטיצט די טעאָריע וועגן דעם „סטיכישן״ איבערגאַנג פון עמיגראַציע אין קאָלאָ־ניזאַציע, אָן וועלכן עס איז ניט מעגלעך אפילו צו טראַכטן וועגן אַ וועלכער עס איז טעריטאָריע. אַנדערע דעלעגאַטן האָבן בלויז געשטעלט צווייפלענדיקע און פאַרצווייפלטע פראַגעס און אייניקע פון זיי (ווי למשל זלמן קאָמענעצקי און נאָך אַ פּאָר) האָבן אינמיטן פון דער דיסקוסיע פאַרלאָזן דעם צוזאַמענפאָר, דערקלערנדיק פאַר די חברים זייער פאַרצווייפלונג און אַנטוישונג.

נאָך אַ וואָך דיסקוסיע איז מען דערגאַנגען צו אַ פּונקט, ווען יעקב לעשצינסקי, דעמאָלט איינער פון די אָנגעזעענסטע טעאָרעטיקער פון דער ס״ס פּאַרטיי, האָט זיך אויפגעהויבן און דערקלערט: „איגנאָראַמוס — איגנאָ־ראַבימוס״, מיר ווייסן ניט ווי אַזוי עס קאָן פּאַרקומען דער סטיכישער איבערגאַנג פון דער איצטיקער עמיגראַציע צו דער קאָלאָניזאַציע פון אַ טעריטאָריע און מיר וועלן ניט וויסן ביז די פּראַקטישע מעגלעכקייט דערצו וועט געשאַפן ווערן... אַ צווייטער דעלעגאַט האָט דערקלערט, אַז לויט זיין

מיינונג זיינען די יידישע עמיגראַציע און אַ טעריטאָריעלע קאָלאָניזאַציע צוויי באַנען וואָס גייען פון צוויי ריכטונגען; זיי קאָנען זיך אפשר באַגעגענען, אָבער עס איז פונקט אַזוי מעגלעך, אַז זיי וועלן אויסמיידן איינער דעם אַנדערן...

איין טאָג איז עס דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז מען האָט געמוזט איבער־רייסן די דיסקוסיע און אַ פאַרשטייער פון צענטראַל־קאָמיטעט האָט דער־קלערט, אַז מאָרגן וועט מיט אַ נייעם פאָרטראָג וועגן דער פראַגע אַרויסטרעטן נחמן סירקין, דער גרינדער פון דער ערשטער סאָציאַליסטישער גרופּע אין ציוניזם און אַז ער וועט פּרוּוון פאַרענטפערן די האַרבע פראַגע. אָבער ווען נחמן סירקין האָט אויף מאָרגן, צי אויף איבערמאָרגן, באַקומען דאָס וואָרט האָט ער אַ סך און מיט היץ, ווי זיין באַטור איז געווען, גערעדט וועגן דעם יידישן פאָלק, וועגן זיינע אַמאָליקע נביאים, וועגן זיינע היינטיקע צרות, וועגן דעם אַז „אַ פונט פּראַקטיק איז וויכטיקער ווי אַ פוד טעאָריעס", און ער האָט פאַרענדיקט מיט גרויס באַגייסטערונג: „גענאָסן, מיר דאַרפן ניט קיין טעאָריע, נאָר אַ טעריטאָריע!"...

דער דאָזיקער אויסגעשריי איז געווען אַ מין „אַנטי־קלימאַקס" פון דער גאַנצער אָנגעשטרענגטער דיסקוסיע און האָט אַרויסגערופן אַ גרויסע אַנטוי־שונג ביי דער מערהייט דעלעגאַטן, וואָרום זי האָט אונז געלאָזן אָן אַ טעאָריע, וואָס מיר האָבן אַזוי געדאַרפט און בשום אופן ניט דערנעענטערט צו קיין טעריטאָריע.

דער צוזאַמענפאָר האָט נאָכדעם געדויערט נאָך עטלעכע טעג און האָט זיך פאַרענדיקט מיט אַ ריי באַשלוסן ענערגיש צו באַטייליקן זיך אין דעם רעוואָלוציאָנערן אַרבעטער־קאַמף אין רוסלאַנד און צו עפענען אין דער פאַרטיי־פּרעסע, וואָס וועט געגרינדעט ווערן, אַ ברייטע דיסקוסיע וועגן טע־ריטאָריאַליזם.

## לעקציעס אין אינטערנאַציאָנאַליזם

ווען איך בין דעמאָלט צום ערשטן מאָל געקומען קיין דייטשלאַנד, פריער קיין לייפּציג און דערנאָך קיין בערלין, האָב איך זיך קודם־כל איבערצייגט, אַז הגם איך האָב פריער געלערנט דייטש און מער אָדער ווייניקער פריי געלייענט די שפּראַך, און הגם „יעדער ייד קען דייטש", — אַ שאלה?", איז מיין דייטש, נעבעך, געווען ביז גאָר אַ שוואַכער. עס האָט ביי מיר געדויערט צייט ביז איך האָב זיך אָנגעהויבן אָנשטויסן, אָדער פאַרשטיין וואָס דייטשן ריידן צו מיר, און נאָך לענגער, ביז איך האָב זיך אויסגעלערנט ענטפערן זיי, אַזוי אַז זיי זאָלן זיך כאָטש אָנשטויסן וואָס איך מיין.

סיי איך, סיי ס'רוב מיינע חברים, וואָס זיינען צום ערשטן מאָל געקומען קיין דייטשלאַנד האָבן דעריבער פולשטענדיק איינגעשטימט מיט דער פאַר־זיכערונג פון איינעם פון די דעלעגאַטן, אַז „דער דייטש וואָלט געווען אַ גאַנץ פיינער מענטש, נאָר דאָס לשון הרגעט אים נעבעך אַוועק". אַן אַנדער חבר האָט אַפילו געהאַט אַ ספּעציעלע טענה צו די דייטשן: „צו וואָס דאַרפן זיי ברעכן די צונג, אַז קיינער זאָל זיי ניט פאַרשטיין, — ווען זיי ריידן פשוט יידיש וואָלט דאָך זיי יעדער איינער פאַרשטאַנען..."

אונזערע שוועריגקייטן מיט דייטש האָבן זיך אָנגעהויבן שוין ווען מיר זיינען אָנגעקומען אין אַ פרימאָרגן אויפן בערלינער וואָקזאַל און האָבן פון דעם „טמאָין" (גוט מאָרגן) און פון די פאַרשיידענע אומפאַרשטענדלעכע ענטפערס אויף אונזערע פשוטסטע פראַגעס פריער ביי די קאָנדוקטאָרן אין די וואַגאָנען און שפּעטער ביי די קעלנערס אין די רעסטאָראַנען אויסגעפונען, אַז דייטש (אין בערלין, ווייניקסטנס) איז אַ שפּראַך, פון וועלכער עס זיינען אַרויסגעוואָרפן געוואָרן אַלע גימלען און אַ צאָל אַנדערע זייער נויטיקע בוכ־שטאַבן און קלאַנגען און געבליבן פון דעם איז בלויז עפּעס אַן איילנדיק געזאַנגעלע.

נאָך שווערער איז די לאַגע מיט דייטש פאַר אונז געוואָרן, ווען מיר זיינען געקומען קיין לייפּציג. לייפּציג געפינט זיך ניט אין פּרייסן, ווי בערלין, נאָר אין זאַקסן. און זאַקסן איז פון אַלטע צייטן אָן געווען אַ זעלבסטשטענדיקע דייטשישע קעניגרייך, וואָס איז געווען מיט פּרייסן אויף מעסערס. דער זאַק־סישער דייטשישער לשון האָט שוין געקלונגען אינגאַנצן אַנדערש, איידער דער בערלינער. אונזער איינדרוק איז געווען אַז ער האָט אַרויסגעוואָרפן אַלע האַרטע קלאַנגען פון אַלע לשונות.

ווען אַ דעלעגאַציע פון דעם לייפּציגער סאָציאַל־דעמאָקראַטישן קאָמי־טעט איז געקומען צו אונזער צוזאַמענפאָר און האָט אונז פייערלעך באַגריסט,

אָנהויבנדיק מיט: „נאָמע לייבזיגער זאָדזיאַלדעמאָגראַדישן גאַמיטעטס אונ׳ אינדערניאַזיאָנאַלן זאָלידאַריזדעד גריזן וויר אינען, רוזלענדישן ג׳נאָזן״, — אַזוי, יעדנפאַלס, האָט עס געקלונגען אין אונזערע אויערן — האָבן די אָרטיקע קענער פון דייטש געמוזט אונז איבערזעצן די דאָזיקע פשוטע ווערטער און איך האָב דעמאָלט ספּעציעל פאַרשריבן, כדי צו דערקענען זיי, ווען כ׳וועל זיי נאָכאַמאָל וואו דערהערן...

אָבער גערעכט זיינען געווען די חברים, וואָס האָבן געהאַלטן נאָך אונ־זערע באַגעגענישן מיט די דעמאָלטדיקע דייטשישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער, אַז הגם „דאָס לשון הרגעט זיי אַוועק״ זיינען זיי פונדעסטוועגן גאַנץ פיינע מענטשן. איך האָב שוין אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל דערמאָנט וועגן דעם ווי וואַרעם און חבריש די לייפּציגער סאָציאַל־דעמאָקראַטן האָבן אויפגענומען און באַהאַנדלט אונזער צוזאַמענפאָר און זיינע אָנטיילנעמער בלויז דערפאַר, ווייל זיי האָבן געוואוסט, אַז דאָס זיינען „רוסלענדישע רעוואָלוציאָנערן״.

פאַר דעם צוזאַמענפאָר, וואָס האָט געדויערט דריי וואָכן האָבן זיי אָפּ־געגעבן זייערן אַ גרויסן קלוב אין דער לינדענאו־פאָרשטאָט פון לייפּציג און זייערע אַ ספּעציעלע וואָך האָט די גאַנצע צייט אויפגעפּאַסט, אַז ס׳זאָל אויף אונז ניט פאָרקומען קיין פּאָליציי־איבערפאַל. צוליב דער דאָזיקער געפאַר און אויך צוליב דעם, ווייל די דעלעגאַטן האָבן געהאַט ווייניק געלט, איז קיין איין דעלעגאַט ניט איינגעשטאַנען אין קיין האָטעל, וואו מען וואָלט געמוזט איינמעלדן די פּעסער, וועלכע ס׳רוב פון אונז האָבן ניט געהאַט, און אַלע, אויף וויפיל איך ווייס, זיינען איינגעאָרדנט געוואָרן אין היימען פון דייטשישע סאָציאַליסטישע אַרבעטער.

אויב איך זאָל אורטיילן וועגן דער באַהאַנדלונג וואָס זיי האָבן באַקומען אין די אַרבעטער־היימען לויט דעם ווי איך בין באַהאַנדלט געוואָרן דורך די, ביי וועמען איך בין איינגעשטאַנען, האָט מען בעסער און פריינט־לעכער ניט געקאָנט באַהאַנדלט ווערן אַפילו אין די היימען פון נאָענטע קרובים. דאָס איז געווען פאַר אונז אַלעמען, וואָס זיינען געווען גאַנץ היפש אָנגעזאַפּט מיט נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען, אַן אמתע לעקציע אין פּראַ־לעטאַרישן אינטערנאַציאָנאַליזם, וועלכע איך — און איך בין זיכער, אַז ס׳רוב אַנדערע אויך — האָבן קיינמאָל ניט פאַרגעסן.

איך בין איינגעשטאַנען אין דער וואוינונג פון אויגוסט און אַנע ליעבלינג. ער איז געווען אַ מאַן פון אַ יאָר פערציק, אַ מעטאַל־אַרבעטער און אַ מיט־גליד פון דעם לייפּציגער קאָמיטעט פון דער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

אַנע ליעבלינג, אַ קליינע פרוי פון אַ יאָר 30, איז געווען אַקטיוו אין דער סאָציאַליסטישער פרויען־באַוועגונג און האָט געפירט די הויז־באַלעבאַטיש־קייט. קיין קינדער האָבן זיי ניט געהאַט. די קליינע וואוינונג פון דריי, צי פיר, צימערן, האָט כסדר ממש געפינקלט מיט ריינקייט און זויבערקייט. איך געדענק, ווי איך בין אין איינעם פון די ערשטע טעג, אַריינקומענדיק ביי טאָג פון דרויסן אין הויז אַריין, איבערראַשט און כמעט דערשראָקן געוואָרן,

ווען פרוי אַנע, וואָס האָט מיר געעפנט די טיר, האָט זיך פּלוצלינג אַ לאָז געטאָן אויף די קני פאַר מיר און האָט מיר גענומען אַרומרייבן די שיך מיט אַ טיכל, — אויפן פאַל, מסתמא, אויב ס'איז אויף זיי פאַראַן אַ ביסל שטויב. מיין פאַרלוירנקייט דערביי איז געווען נאָך גרעסער צוליב דעם, וואָס כ'האָב ניט נאָר ניט פאַרשטאַנען, וואָס זי האָט מיר דערביי געזאָגט, — איך האָב אַפילו מיטאַמאָל פאַרגעסן אַלע דייטשישע ווערטער, וואָס איך וואָלט איר געקאָנט זאָגן...

אַ גרויסן איינדרוק האָט אויף מיר געמאַכט אויך דאָס, וואָס ניט געקוקט אויף די קאַלטע וועטערן, וואָס זיינען נאָך געשטאַנען אין מערץ, פלעגן די פענצטער פון מיין און זייער שלאָפצימערן געעפנט ווערן אויף אַ גאַנצן טאָג און די מאַטראַצן פון די בעטן פלעגן אַלע טאָג איבערגעקערט ווערן. אין דער היים האָב איך אַזוינס, נאַטירלעך, קיינמאָל ניט געזען.

מיין טאָג ביי די ליעבלינגס פלעגט זיך געוויינלעך אָנהויבן מיט אַ פריש־טיק, וועלכן „גענאָזין אַנע" פלעגט מיר יעדן טאָג דערלאַנגען, פרעגנדיק צי וויל איך עפּעס נאָך, אָדער עפּעס אַנדערש. אין, ניט פאַרשטייענדיק גוט וואָס זי פרעגט מיך פלעג מורא האָבן צו ענטפערן יאָ, אָדער ניין, און פלעג בלויז מיט אַ שמייכל „אומפּאַרטייאיש" אַ שאָקל טאָן מיטן קאָפּ. נאָכן פרישטיק פלעג איך געוויסנהאַפט דורכשטודירן די אַרטיקלען סאָציאַליסטישע „לייפּציגער פאָלקס־צייטונג", וועגן וועלכער כ'האָב געוואוסט נאָך פון דער היים, אַז זי איז איינע פון די לינקסטע אין דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער ליטעראַטור, ביכער און זשורנאַלן (ספּעציעל דעם טעאָרעטישן אָרגאַן פון דער דייטשישער סאָציאַל־דעמאָקראַטיע, „די נויע צייט") וואָס האָבן זיך געפונען אין הויז פון מיינע באַלעבאַטים.

אין די שבת־אָוונטן פלעגן צו די ליעבלינגס געוויינלעך קומען עטלעכע פריינט, מענער און פרויען. די מענער פלעגן זיצן אַרום טיש און מען פלעגט לייענען און דיסקוטירן אַ בוך (דאַכט זיך בלויז אַ ליטעראַריש ווערק). די פרויען פלעגן זיצן אויף בענקלעך ביי די ווענט, שטריקן עפּעס און זיך מיט כוונה צוהערן צו די געשפּרעכן און דיסקוסיעס פון די מענער, זעלטן אַריינמישנדיק זיך אין זיי.

אין איינעם אַזאַ אָוונט האָב איך ניט ווילנדיק איבערראַשט מיינע באַלעבאַטים און זייערע געסט. זיי האָבן געלייענט אַ פּאָעמע פון דעם דעמאָלט פּאָפּולערן דייטשישן דיכטער, דעטלעוו פאָן ליליענקראָנע. די פּאָעמע איז געווען געשריבן אין אַ פּלאַט־דייטשישן פאָלקס־דיאַלעקט. עפּעס האָט די פּאָעמע, געדענקט זיך, געהאַט צו טאָן מיט פרעש (זשאַבעס), און לייענענדיק זי האָט זיך איינער פון די געסט פאַרהאַקט ביי אַ וואָרט און קיינער פון די אַרומיקע האָט ניט געוואוסט וואָס דאָס וואָרט מיינט. פאַר מיר אָבער האָט דאָס וואָרט — כ'געדענק שוין ניט וואָס דאָס איז געווען — געקלונגען זייער יידישלעך, האָב איך זיך אַריינגעמישט און האָב עס פאַר זיי איבערגעזעצט אין דייטש און טאַקע ריכטיק אויך. די באַלעבאַטים און זייערע געסט האָבן

מיך אָנגעקוקט מיט באַוואונדערונג און אויגוסט איז אויפגעשפּרונגען מיט באַגייסטערונג:

— אַך, דיזע רוסישע רעוואָלוציאָנערע! — און ער האָט זיי דערקלערט ז׳עם גרויסן „וואונדער״:

„ערשט מיט צוויי וואָכן צוריק האָט ער אַפילו ניט געקאָנט זאָגן נ׳ט „יאָ״, ניט „ביין״, און אין דער קורצער צייט האָט ער שוין אַזוי דערלערנט דייטש, אַז ער ווייסט ווערטער, וועלכע מיר פאַרשטייען ניט...

איך האָב זיך אָנגענומען מיט מוט און מיט „דייטש״, וועלכער איז געווען מער ענלעך אויף אַ שלעכטן יידיש, און זיי דערקלערט, אַז איך האָב פאַרשטאַנען דאָס פלאַט־דייטשישע וואָרט, ווייל ס׳איז פאַראַן אין יידיש, כ׳האָב ניט זיי שוין דערנאָך אַזוי אומבאַמערקט אָפּגעשמועסט אַ גאַנצן אָוונט וועגן דער שייכות צווישן יידיש און דייטש און פאַר איין וועגנס שוין וועגן יידישער ליטעראַטור, קולטור און יידן בכלל, און גאָר פאַרגעסן אַז כ׳קען ניט קיין דייטש...

איין אָוונט האָט מיך גענאָסע אויגוסט געפרעגט, צי האָב איך ביי זיך ניט קיין ליטעראַטור וועגן יידישע אַרבעטער. איך האָב ביי זיך געהאַט אַ נומער פון דעם „יידישן פּראָלעטאַריער״, (אין יידיש, פאַרשטייט זיך), וואָס די ס״ס האָבן אַרויסגעגעבן. ער האָט מיך געבעטן איך זאָל אים עפּעס איבער־לייענען פון דאָרטן. איך האָב אים איבערגעלייענט דעם לייט־אַרטיקל וועגן דער ראָל פון די יידישע אַרבעטער אין קאַמף קעגן צאַריזם. ער האָט אויס־געהערט מיט קאָפּ און ווען כ׳האָב אים געפרעגט, צי האָט ער פאַרשטאַנען, האָט ער מיר אויפריכטיק געענטפערט, אַז פאַרשטאַנען האָט ער, נאָר דער קאָפּ שפּאַלט זיך אים פון גרויס אנשטרענגונג....

ווען דער צוזאַמענפאָר האָט זיך געענדיקט, האָבן די דעלעגאַטן געהאַט אַ געמיינזאַמען ביר־אָוונט צוזאַמען מיט די פאַמיליעס פון אונזערע הויז־באַלעבאַטים. מען האָט געהאַלטן קורצע רעדעס און טאָסטן, מען האָט זיך צוגעוואונטשן אַ שנעלן זיג פון סאָציאַליזם, און די הייסטע און לענגסטע רעדע האָט, געדענקט זיך, געהאַלטן טשענסטאָכאָווער (סינגאַלאָווסקי). ער האָט דערציילט וועגן דער שווערער לאַגע פון די יידישע אַרבעטער, וואָס דאַרפן זיך „פּראָלעטאַריזירן״, אָבער קאָנען ניט אונטער די צאַרישע באַדינגונגען. איז נאָך זיין רעדע אויפגעשפּרונגען אַן אַלטער סאָציאַל־דעמאָקראַט פון אַ יאָר 60, אָדער מער, און האָט מיט גרויס גערירטקייט אויסגערופן:

— וויפיל האָט איר דאָרטן אַזעלכע אידישע אַרבעטער? שיקט זיי צו אַהער צו אונז, וועלן מיר זיי דאָ פּראָלעטאַריזירן...

פאַר דעם דאָזיקן אַלטן דייטשישן סאָציאַל־דעמאָקראַט, ווי בכלל פאַר די פאַרזאַמלטע דייטשישע אַרבעטער, וואָס האָבן געוואוסט בלויז וועגן דייטשישע מיטל־קלאַס יידן, איז בכלל געווען אַ גרויסער וואונדער וואָס עס זיינען פאַראַן יידישע אַרבעטער און יידן וואָס ווילן זיך פּראָלעטאַריזירן, נאָר מ׳לאָזט זיי נישט...



מיין געזעגענונג מיט מיינע באַלעבאַטים אין דעם טאָג, ווען כ'האָב פאַרלאָזן לייפּציג, איז געווען זייער אַ רירנדיקע און אומפאַרגעסלעכע. איך האָב געפילט, אַז איך פאַרלאָז זייער נאָענטע פריינט.

פרוי אַנע האָט מיך געהאַלטן אין איין בעטן, אַז איך זאָל דאָרטן, צוריק אין רוסלאַנד, זיין פאָרזיכטיק, איך זאָל, חלילה, ווידער ניט אַריינפאַלן אין טורמע און ניט פאַרשיקט ווערן אין סיביר, אָדער נאָך ערגער. אויגוסט האָט מיך שטילערהייט פאַרזיכערט, אז ווען ער האָט נאָר די מעגלעכקייט וואָלט ער אַליין אַוועק אין רוסלאַנד אויף אונטערערדישער אַרבעט, ווארעם דאָ אין דייטשלאַנד איז די באַוועגונג צו שטיל, „צו-בירגערליש".

פאַרן פאַרלאָזן דאָס הויז האָב איך געבעטן אַנען זי זאָל ביי מיר נעמען אַ פּאָר צענדליק מאַרק — פאַר די שפּייז-הוצאות וואָס זיי האָבן אויף מיר געמאַכט. זי האָט זיך אָפּגעזאָגט. איך בין אָבער באַשטאַנען, אַז זי זאָל נעמען דאָס געלט און טאָן וואָס זי וויל מיט דעם, אַנדערש וועל איך זיך פילן באַ־ליידיקט. זי האָט עס ענדלעך גענומען און איז אַרויסגעגאַנגען אין קאָרידאָר, האָט זיך דאָרטן עפּעס געפּאָרעט און שפּעטער ביים אַרויסגיין פון הויז מיר מיט מאַמישער איבערגעבנקייט געהאָלפן מיר אָנטאָן מיין מאַנטל...

ערשט אין אַ יאָר אַרום האָב איך פאַרשטאַנען פאַרוואָס זי האָט זיך אַזוי געפּאָרעט אַרום מיין מאַנטל. ס'איז געווען אין אָנהייב זומער 1907, אין ווילנע. איך בין געווען — ווי גאַנץ אָפט אין יענע צייטן — אָן אַ גראָשן געלט און האָב באַשלאָסן צו פאַרקויפן מיין מאַנטל, וועלכן כ'האָב שוין ניט געדאַרפט, צו אַן איינקויפער פון אַלטע זאַכן. איידער איך האָב אַראָפּגעטראָגן דעם מאַנטל אין דרויסן, האָב איך אים אויף יעדן פאַל באַטאַפּט, טאָמער האָט זיך אין אים עפּעס פאַרוואַלגערט, אפשר גאָר אַ פּאָר גראָשן.

פּלוצלינג האָב איך אין אונטערשלאַק פון דעם מאַנטל אָנגעטאַפּט עפּעס אַ קיילעכדיקע זאַך, אַ מטבע: דאַכט זיך אַ צוואַנציק קאָפּיקעס, — האָב איך זיך דערפרייט. ווען איך האָב אָבער אַרויסגעקאַלופּעט די מטבע פון דעם אונטערשלאַק האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָס איז אַ 20־מאַרק גאָלדשטיק... אַנע האָט אים, זעט אויס, אַראָפּגעלאָזן צו מיר אין מאַנטל ביים געזעגענען זיך...

דערציילן, ווי דער גאָלדשטיק (וואָס איז אין רוסישע געלט דעמאָלט געווען 8 צי 10 רובל) האָט מיך דערפרייט און ווי ער איז מיר צוניץ געקומען אין מיין דעמאָלטיקער נויט, איז איבעריק צו זאָגן. אָבער נאָך אַ סך מער האָט ער מיך דערפרייט ווי אַ וואַרעמער גרוס פון פריינט אין אַ נויט, ווי אַן אויסדרוק פון עפּעס אַ האַרציקן אינטערנאַציאָנאַליזם, וואָס איך האָב אַזוי שטאַרק דערפילט אין הויז פון די ליעבלינגס אין לינדענאו הינטער לייפּציג, און ווען כ'דערמאָן זיך אָן דעם אָפילו היינט ווערט מיר וואַרעם אויפן האַרצן...

# באַגעגעניש מיט י. ל. פּרצן

אין מאַי 1906 האָב איך זיך צוריקגעקערט פון לייפּציג קיין רוסלאַנד, — אָבער אַנשטאָט צו פאָרן גלייך קיין אָדעס, וואו כ׳האָב פריער געאַרבעט, בין איך געפאָרן קיין ווילנע, וואו ס׳האָט זיך דעמאָלט געפונען דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער ס־ס פּאַרטיי און פון די אַנדערע יידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען און וואו ס׳האָט אָנגעהויבן דערשיינען דער וועכנטלעכער אָרגאַן פון די ס־ס, „דער נייער וועג״.

אין ווילנע האָב איך זיך געמוזט אָפּשטעלן, כדי צו פאַרשטענדיקן זיך דאָרטן וועגן דעם אָרט און כאַראַקטער פון מיין ווייטערדיקער אַרבעט אַלס „פּראָפעסיאָנאַל״, דאָס הייסט, אַלס איינער, וואָס גיט זיך אינגאַנצן אָפּ דער פּאַרטיי־אַרבעט און שטעלט זיך אין רשות פון אירע פירנדיקע אָרגאַנען.

אויפן וועג קיין ווילנע האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אויף עטלעכע טעג אין וואַרשע. וואַרשע האָב איך באַזוכט דאָס ערשטע מאָל און כאָטש איך האָב זיך בשום אופן ניט געקאָנט באַטראַכטן פאַר אַ קליינשטעטלדיקן פּראָווינציאַל, וואָס האָט צום ערשטן מאָל דערזען אַ גרויסע שטאָט, ווייל נאָך אַלעמען בין איך דאָך אויסגעוואַקסן אין אַ גרויסער שטאָט, האָב געאַרבעט אין אָדעס און האָב זיך ערשט צוריקגעקערט פון אַזעלכע גרויסע אויס־לענדישע צענטערן, ווי לייפּציג און בערלין, — פונדעסטוועגן האָט וואַרשע, ספּעציעל די יידישע וואַרשע, מיך איבערראַשט. דער כסדרדיקער שטראָם מענטשן און דער טומל אויף די נאַלעווקעס — דעם יידישן האַנדל־צענטער אין וואַרשע, — אויף נאָוואָליפּיע, נאָוואָליפּקעס, גזשיבאָוו, אַרום „אייזערנעם טויער״, האָט מיך ווי פאַרהלושעט און צעטומלט. איך האָב, דאַכט זיך, קיינמאָל פריער ניט געזען אַזוי פיל יידן און אַזוי פיל שנעל־באַוועגלעכע ענערגיש־זשעסטיקולירנדיקע, פאַרנומענע און שרייענדיקע יידן אין קליינע היטעלעך אויף די קעפּ, לאַנגע קאַפּאָטעס, בערד און בערדלעך. אַפילו דאָס לשון פון די וואַרשעווער יידן, אין וועלכן יעדער זאַץ האָט געקלונגען ווי מיט אַ פראַגע און מיט אַ דערוואַרטונג, האָט מיך פאַרוואונדערט און איך האָב לכתחילה ניט גוט פאַרשטאַנען וואָס מען רעדט און וואָס איך הער אין דעם פאַרצויגענעם וואַרשעווער יידיש.

אָבער, ווי געזאָגט, האָב איך זיך דאָס מאָל אין וואַרשע לאַנג ניט פאַר־האַלטן, ווייל כ׳האָב געאיילט קיין ווילנע. אין וואַרשע בין איך פאַרבליבן בלויז עטלעכע טעג, כדי אַ קוק צו טאָן אויף דער שטאָט, אָבער דערהויפּט,

זייל אַ וואַרשעווער חבר, וואָס איז מיט מיר געווען אויפֿן צוזאַמענפֿאָר אין לייפּציג, האָט מיר צוגעזאָגט צו באַקענען מיט י. ל. פּרצן.

הגם מיין שול־דערציאונג אין מיין היימשטאָט, אין ניקאָלאַיעוו, איז געווען אַ רוסישע, איז אָבער מיינע עלטערנס הויז געווען אַ קולטורעל־יידישע. מיין פֿאָטער, אַ שניידער, איז געווען אַ ליידנשאַפֿטלעכער לייענער. אין אונזער הויז פֿלעגט דעריבער אַריינגיין אַלץ, אָדער כמעט אַלץ, וואָס פֿלעגט דערשיינען אין יידיש, אָנהויבנדיק מיט מענדעלע מוכר ספֿרים און ענדיקנדיק מיט שלום־עליכמען און מיט די אַמעריקאַניש־יידישע אויסגאַבן פֿון ראָמאַנען, איבערגעזעצטע פֿון א. טענענבוימען. אין אונזער הויז האָבן זיך געפֿונען שלום־עליכמס „יידישע פֿאָלקס־ביבליאָטעק", י. ל. פּרצס „יידישע ביבליאָטעק", מ. ספּעקטאָרס „הויז־פֿריינד" (און אַ באַזונדערן איינדרוק האָט געמאַכט ביי אונז אין הויז מרדכי ספּעקטאָרס ראָמאַן „דער יקדישער מוזשיק"); מיר פֿלעגן באַקומען דעם וואָכנבלאַט „דער יוד" און נאָכדעם ספּעקטאָרס וועכנטלעכע „פֿאָלקס־צייטונג", ס'פֿלעגן זיך פֿון צייט צו צייט ווייזן י. ל. פּרצס „יום־טוב בלעטלעך", און ווען די ערשטע יידישע טעגלעכע צייטונג אין יענער צייט, „דער פֿריינד" האָט אָנגעהויבן דערשיינען אין פּעטערבורג, האָבן מיר זי אויך באַקומען אין אונזער הויז. די נעמען און ווערק פֿון די וויכטיקסטע יידישע שרייבער זיינען מיר דעריבער געווען באַקאַנט פֿון מיינע קינדער־יאָרן אָן, אויב ניט דורך אַליין לייענען זייערע ווערק איז דורך דעם, וואָס מיין פֿאָטער האָט געלייענט, און פֿלעגט אין די שבתים און באַזונדערס אין די שבת־צו־נאַכטסן, ווען ער איז געווען פֿריי פֿון דער אַרבעט, פֿאָרלייענען פֿון זיי אין דער הויך פֿאַר דער פֿאַמיליע און פֿאַר באַקאַנטע, וואָס פֿלעגן זיך, דאַכט זיך, ספּעציעל צונויפֿקומען ביי אונז צוליב דעם.

י. ל. פּרצס נאָמען און אַ צאָל פֿון זיינע ווערק, באַזונדערס „באָנטשע שוויג", „דאָס שטריימל", „די פֿרומע קאַץ" און אַ צאָל פֿון זיינע „פֿאָלקס־טימלעכע געשיכטן", זיינען מיר שוין געווען באַקאַנט. פּרץ איז געשטאַנען אין מיינע אויגן זייער הויך אַלס אַ מאָדערנער שרייבער, און דורכפֿאָרנדיק דורך וואַרשע האָב איך זיך אָנגעכאַפּט אָן דער געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט דעם גרויסן מייסטער פֿון דער יידישער ליטעראַטור.

מיין חבר האָט געהאַלטן וואָרט און האָט מיך אויפֿן צווייטן, אָדער דריטן טאָג פֿון מיין פֿאַרברענגען אין וואַרשע געבראַכט צו פּרצן אין הויז אויף צעגעלניאַנע 1. דערוויסנדיק זיך, אַז איך האָב זיך ערשט צוריקגעקערט פֿון אויסלאַנד (כאָטש איך האָב אים ניט געזאָגט, אַז איך האָב זיך באַטייליקט אין אַן „אומלעגאַלן" צוזאַמענפֿאָר אין לייפּציג) האָט זיך פּרץ זייער פֿאַר־אינטערעסירט מיט דעם, ווי עס לעבט דאָרטן די רוסיש־ און פּויליש־יידישע שטודירנדיקע יוגנט. ער האָט גערעדט וועגן דעם, אַז זייער אַ סך יידישע יוגנט פֿאַרלאָזט איצט פּוילן אויף ניט צוריקצוקערן זיך. ער האָט מיך גע־פֿרעגט פֿאַרוואָס האָב איך זיך אומגעקערט קיין רוסלאַנד, און אַנשטויסנדיק זיך פֿון זיין באַקאַנטשאַפֿט מיט מיין חבר, אַז איך בין מסתמא איינער פֿון די

„חברה־לייט", האָט ער פאַרזיכטיק גערעדט וועגן דער גרויסער צאָל „פיינע, טייערע קינדער" וואָס געפינען זיך אין די יידישע סאָציאַליסטישע פאַרטייען, נאָר זיי פאַרלירן זייערע בעסטע כוחות אויף רייסערייען צווישן זיך.

דערווייסנדיק זיך, אַז איך בין פון ניקאָלאַיעוו און האָב געלעבט אין אָדעס, האָט מיך פּרץ געפרעגט צי קען איך זיך דאָרטן מיט ביאַליקן און מיט מענדעלען. איך האָב אים אָפנהאַרציק געזאָגט, אַז הגם איך בין באַקאַנט מיט זייערע ווערק און שאַץ זיי הויך, האָב איך זיי בלויז אַ פּאָר מאָל געזען פון ווייטנס, אַרום דער יבנהער (יאַווגער) שול אין אָדעס, אָבער באַקענען זיך מיט זיי האָב איך קיינמאָל ניט געהאַט קיין געלעגנהייט און ווייס ניט, צי איך וועל זי האָבן. י. ל. פּרץ האָט מיר זייער ערנסט רעקאָמענדירט, אַז אַלס אַ קולטורעלער יידישער יונגערמאַן זאָל איך קריגן אַ געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט זיי: „אונזער יוגנט דאַרף קענען אירע שרייבער", און — „שאַ", — איז אים פּלוצלינג איינגעפאַלן, — „איך קאָן אייך באַקענען מיט זיי". — ווי אַזוי? — „אַז איר וועט זיין צוריק אין אָדעס גייט אַריין צו זיי און גיט זיי איבער אַ גרוס פון מיר, עס וועט ביי זיי זיין אָנגעלייגט".

באַזונדערס האָט מיר פּרץ רעקאָמענדירט צו באַקענען זיך מיט מענ־דעלען. „ער איז שוין אַן אַלטער מאַן, דער זיידע", — האָט ער געזאָגט, — „אַ ביסל שווין פון אַן אַנדער וועלט, אָבער אַ ייד אַ חכם, ווער ווייסט", — האָט ער צוגעגעבן מיט אַ שמייכל, — „וואו אַזעלכע יונגעלייט ווי איר קאָנט היינטיקע צייטן אָנשפּאַרן. איז לאָזט ניט דורך די געלעגנהייט צו באַקענען זיך מיט דעם זיידן און גיט אים טאַקע איבער די האַרציקסטע גרוסן פון מיר און פון דער שרייבער־משפּחה אין וואַרשע. זאָגט אים, אַז מיר וואַקסן..."

די באַגעגעניש מיט י. ל. פּרצן האָט אויף מיר געמאַכט אַן אומגעהויערן איינדרוק. אפשר וועט די בעסטע כאַראַקטעריסטיק פון דעם איינדרוק זיין צו זאָגן, אַז איך האָב זיך אין אים פאַרליבט. פאַר מיינע אויגן זיינען יאָרנלאַנג געשטאַנען און פאַרבליבן ביז היינט זיין מיטלוואוקסיקע פולבלעכע פיגור, זיין פּרעכטיקער, סקולפּטור־געשניצטער קאָפּ, זיינע וואַרעמע, דאָ לאַכנדיקע דאָ אויפמערקזאַמע און פּלוצלינג ווי פאַרטרויערטע אויגן, זיינע געדיכטע ברוינע וואָנסן איבער די פולע ליפּן, זיין גאַנצע פשוטע האַלטונג און באַנעמונג, וואָס איז גלייכצייטיק געווען דורכגעדרונגען מיט אַן איבערלעכער ווירדע, וואָס האָט זיך ווי אויטאָמאַטיש איבערגעגעבן צו די, מיט וועמען ער האָט פאַרבראַכט.

יאָרן שפּעטער, ווען איך האָב געלעבט און געאַרבעט אין וואַרשע און געהאַט אַ סך געלעגנהייטן אָפטער צו טרעפן זיך מיט י. ל. פּרצן ביי אים אין הויז, אין רעדאַקציע פון „דאָס לעבן" („דער פריינד"), אויף פאַרזאַמ־לונגען און אויף שפּאַצירן אין זאַקסישן גאָרטן איז, דערדאָזיקער ערשטער איינדרוק קיינמאָל אויף אַ האָר ניט אָפּגעשוואַכט געוואָרן. פאַרקערט, ער איז כסדר פאַרשטאַרקט געוואָרן אַפילו אין דער צייט, ווען פּרץ האָט געהאַט זיינע מיינונג־פאַרשיידנקייטן מיט דער פּראָגרעסיווער יידישער געזעלשאַפט.

אָבער אַמקלאָרסטן שטייט פאַר מיר זיין בילד, ווי איך האָב אים געזען און געהערט צום ערשטן מאָל מיט קנאַפּע 50 יאָר צוריק.

ווען איך בין אַרויס מיט מיין חבר פון פּרצס הויז, בין איך געווען אונטער אַזאַ שטאַרקן רושם, אַז איך האָב לכתחילה גאָרניט באַמערקט, אַז איך האָב די גאַנצע צייט גערעדט מיט פּרצן ניט אויף יידיש, נאָר אויף רוסיש. פאַר מיר איז עס געווען אַ נאַטירלעכע זאַך: הגם איך האָב זיך צו יענער צייט שוין פריי באַנוצט מיט מיין „אָדעסער יידיש", האָב איך אָבער וועגן „הויכע מאַטעריעס", באַזונדערס וועגן ליטעראַטור, נאָך געטראַכט אויף רוסיש און גערעדט בלויז איז רוסיש. אָבער איבערטראַכטנדיק דעם געשפּרעך מיט פּרצן האָבן איך זיך געכאַפּט, אַז איך האָב אייגנטלעך גענומען ריידן צו אים אין יידיש. אָבער ער איז עס געווען דער, וואָס האָט דעם געשפּרעך אָנגע־האַלטן אין רוסיש אפילו ווען איך, אָדער מיין וואַרשעווער חבר, וואָס האָט זייער גוט גערעדט יידיש, פלעגן מאַכן אונזערע באַמערקונגען אין יידיש.

מיט יאָרן שפּעטער, אין 1910, אָדער אין 1911, האָב איך איינמאָל דער־מאָנט פּרצן וועגן מיין ערשטן באַזוך ביי אים און אים געפרעגט פאַרוואָס האָט ער, אַ יידישער שרייבער פון זיין פאַרנעם און דערצו נאָך אַלס פּוילישער ייד אין וואַרשע, וואו די פּוילישע אינטעליגענץ האָט געהאַסט דעם קלאַנג פון דער רוסישער שפּראַך, גערעדט צו מיר די גאַנצע צייט רוסיש און ניט קיין יידיש. פּרץ האָט מיט זיין ליבן שמייכל אויפן פּנים געלייקנט, אַז ער האָט מיט מיר גערעדט „בלויז רוסיש". ער האָט אָבער צוגעגעבן, אַז אין יענער צייט איז עס בכלל געווען אָנגענומען ביי דער יידישער אינטעליגענץ צו ריידן צווישן זיך מער רוסיש, אָדער פּויליש, איידער יידיש. אָבער עפּעס איז ביי מיר פאַרבליבן אַן איינדרוק פון י׳ ל. פּרצעס ענטפער, אַז גערעדט האָט ער צו מיר רוסיש, ווייל ער האָט געפילט ווי ניט פריי איך בין נאָך דעמאָלט געווען אין מיין יידיש און האָט מיך ניט געוואָלט שטעלן אין אַ פאַרלעגנהייט. אָט אומגעפער ווי איצט, אין אונזער צייט אין אַמעריקע, ווען מיר טרעפן זיך מיט אַ זעלטענעם מין פון אַ הי־געבוירענעם אָדער דער־צויגענעם יידישן יונגן מענטש, וואָס באַמיט זיך צו ריידן צו אונז יידיש און קען, דאַכט זיך, יידיש, נאָר מיר גייען אומבאַמערקט אַריבער אין גע־שפּרעך מיט אים אויף ענגליש, ווייל מיר פילן, אַז אים איז עס לייכטער...

# אַ באַזוך ביים „ייִדן״

י. ל. פּרצס רעקאָמענדאַציע צו זען באַקענען זיך מיט מענדעלען האָב איך אגב באַקומען די מעגלעכקייט אויסצונוצן ערשט אין אַ יאָר אַרום, 1907, ווען כ׳בין עטלעכע טעג געווען אין אָדעס. איך האָב דעמאָלט באַזוכט דעם „זיידע״, מענדעלע מוכר־ספרים, אין זיין הויז, ביי דער גרויסער אָדעסער תלמוד־תורה, מיט וועלכער ער האָט פאַרוואַלטעט. ווען איך האָב אים דורכן טעלעפאָן אָנגעזאָגט, אַז איך האָב פאַר אים אַ גרוס פון פּרצן, האָט ער מיך איינגעלאַדן תיכף אַריינצוקומען צו אים.

אויך דער ערשטער איינדרוק, וואָס דער „זיידע״ האָט געמאַכט אויף מיר, איז געווען אַן אומפאַרגעסלעכער. איך בין געזעסן אין זיין גרויסן קאַבינעט אין דער תלמוד־תורה, געקוקט אויף אים, ווי ער איז געזעסן הינטער זיין שרייב־טיש און האָט גערעדט צו מיר און האָב זיך ניט קיין אַלטן מאַן, נאָר עפּעס אַ קלאָר און שאַרף בילד, געמאָלט פון אַן אַלטן מייסטער: אַ קליינע דינע פיגור, וואָס האָט מיט עפּעס אויסגעזען העכער און ברייטער און גרעסער, ווי אין דער ווירקלעכקייט, אַ גלייכער רוקן כמעט פון אַ מיליטער־מענטש, אַ שטאָלץ־אויפגעהויבענעם קאָפּ מיט נאָך גאַנץ געדיכטע, כמעט בלוילעך־ווייסע האָר אויפן קאָפּ און אין דער באָרד, וואָס איז געווען ניט צו לאַנג, אָבער אויך ניט גלאַט אַ בערדל.

מענדעלע האָט מיך אויפגענומען זייער פריינטלעך, ווען איך האָב גע־זאָגט, אַז איך האָב פאַר אים אַ גרוס פון פּרצן. דערוויסנדיק זיך, אַז איך קום פון ווילנע, האָט ער מיר געפרעגט, „וואָס מאַכן די אייניקלעך, זיי מערן זיך, עה?״ נאָר ווען איך האָב אים געענטפערט, אַז די „זשאַרגאָנישע״ ליטע־ראַטור און פּרעסע מאַכט איצט דורך אַ שנעלן וואוקס, האָט ער זיך פּלוצלינג אויפגעשטעלט, האָט מיך שטרענג אָנגעקוקט פון איבער זיינע ברילן און האָט מיך איבערגעשלאָגן:

— יונגערמאַן, ווייסט איר כאָטש ווי לאַנג שוין, אַז איך שרייב?

איך האָב, אַ פאַרוואונדערטער פון דער פראַגע, געענטפערט:

— איך ווייס, איך גלויב, אַז שוין אַ יאָר פופציק...

האָט ער מיך סאַרקאַסטיש אַ פרעג געטאָן:

— איז דענקט איר, יונגערמאַן, אַז אין פופציק יאָר האָב איך זיך אַלץ ניט אויסגעלערנט שרייבן אַ מענטשלעכן לשון און שרייב נאָך אַלץ אַ זשאַרגאָן?

די דאָזיקע „פראַגע״ מענדעלעס האָט אויף מיר געווירקט ווי אַ פּאַטש אין פּנים, און אַ פאַרדינטער פּאַטש. איך האָב דעמאָלט באַנוצט דאָס וואָרט

„זשאַרגאָן" בנוגע יידיש אָן שום שלעכטן מיין, בלויז דערפאַר, ווייל אַזוי פלעגט מען דעמאָלט באַנוצן דאָס וואָרט, ספּעציעל צווישן יידישער אינטע־ליגענץ. אָבער פון דעמאָלט אָן האָב איך מער דאָס וואָרט „זשאַרגאָן" ניט באַנוצט און פיל ביז איצט ווי אַ גראָבע באַליידיקונג, ווען איך הער עס.

און נאָך דער דאָזיקער פראַגע, וואָס דער „זיידע" האָט מיר געשטעלט, איז פאָרגעקומען אַ מערקווירדיקע זאַך, אַ זאַך וואָס איך קאָן ביז איצט ניט פאַרשטיין. איך האָב זיך אַנטשולדיקט פאַר דעם „זיידן" פאַר דעם וואָרט זשאַרגאָן און ער האָט צו מיר גענומען ריידן. ער האָט גערעדט גאַנץ לאַנג און איך האָב אים קיין איין מאָל ניט אונטערבראָכן. נאָר אָוועקגייענדיק פון אים האָב איך ניט געדענקט און האָב זיך קיינמאָל ניט געקאָנט דערמאָנען בוכשטעבלעך קיין איין וואָרט פון דעם וואָס ער האָט צו מיר גערעדט. עס קאָן זיין, אַז איך האָב גאָרניט געהערט וואָס ער האָט גערעדט צו מיר, איך האָב בלויז געקוקט אויף אים און בין געווען פאַרכאַפּט פון דעם בילד, וואָס איך האָב געזען פאַר זיך.

בלויז צום סוף, געדענקט זיך, האָט זיך מענדעלע געכאַפּט און האָט צו מיר מיט אַ „כיטרען" שמייכל באַמערקט:

— האָ, איך האָב זיך, דאַכט זיך אַביסל פאַררעדט. אָבער איר, יונגערמאַן, ווער, האָף איך, ניט נעמען פאַר אומגוט. אייך איז דאָך אוודאי געווען אינ־טערעסאַנטער צו הערן וואָס איך האָב צו זאָגן, איידער צו דערציילן וואָס איר ווייסט סיי ווי אַליין...

דער זיידע איז, נאַטירלעך, געווען פולשטענדיק גערעכט. אָבער איך האָב זיך קיינמאָל ניט געקאָנט מוחל זיין און ניט געקאָנט פאַרשטיין פאַרוואָס דאָס, וואָס ער האָט דעמאָלט גערעדט, איז ניט פאַרקריצט געוואָרן אויף אייביק אין מיין זכרון.

## אויף וואָס פאַר אַ שפּראַך רעדסטו?

אין ווילנע האָב איך זיך צום ערשטן מאָל „פּאָזיטיוו" דערוואוסט דאָס וואָס איך האָב פריער „חושד געווען" פּריוואַט, אַז מיין יידיש איז ניט קיין „פויגלדיקער" און אַז אויב איך וויל באמת קאָנען פריי באַנוצן זיך מיט דער שפּראַך, מוז איך זי לערנען ביי יידישע אַרבעטער.

אויסגעפונען האָב איך עס אַביסל אומערוואַרט. ווען איך בין געקומען צום ערשטן מאָל אין ווילנע (אין מאַי, 1906), כדי צונויפריידן זיך דאָרטן מיט דעם צ. ק. פון די ס"ס וועגן מיין וויטערדיקער אַרבעט, האָט מיר איינער פון די אָרטיקע פירנדיקע חברים, טאָדרעס דונסקי, פאָרגעשלאָגן אַרויסצו־טרעטן אויף אַן אַרבעטער־פאַרזאַמלונג און דערציילן דאָרטן וועגן מיינע איינדרוקן פון לייפּציגער צוזאַמענפאָר. איך האָב גערן אָנגענומען דעם פאָר־שלאַג צו ריידן פאַר ווילנער אַרבעטער, און די פאַרזאַמלונג איז פאָרגעקומען ערגעץ אויף „רוזעלע", אַ כמעט הינטער־שטאָטישער ווילנער קוואַרטאַל, ניט וויט פון די דאָרטיקע „ביליקע הייזער".

ס'איז געווען אַן עולם פון אַ 50־60 אַרבעטער, און ווען אַלץ איז שוין געווען באַזאָרגט, די פּאַטרולן — אויפן פּאַל פון אַ פּאָליציי־איבערפאַל — אויסגעשטעלט און דער עולם אויסגעזעצט, האָב איך זיי גענומען דערציילן וועגן דעם, וואָס איך האָב געזען און געפילט אין דייטשלאַנד און וועגן דעם גאַנג און די באַשלוסן פון דעם צוזאַמענפאָר. איך האָב גערעדט, ווי מיר האָט זיך געדאַכט, אין מיין בעסטן יידיש און דאָס וואָס איך האָב דערציילט איז, מיר דאַכט, געווען גענוג אינטערעסאַנט פאַר דער פאַרזאַמלונג. אָבער וואָס וויטער איך האָב גערעדט, אַלץ מער האָב איך דערפילט און באַמערקט, אַז וואָס איך רייד „דערגייט ניט". אָנשטאָט דעם אינטערעס פון די צו־הערער, וועלכן כ'האָב דערוואַרט, האָב איך געזען פאַר זיך גלייכגילטיקע פּנימער און מיר האָט זיך אַפילו געדאַכט, אַז די צוהערער מיידן אויס צו קוקן אויף מיר און שמייכלען אַפילו אונטער ווער ווייסט וועגן וואָס.

ווען איך האָב געענדיקט ריידן האָבן אַ פּאָר פון די פאַרזאַמלטע גע־נומען אַ וואָרט, זיי האָבן עפּעס גערעדט וועגן צוזאַמענפאָר, אָבער מיט קיין וואָרט ניט דערמאָנט וועגן מיין באַריכט. עס האָט אויסגעזען כמעט ווי אַ „דעמאָנסטראַציע" קעגן דעם רעדנער און איך האָב ניט געקאָנט פאַרשטיין פאַרוואָס.

גייענדיק צוריק פון דער פאַרזאַמלונג מיט אַ געדריקטן געמיט האָב איך געפרעגט ח' טאָדרעסן:

— איז מיין פאָרטראָג געווען צו־שווער פאַר זיי, וואָס זיי האָבן זיך אויף אים גאָרניט אָפּגערופן?

טאָדרעס האָט מיך מיט אַ שמייכל אָנגעקוקט און געפרעגט:

— אויף וואָס פאַר אַ שפּראַך, דענקסטו, האָסטו גערעדט צו זיי?

איך בין געווען פאַרוואונדערט:

— וואָס הייסט אויף וואָס פאַר אַ שפּראַך? האָסט דאָך געהערט, אויף יידיש...

— גוט, וואָס דו זאָגסט עס מיר, — האָט מיר טאָדרעס מיט אַ ניט־באַהאַלטענער איראָניע געענטפערט, — אַזוי ווי דו ביסט אַ חבר, גלויב איך דיר, אַז דו האָסט עס טאַקע געמיינט. ווארום מיין איינדרוק איז געווען, אַז דו האָסט גערעדט טערקיש...

און איך האָב געמיינט, אַז מיין אָדעסער־ניקאָלאַיעווער יידיש, וואָס איז כמעט אויף אַ העלפט באַשטאַנען פון רוסישע ווערטער, איז פאַרשטענדלעך פאַר יעדן יידישן אַרבעטער...

אין די עטלעכע טעג, וואָס איך בין פאַרבליבן אין ווילנע, אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן, זיך געטראָפן מיט חברים און גערעדט מיט זיי, איז ביי מיר עפּעס די אַכטונג צו דעם יידישן לשון אויסגעוואַקסן. די שפּראַך פון די ווילנער, אַ האַרטע, אַ ניט־מוזיקאַלישע (להיפוך צו דעם וואַרשעווער יידיש), אָבער אַ געמאָסטענע און פּינקטלעכע, האָט אין מיינע אויערן אָפּגעקלונגען כמעט ווי די רוסישע שפּראַך. איך, וואָס האָב זיך שוין נאָך מיינע דערפאַרונגען זינט די אָקטאָבער־טעג פון פריערדיקן יאָר (1905) געהאַלטן פאַר אַ גאַנצן רעדנער (דערהויפּט, נאַטירלעך, אין רוסיש, אָבער אויך אין יידיש), האָב הערנדיק דעם לשון פון די ווילנער יידן (און יידענעס, וואָס האָבן געהאַנדלט פון קאָשיקעס אויף די גאַסן), אָנגעהויבן פאַרשטיין און פילן, אַז איך דאַרף זיך נאָך אַ סך לערנען ביז איך וועל קאָנען ריידן אַזאַ קלאָרן, פעסטן יידיש ווי זיי, — אַזאַ וואָס זאָל ניט רייסן די אויערן פון די צוהערער און דערגיין דירעקט צו זייערע מוחות און הערצער. פאַר מיר האָט אויך גענומען קלאָר ווערן, אַז הגם איך האָב שוין פאַרזוכט דעם טעם פון דרוקן זיך אין רוסיש, איך קאָן זיך שוין כמעט רעכענען פאַר אַ שרייבער, וועל איך פאַר יידישע אַרבעטער דאַרפן שרייבן אין יידיש, — און יידיש שרייבן דאַרף איך זיך ערשט אויסלערנען, פּונקט ווי ריידן.

מיינע פלענער צו פאַרלאַנגען פון דעם צענטראַל קאָמיטעט, אַז ער זאָל מיך איבערלאָזן אַרבעטן אין ווילנע און פילייכט אַפילו מיטצואַרבעטן אין דעם וואָכנבלאַט „דער נייער וועג", דעם אָרגאַן פון די ס־ס, זיינען צערונען געוואָרן און איך האָב באַשלאָסן צוריקקערן זיך קיין אָדעס, אָדער זאָל זיין אין אַ וועלכער עס איז אַנדער שטאָט פון מיין היימישער אוקראַיִנע, וואו איך דאַרף זיך ניט איבערלערנען ווי צו ריידן און ווי צו שרייבן.

אָבער ווען איך בין אַריינגעקומען דורכצוריידן זיך וועגן דעם אויף פּאָהוליאַנקע 10, — וואו דער צ. ק. און די רעדאַקציע פון דעם וואָכנבלאַט

האָבן זיך געפונען, — זיינען מיינע געענדערטע פלענער ווידער געענדערט געוואָרן. אַנשטאָט צו שיקן מיך צוריק קיין אָדעס האָט מען מיר פאַרגעלייגט צו פאָרן אַרבעטן אין פינסק. אורזאַכן פאַר דעם זיינען געווען עטלעכע: ערשטנס, האָט זיך די פינסקער אָרגאַניזאַציע געגויטיקט אין אַן אָנפירער, — דער פריערדיקער סעקרעטאַר פון דער אָרגאַניזאַציע איז אַוועקגעפאָרן לערנען זיך קיין אויסלאַנד. צווייטנס איז אין פינסק געווען אַ גאַנץ שטאַרקע פּראָפּע־סיאָנעלע (יוניאָן) באַוועגונג צווישן דער היפּשער צאָל יידישע אַרבעטער אין די שוועבעלעך־פאַבריקן און האָלץ־פאַבריקן, וואָס די שטאָט האָט פאַרמאָגט. און דריטנס, — און דאָס איז אפשר געווען די הויפּט־זאַך אין יענעם מאָמענט, — מען האָט דאָרטן געמוזט אָפּשטעלן די ביטערע פיזישע קאַמפן, וואָס האָבן זיך אַנטוויקלען צווישן די מיטגלידער פון ס״ס און פון בונד. די דאָזיקע קאַמפן, וואָס האָבן זיך אָנגעהויבן מיט זידלערייען אויף די „בירזשעס" (די גאַסן־טיילן, אויף וועלכע מיטגלידער פון אַ פּאַרטיי פלעגן זיך טעגלעך באַגע־גענען, אָנפירן זייער אַגיטאַציע, באַקומען ליטעראַטור, צונויפרעדן זיך וועגן פאַרזאַמלונגען, א. אז. וו.), זיינען דערגאַנגען ביז באַטיטלען איינער דעם אַנדערן אַלס „שפּיאָנען" און „פּראָוואָקאַטאָרן", זיינען אָפּט איבערגעגאַנגען אין געשלעגן און האָבן זיך געענדיקט מיט שיסערייען איינער אין דעם אַנדערן. גראָד מיט אַ פּאָר וואָכן איידער איך בין געקומען קיין ווילנע איז אין פינסק פאָרגעקומען אַ פאַל, ווען עטלעכע בונדיסטן און ס״ס׳אָוצעס האָבן נאָך אַ קריגערײַ גענומען שיסן איינע אין די אַנדערע (פון די רעוואָלווערן וואָס זיינען צוגעגרייט געוואָרן פאַרן זעלבשוץ קעגן פּאָגראָמשטשיקעס), און איין ס״ס׳אָוועץ, ח׳ כאַניע האָט באַקומען אַ קויל אין האַנט. די געפאַר איז געווען, אַז אויב עס זאָל ווייטער אַזוי גיין וואָלטן זיי זיך אָנהויבן שיסן אויף טויט...

די פראַגע איז, נאַטירלעך, געווען, צי וויל איך פאָרן אין אַזאַ „געפער־לעכער" שטאָט, צי פיל איך זיך בכוח צו ספּראַווען מיט דער געשאַפענער לאַגע און צו באַרואיקן די דאָרטיקע געמיטער. איך אָבער האָב זיך אָן דעם פאַר־שלאָג גערן אָנגעכאַפּט צוליב אַ צאָל אורזאַכן:

ערשטנס האָט זיך מיר, צוליב ריין־פערזענלעכע אורזאַכן, ניט געוואָלט באַלד צוריקקערן קיין אָדעס. מיט די צווישן־פאַרטייאישע קריגערייען אין פינסק בין איך געווען זיכער, אַז איך וועל זיך קאָנען ספּראַווען, — ווייל מיר האָבן אין אוקראַינע וועגן אַזעלכע קריגערייען וואָס זאָלן אָננעמען אַ ריין־פיזישן כאַראַקטער גאָרניט געוואוסט, און איך האָב אומעטום וואו איך האָב פריער געאַרבעט אָנגעהאַלטן פריינטלעכע, חברשע באַציאונגען מיט די מיטגלידער און טוער פון אַנדערע פאַרטייען, ספּעציעל מיט סאָציאַל־דעמאָ־קראַטן און בונדיסטן.

דערהויפּט האָט מיך אָבער אינטערעסירט די מעגלעכקייט צו באַקענען זיך נאָענטער און צו אַרבעטן אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג פון יידישע אַרבעטער, וועלכע האָט מיך שטאַרק אינטערעסירט אויך אין אָדעס. און דערצו נאָך דאָס, וואָס אין פינסק, צווישן „ליטווישע" יידישע אַרבעטער וועל

איך שנעלער אויסבעסערן מיין ייִדיש און אויפהערן באַנוצן זיך מיט „האַלב דייטש פּאָלאָווינאַ רייסיש".

און פּינסק, אגב, האָב איך שוין אַביסל געקענט פון פריער, פון מיין באַזוך דאָרטן אין די אינטערעסן פון דער זעלבשוץ. צוליב דעם, ווייל פּינסק איז געווען איינער פון די פּונקטן דורך וועלכן די זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציעס אַזש פון אוקראַינע האָבן געקראָגן געווער, האָט פּינסק אין מיינע אויגן געהאַט עפּעס אַ מין באַפאַרבונג פון קאָמפּלוסטיגקייט, פון העלדישקייט, וואָס האָט מיר שטאַרק אימפּאָנירט.

הכלל, איך האָב גערן אָנגענומען דעם פאָרשלאָג צו פאָרן אַרבעטן אין פּינסק און בין אַהין סוף מאַי 1906 אַוועקגעפאָרן — אַרבעטן און לערנען צווישן ייִדישע אַרבעטער.

# „פאַרברעכן און שטראָף"

פינסק האָט באַרעכטיקט אַלע מיינע דערוואַרטונגען, און אפילו נאָך מער, ווי כ'האָב דערוואַרט, — אַפילו מיט אירע בלאָטעס. איך האָב, נאַטירלעך, פריער געהערט וועגן פינסקער בלאָטעס, אָבער פון דער געאָגראַפיע, וואָס כ'האָב געלערנט אין שול, האָב איך געמיינט, אַז דאָס באַציט זיך בלויז צו די זומפּן, וואָס געפינען זיך אין דער פינסקער געגנט.

ווען איך האָב צום ערשטן מאָל באַזוכט פינסק, מיט אַ יאָר פריער, האָבן איך דאָרטן קיין עקסטרע־ספּעציפישע בלאָטעס אויף די גאַסן ניט באַמערקט. דאָס מאָל אָבער, ווען כ'בין געקומען קיין פינסק (אין אָנהייב יוני 1906) זיינען די בלאָטעס אויף די גאַסן — און דווקא אויף די צענטראַלע, ווי די קיעווער און אַנדערע — געווען אַזוי טיף, אַז כ'האָב איינמאָל אין זיי פאַרלוירן די קאַלאָשן, און ווען כ'האָב אַ צווייטן מאָל, איבערגייענדיק אַ גאַס שיער ניט פאַרלוירן די שיך אויך, בין איך דורכגעדרונגען געוואָרן מיט אַ גרויסן „רעספּעקט" צו דער מאַכט פון די פינסקער גאַסן־בלאָטעס און זיי שוין ניט געפּרואווט איבערגיין אָן אַן אַבסאָלוט דרינגענדיקער נויט־ווענדיקייט.

איך דערמאָן דאָ די פינסקער בלאָטעס ניט ווייל איך וויל, חלילה, באַליידיקן דערמיט די אַמאָליקע פינסק פון מיט 50 יאָר צוריק, נאָר ווייל דאָס דערמאָנט מיך אין פאַרבינדונג דערמיט אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע, וואָס האָט, אמת, פּאַסירט ערשט אין עטלעכע חדשים אַרום נאָך מיין קומען קיין פינסק.

פּאַסירט האָט אָט וואָס:

זומערצייט האָבן זיך אין פינסק, ווי אין זייער אַ סך יידישע שטעט אין יענער צייט גענומען פאַרשפּרייטן קלאַנגען, אַז די פּאָליציי גרייט צו אַ פּאָגראָם. האָבן מיר תיכף באַשלאָסן אָננעמען מיטלען קעגן דעם. איינער פון די מיטלען איז, פאַרשטייט זיך, געווען צו פאַרשטאַרקן די זעלבשוץ. כדי סיי די שטאָט, סיי די פּאָליציי זאָלן וויסן, אַז די זעלבשוץ שלאָפט ניט, פלעגן געקליבענע גרופּעס חברים אַרויספאָרן אויף שיפלעך אויף אַ פּאָר זומפּיקע אינזלען אויף דעם טייך פּיניע און פלעגן זיך דאָרטן איבן אין שיסן, מיט אַ חשבון, אַז מען זאָל עס דערהערן אין שטאָט.

אָבער „געווער" (אַביסל אַלטע רעוואָלווערן) האָט די זעלבשוץ, נאַטירלעך, געהאַט זייער ווייניק. האָט מען געדאַרפט קריגן געלט אויף צו קויפן אַביסל „שפּייערס". צוליב דעם האָט דער קאָמיטעט פון די ס־ס צוזאַמען מיט דער זעלבשוץ אָרגאַניזאַציע, וועלכע ער האָט קאָנטראָלירט, אַרויסגע־

שיקט אַ פּאָר חברים איבער די געשעפטן פון שטאָט מיט אַ מאַנדאַט און אַ חתימה פון קאָמיטעט צו זאַמלען די נויטיקעביישטייערונגען.

איינער פון די צוויי חברים איז געווען אַ יונג בחורל פון אַ יאָר 17־18 מיטן נאָמען מיכעלע, אַ זון, דאַכט זיך, פון אַ שמש. דער מיכעלע איז געווען אַ פייערדיק בחורל: ס׳איז ניט געווען קיין איין ריזיקאַלישע אַרבעט, פאַר וועלכער ער זאָל זיך ניט אָנכאַפּן — וואָס ריזיקאַלישער, אַלץ בעסער. בלויז איין חסרון האָט ער געהאַט: אויף פאַרזאַמלונגען, אויף די לימודים אין די קרייזלעך, האָט מען אים ניט געקאָנט איינהאַלטן. ער האָט זיך שטענדיק בעסער באַמיט צו שטיין אין דרויסן מיט די פּאַטרולן און אָפּהיטן די פאַרזאַמלונגען פון אַ פּאָליציייִשן אָנפאַל.

איז אָט־דער מיכעלע מיט נאָך אַ חבר, באַניע (ברוך), אַן עלטערער פון אים, אַרומגעגאַנגען אַ פּאָר שעה מיט דעם מאַנדאַט־קאַרטל איבער די געשעפטן, און פלוצלינג זיינען זיי ביידע געקומען צו מיר זייער שטאַרק צעטראָגענע. עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז ווען זיי זיינען געקומען צו אהרן לוריען, דעם גרעסטן גביר פון שטאָט, נאָך אַ ביישטייערונג און ער האָט ביי זיי געבעטן אַ קוק טאָן דעם מאַנדאַט מיט דעם קאָמיטעטס שטעמפּל, האָט ער פאַר זייערע אויגן צעריסן דאָס קאַרטל אויף פּיצלעך, אַראָפּגעוואָרפן די שטיקלעך פּאַפּיר אויף דער ערד, צעטראָטן זיי מיטן פוס און דערקלערט די צוויי חברים, אַז ער שפּייט אויפן קאָמיטעט מיט זיין מאַנדאַט און אַז זיי זאָלן זיך בעסער וואָס שנעלער אָפּטראָגן פון אים, אַנדערש רופט ער שוין די פּאָליציי...

מיכעלע איז פון דערדאָזיקער האַנדלונג פון דעם שטאָט־גביר אַזוי אויפגערעגט געוואָרן, אַז ער האָט געוואָלט אַרויסכאַפּן זיין רעוואָלווער און אויפן אָרט דערשיסן אים פאַר אַזאַ באַליידיקונג פון דער אָרגאַניזאַציע. באַניע האָט אים אָבער קוים מיט צרות אָפּגעהאַלטן פון דעם און זיי זיינען ביידע געקומען צו מיר מיט דעם באַריכט צו באַראָטן זיך וואָס מען קאָן ווייטער טאָן.

טאָן דערווייל האָט מען געקאָנט זייער ווייניק. אהרן לוריע, ווי געזאָגט, איז געווען דער גרעסטער גביר אין שטאָט. ער האָט פאַרמאָגט די דאָרטיקע געהילץ־פאַבריקן, וואַלד־געשעפטן, זיינע פּליטן זיינען געגאַנגען איבער דער פּינע און ער איז געווען דער אייגנטימער אויב ניט פון דעם גאַנצן אָרטיקן טייך־האַפן, איז פון עטלעכע שיפן, וואָס פלעגן זיך דאָרטן געפינען.

אַזאַ גביר, איז, נאַטירלעך, געווען אויסגעבונדן מיט דער פּאָליציי און בכלל מיט נאַטשאַלסטוואָ און מען פלעגט זאָגן אין שטאָט אַז ניט נאָר דער פּאָליצמייסטער קומט צו אים אַריין, נאָר אַפילו דער גובערנאַטאָר קומט צו אים צוגאַסט, ווען ער באַזוכט פּינסק. און אַזוי ווי אהרן לוריע איז געווען אַ ייד, וואָס האָט געוואוסט זיין וואָג און מאַכט אין שטאָט און האָט זי ליב געהאַט צו באַווייזן, איז, פאַרשטייט זיך, געווען שווער אָנצוהויבן זיך מיט אים.

אָבער מיכעלע איז באַשטאַנען אויף דעם, אַז עפּעס מוז געטאָן ווערן, כדי אָנצולערנען דעם חוצפּהדיקן גביר, אַנדערש וועלן אַלע גבירים און קרעמער אים נאָכטאָן און מען וועט ניט קאָנען ניט נאָר זאַמלען קיין מיטלען פֿאַר דער זעלבשוץ, נאָר אפילו דורכפֿירן אַ סטרייק. מיר האָבן איינגעשטימט, אַז מיכעלע איז טאַקע זייער גערעכט. אָבער אַזוי ווי מיר האָבן קיין באַלדיקע פּלענער ניט געהאַט, און טעראָר־מיטלען, וועלכע האָבן זיך מיכעלען זייער געוואָלט, זיינען געווען אַבסאָלוט אויסגעשלאָסן, איז געבליבן צו וואַרטן ביז ס'וועט זיך מאַכן אַ געלעגנהייט אָנצולערנען לוריען, די בעסטע זאַך — דורך אָרגאַניזירן אַ סטרייק אויף זיינע אונטערנעמונגען ביי דער ערשטער גע־לעגנהייט.

מיכעלע איז אָבער פֿאַרבליבן אומצופֿרידן. אָנשטאָט וואָס ער האָט זיך פֿריער געקלעפּט צו מיר, האָט ער זיך כמעט אויפֿגעהערט ווייזן און אין אַ פּאָר וואָכן אַרום איז ער פֿאַרשוואונדן אַפילו פֿון דער אַרבעטער־„בירזשע”. חברים, וועלכע כ'האָב געפֿרעגט וועגן אים, האָבן ניט געוואוסט וואו ער איז, און מיין איינדרוק איז געווען אַז ער איז ערגעץ אַוועקגעפֿאָרן.

אין איין שיינעם טאָג, דאָס איז געווען אַ יום כפּור טאָג, ווען איך בין געזעסן אין מיין צימער און די באַלעבאַטים פֿון הויז זיינען געווען אין שול, קומט פּלוצלינג צולויפֿן פֿון גאַס מיין הויז־באַלעבאָס, אַ פּוטערוואַרג־אַרבע־טער (פּאָריער), און דערציילט מיר מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם, אַז מען האָט ערשט „געהרגעט” אין מיטן קיעווער גאַס רב אהרן לוריען... אַזוי ווי ביי אונז אין אוקראַינע האָט דאָס וואָרט „געהרגעט” געהאַט בלויז איין מיינונג פֿון דערמאָרדן עמיצן אויף טויט, בין איך, נאַטירלעך, שטאַרק צערודערט געוואָרן פֿון דער נייס: ערשטנס, אַ פֿאַל פֿון פּערזענלעכן אַנאַרכיסטישן טעראָר, און קעגן די אַנאַרכיסטיש־טעראָריסטישע שטימונגען צווישן די אַרבעטער איז דעמאָלט אויסגעקומען צו פֿירן אַ כסדרדיקן שווערן קאַמף; און צווייטנס, אויב אַזאַ פֿערזאָן, ווי אהרן לוריע איז טאַקע דערמאָרדעט געוואָרן, האָט מען געדאַרפֿט דערוואַרטן אַ שטאַרקע רעאַקציע צווישן דער באַפֿעלקערונג און שאַרפֿע פּאָליציי־יאישע רעפּרעסיעס און אַרעסטן.

שפּעטער אַ ווײַלע זיינען צו מיר געקומען אַ פּאָר חברים פֿון קאָמיטעט און פֿון דעם וואָס זיי האָבן דערציילט איז קלאָר געוואָרן, — ערשטנס, אַז מען האָט לוריען ניט דערהרגעט, נאָר בלויז „געהרגעט”, דאָס הייסט, אויפֿן ליטווישן יידיש, אָנגעבראָכן די ביינער; און צווייטנס, אַז מען האָט בשעת מעשה געזען אויף דער גאַס מיכעלען מיט נאָך עטלעכע חברה־לייט, וועלכע זיינען זיך צעלאָפֿן. עס איז קלאָר געוואָרן, אַז דער אָנפֿאַל אויף לוריען איז געווען מיכעלעס אַרבעט און אַז דאָס איז געווען זיין נקמה דערפֿאַר, וואָס לוריע האָט צעריסן דער מאַנדאַט און באַליידיקט דעם קאָמיטעט.

חברים האָבן זיך אַרויסגעלאָזט זוכן מיכעלען און האָבן אים ביינאַכט געבראַכט צו מיר. ער האָט ניט געלייקנט: יאָ, דאָס האָט ער אָרגאַניזירט און האָט זיך מיט עטלעכע „יאַטלעך” באַטייליקט אין דעם אָנפֿאַל אויף

לוריען. זיי האָבן אים „בלויז״ אין מיטן העלן טאָג, ווען ער איז מיט עטלעכע זיינע מקורבים אַרויס פון שול, אַריינגעוואָרפן אין דער טיפער בלאָטע פון רינשטאָק און האָבן אים מכבד געווען מיט עטלעכע קלעפּ. מיט וואָס? מיט שטעקלעך, מער גאָר ניט, — און זאָל ער אויף ווייטער וויסן. מיכעלע האָט דערביי דערקלערט, אַז ער פאַרשטייט ניט די פּאָליטישע „חשבונות״, וואָס איך האָב געהאַט, ווען כ׳האָב פאַרבאָטן תיכף „אָנצונעמען מיטלען״ קעגן לוריען, באַר אים, מיכעלען, האָט דאָס האַרץ די גאַנצע צייט געבערענט פון דער באַליידיקונג, ביז ער האָט לוריען ניט באַצאָלט וואָס אים קומט. און איצט מעג דער קאָמיטעט טאָן מיט אים, מיכעלען, וואָס ער וויל: ער קאָן אים אויסשליסן פון דער אָרגאַניזאַציע, אָדער ער וועט אַליין אַרויסגיין פון איר, אויב מען וויל...

דעם אמת געזאָגט האָב איך ניט געהאַט קיין האַרץ צו שטראָפן, אָדער באַשטראָפן מיכעלען פאַר זיין האַנדלונג. אָבער וואָס טוט מען ווייטער? האָבן מיר באַשלאָסן אָפּצוּוואַרטן און צו דערוויסן זיך, וואָס לוריע פּלאַנעוועט צו טאָן ווען דער גאַב, וואָס ער האָט באַקומען...

אין עטלעכע טעג אַרום, — דאָס איז געווען דעם ערשטן טאָג סוכות, קומט מיין הויז־באַלעבאָס פון שול און דערציילט מיר ווידער אַ „סענסאַציאָנעלע״ נייס: אין שול רעדט מען, אַז אהרן לוריע וויל זיך איבערבעטן מיט דער אָרגאַניזאַציע און איז גרייט צו אַנטשולדיקן זיך פאַר דעם, וואָס ער האָט זי באַליידיקט. שפּעטער איז מיכעלע געקומען צו מיר אַ פריילעכער, אַ טריאומפירנדיקער און האָט מיר איבערגעגעבן דיזעלביקע נייס מיט מער פּרטים. מיר האָבן תיכף אָפּגעהאַלטן אַ זיצונג פון קאָמיטעט און באַשלאָסן, אַז אויב אהרן לוריע וויל זיך באמת אַנשולדיקן און איבערבעטן מיט דער אָרגאַניזאַציע, דאַרף ער טאָן צוויי זאַכן:

ערשטנס, עפנטלעך אַנטשולדיקן זיך אין שול פאַר באַליקדיקן דעם קאָמיטעט און די זעלבשוץ און צוזאָגן מער דאָס ניט צו טאָן; און צווייטנס, אַזוי ווי די קאָמיטעט פון די צוויי חברים, וואָס זיינען אַרומגעגאַנגען מיט דעם מאַנדאַט נאָך ביישטייערונגען פאַר דער זעלבשוץ, האָבן אין די צוויי שעה, וואָס זיי זיינען אַרומגעגאַנגען איבער די געשעפטן ביז דער פּאַסירונג מיט לוריען, צונויפגעקליבן 200 רובל, און אַזוי ווי זיי וואָלטן אַרומגעגאַנגען נאָך אַ 4־5 שעה, זאָל לוריע באַצאָלן די 500 רובל, וואָס זיי האָבן צוליב זיין האַנדלונג ניט דערזאַמלט...

דער דאָזיקער באַשלוס איז דעם זעלביקן אָוונט איבערגעגעבן געוואָרן צו לוריען דורך אַ פּאָר חברים, און... ער האָט אים אָן שום דינגעניש תיכף אָנגענומען. ער האָט איינגעצאָלט 500 רובל, און אויף מאָרגן, דעם צווייטן טאָג סוכות, איז ער אַרויף אויף דער בימה פון שול און האָט דערקלערט:

— רבותי, איך האָב געזינדיקט און בעט מחילה ביי דעם קאָמיטעט פון די ס־ס און ביי דער זעלבשוץ, וועלכע כ׳האָב אומפאַרדינט באַליידיקט. איך גלויב איצט, אַז אַן אָרגאַניזאַציע, וואָס קאָן זיך אַזוי איינשטעלן פאַר

איר אייגענעם כבוד מיינט ערנסט איינצושטעלן זיך אויף פאַרן כבוד און פאַר די לעבנס פון אַלע ייִדן, און איך בין איצט זיכער, אַז די שטראָף פון 500 רובל, וואָס איך האָב באַצאָלט וועט גיין אויף אַ גוטן צוועק.

און אָפּזאָגנדיק די דאָזיקע אַנטשולדיקונג, וועגן וועלכער מ'האָט זיך פריער פאַרשטענדיקט, האָט לוריע שוין פון זיך אַליין צוגעגעבן מיט אַ מין התפעלות:

— איר הערט אַ מעשה? איך גיי מיר אַזוי פון שול איבער דער גאַס מיט נאָך ייִדן און ווייס פון גאָרניט. פּלוצלינג, אײדער איך קוק זיך אַרום, ערשט מען כאַפּט מיך אַרויס פון עולם, מען וואַרפט מיך אַריין אין בלאָטע און עס נעמען זיך שיטן אויף מיר שטעקלעך, אַז כ'האָב געמיינט מיין סוף איז געקומען. און פּלוצלינג הער איך, ווי איינער שרייט אויס „סטאָי" און שוין, מער איז אויף מיר קיין ריר ניט געפאַלן און די יאַטן זיינע נעלם געוואָרן, ווי קיינמאָל גאָרניט. אָט דאָס הייסט חברה! אויף אַזעלכע ייִדישע יונגעלייט מעג מען זיך פאַרלאָזן און איך וועל פאַרזאָגן אַ צענטן מער ניט צו באַליידיקן זיי...

אינטערעסאַנט איז, אַז דער דאָזיקער אהרן לוריע, וועלכער איז פּאָליטיש, נאַטירלעך, געווען אַ רעאַקציאָנער, אַ מיטגליד פון דער רעאַקציאָנערער פריציש-סוחרישער „אָקטיאַבריסטן"-פּאַרטיי, און האָט זיך אפילו באַרימט, אַז ער וואָלט געוועזן אַ מיטגליד פון „פאַראיין פון רוסישן פאָלק" ווען יענע זאָלן נאָר ניט זיין קיין פּאָגראָמשטשיקעס — דער דאָזיקער לוריע איז, נאָך די קלעפּ וואָס ער האָט געכאַפּט און נאָך זיין איבערבעטן זיך, געוואָרן אַ גוטער פריינט און שטיצער פון דער אָרגאַניזאַציע (דערהויפּט פון דער זעלבשוץ). און אין אַ צייט, ווען ס'איז אוממעגלעך געוואָרן צו באַקומען אַ פּאָליציייאישע דערלויבעניש אויף אַ וועלכן עס איז קאָנצערט, לעקציע, אָדער אַנדער אונטערנעמונג, פלעגן מיר קריגן די דערלויבעניש אויף זיין נאָמען...

מיכעלעס פּרעסטיזש אין דער אָרגאַניזאַציע האָט זיך נאָך אָט דעם פאַל מיטן שטאָט-גביר זייער שטאַרק געהויבן. אָבער קיין גרויסן נוצן האָט עס ליידער ניט געבראַכט ניט דער אָרגאַניזאַציע, ניט אים אַלס טוער. ווארעם אין עטלעכע חדשים אַרום איז ער ווידער פאַרשוואונדן פון פּינסק און דאָס מאָל, דאַכט זיך, אויף שטענדיק.

שפּעטער, אַרבעטנדיק אין ווילנע, האָב איך זיך דערוואוסט, אַז דער גרויסער עמיגראַציע-שטראָם, וואָס איז דעמאָלט געוואקסן מיט יעדן טאָג, האָט פאַרשלעפּט מיט זיך קיין אַמעריקע אויך מיכעלען מיט זיין משפּחה. און דאָ אין אַמעריקע איז מיר אים קיינמאָל ניט אויסגעקומען צו טרעפן. קלאַנגען זיינען צו מיר דערגאַנגען, אַז דער ענערגישער, אימפּעטיקער מיכעלע פון פּינסק איז אין אַמעריקע מיט דער צייט געוואָרן אַן ענערגישער... קליידער-מאַנופעקטשורער. אָבער אויף זיכער האָב איך עס ניט געקאָנט פעסטשטעלן. אַזוי, אַז די קלאַנגען זיינען אפשר — ווילט זיך גלויבן — געווען פאַלשע.

## „קריג און פרידן" צווישן אַרבעטער

אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל האָב איך דערציילט, אַז כ'האָב געערן אָנגענומען דעם פאָרשלאַג צו פאָרן אויף אַרבעט קיין פינסק צוליב עטלעכע אורזאַכן, וואָס איינע פון זיי איז געווען וויכטיק פאַר מיר פּערזענלעך: אויסלערנען זיך צווישן יידישע אַרבעטער אַ „יידישן יקדיש" אָנשטאָט דעם געלאָטעטן „זשאַרגאָן", וואָס איך און אַ סך פון מיין גלייכן פלעגן דעמאָלט באַנוצן אין ניקאָלאַיעוו, אָדעס, קאַטעריבאָסלאַוו און אַנדערע גרעסערע אוקראַאינער שטעט; און צווייטנס, אָפּצושטעלן די פיזישע צוזאַמענשטויסן צווישן די ס"ס און בונד, וואָס זיינען שוין דערגאַנגען ביז אַ שיסעריי און האָבן זיך געקאָנט ענדיקן נאָך ערגער.

די פאַרנאַכטן פלעג איך זיין שטענדיק פאַרנומען אויף זיצונגען, אויף קרייזלעך און ווען ס'זיינען ניט געווען קיין זיצונגען איז אויף דער „בירזשע" צווישן יידישע אַרבעטער. איך פלעג זיך אויפמערקזאַם איינהערן אין דעם, ווי פּשוט, לייכט און פאָלקסטימלעך עס רייקדן די „ליטווישע" יידישע אַרבעטער און האָב, דאַכט זיך, ערשט צווישן זיי געגומען באַגרייפן און דערפילן די שיינקייט, איינפאַכקייט און דעם אינעווייניקסטן געזונטן הומאָר פון אונזער מאַמע־לשון. יעדעס מאָל, ווען איך פלעג דערהערן ווי פּשוט אַ יידישער אַרבעטער, אָדער עמיצער פון דעראַרטיקער אינטעליגענץ דריקט אויס אין יידיש געדאַנקען, וואָס איך האָב געקאָנט אויסדריקן בלויז מיט דער פּולער, אָדער טיילווייזער הילף פון רוסיש, האָב איך דערנאָך נאָכגעטראַכט די גענעריקע יידישע ווערטער און זיך באַמיט אַליין צו באַנוצן זיי. ס'איז ביי מיר געוואָרן אַ מין ספּאָרט, און יעדנפאַלס אַ גוטע געוואוינהייט צו האַלטן שאַרף אָנגעשטעלט דעם אויער אויף יעדן פאָלקסטימלעכן אויסדרוק און אים צו פאַרצייכענען אין זכרון.

בייטאָג בין איך ס'רוב ניט געווען פאַרנומען מיט קיין אַרבעט. פלעג איך אָפּזיצן גאַנצענע טעג אויפן ברעג טייך מיט אַ בוך אין האַנט. קיין סך נייע יידישע ביכער זיינען דעמאָלט נאָך ניט געווען, אָבער די ווערק פון אונזערע קלאַסיקער, מענדעלי, י. ל. פּרץ, שלום עליכם האָט מען געקאָנט קריגן אָן באַזונדערע שוועריקייטן. פלעג איך זיי לייענען — באַזונדערס שלום עליכמען — מיט אַ גאַנץ נייעם אינטערעס און אויפמערקזאַמקייט און האָב זיך באַמיט ביים לייענען זיי צו טראַכטן און נאָכטראַכטן אויף יידיש. (געוויינלעך האָב איך דעמאָלט און אַ היפּשע צאָל יאָרן נאָכדעם געטראַכט אויף רוסיש).

אָבער מיינע וויכטיקסטע יידישע לערער זיינען פונדעסטוועגן פאַרט געווען די אַרומיקע מענטשן, מיט וועלכע כ׳האָב געפירט געשפּרעכן, מער צוהערנדיק זיך איידער ריידנדיק צו זיי. איינמאָל, געדענקט זיך, האָב איך אויפן ברעג פון טייך באַמערקט אַ פּליט, וועלכן עטלעכע אַרבעטער האָבן געהאַלטן אין צענעמען. וואָס די אַרבעטער האָבן גערעדט צווישן זיך האָב איך ניט איינגעהערט, אָבער „געזידלט״ זיך און אַריינגעלייגט קללות איינער אין דעם אַנדערן אויף אַ זייער גוטמוטיקן אופן האָבן זיי מייסטערהאַפט.

אָבער הגם זיי האָבן זיך איבערגעוואָרפן מיט זידלערייען און קללות אויף אַ געזונטן, יאָדערדיקן יידיש, האָבן זיי, די אַרבעטער, עפּעס גאָר ניט געהאַט קיין יידישן אויסזען: צו גרויס, צו געזונט, אפשר אַפילו צו מגושמדיק. שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט, אַז זיי זיינען טאַקע ניט קיין יידן, נאָר ווייסרוסן, פּאָלעשוקעס, וואָס אַרבעטן אויף פּליטן. זייער יידיש האָבן זיי זיך אויסגעלערנט פון זייערע יידישע שכנים און זיך באַנוצט מיט אים אַזוי פריי, אַז איך האָב זיי געקאָנט נאָר מקנא זיין. איך האָב דעמאָלט געטראַכט: אויב זיי האָבן זיך געקאָנט אויסלערנען אַזאַ געזונטן יידיש, איז פאַרוואָס זאָל איך עס ניט קאָנען. מען דאַרף בלויז האַלטן די אויערן אָפן און זיך איינהערן ווי מען רעדט...

איינשטעלן נאָרמאַלע פריינטלעכע באַציאונגען מיט די פירער פון בונד האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין גרינגער, ווי מען האָט עס מיר פאַרגעשטעלט.

איינמאָל, — דאָס איז געווען אין עטלעכע טעג נאָך מיין קומען קיין פּינסק, — איז מיר אויסגעקומען אַרויסצוטרעטן אין אַן אָוונט אויף אַ דיסקוסיע מיט אַ בונדישן אינטעליגענט אין אַן אָרטיקער שוועבעלעך־פאַבריק. די פאַבריק — האָבן מיר חברים דערציילט — איז געווען „אונזערע״, דאָס הייסט, די מערהייט פון אירע אַרבעטער האָבן געהערט צו אַ מין פּרימיטיוון פאַראיין אָדער פאַבריק־אָרגאַניזאַציע, וואָס איז אָנגעפירט געוואָרן דורך די ס״ס.

בונדיסטן זיינען אויף דער פאַבריק געווען ווייניק, אָבער די עטלעכע בונדיסטן האָבן געפאָדערט אַ דיסקוסיע, און וועלכער מען האָט זיי ניט געקאָנט אָפּזאָגן: אַ דיסקוסיע וועגן דער סאָציאַלער פראַגע בכלל און ספּעציעל וועגן דער בונדישער פּראָגראַם פון נאַציאָנאַל־קולטורעלער אויטאָנאָמיע. די אָרטיקע חברים האָבן געוואַרט אויף מיין קומען, כדי צו דורכפירן די דיסקוסיע.

# אַ גלאָז וואַסער פֿאַרן אָפּאָנענט

די דיסקוסיע איז פֿאָרגעקומען ביינאַכט ערגעץ אין דעם ווערהויז פֿון דער פֿאַבריק, וואו מען האָט געהאַלטן די שוועבל. אויב דער ריח פֿון שוועבל האָט פֿאַרכאַפּט דעם אָטעם פֿון אַ פֿרישן מענטשן אפילו אין דרויסן אַרום דער פֿאַבריק, איז זיך לייכט פֿאָרצושטעלן, ווי שטיקנדיק עס איז געווען אין דעם שוועבל־ווערהויז.

ווען דער עולם האָט זיך פֿאַרזאַמלט האָב איך — אַלס דער פֿאָרשטייער פֿון דער „מערהייט" אין דער פֿאַבריק, באַקומען דער ערשטער דאָס וואָרט און האָב גערעדט, וואַרשיינלעך, אַ מינוט 15־20; דערנאָך האָט באַקומען דאָס וואָרט מיין בונדישער אָפּאָנענט, וועלכער האָט גערעדט אַזוי לאַנג, ביז ס'איז אים טרוקן געוואָרן אין האַלז און אין מויל און איך האָב געפֿילט, אַז אים ווערט אַלץ שווערער אין דער פֿאַרשטיקטער שוועבלדיקער לופֿט צו באַוועגן מיט דער צונג.

ניט טראַכטנדיק וועגן דעם וואָס איך טו, האָב איך אָנגעגאָסן פֿון אַ פֿלאַש אַ גלאָז וואַסער און זי דערלאַנגט מיין אָפּאָנענט. ער האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר און אויף דער גלאָז וואַסער, ווי איך וואָלט אים וועלן עפּעס אָפּטאָן און האָט זיך צו דעם וואַסער ניט צוגערירט. די אַרבעטער אַרום האָבן אויך געוואָרפֿן אויף מיר פֿאַרוואונדערטע בליקן, ניט פֿאַרשטייענדיק צוליב וואָס איך זאָל אַרויסהעלפֿן אַ בונדיסט מיט אַ גלאָז וואַסער, ווען מ'האָט געזען, אַז אים ווערט אַלץ שווערער און שווערער צו ריידן. איך האָב אָבער ווידער צוגערוקט די גלאָז צו דעם רעדנער און האָב אים איבערגעשלאָגן זיין ריידן:

טרינקט אויס אַ ביסל וואַסער, ס'איז דאָך שווער צו ריידן אין דער שטיקעניש.

ער האָט דאָס מאָל מיר געפֿאָלגט, האָט אויסגעטרונקען דאָס וואַסער, האָט מיט באַנייטע כחות ווייטער גענומען ריידן, אָבער עפּעס האָט עס אויסגעזען, ווי ער וואָלט פֿאַרלוירן דעם חשק ווייטער צו דיסקוטירן. ער האָט יעדנפֿאַלס גערעדט נאָך אַ ווײַלע און האָט געענדיקט.

אויף מאָרגן האָט די בירזשע „געקאָכט" מיט דער געשיכטע וועגן דעם, ווי כ'האָב דערלאַנגט אַ גלאָז וואַסער מיין בונדישן אָפּאָנענט גראַד אין דער צייט, ווען ער האָט געהאַלטן אין אַטאַקירן די ס־ס. חברה זיינען ניט געווען געוואוינט צו אַזעלכע זאַכן, האָבן ניט געקאָנט פֿאַרשטיין צוליב וואָס איך האָב „געהאָלפֿן אַ שונא" און האָבן זיך ביי מיר געפּרואווט דערוויסן, וואָס פֿאַר אַ באַהאַלטענעם „מיין" איך האָב דערביי געהאַט. איך ווייס ניט, צי האָבן זיי מיר גלייך געגלויבט, ווען כ'האָב זיי געזאָגט, אַז כ'האָב ניט געהאַט

קיין שום אַנדער מיין, אויסער געבן אַ גלאָז וואַסער אַ מענטשן, וועלכן ס'איז געוועזן זייער שווער צו ריידן אין דער שוועבלדיקער לופט. אָבער די געשיכטע האָט געגעבן אַ געלעגנהייט אַנצוהויבן ריידן מיט די חברים וועגן דער אומדערלאָזבאַרער שנאה, וואָס ס'האָט זיך אַנטוויקלט צווישן זיי און צווישן די בונדיסטן, וועגן זייערע פיזישע צוזאַמענשטויסן, וועגן דעם פאַל, ווען זיי האָבן געשאָסן איינע אין די אַנדערע, און איין חבר, אַן ס־ס־אָוועץ איז פאַרוואונדעט געוואָרן, און וועגן דעם, אַז מען מוז מאַכן אַ סוף צו אַזעלכע באַציאונגען, ווייל זיי קאָנען ברענגען נוצן בלויז אונזערע אמתע שונאים, די באַלעבאַטים און דער פאָליציי.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָב איך זיך געטראָפן מיט מיין בונדישן אָפּאָנענט — זיין נאָמען איז געווען דניאל — אויפן ברעג טייך, פאַרזענלעך באַקענט זיך מיט אים און פאַרפירט אַ געשפרעך וועגן דער נויטיגקייט אָפּצושטעלן די פיזישע צוזאַמענשטויסן צווישן בונד און ס־ס. ער האָט, נאַטירלעך, פאַרזיכערט, אַז אָנגעהויבן די צוזאַמענשטויסן האָבן ניט די בונדיסטן, נאָר די ס־ס'אָוועצעס, נאָר ווער עס זאָל ניט זיין דער ערשטער אָנצוהויבן, האָט ער פונדעסטוועגן איינגעשטימט, אַז דאָס איז אַ ניט־דערלאָזבאַרע און אפילו געפערלעכע דערשיינונג, וואָס דעמאָראַליזירט די אַרבעטער און מוז אָפּגעשטעלט ווערן.

מען דאַרף געדענקען, אַז אין יענע צייטן איז עס געווען גאָר ניט קיין זעלטנקייט, און פאַרקערט, אַ גאַנץ געוויינלעכע זאַך, אַז מיטגלידער פון איין פאַמיליע, לייבלעכע ברידער און שוועסטער זאָלן געהערן צו פאַרשיידענע סאָציאַליסטישע פאַרטייען. די אורזאַך איז ניט שטענדיק געווען א דורכגעטראַכט־אידעאָלאָגישע. אָפטער איז עס אָפּגעהאַנגען פון דעם, וועמענס אַ רעדע מען האָט פריער געהערט, וועלכער רעדנער ס'איז בעסער געפעלן, אָדער וועלכער באַקאַנטער, אָדער באַקאַנטע, ס'האָט פריער איינגעלאַדן צוצושטיין צו זיין קרייזל. אָבער ניט געקוקט אויף דעם זייער שוואַכן באַדן פאַר אידעאָלאָגישע אונטערשיידן פלעגן די קריגערייען, וואָס זיינען אַריבערגעטראָגן געוואָרן פון די פאַרטיי־בירזשעס אין די פאַמיליעס, זיין זייער היציקע — צווישן ברידער און שוועסטער אפשר נאָך היציקערע, איידער צווישן פרעמדע, און ווען ס'איז שוין אויף די בירזשעס דערגאַנגען דערצו, אַז מען זאָל זיך וואַרפן מיט „פּראָוואָקאַטאָר"־באַשולדיקונגען און זיך פיזיש שלאָגן און אפילו שיסן, איז געווען קלאָר, אַז דאָס מוז אין די אַרבעטער־היימען שאַפן אַן אמתן גיהנום.

אין פאַרבינדונג מיט דעם מין „פּאַרטיי־קריגערייען" אויף די בירזשעס דערמאָנט זיך מיר אַ געשיכטע, וועלכע דער פאַרשטאָרבענער ב. וולאַדעק, אַמאָל איינער פון די באַקאַנטסטע אַגיטאַטאָרן פון בונד, האָט מיר איינמאָל דערציילט אין ווילנע:

ער, וולאַדעק, איז געקומען אין א שטעטל (דאַכט זיך, אָשמענע, אין דער ליטע), האָט באַזוכט די דאָרטיקע בונדישע „בירזשע", און ווען מען

האָט אים אָנגעוויזן, אַז ווייטער מיט אַ גאַס געפינט זיך די ס־ס׳ישע „בירזשע״ האָט ער געפרעגט זיינע חברים, ווי זיינען די באַציאונגען מיט די אָרטיקע ס־ס.

— די ס־ס? — האָט אים געענטפערט דער אָרטיקער בונדישער פאָר־שטייער, — מיר איגנאָרירן זיי.

— וואָס הייסט איר איגנאָרירט זיי? — האָט וולאַדעק געפרעגט.

— וואָס הייסט ווי אַזוי? מיר זיינען זיי מכבד מיט שטעקנס, ווען זיי קומען נאָר צו צו אונזער בירזשע...

איך האָב זיך מיט דניאלן צונויפגערעדט, אַז מען מוז איןביידע אָרגאַ־ניזאַציעס דורכפירן אַן אויפקלערונג־אַרבעט קעגן די ניט־דערלאָזבאַרע פאָר־מען פון קריגערייען און אַז מען מוז וואָרענען די, וואָס „ספּעציאַליזירן״ זיך אויף פיזישע צונויפשטויסן, אַז מען וועט קעגן זיי אָננעמען שטרענגע מיטלען, ביז אַרויסוואַרפן פון די פּאַרטייען.

צי אָט דער פּלאַן האָט געווירקט, צי עס האָט געווירקט דאָס, וואָס די מיטגלידער פון בונד און פון ס־ס האָבן אָנגעהויבן אָפּט זען ווי די פאָר־שטייער פון די ביידע אָרגאַניזאַציעס באַגעגענען זיך פריינטלעך, באַגריסן זיך, פירן צווישן זיך געשפּרעכן און קריגן זיך ניט, — נאָר ס׳איז אַ פאַקט, אַז די עפנטלעכע זידלערייען און פיזישע צונויפשטויסן צווישן די מיטגלידער פון ביידע פּאַרטייען האָבן אויפגעהערט און איך האָב וועגן זיי מער ניט געהערט די גאַנצע צייט, וואָס כ׳בין געווען אין פינסק.



אַ שאַרפער צונויפשטויס איז אין יענער צייט געהאַט יאָ פאָרגעקומען מיט דער אַזוי גערופענער לינקער „מאַקסימאַליסטישער״ גרופּע פון די עס־ערן (סאָציאַליסטן־רעוואָלוציאָנערן). די עס־ערן בכלל זיינען געווען אין רוסלאַנד אַ פויערשע פּאַרטיי, אָבער די „לינקע״ עס־ערן־מאַקסימאַליסטן זיינען, אין דעם ידישן תחום יעדנפאַלס, באַשטאַנען פון שטאָטישע גרופּעס, מערסטנס מיט אַ יידישער מיטגלידערשאַפט, מיט אַ שטאַרקער נייגונג צום אַנאַרכיזם און מיט אַנאַרכיסטישע פירונגען.

אין פינסק איז דעמאָלט אויך געווען אַזאַ גרופּע פון עס־ערן מאַקסי־מאַליסטן. איינמאָל האָט פּאַסירט, אַז עמיצער האָט זיך ביינאַכט אַריינגעכאַפּט אין דעם פּלאַץ, וואו ס׳איז געווען באַהאַלטן דאָס געווער פון דער זעלבשוץ און אַוועקגעגנבעט די פּאָר צענדליק רעוואָלווערן וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען. אַן אונטערזוכונג פון די חברים האָט שנעל פעסטגעשטעלט, אַז דאָס איז געווען די אַרבעט פון די עס־ערן מאַקסימאַליסטן. די פּראָבעס צו אַפּע־לירן צו זייערע פירער האָבן צו גאָר ניט געבראַכט: יענע האָבן געלייקנט שטייף און ביין אַז זייער אָרגאַניזאַציע האָט דערמיט געהאַט אַ וועלכע עס איז שייכות.

אָבער דורך די זעלביקע פאַמיליען־פאַרבינדונגען דורך וועלכע די לינקע עס־ערן האָבן זיך דערוואוסט, וואו עס געפינט זיך דאָס געווער פון דער

זעלבשוץ, האָבן מיר זיך דערוואוסט, וואו זיי האָבן באַהאַלטן דאָס צוגעשלעפטע געווער. אין איין נאַכט האָבן זיך עטלעכע מיטגלידער פון די „יונגע ס־ס" אַריינגעכאַפּט אין יענעם פּלאַץ און האָבן פון דאָרטן אַוועקגענומען ניט נאָר דאָס געווער, וואָס יענע האָבן פאַרכאַפּט ביי דער זעלבשוץ, נאָר אויך די „אַמוניציע" פון די לינקע עס־ערן (פּאַטראָנען און אַנדערע זאַכן) און אַפילו זייער אַרכיוו.

אויף מאָרגן זיינען פאַרטרעטער פון די לינקע עס־ערן געקומען אויף דער בירזשע פאָדערן, אַז מען זאָל זיי אומקערן זייער „אייגנס", אַנדערש וועלן זיי זיין געצוואונגען אָנצונעמען די שאַרפסטע מיטלען.

צו קיין „שאַרפסטע" מיטלען איז עס אָבער ניט דערגאַנגען. סוף כל סוף האָט מען זיך צונויפגערעדט; זייער אַרכיוו האָט מען זיי צוריקגעקערט, אָבער זייער אַמוניציע — צוזאַמען מיט דעם געווער, וואָס זיי האָבן געהאַט פאַרכאַפּט, — איז געבליבן ביי דער זעלבשוץ, כדי זיי זאָלן האָבן צו געדענקען.

## דאָס קליינוואַרג אין דער באַוועגונג

איך האָב פריער דערציילט, ווי דער זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציע פון די ס־ס אין פּינסק איז געלונגען צוריקצוקריגן דאָס געווער, וואָס די עס־ערן־מאַק־סימאַליסטן האָבן ביי איר געהאַט פאַרכאַפּט. פאַרגעקומען איז עס אַ דאַנק דער הילף פון די „קליינע ס־ס". ווער זיינען זיי געווען?

מיט די „קליינע ס־ס", פונקט ווי מיט דעם „קליינעם בונד", איז מיר אויסגעקומען צום ערשטן מאָל טרעפן זיך אין פּינסק און שפּעטער בכלל אין ווייס־רוסלאַנד און ליטע. אין דרום־רוסלאַנד, אין אוקראַינע און בע־סאַראַביע, — און איך גלויב, אַז אין קיין אַנדער טייל פון רוסלאַנד — האָט מען וועגן אַזעלכע קינדער־אָרגאַניזאַציעס ניט געוואוסט. און אפילו אין ווייס־רוסלאַנד און ליטע האָבן אַזעלכע גרופּעס עקזיסטירט, דאַכט זיך, בלויז ביי די יידישע פּאַרטייען.

מיר איז, למשל, קיינמאָל אין יענער צייט ניט אויסגעקומען צו הערן וועגן „קליינע פּ.פּ.ס.", „קליינע פּ.ס.ד." אָדער „קליינע" מענשעוויקעס, צי באָלשעוויקעס. מיט איין וואָרט: דער „קליינער בונד" און די „קליינע ס־ס" זיינען געווען אַ כאַראַקטעריסטישע און ספּעציפישע דערשיינונג אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין ווייס־רוסלאַנד און ליטע.

דאָס זיינען ניט געווען קיין ספּעציאַליזירטע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס מיט זייערע אייגענע אויפגאַבן, פּראָגראַמען און רעגולערער פירערשאַפט, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין די שפּעטערדיקע יאָרן. אין ס'רוב פאַלן זיינען דאָס געווען בוכשטעבלעך קינדער־גרופּעס פון 9־10 ביז 14־15 יאָר, ניט מער, ווארעם נאָך 15 יאָר האָט שוין אַ רעוואָלוציאָנער געשטימטער יידישער יינגל אָדער מיידל אין יענע צייטן זיך אַליין גערעכנט פאַר אַ „פאָלנעם מענטש", פאַר אַ דערוואקסענעם, וועלכן ס'וואָלט ניט אָנגעשטאַנען צו פאַרבלייבן אין אַ גרופּע קליינוואַרג.

איך ווייס ניט גענוי, ווי ס'איז געווען ביים „קליינעם בונד", הגם מענטשן, וואָס זיינען געווען גוט באַקאַנט מיט דעם, האָבן מיר דערציילט, אַז ער איז געווען ניט אַנדערש, ווי די „קליינע ס־ס", וואָס האָבן זיך אין אַלץ באַמיט נאָכצומאַכן זייערע דערוואקסענע ברידער און שוועסטער, סיי אין אידעאָלאָגישע „דיסקוסיעס" און אין קאַמף קעגן „אַנדערש־גלויביקע", סיי אין פּראַקטישע אַרבעטן.

איך גלויב, אַז דער אָנהייב פון אָט די „קליינע" גרופּעס האָט זיך

גענומען פון דעם, וואָס די ייִנגערע ברידערלעך און שוועסטערלעך פלעגן אין זייערע היימען זיך איינהערן און צוקוקן צו דעם, וואָס די דערוואַקסענע „ברידער און שוועסטער" רייד̈ן און טוען, פלעגן זיי נאָכמאַכן, פריער אין אַ מין שפּיל, דערנאָך אַלץ ערנסטער. פון די היימען זיינען זיי נאָכגעגאַנגען די דערוואַקסענע אויף די „בירזשעס", פון שפּילן זיך אין דעמאָנסטראַציעס און סטרייקס זיינען זיי ביסלעכווייז איבערגעגאַנגען צום אַקטיוון אָנטייל אין דעמאָנסטראַציעס, סטרייקס און אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג בכלל, אין אַ צייט, ווען די גאַנצע לופט אַרום זיי האָט געאָטעמט מיט רעוואָלוציע.

פּטור ווערן, אַוועקשיקן אָדער אַוועקטרייבן דאָס קליינוואַרג, איז געווען אוממעגלעך. קיין שטראָף־רייד, ניט פון די עלטערן, ניט פון די עלטערע ברידער און שוועסטער, האָבן ניט געהאָלפן. דאָס קליינוואַרג האָט זיך ניט צו שטאַרק באַליידיקט ווען מען פלעגט עס פּרוּוון אַוועקטרייבן. זיי פלעגן זיך ביים טיש איינהערן מיט אָנגעשפּיצטע אויערן און אויפכאַפּן יעדן וואָרט, וואָס איז געווען באַשטימט בפירוש ניט פאַר זיי; זיי האָבן זיך צוגעהערט צו געשפּרעכן ווען מ'האָט זיי ניט באַמערקט, זיי פלעגן נאָכגיין ווי שאָטנס די דערוואַקסענע, אומעטום געווען פול און „גרייט צו דינען". און ווייל זיי זיינען ניט געווען קיין אויסנאַמען, נאָר אין היפּשע צאָלן, איז ניט קיין וואונדער וואָס זיי האָבן זיך גענומען קלעפּן אויך איינער צום אַנדערן און אויסבילדן קליינוואַרג־גרופּעס, „קליינער בונד", „קליינע ס־ס".

מען מוז צוגעבן, אַז הגם דערוואַקסענע פּאַרטיי־מענטשן פלעגן אויף דעם קליינוואַרג צומאָל אָנשרייען, אָדער טרייבן זיי פון זיך, זיינען זיי אָפט געווען גאַנץ נוצלעך און מען האָט זיך אַפילו גערן באַנוצט מיט זייער הילף. באַזונדערס — ווי מאָדנע דאָס זאָל איצט ניט קלינגען — אין פאַלן, ווען מען האָט געדאַרפט דורכפירן עפּעס אַ ריזיקאַלישע אַרבעט, ווי שנעל איבערגעבן ערגעץ אַ צעטעלע, אָדער אַריבערטראָגן געווער, אָדער פאַר־שפּרייטן, צי אויסקלעפּן בלעטלעך, — בכלל טאָן אונטער דער נאָז פון דער פּאָליציי און פון שפּיאָנען אַזעלכע זאַכן, מיט וועלכע ס'איז פאַר דערוואַקסענע בעסער ניט צו וואַרפן זיך אין די אויגן.

דאָס רעוואָלוציאָנערע קליינוואַרג, פון וועלכן מען האָט זיך אין דער היים און אויף דער בירזשע ניט געקאָנט אויסבאַהאַלטן, האָט אָבער ווי אינסטינקטיוו געוואוסט ווי ניט צו וואַרפן זיך אין די אויגן פון וועמען מען דאַרף ניט און דורכצופירן יעדע אויפגאַבע וואָס מען האָט זיי געגעבן.

מען קאָן, פאַרשטייט זיך, ניט זאָגן, אַז אַלע אויפגאַבן, וואָס דאָס דאָזיקע קליינוואַרג פלעגט דעמאָלט דורכפירן, האָבן זיך געקאָנט איינלייגן אין די שטרענגע ראַמען פון געזעץ. אָבער וועגן וואָס פאַר אַ „געזעץ" האָט געקאָנט זאָרגן די דעמאָלטיקע רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג, וואָס איז פאַקטיש גע־שטאַנען אויסערן געזעץ? איז אויב מען האָט ערגעץ, ביי אַ וועלכן עס איז איינגעשפּאַרטן באַלעבאָס, אין פאַל פון אַ סטרייק געדאַרפט אויסזעצן אַ פּאָר שויבן, האָט דאָס קיינער, נאַטירלעך, ניט געקאָנט טאָן מיט אַזאַ חשק און

שנעלקייט און אַזוי גוט, ווי די מיטגלידער פון די „קליינע ס־ס״, אָדער פון „קליינעם בונד״. האָט מען געדאַרפט פון היגטער אַ פלויט מכבד זיין מיט שטיינער אַ סטרייקברעכער, אָדער אַ באַלעבאָס, וואָס סטראַשעט מיט פּאָליציי, צי ענלעכע פאַרשוינען, האָט עס דאָס קליינוואַרג, נאַטירלעך, געטאָן מיטן גרעסטן פאַרגעניגן, — און מען האָט זיי אָפט אפילו גאָר ניט געדאַרפט זאָגן מיטן האַרבן וואָרט וואָס צו טאָן: זיי האָבן שוין אַליין פון די אונטער־געהערטע געשפּרעכן אין די היימען און אויף די בירזשעס געוואוסט וואָס און ווען. זיי פלעגן זיך, חלילה, ניט פּרוואוון אויסדרייען פון אַזעלכע אויפ־גאַבן, — פאַרקערט, זיי האָבן זיך געריסן צו דעם און פלעגן זיי אָפּטאָן בשלימות, אַזוי אַז איך געדענק ניט, אַז ווער עס איז זאָל צוליב דעם ווען עס איז האָבן דורכגעפאַלן.

פאַרשטייט זיך אָבער, אַז אינגאַנצן פאַרלאָזן זיך אויף חברה קליינוואַרג איז געווען אוממעגלעך. איך געדענק פון יענער צייט, למשל, אַ פאַל, ווען ס'איז פאָרגעקומען אַ סטרייק אין עטלעכע פיַנסקער בעקערייען. די בעקער און בעקערינס זיינען געווען ניט פון די גרעסטע גבירים, אַפילו ביי די גרעסערע פון זיי האָבן געאַרבעט ניט מער ווי אַ דריי־פיר אַרבעטער. די פאָדערונגען, וואָס זיינען אַרויסגעשטעלט געוואָרן צו די באַלעבאַטים, זיינען ניט געווען קיין זייער גרויסע. ס'האָט זיך, אויף וויפיל איך געדענק, גע־האַנדלט דערהויפּט וועגן אַ קירצערן אַרבעטסטאָג און בעסערע באַדינגונגען ביי נאַכט־אַרבעט.

אויף איינער פון די זיצונגען מיט די בעקער־באַלעבאַטים האָב איך מיט זיי איינגעטענהט, אַז פון די בעסערע אַרבעט־באַדינגונגען וועלן זיי אַליין מער פּראָפיטירן און קאָנען לעבן אַביסל גרינגער. עס האָט אויסגעזען, אַז נאָך אַ זיצונג און דער סטרייק וועט געוואונען ווערן.

אָבער איינמאָל קומט צו מיר צולויפן איינער פון די בעקער־באַלעבאַטים מיט אַ גוואַלד: מען האָט אים אומגליקלעך געמאַכט, אַוועקגעקוילעט. וואָס איז געשען? איין קליניקייט: עמיצער, „אוודאי אייערע אחדותניקעס״ (אַזוי פלעגט מען דעמאָלט רופן סטרייקערס), האָט אים אַריינגעגאָסן קעראָסין אין עטלעכע דייזשעס מיט טייג, — און איצט דאַרף ער אַרויסוואַרפן ניט נאָר די טייג, נאָר די דייזשעס אויך, ווייל ס'וועט שמעקן מיט קעראָסין אויף שטענדיק... און וואו זאָל ער נעמען געלט אויף נייע דייזשעס? ער וועט מוזן פאַרמאַכן די בעקעריי און זיך לאָזן גיין איבער די הייזער...

איך געדענק שוין ניט, צי האָט ער טאַקע פאַרמאַכט די בעקעריי און געגאַנגען איבער די הייזער. די אַרבעטער, וואָס האָבן געסטרייקט ביי אים, זיינען אויך געווען שטאַרק אויפגעבראַכט איבער דעם שטיקל ארבעט מיט אָנגיסן קעראָסין אין די דייזשעס מיט טייג. איך האָב געוואוסט, אַז קיינער פון דעם סטרייק־קאָמיטעט האָט עס ניט געטאָן און קיינעם ניט געהייסן טאָן. און ווער־זשע האָט עס אָפּגעטאָן?

דאָס האַרץ האָט מיר געזאָגט, אַז דאָס האָט אָפּגעטאָן עמיצער פון אונ־

זער קליינוואַרג, וואָס איז אומעטום געווען פול און האָט אַרויסגעוויזן אַ גרויסן אינטערעס צום סטרייק. ווען כ'האָב געגומען אויפן צימבל טעלעבע פון זייערע אָנפירער האָבן זיי אַזוי אומשולדיק געקוקט, ניט וויסנדיק פון וואָס צו זאָגן און אַזוי ענערגיש געלייקנט, אַז זיי ווייסן ווער דאָס האָט געטאָן, אַז זיי האָבן מיך איבערצייגט, אַז.... זיי זיינען בעסערע „קאָנספּיראַ־טאָרן״, איידער די דערוואַקסענע.

שפּעטער, ווען דער סטרייק איז שוין לאַנג געווען געענדיקט, האָב איך זיך צופעליק דערוואוסט, אַז די אַרבעט האָבן טאַקע אָפּגעטאָן אַ פּאָר 10־12־יאָריקע יינגלעך פון די „קליינע ס־ס״, און אַז דער אינסטרומענט, מיט וועלכן זיי האָבן דורכגעפירט די „אַרבעט״, איז געווען אַ גומענע ספּרינצאָווקע (אַ שפּריצער), וואָס זיי האָבן אָנגעפילט מיט קעראָסין און אַריינגעשפּריצט דערמיט דורך אַן אָפענעם פענצטער אין די באַק־דייזשעס...

אַ צווייטן מאָל, געדענק איך, האָב איך געהאַט צרות מיט אַ סטרייק פון היטל־מאַכער, אַ פּאָר וואָכן פאַר סוכות. די אַרבעטער, וואָס האָבן שוין געהאַט אָפּגעמאַכט צו סטרייקן און צוגעגרייט די בויטיקע פאָדערונגען, זיינען איינ־מאָל געקומען צו מיר אויף דער בירזשע און האָבן געגומען בעטן זיך (פּונקט ווי כ'וואָלט זיי געצוואונגען פון בית דין), אַז דער סטרייק זאָל אָפּגעלייגט ווערן אויף נאָך יום טוב.

— אָבער דעמאָלט וועט דאָך ניט זיין קיין אַרבעט, איז ווי וועט איר סטרייקן ? — האָב איך זיי געפרעגט.

— איר פאַרשטייט, — האָט מיר איינער דערקלערט, — איצט סטרייקן איז אַן עבירה, ס'איז דאָך דער סאַמע סעזאָן, אויף וועלכן די באַלעבאַטים וואַרטן אַ גאַנצן יאָר...

דער סטרייק איז דעמאָלט טאַקע ניט פאָרגעקומען, ווייל דער „מיט־געפיל״ פון די אַרבעטער צו די באַלעבאַטים (זיי האָבן מסתמא אַליין דער־וואַרט מיט דער צייט צו ווערן באַלעבאַטים) איז געווען צו גרויס. אָבער ווען איך בין געגאַנגען נאָכן געשפּרעך מיט די אַרבעטער פון דער בירזשע איז צו מיר צוגעקומען אַ מיטגליד פון די „קליינע ס־ס״, אַ בחורל פון אַ יאָר 13־14, און מיט היץ גענומען מיט מיר איינטענהן, אַז מען טאָר ניט נאָכגעבן די... אַרבעטער, אַז דער סטרייק מוז פאָרקומען און קאָן געוואונען ווערן און אַז ער ווייסט ווי מען קאָן מאַכן, אַז די באַלבעאַטים זאָלן שנעל נאָכגעבן און דער סטרייק זאָל זיך ניט פאַרציען און זיי זאָלן ניט פאַרלירן דעם סעזאָן אַרבעט.

— פון וואַנען ווייסטו דאָס אַלץ ? — האָב איך אים געפרעגט.

— ווייל איך בין אַ לערן־יינגל אין איינער פון די מייסטערסקאַיעס (שע־פּער)...

ער האָט מיר דערציילט, אַז כאָטש די דערוואַקסענע אַרבעטער האָבן ניט קיין חשק צו סטרייקן, אייניגע פון זיי זיינען קרובים פון די באַלעבאַטים, זיינען אָבער די לערן־יינגלעך, מיט וועלכע ער האָט גערעדט, גרייט צו

סטרייקן כאָטש די מינוט, און אַז דער בעסטער מיטל צו צווינגען די באַלע־באַטים, אַז זיי זאָלן שנעל נאָכגעבן, איז... אָנצוגיסן אַ ביסל אָלים (שוועבל־זויערקייט) אויף די שטיקער היטל־געוואַנט אין אַ פּאָר פון די גרעסערע מייסטערסקאַיעס...

דורכצופירן אַ סטרייק קעגן דעם ווילן פון די אַרבעטער איז, פאַרשטייט זיך, געווען אומזיניק, און סיי דער סטרייק, סיי דער פּלאַן פון דעם יונגן לערן־ייִנגל האָט געמוזט אויפגעגעבן ווערן. אַלס אַ מין קאָמפּענסאַציע פאַר די אומצופרידענע לערן־ייִנגלעך, וואָס האָבן בשום אופן ניט געקאָנט פאַר־שטיין, פאַרוואָס „איר האָט רחמנות אויף די סטרייקברעכער", האָט דער קאָמיטעט באַשלאָסן צו גרינדן אַ ספּעציעלע אָרגאַניזאַציע פון לערן־ייִנגלעך, ניט נאָר פון קירזשנער, נאָר פון אַלערליי פאַכן, מיט באַזונדערע גרופּעס, אַ סכאָדקע (אַ פאַרטרעטערשאַפט פון אַלע גרופּעס) און אפילו מיט אַ פּאָר־שטייער אין דער אַלגעמיינער, שטאָטישער סכאָדקע און אָנפירן צווישן זיי זעלבסטבילדונג־קורסן.

# יאַטלעך אַנטדעקן „יידישע קאָזאַקן"

דאָס יידישע קליינוואַרג אין צאַרישן רוסלאַנד פון מיט אַ האַלבן יאָר־הונדערט צוריק, אָנהויבנדיק אין דעם כמעט אומגלויבלעכן עלטער פון 10־9 יאָר און אוודאי שוין אין די „עלטערע" יאָרן פון 14־15, האָט זיך געריסן צו באַטייליקן זיך און מיט עפּעס זיין נוצלעך אין דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג.

מיט דעם וויל איך, פאַרשטייט זיך, ניט זאָגן, אַז דאָס גאַנצע יידישע קליינוואַרג איז אַזוי געווען. קינדער פון באַלעבאַטישן שטאַנד, אַזעלכע וואָס האָבן ניט געליטן פון טעגלעכער כמעט הונגער־נויט און האָבן אין זייערע היימען ניט געהאַט קיין ביישפּיל אין די עלטערע ברידער און שוועסטער, זיינען — הגם אויך מיט געוויסע אויסנאַמען — טאַקע געבליבן אויסער דער באַוועגונג. אָבער קינדער פון אָרעמע פאַמיליעס, באַזונדערס פון אַרבעטער־פאַמיליעס, וואו מען האָט אָפט געהערט וועגן סטרייקס, וועגן שלעכטע באַלעבאַטים, וועגן דעמאָנסטראַציעס און אַרעסטן, האָט עס ווי אַ מאַגנעט געצויגן צו דער באַוועגונג און קוים האָבן זיי דערפילט איר טעם און אַריינגעצויגן געוואָרן אין שטראָם לויט זייער פאַרשטאַנד, נאַטירלעך, האָבן זיי פאַרלוירן יעדע מורא און ס'איז שוין ניט געווען קיין זאַך וואָס זיי זאָלן ניט רייסן זיך צו טאָן.

אין האַרבסט פון 1906 איז אין פּינסק אַראָפּגעקומען אַ ראָטע קאָזאַקן. מען האָט זיי געבראַכט הויפּטזאַכלעך כדי צו שטראָפן די אַרומיקע פּויערים און אָפּשטעלן זייערע אָנפאַלן אויף די פּריצישע פּולוואַרקן. אָבער אין שטאָט האָט זיך באַלד פאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז מען האָט אַראָפּגעבראַכט קאָזאַקן ספּעציעל כדי צו מאַכן אַ מיליטערישן פּאָגראָם. געווען איז דאָס שוין נאָך דעם האָמליער און שעדליצער פּאָגראָמען פון יענעם יאָר, וואָס האָבן בפירוש שוין געטראָגן אַ פּאָליצייאיש־מיליטערישן און ניט קיין געוויינלעך כוליגאַנישן כאַראַקטער.

די דאָזיקע קלאַנגען זיינען געווען אַזוי שטאַרק, אַז שטאָטישע באַלע־באַטים האָבן געגעבן גרויסע „מתנות" דעם פּאָליצמייסטער, אַז ער זאָל צו קיין פּאָגראָם ניט דערלאָזן. דער פּאָליצמייסטער האָט די „מתנות" גענומען „מיטן גרעסטן כבוד", צוגעזאָגט צו טאָן, וואָס „ער וועט קאָנען", אָבער גלייכצייטיק געוואָרנט די באַלעבאַטים, אַז אויב די קאָזאַקן וועלן מוזן אַרויסגעשיקט ווערן קעגן „די יונגע יקדן", וועט ער שוין דאָ גאָרניט קאָנען העלפן.

געוויסע היציקע עלעמענטן אין די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציעס זיינען געווען גרייט צו פאַרלויפן די קאָזאַקן דעם וועג און אויפרייסן זייער קאַזאַרמע, כדי צו ווייזן זיי, אַז מען האָט פאַר זיי ניט מורא. דאָס וואָלט דעמאָלט,

באַטירלעך, געווען דער זיכערסטער וועג באמת צו האָבן אין פינסק אַ מיליטע־רישן פּאָגראָם — און מיר האָבן באַצייטנס אָפּגעשטעלט אפילו דאָס פּלאַפּלען וועגן אַזאַ פּלאַן. אָנשטאָט דעם איז באַשלאָסן געוואָרן צו פּרובירן איינ־שטעלן אַ פאַרבינדונג מיט די קאָזאַקן. זיכער האָבן צווישן זיי אין אַזאַ צייט, ווי ס'איז דעמאָלט געווען, געמוזט זיין מער באַוואוסטזיניקע, פיליכט אַפילו רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן, מיט וועלכע מען זאָל קאָנען ריידן. אָבער ווי קומט מען צו צו די קאָזאַקן?

איינמאָל קומען צו מיר אַ פּאָר פון די „יונגע ס־ס", יינגלעך פון 12־13 יאָר, און דערציילן מיר, אַז די קאָזאַקן זיינען... יידישע. דאָס האָט מיר, באַטירלעך, אויסגעזען ווי אַ ווילדע יינגלשע פאַנטאַזיע. אָבער די קינדער זיינען געווען ערנסט און זיינען באַשטאַנען אויף זייערס. איינעם פון זיי, שטעלט זיך אַרויס, האָט אַ קאָזאַק אָפּגעשטעלט אין גאַס און האָט אים געפרעגט וואו עס געפינט זיך אַ יידישע שול און צי וועט ער דאָרטן קאָנען זאָגן קדיש...

— האָט ער צו דיר גערעדט יידיש? — האָב איך דעם יינגל האַלב־שפּאַסיק איבערגעפרעגט.

— ניין, ער האָט צו מיר גערעדט עפּעס אַ מאָדנעם גויאיש. אָבער דאָס וואָרט „קאַדיש" האָט ער געזאָגט אויף יידיש...

איך האָב זיך דערמאָנט, אַז נאָך אין מיין היימשטאָט, ביקאָלאַיעוו, וואו ס'איז שטענדיק איינגעשטאַנען אַ פּאָלק דאָנער קאָזאַקן, כדי צו האַלטן „אין אָרדענונג" די אָרטיקע פאַבריק־אַרבעטער און מאַטראָסן, האָב איך געהערט, אַז אין די קאָזאַקישע געגענטן, אויפן דאָן, זיינען פאַראַן גאַנצע דערפער פון „יודעיסטוואָאיושטשיע", דאָס הייסט, פון פּויערים, צי קאָזאַקן, וואָס האַלטן זיך פאַר יידן, געהערן יעדנפאַלס צום יידישן גלויבן. איז אפשר מעגלעך, אַז צווישן דער קאָזאַקישער ראָטע געפינען זיך טאַקע אַזעלכע יידן?

אָבער ווי געפינט מען עס אויס אויף זיכער? טאַקע די צוויי יינגלעך, וואָס זיינען מיר געקומען דערציילן וועגן די „יידישע קאָזאַקן", האָבן זיך אַרויסגערופן אויסצוגעפינען עס. זיי האָבן שוין געפונען אויסריידן אַרומ־צודרייען זיך אַרום דער קאָזאַקישער קאַזאַרמע און פאַרפירן אומשולדיקע געשפּרעכן מיט די קאָזאַקן; זיי האָבן געפונען דעם קאָזאַק, וואָס האָט איינעם פון זיי געפרעגט וואו מען קאָן זאָגן קדיש, זיי האָבן אים אַפילו געבראַכט צום רב און אין שול, צו דער גרויסער פאַרוואונדערונג פון די שול־יידן, וואָס האָב זיך קודם־כל דערשראָקן, דערזעענדיק אַ קאָזאַק אין שול, און דערנאָך בשום אופן ניט געקאָנט פאַרשטיין, ווי אַזוי אַ קאָזאַק קומט צו זאָגן קדיש.

דער רעזולטאַט פון דעם אַלעמען איז געווען, אַז איך האָב זיך מיט דעם קאָזאַק באַקענט. האָב זיך דערוואוסט, אַז אין דער ראָטע זיינען פאַראַן נאָך עטלעכע יידישע קאָזאַקן און ס'איז געלונגען צו פאַרפירן מיט זיי געשפּרעכן וועגן דעם, צוליב וואָס זיי געפינען זיך אין פינסק. די „יידישע" קאָזאַקן

האָבן געזאָגט, אַז געשיקט געוואָרן קיין פּינסק זיינען זיי צוליב די אָרעמיקע פּויערים, וואָס פירן זיך ניט „פּאָ־זאַקאָנו" (געזעצלעך), ראַבעווען און צינדן אונטער פּריצישע הייזער און שייערן און זיינען קעגן דעם קייסער. אָבער, האָבן די קאָזאַקן דערציילט, מען האָט זיי געזאָגט, אַז אין פּינסק זיינען פאַראַן אַ סך „מאָלאָדיע יעווריעיאי" (יונגע יידן), וואָס האַלטן זיך אויך אין איין בונטעווען קעגן צאַר און דאָס — האָט דער פרומער קאָזאַק, וואָס האָט געזאָגט קדיש אין שול, צוגעגעבן גאַנץ „יִדישלעך", — איז גאָרניט קיין עסק פאַר „אָנשטענדיקע" יידן.

ווען איך האָב זיי פאַרזיכטיק און ביסלעכוויז דערציילט, אַז די יידישע באַפעלקערונג לעבט אונטער דער דראָאונג פון פּאָגראָמען און אַז מען רעדט צווישן יידן, אַז די קאָזאַקן זיינען געקומען העלפן דער פּאָליציי צו מאַכן אַ פּאָגראָם, האָבן די „יידישע" קאָזאַקן פאַרזיכערט, אַז וועגן דעם קאָן קיין רייד ניט זיין, אין קיין פּאָגראָם וועלן זיך די קאָזאַקן ניט באַטייליקן און וועלן אים ניט דערלאָזן, זיי וועלן דערשיסן ווי הינט די, וואָס וועלן זיך דערוועגן פּאָגראָמירן יידן, אָבער אויב די „יידישע יונגעלייט" וועלן זיך בונטעווען און מאַכן אומאָרדענונגען אויף די גאַסן „קעגן דעם קייסער", זאָלן זיי קיין פּאַראַיבל ניט האָבן: מען וועט זיי שלאָגן מכת רצח, „פּאָטאָמו — פּריסיאַגאַ" (ווייל זיי האָבן געשוואָרן דעם קייסער)...

די דאָזיקע ערשטע פאַרבינדונגען מיט די עטלעכע יידישע קאָזאַקן זיינען געווען אַ וויכטיקער געווינס. אָבער וועגן קיין רעוואָלוציאָנערע עלעמענטן צווישן די „גויאישע" קאָזאַקן האָבן מיר זיך פון זיי ניט געקאָנט דערוויסן, ווייל זיי אַליין זיינען געווען פּאָליטיש זייער אָפּגעשטאַנען. מיר האָבן זיך אָבער דערוואוסט ווי זיי לעבן אין דער קאַזאַרמע, אויף וואָס זיי קלאָגן זיך, ווי עס לעבט זיך זיי אינדערהיים, ווען די קאָזאַקן האָבן אַ פרייערע צייט און גייען אַרויס פון קאַזאַרמע, און ס'איז באַשלאָסן געוואָרן צו פאַרשפּרייטן אַרום דער קאַזאַרמע בלעטלעך, וואָס זאָלן אויפקלערן די קאָזאַקן זייער ראַליע און זייערע אמתע אינטערעסן.

מיר האָבן אָפּגעדרוקט אַ קורץ רוסיש בלעטל מיט אַ ספּעציעלער ווענדונג צו די קאָזאַקן, און די זעלביקע צוויי ייִנגלעך, וואָס האָבן אַנטדעקט דעם קדיש־זאָגער צווישן די קאָזאַקן, האָבן זיך אונטערגענומען, — זיי האָבן זיך אָנגעכאַפּט אין דער דערלויבעניש — צו פאַרשפּרייטן זיי אַרום דער קאַזאַרמע.

איינמאָל קומט צולויפן אויף דער בירזשע דער עלטערער פון די צוויי ייִנגלעך און דערציילט מיר דערשראָקן, מיט זייער אַ קאָנספּיראַטיווער מינע, אָבער קוים איינהאַלטנדיק זיך פון וויינען, אַז נאָכדעם ווי זיי ביידע האָבן צעשטעקט בלעטלעך אַרום דער קאַזאַרמע, האָט אַ גאָראָדאָוואָי זיי באַמערקט און גענומען זיי נאָכיאָגן. אים איז געלונגען צו אַנטלויפן. אָבער זיין חבר — חיימקע, דאַכט זיך, האָט ער געהייסן, — האָט ער מורא, אַז דער גאָראָדאָוואָי האָט אים געכאַפּט, ווייל ער האָט געהערט, ווי יענער האָט גענומען וויינען און שרייען מיט באַנומענע קולות.

איך ווייס ניט, ווי כ׳וואָלט אין אַן אַנדער צייט געפּילט. דעמאָלט אָבער האָב איך אַפילו ניט אַ טראַכט געטאָן, אַז דער קליינער ייִנגל, וואָס האָט אין זיינע 12־13 יאָר אויסגעזעז ווי אַ צען־יאָריקער, קאָן אַרויסגעבן מיך, אָדער אַנדערע חברים, אויב מען וועט אים נעמען שלאָגן אין דער פּאָליציי. עפּעס איז ביי מיר געווען אַ זיכערקייט, וועלכע האָט מיך טאַקע ניט אָפּגענאַרט, אַז דער ייִנגל וועט זיך גיכער לאָזן ממיתן איידער אָנרופן אַ וועלכן עס איז נאָמען. אָבער צוליב דער מורא, אַז מען זאָל דעם ייִנגל ניט צעקאַליעטשען אין דער פּאָליציי, האָב איך געהאַט באַשלאָסן צוזושיקן עמיצן צו אהרן לוריען, אַז ער זאָל אויסנוצן זיין איינפלוס, אַז מען זאָל דעם ייִנגל אָפּלאָזן.

אָבער איידער עמיצער איז נאָך אַוועק צו לוריען, האָט זיך חיימקע באַוויזן אויף דער גאַס פון דער בירזשע. אַ היפּש צעשויבערטער, אַביסל אַן אויפגערעגטער, אָבער ניט פיל מער ווי געוויינלעך. ער האָט זיך געהאַלטן „קאָנספּיראַטיוו", איז גלייך ניט צוגעגאַנגען ניט צו מיר, ניט צו עמיצן אַנדערש פון די דערוואקסענע חברים, און האָט זיך „אומשולדיק" אַרומ־געדרייט אויף דער אַנדער זייט פון דער גאַס. און ווען איך האָב אים שפּעטער גענומען אויף אַ „פאַרהער" און אים אויסגעפרעגט, וואָס מיט אים איז פאָרגעקומען, האָט ער מיר דערציילט, אַז נאָכדעם ווי ער מיט זיין חבר האָבן צעשטעקט און צעוואָרפן די בלעטלעך, האָט אַ גאָראָדאָוואָי אים טאַקע גענומען נאָכיאָגן און האָט אים געפּאַקט.

— איז וואָס האָסטו געטאָן ?

— איך האָב געמאַכט גוואַלדן.

— און וואָס האָט דער גאָראָדאָוואָי געטאָן ?

— ער האָט מיר געהייסן שווייגן, אַניט וועט ער מיך הרגענען, און האָט מיך געשלעפּט פאַרן קאָלנער.

— און וואָס איז ווייטער געווען ?

— האָב איך געמאַכט נאָך גרעסערע גוואַלדן און געשריען „מאַמע".

— און וואָס איז געווען אין דער פּאָליציי, האָט ער דיך געבראַכט אַהין ?

— ניין, ער האָט מיך אַהין ניט געבראַכט, ווייל איך האָב געמאַכט אַלץ גרעסערע גוואַלדן. ביז ער איז אין כעס געוואָרן און האָט מיר געגעבן אַ פראַסק און אַ שפּיי געטאָן און האָט מיך אָפּגעלאָזן.

— האָסטו געקראָגן אַ שטאַרקן קלאַפּ ? טוט דיר עפּעס ווי ?

— ווער, איך ? — דער ייִנגל האָט אויף מיר אַ קוק געטאָן מיט אַזאַ „פאַרניכטנדיקן" בליק, ווי איינער זאָגט : וואָס פאַר אַ ווערט האָט ביי מיר אַ קלאַפּ און ווי קאָן מיר וויי טאָן אַ קלאַפּ פון עפּעס אַ גאָראָדאָוואָי ?...

אָט אַזעלכע זיינען זיי געווען, די קינדער פון יענער צייט, וואָס האָבן דערפילט דעם פּלאַם פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג. וועגן יענע קינ־דער קאָן מען זאָגן, אַז דער דור, צו וועלכן זיי האָבן געהערט האָט ניט געדאַרפט „פאַרלירן די מורא", — זיי זיינען, ווי לכתחילה געבוירן געוואָרן אָן מורא. און ביי מיר איז קיין צווייפל ניטאָ, אַז פיל פון זיי, וואָס זיינען

אין 1905־1906 געווען קליינוואַרג פון צווישן 9 און 14 יאָר, זיינען אין 10־11 יאָר אַרום, אין 1917, געווען צווישן די, וואָס האָבן זיך מיט לייב און לעבן אַריינגעוואָרפן אין דער סאָציאַליסטישער רעוואָלוציע, אומאָפּהענגיק פון זייער פריערדיקער „אידעאָלאָגישער" אָנגעהעריקייט צו די „קליינע ס־ס", אָדער צום „קליינעם בונד", אָדער צו וועמען עס איז...

פונדעסטוועגן האָט מען צו די דאָזיקע חברה־לייט אַמאָל געמוזט אָנ־נעמען שטרענגערע מיטלען. איינמאָל, געדענק איך, ווען כ'בין געזעסן אויפן ברעג פון טייך און האָב וועגן עפּעס געשמועסט מיט דעם אָרטיקן בונדישן „פּראָפּעסיאָנאַל", האָבן מיר באַמערקט, ווי ניט ווייט פון אונז טומלט זיך עפּעס אין אַ גאַנץ היפּשן רעדל פון עטלעכע צענדליק ייִנגלעך און אַ קליינער צאָל מיידלעך. צוקוקנדיק זיך נאָענטער צו זיי האָבן מיר דערקענט צווישן דער טומלדיקער חברה מיטגלידער פון „קליינעם בונד" און „קליינע ס־ס", וואָס אַמפּערן זיך וועגן עפּעס, — וואַרשיינלעך וועגן דעם, וועמעס פּאַרטיי איז אַ גרעסערע, אָדער וועמעס „פּאַרשטייער" איז אַ בעסערער רעדנער. אָבער ביסלעכווייז האָט זיך דער טומל פאַרשאַרפט, ס'האָבן זיך דערהערט קוויטשיקע געשרייען און איבער די קעפּ פון די קינדער האָבן זיך באַוויזן שטעקנס און שטעקלעך, מיט וועלכע זיי האָבן זיך גענומען שלאָגן — אַ מין פאָרזעצונג פון דער „דיסקוסיע". מיר האָבן זיך אַ לאָז געטאָן צו די קינדער, אָפּגעשטעלט דעם געשלעג, שאַרף אויסגערעדט זייערע אָנפירער, און איך — זאָל מיר גאָט מוחל זיין פאַר דער גרויסער עבירה, — האָב פאַר די אויגן פון דעם איינגעשטילטן קליינוואַרג, אַרויסגעפירט פאַרן אויער דעם „אָנפירער" פון די „קליינע ס־ס", — יעדנפאַלס דעם, וואָס האָט מער געטומלט און ענערגישער געאַרבעט מיט זיין שטעקל, — און האָב אים מיטן האַרבן וואָרט אָנגעזאָגט, אַז אויב דאָס וועט זיך נאָכאַמאָל איבערחזרן וועלן ניט ער, ניט קיינער פון די וואָס האָבן זיך געקריגט און געשלאָגן, מער ניט צוגעלאָזט ווערן צו דער בירזשע...

דער ייִנגל איז, נעבעך, אַוועק מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ און אויף די איבעריקע ייִנגלעך — מען קאָן זאָגן, קינדער, — האָט עס, ווי ס'האָט אויסגעזען, געמאַכט אַ געהעריקן איינדרוק.

איך האָב שפּעטער געפּרואווט צונויפרעדן זיך מיט דעם בונדישן פאָר־שטייער, אַז מען וואָלט געדאַרפט אַריינטראָגן מער טאָלק און פּלאַנמעסיקייט אין דער אָרגאַניזאַציע פון דער קינדער־יוגנט. איך האָב אַפילו געהאַט אַ פּלאַן, וועגן אָרגאַניזירן סיי די קליינע ס־ס", סיי די „קליינע בונדיסטן" אין קינדער־קרייזלעך, וואָס זאָלן זיין פריי פון פּאַרטיי־רייסערייען. אָבער פון דעם פּלאַן איז גאָרניט אַרויסגעקומען, ערשטנס ווייל מיר האָבן דעמאָלט ניט געהאַט קיין יוגנט־אָרגאַניזאַטאָרן, וואָס זאָלן זיך ספּעציעל קאָנען פאַר־נעמען מיט דורכפירן די נויטיקע דערציאונג־אַרבעט צווישן די קינדער; און צווייטנס, ווייל די לאַגע האָט זיך אינגיכן געענדערט אַזוי, אַז כ'האָב געמוזט פאַרלאָזן פּינסק.

# אַ „גאַראַדראָוואָי" אין שול

די מיליטערישע פּאָגראָמען אויף יידן, וואָס זיינען פאָרגעקומען אין זומער אין האַרבסט פון 1906 אין אַ צאָל שטעט, באַזונדערס אין ביאַליסטאָק און שעדליץ, האָבן אָנגעיאָגט אַ מרה־שחורה אויף דער יידישער בעפעלקע־רונג. די האָפנונגען אויף אַ פרייערן לעבן, וואָס זיינען געשאַפן געוואָרן אין 1905 און די אילוזיעס, וואָס די יידישע בורזשואַזיע האָט פאַרשפּרייט וועגן דער ערשטער צאַרישער דומע פון 1906, אַז זי וועט אויסהיטן די יידן פון פּאָגראָמען און וועט זיי גאַראַנטירן די עלעמענטאַרסטע מענטשלעכע רעכט פון פרייער באַוועגונג, פון פרייער באַשעפטיקונג און פון לערנען זיך, האָבן שנעל גענומען צערינען, — ספּעציעל נאָכדעם, ווי די צאַרישע רעגירונג האָט אין יולי 1906 צעטריבן די ערשטע דומע און האָט אָרגאַניזירט פּאָ־גראָמען נאָך בעת די דומע האָט אָפּגעהאַלטן אירע זיצונגען.

דער רעזולטאַט פון די דאָזיקע אַנטוישונגען איז געווען אַ גוואַלדיק גרויסער וואוקס פון דער יידישער עמיגראַציע־כוואַליע. יעדן טאָג פלעגט מען זיך דערוויסן, אַז נאָענטע באַקאַנטע און פריינט האָבן, ניט דערציילנדיק פריער קיינעם וועגן זייערע פּלענער, פּלוצלינג זיך אויפגעהויבן פון אָרט, ליקווידירט זייערע היימען און זיינען אַוועקגעפאָרן.

וואוהין? ניט פון אַ קלענערער שטעטל אין אַ גרעסערן, נאָר פון די קליינע שטעטלעך און די גרויסע שטעט — קיין אַמעריקע. עס איז דעמאָלט געשאַפן געוואָרן אַ ווערטל, וועלכן כ'האָב אין די קומענדיקע פּאָר יאָר זייער אָפט געהערט, אַז פון איין עק שטאָט ביז אַמעריקע איז נאָענטער, איידער ביזן צווייטן עק שטאָט. עס האָט געהייסן, אַז קוים האָט מען זיך שוין אויפגעהויבן פון אָרט, איז וואָס וועט מען גיין זוכן גליקן אין דער זעלביקער שטאָט, — מען וועט שוין בעסער פאָרן קיין אַמעריקע, וואו די צאָל לאַנדסלייט, באַקאַנטע, קרובים צו וועלכע מען האָט געהאַט אַדרעסן, האָט זיך געהאַלטן אין שנעלן מערן.

ווי דאָס האָט זיך אָפּגערופן אויף דער אַרבעט פון די סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס איז ניט שווער פאַרצושטעלן זיך. פאַרשטייט זיך, ניט אַלע זיינען אַוועקגעפאָרן. אַ סך האָבן ניט געוואָלט, אָדער ניט געקאָנט פאָרן און זיינען פאַרבליבן אויף זייערע ערטער. אָבער די פאַרבליבענע האָבן זיך געפילט עפּעס ווי איבערגעלאָזן אַליין פאַר גרעסערע שוועריקייטן. די צרה איז נאָך דערצו געווען, וואָס צוזאַמען מיט די פאַמיליעס איז אַוועקגעפאָרן אַ גרויסע צאָל פון דער אונטערוואַקסנדיקער יוגנט, — פון דער, וואָס האָט

פאַר קיין זאַך ניט מורא געהאַט, וואָס האָט אָנגעפילט די אַרבעטער־באַוועגונג מיט יוגנטלעכן ענטוזיאַזם און פאַר וועלכער קיין אַרבעט איז ניט געווען צו־שווער.

צום סוף האַרבסט פון 1906 איז די לאַגע אין פינסק, למשל, וואו ס'האָט אינגאַנצן מיט עטלעכע חדשים פריער ממש „געקאָכט" אויף די אַרבעטער־בירזשעס, געוואָרן אַזאַ, אַז כמעט פאַר יעדער אַרבעט, וואָס מען האָט אונטערגענומען — פאַר אַ סטרייק, צי פאַר דער אָרגאַניזירונג און אָנהאַלטונג פון אַ פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין (יוניאָן) פאַר דער זעלבשוץ, אָדער פאַר פאַרשיידענע פאַרבינדונגען מיט אונטערערדישע אַרבעטן, מיט די אַרומיקע פּויערים, האָבן געפעלט מענטשן. וואו איז דער? וואו איז יענער? ניטאָ. אַוועקגעפאָרן. ער האַלט ביים אַוועקפאָרן...

אָרגאַניזאַציעס, — ספּעציעל די יוניאָנס, וואָס מען האָט מיט אַזוי פיל מי געשאַפן, האָבן זיך גענומען צעפאַלן, און אַז מען האָט זיי צוריק אויפגעשטעלט איז ניט געווען קיין זיכערקייט, אַז זיי וועלן זיך לענגער האַלטן. צווישן דעם עולם האָט זיך גענומען פאַרשפּרייטן אַ געדריקטע שטימונג, און דאָס, וואָס אַ סך פון אַקטיווע חברים, אַפילו אַרבעטער, זיינען משפּחהדיק געווען פאַרבונדן מיט דער בורזשואַזיע, וואָס האָט ממש גענומען פאַרשפּרייטן אַ פּאַניק, האָט, נאַטירלעך, קיין גוטס ניט געטאָן. אין אַ געוויסן זינען איז עס געווען ווי אין אונזער היינטיקער אַמעריקע. מענטשן, וואָס האָבן זיך, דאַכט זיך, קיינמאָל ניט אויסגעצייכנט מיט קיין איבעריקער אַקטיווקייט און האָבן זיך בלויז אַרומגעדרייט אַרום מענטשן וואָס טוען עפּעס, האָבן דערפילט אַז „זייער צייט" איז געקומען. זיינען זיי פּלוצלינג געוואָרן גוואַלדיק „אַקטיוו" אַלס... פּאַניק־מאַכער און אָנזאָגער פון צרות... עס דערמאָנען זיך מיר איצט אייניקע פון די פּאַניק־מאַכער פון מיט אַ האַלבן יאָרהונדערט צוריק, און איך טראַכט, צי זיינען דאָס ניט צומאָל טאַקע יענע אַמאָליקע פּאַניק־טרייבער, אָדער זיי האָבן עס דערצויגן אַ דור, וואָס זעצט פאָר זייער „נאָבעלע" אַרבעט.

דער איינציקער מיטל אַנטקעגן די דאָזיקע קראַנקע שטימונגען און אָפּגעלאָזנקייט, וואָס האָט זיך גענומען פאַרשפּרייטן צווישן עולם און באַרירן אַפילו רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער, איז, נאַטירלעך, געווען אַרבעטן, ריידן מיט מענטשן, אויפקלערן זיי, וועקן זיי, ניט לאָזן זיי „איינשלאָפן" און אינטערגעבן זיך די שעדלעכע שטימונגען. און די מיטלען דערצו זיינען געווען: וואָס מער פאַרזאַמלונגען און וואָס מער בלעטלעך (פּראָקלאַמאַציעס).

גאַנצע טעג און נעכט פלעגן דעמאָלט אַוועקגיין אויף ריידן און שרייבן: ריידן מיט איינציקע מענטשן, מיט גרופּעס, אויף זיצונגען, פאַרזאַמלונגען פון דיסקוסיע־קרייזלעך, אויף גרעסערע פאַרזאַמלונגען הינטער דער שטאָט, אָדער אין שטאָט גופא, געוויינלעך אין שולן. בלעטלעך פלעגן געשריבן און אַרויסגעגעבן ווערן צו יעדער געלעגנהייט, — באַזונדערס נאָך צום סוף

יאָר ווען ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די צוגרייטונגען צו די וואַלן אין דער צווייטער דומע. די בלעטלעך זיינען געווען וועגן סטרייקס, וועגן באָיקאָטן, וועגן לאָזונגען צו די וואַלן, וועגן יקרות און אַרבעטלאָזיקייט, וועגן פּאָגראָם־געפאַרן, א. אז. וו., און געדרוקט האָט מען זיי וואו און ווי מען האָט נאָר געקאָנט: אויף העקטאָגראַפן — קורצע בלעטלעך מיט גרויסע בלויע, האַנט־געדרוקטע אותיות, וואָס האָבן ניט געקאָנט זיין אין אַ גרויסער צאָל עק־זעמפּליאַרן און פלעגן דערהויפּט אויסגעקלעפּט ווערן אויף אָנזעעוודיקע ערטער; מימעאָגראַפירטע בלעטלעך, וועלכע ס׳איז אָפט שווער געווען איבער־צולייענען, אָבער וואָס זיינען געווען וויכטיק שוין דערמיט, וואָס אונטער זיי איז געווען אַ „פּעטשאַט" (אַ שטעמפּל) פון דער אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט ז׳ערמאָנט, אַז זי איז פאַראַן און שלאָפט ניט. פון צייט צו צייט פלעגט אונז געלינגען אַרויסצולאָזן אויך געדרוקטע בלעטלעך, — זיי זיינען שוין געווען לענגערע, האָבן מיט זיך פאָרגעשטעלט אַ מין רוף־אַרטיקלען, און איך גע־דענק אין ספּעציעלן שטריך זייערן, אונטער זיי פלעגט אָפט אָפּגעדרוקט ווערן דער נאָמען און אַדרעס פון דער דרוקעריי אין וועלכע זיי זיינען כלומרשט געזעצט און געדרוקט געוואָרן, אין ווילנע, צי אין וואַרשע, אין בריסק אָדער ביאַליסטאָק, — ווי עס פלעגט איינפאַלן. געטאָן געוואָרן איז עס, נאַטירלעך, כדי אָפּצונאַרן די פּאָליציי: ווען זי פלעגט באַמערקן אַ געדרוקט בלעטל מיט אַן אַדרעס פון אַ דרוקעריי פלעגט זי קודם מיינען, אַז דאָס איז אַ לעגאַל בלעטל, און ווען זי פלעגט זיך ענדלעך כאַפּן, אַז ס׳איז אַן אומלעגאַל בלעטל, איז גיי זוך אַ דרוקעריי אויף דעם אָנגעגעבענעם ניט־עקזיסטירנדיקן אַדרעס...

ס׳איז מיר איצט שווער צו זאָגן אויף זיכער, ווי אַט די בלעטלעך האָבן ז׳עמאָלט, ביי יענע שטימונגען, געווירקט אויפן עולם. אָבער יעדנפאַלס האָבן זיי געהאַט איין ציל. זיי האָבן דערמאָנט וועגן טעטיקייט און האָבן געהאַלטן באַשעפטיקט די מיטגלידער פון דער אָרגאַניזאַציע, וואָס זיינען זיך ניט צעפאָרן.

***

פאַרזאַמלונגען, ווי געזאָגט, פלעגט מען אָרגאַניזירן וואו מ׳האָט נאָר געקאָנט. אָבער אַז ס׳איז געקומען דער ווינטער פון סוף 1906 און פאַרזאַמלען זיך הינטערן שטאָט, אונטערן פרייען הימל, האָט מען שוין ניט געקאָנט, פלעגן די פאַרזאַמלונגען מערסטנס אָרגאַניזירט ווערן אין די שולן, — געוויינלעך ווען קיין דאַוונער זיינען אין זיי ניט געווען.

איינע אַזאַ פאַרזאַמלונג אין אַ שול שטייט פאַר מיינע אויגן. די שול איז געווען אַ גרויסע, אַ גראַמע, — מיר דאַכט, אַז אין קאַרלין (אַ פאָרשטאָט, אָדער טייל פון פּינסק). דעם פלאַץ וואו דער שמש פלעגט אַוועקלייגן דעם שליסל ביים פאַרשליסן די שול האָבן מיר געוואוסט פון זיינעם א זון. עטלעכע

מאָל זײַנען דאָרטן פֿאָרגעקומען פֿאַרזאַמלונגען אין אונטן, — און אויב פֿאַרבײַגײיער האָבן אפילו געמיינט, אַז די פֿאַרדעכטיקע קלאַנגען, וואָס טראָגן זיך פֿון שול זײַנען פֿון מתים, וואָס דאַוונען דאָרטן אין דער צײַט, האָט דאָס אָבער אונזערע פֿאַרזאַמלונגען ניט געשטערט.

איינמאָל אין אַ שבת באַכמיטאָג, ווען מיר האָבן „פֿאַרנומען״ די שול און איך בין געשטאַנען אויף דער בימה און גערעדט פֿון איר צו אַ היפּשן אַרבעטער־עולם, איז צו מיר צוגעקומען אַ חבר און האָט מיר פֿאַרטרויט אַ „סוד״, אַז אַ גאָראָדאָוואָי (פּאָליסמאַן) איז ערשט צוגעקומען צו דער טיר און וועט מסתמא באַלד אַרײַנקומען אין שול. אָבער איך זאָל זיך ניט שטערן, ריידן ווייטער און ניט שענקען קיין אויפֿמערקזאַמקייט דעם גאָראָדאָוואָי, אויב ער וועט אַפילו אַרײַנקומען, וואָרעם מען וועט שוין אָננעמען מיטלען...

און שטייענדיק מיטן פּנים צו דער טיר און רײדנדיק האָב איך באַמערקט, ווי עטלעכע חברים האָבן ווי אַרײַנגעשטופּט אַ גאָראָדאָוואָי אין טיר אַרײַן, האָבן תיכף, איידער ער האָט נאָך באַוויזן אַרומצוקוקן זיך, אויסגעדרייט אים מיטן פּנים צו דער וואַנט, אַ פּאָר האָבן אים אַזוי געהאַלטן צוגעדריקט צו דער וואַנט, אַ פּאָר האָבן אים געהאַלטן דעם קאָפּ, ער זאָל אים ניט קאָנען אויסדרייען צום עולם, און... די פֿאַרזאַמלונג איז ווייטער אָנגעגאַנגען.

ווען זי האָט זיך געענדיקט און אַלע פֿאַרזאַמלטע זײַנען זיך צעגאַנגען, האָבן די ספּעציעלע וועכטער פֿאַרהויבן די פּאָלעס פֿון דעם גאָראָדאָוואָיס שינעל איבער זײַן קאָפּ, האָבן זיי דאָרטן אַרומגעבונדן, אַרויסגעפֿירט ערגעץ ז'עם „העכט״ דורך זײַטיקע געסלעך, האָבן אים דאָרטן איבערגעלאָזט און זײַנען ניט געוואָרן.

אַזעלכע זאַכן פֿלעגן ניט זעלטן פּאַסירן אין 1905 און אין אָנהייב 1906, ווען איינציקע פּאָליסלײַט פֿלעגן צופֿעליק, אָדער דורך אַ מסירה פֿאַרקריכן אויף אַן אומלעגאַלער פֿאַרזאַמלונג. אויב דער גאָראָדאָוואָי איז נאָך געווען אַ „חזיר״ און האָט זיך געפּרוּווט ניט לאָזן פֿאַרבינדן, אָדער מאַכן אַ געשריי, פֿלעגט עס אים סיי ווי ניט העלפֿן, און מען פֿלעגט אים דערצו נאָך אָנברעכן די ביינער, כדי ער זאָל געדענקען אויף אַ צווייטן מאָל...

# אַ פאַרזאַמלונג ביים „קניאַז"

אין עטלעכע טעג אַרום נאָך דער דאָזיקער פאַרזאַמלונג אין שול איז מיר אויסגעקומען אַרויסצוטרעטן אויף אַן אַנדער מין פאַרזאַמלונג, וואָס ניט מיר׳ האָבן זי אָרגאַניזירט און קיינער האָט אונז אַהין ניט פאַרבעטן.

ס׳איז געווען, גלויב איך, סוף דעצעמבער 1906, אין פאַרבינדונג מיט דער וואַל־קאַמפּאַניע צו דער צווייטער דומע, וואָס האָט זיך דעמאָלט שוין אָנגעהויבן ברייטער פונאַנדערוויקלען. אויף קיין סאָציאַליסטישע אַרבעטער־פאַרזאַמלונג צוליב די וואַלן האָט מען שוין דעמאָלט קיין דערלויבעניש פון דער פּאָליציי ניט געקאָנט באַקומען. דערוויסן מיר זיך איינמאָל, אַז אַ דערלויבטע וואַל־פאַרזאַמלונג קומט יאָ פאָר, — און וואו? אין הויז פון דעם פירשט דרוצקאָי־לובעצקי. דער דאָזיקער פירשט — אַ יונגער מענטש אין די פריע דרייסיקער, אויף וועלכן מען האָט מיר אַ פּאָר מאָל אָנגעוויזן אין גאַס, איז געווען אַ מין „וויסע וואָראָנע"" צווישן די מענטשן פון זיין קלאַס: אַ ליבעראַל, אַ מיטגליד פון דער ליבעראַלער „פּאַרטיי פון פאָלקס־פרייהייט", אָדער קאָנסטיטוציאָנעלע דעמאָקראַטן (קאַ־דע׳טן, ווי מען פלעגט זיי רופן פאַרקירצט).

דאָס איז געווען אַ בורזשואַזע פּאַרטיי, וואָס האָט געהאָפט דורך אַ קאָמ־פּראָמיס מיט דער צאַרישער רעגירונג קעגן דער רעוואָלוציע און דורך באַטאָנען איר לאָיאַלקייט צו דער מאָנאַרכיע דערשלאָגן זיך פאַר זיך בירגערלעכע פרייהייטן און פּריווילעגיעס. ווי האָט זיך אויסגעדריקט נאָך אין דער ערשטער דומע איינער פון די קאַ־דע׳טישע פירער: „גיט בעסער נאָך אונז (דער בורזשואַזיע), אַנדערש וועלן זיי (די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער) שיסן..."

דערהערט, אַז ביים קניאַז אין הויז קומט פאָר אַ פּאָליטישע פאַרזאַמלונג און דערצו נאָך, אַז אויף דער פאַרזאַמלונג וועט ריידן איינער פון די נאַציאָנאַלע פירער פון דער קאַ־דע׳טישער פּאַרטיי, דער געוועזענער דעפּוטאַט אין דער ערשטער דומע, ברוצקוס, בין איך מיט עטלעכע חברים אַוועק אַהין, אין מען האָט אונז אַריינגעלאָזן, מיינענדיק מסתמא, אַז מיר זיינען „אייגענע מענטשן".

דער גרויסער זאַל פון דעם פירשטס הויז איז געווען אָנגעפילט מיט אַ פּאָר הונדערט מענטשן. ביי אַ טיש מיט אָנגעצונדענע ליכט אויף אים (צוליב פייערלעכקייט, וואָרשיינלעך, ווייל דער צימער איז אַן זיי אויך געווען גענוג באַלויכטן), זיינען געזעסן דער געוועזענער דומע־דעפּוטאַט, דער פירשט דרוצ־

קאַי־לובעצקי און נאָך אַ פּאָר פון די אָרטיקע קאַ־דע׳טישע פּני. אין צימער האָט זיך אויך געפונען דער פּאָליצמייסטער פון שטאָט און אַ פּריסטאַוו (פּאָ־ליציי־קאַפּיטאַן).

דעפּוטאַט ברוצקוס האָט איבערגעלייענט אַ לאַנגן און היפּש נודנעם פּאָרטראַג וועגן דער אַגראַר־פּראָגראַם פון דער קאַ־דע׳טישער פּאַרטיי, אין וועלכן ער האָט „דערוויזן״, אַז די איינציקע רעטונג פון דער רוסלענדישער אַגריקולטור ליגט אין דער שאַפונג פון אַ קלאַס „שטאַרקע״ פּויערים־באַ־לעבאַטים, אַז די „פּריינט פון פאָלקס־פרייהייט״ מוזן דעריבער זען מיט אַלע מעגלעכקייטן אָפּצוהאַלטן די פּויערים פון „פאַנטאַסטישע״ פּלענער אַליין צו לייזן זייערע פּראָבלעמען דורך באַפאַלן די פּריצים און פאַרכאַפּן די ערד, א. אז. וו.

דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן אַ דיסקוסיע וועגן דעם פּאָרטראַג, אָבער גערעדט האָבן די פּאָר קאַ־דע׳טישע באַלעבאַטים ניט וועגן פּויער און ניט וועגן דער אַגראַר־פּראַגע, נאָר וועגן דעם וואָס זיי וועלן דאַרפן פאָדערן אין דער צווייטער דומע, כדי צו געווינען דעם צוטרוי פון דער רעגירונג, אויסמיידן די געפאַר ווידער פונאַנדערגעטריבן צו ווערן און דורך דעם באַפעסטיקן די „קאָנסטיטוציאָנעלע אָרדענונג״ אין דעם צאַרישן רוסלאַנד.

הגם איך האָב פריער ניט געטראַכט וועגן דעם, האָב איך געבעטן אַ וואָרט און אים באַקומען, אָנגעבנדיק אויף דער פּראַגע פון דעם פאָרזיצער אַ נאָמען פון דער הפטורה. איך געדענק, אַז איך בין געווען אַנטשלאָסן צו ריידן רואיק, „לייטיש״, כדי צו קאָנען אַרויסברענגען אונזער סאָציאַליסטישע פּראָגראַם צו די וואַלן. אָבער איך בין באַלד אַריבער צו דעם, אַז ריידן וועגן דער מעגלעכקייט צו פאַרפעסטיקן דעם קאָנסטיטוציאָנעלן רעזשים אונטער דעם צאַריזם מיינט נאַרן דאָס פאָלק, אויב ניט זיך אַליין; אַז אַ קאָנסטיטוציע וועט דאָס לאַנד האָבן נעמענדיק אין אַכט די דערפאַרונגען פון לעצטן יאָר, נאָר דעמאָלט, ווען דאָס פאָלק וועט דורך אַ רעוואָלוציאָנערער גרינדונג־פאַרזאַמלונג איבערנעמען די גאַנצע מאַכט, און אַז די לייזונג פון דער רוסלענדישער אַגראַר־פּראַגע וועט מעגלעך ווערן נאָר דעמאָלט, ווען די פּויערים וועלן ניט וואַרטן אויף קיין גליקן און וועלן אַוועקנעמען די ערד פון די פּריצים, וואָס קאָנען בלויז אויסזויגן ביי זיי דעם מאַרך פון די ביינער...

איידער איך האָב זיך אַריינגעלאָזן אין די „רעכטע געדיכטע״ האָט זיך אין זאַל אָנגעהויבן אַ טומל. דער פאָרזיצער האָט גענומען קלינגען מיטן גלעקל און רופן צו מיר: „מאָלאָדאָי טשעלאָוויעק! מאָלאָדאָי טשעלאָוויעק!״, אָבער ווער האָט אים געהערט? דער פּריסטאַוו האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו מיר, אָבער איך בין געשטאַנען צווישן אַ געדיכטער גרופּע חברים און אַנדערע מענטשן, און ער האָט זיך צו מיר אַזוי לייכט ניט געקאָנט דער־קלייבן. איך, ווידער, האָב שוין, נאַטירלעך, אויף קיין כבוד ניט געוואַרט

און זעענדיק, אַז די לופט ווערט צו געדיכט און דער פּריסטאַוו צו נאָענט, האָב איך זיך אַרויסגעגליטשט פון זאַל און ניט געוואָרן...

אָבער דאָס איז שוין געווען מיין לעצטער אָפענער, אָדער האַלב־אָפענער אַרויסטריט אין פּינסק. צוליב דער געשיכטע מיטן גאָראָדאָוואָי אין שול און מיט דעם מיטינג אין פירשט דרוצקאָי־לובעצקיס הויז האָט די פּאָליציי מיטינג, אויף וועלכן מען האָט גערופן אַראָפּצוואַרפן די עקזיסטירנדיקע און עטלעכע חברים זיינען אַרעסטירט געוואָרן. מיינע באַלעבאַטים האָבן מיר אָנגעזאָגט, אַז פאַרדעכטיקע פאַרשוינען זיינען געזען געוואָרן אַרום הויז, — און דער סוף איז געווען, אַז כ'האָב ענדלעך געמוזט פאַרלאָזן פּינסק.

שפּעטער מיט אַ פּאָר יאָר, זייענדיק שוין זייער ווייט פון פּינסק, האָב איך געלייענט אין דער רוסישער פּרעסע אַ באַריכט וועגן אַ פּראָצעס פון דעם קניאַז דרוצקאָי־לובעצקי, וועלכער איז באַשולדיקט געוואָרן אַז ער האָט אין דעצעמבער 1906 אָרגאַניזירט אין זיין הויז אין פּינסק אַ „רעוואָלוציאָנערן" מיטינג, אויף וועלכן מען האָט גערופן אַראָפּצוואַרפן די עקזיסטירנדיקע מלוכה־אָרדענונג. דער קניאַז איז פאַר דער דאָזיקער עבירה פאַרמשפּט געוואָרן אויף צוויי יאָר „קרעפּאָסט" (טורמע).

צי איז ער די שטראָף אָפּגעזעסן, ווייס איך ניט. אָבער אויב יאָ, האָט דער קניאַז געקאָנט זאָגן וועגן זיך, ווי יענער פאַרשוין, וועלכער האָט זיך נאָך אַ פינף־יאָריקער אָפּוועזנהייט געמוזט זעצן שבעה נאָך אַן איין־יאָריק קינד, וואָס זיין ווייב האָט געבוירן אין זיין אָפּוועזנהייט: „איך בין שוין, דאַכט זיך, ניט איין מאָל געזעסן, אָבער אַזוי אומשולדיק ווי איצט בין איך נאָך קיין מאָל ניט געזעסן"...

פון פּינסק בין איך אַוועק קיין ווילנע, וואו ס'האָט זיך פאַר מיר אָנגעהויבן אַ ניי קאַפּיטל פון מיין לעבן, נייע פאָרמען פון אַרבעט און נייע אומשטענדן. דער יוגנט־פּעריאָד פון דעם דור, וואָס האָט פאַרלוירן די מורא האָט זיך צו יענער צייט געהאַלטן ביים ענדיקן. דער דור האָט אָנגעהויבן ווערן עלטער און רייפער און אים זיינען פאָרגעשטאַנען נייע קאַמפן, אונטער מער קאָמפּליצירטע און שווערערע באַדינגונגען, וואָס האָבן אים סוף־כל־סוף דערפירט צום גרויסן נצחון פון דעם אַנדער אָקטאָבער, — פון דעם סאָציאַליסטישן אָקטאָבער־נצחון פון 1917.

# די ערשטע שרייבער-שריט אין יידיש

סוף דעצעמבער 1906 בין איך געווען געצוואונגען — צוליב „פאַר־שטענדלעכע אורזאַכן" — צו פאַרלאָזן פינסק און בין אַרויסגערופן געוואָרן קיין ווילנע.

צו מיין גרויסער פאַרוואונדערונג — און ניט קיין קליינער באַפרידי־קונג, — האָב איך דאָרטן באַקומען אַ פאָרשלאָג צו פאַרנעמען זיך מיט צוויי אַרבעטן מיטאַמאָל: צו ווערן דער סעקרעטאַר פון דער רעדאַקציע פון „נייעם וועג" (דעם וועכנטלעכן אָרגאַן פון דער ס־ס פּאַרטיי), און איבער־צונעמען — צוזאַמען מיט דוד לעווין פון האָמליע — די אָנפירונג פון דער צענטראַלער פּראָפעסיאָנעלער (טרעיד יוניאָן) קאָמיסיע, וואָס האָט געהאַט צו טאָן מיט דער אָרגאַניזאַציע און אָנפירונג פון דער יוניאָן־באַוועגונג צווישן די יידישע אַרבעטער.

מיין „פאַרוואונדערונג" צוליב דער אומדערוואַרטעטער איינלאַדונג צו ווערן אַ סעקרעטאַר פון דער „נייער וועג"־רעדאַקציע, איז געווען פאַר־שטענדלעך, וואָרעם ערשט מיט אַ האַלבן יאָר פאַר דעם, איידער איך בין אַוועק קיין פינסק, איז מיין „יידיש" געווען פון דעם מין, אַז איך האָב געפילט, אַז איך מוז זיך ערשט אָנהויבן לערנען ריידן און שרייבן יידיש ווי געהעריק, און דאָ פלוצלינג — ווער אַ סעקרעטאַר פון רעדאַקציע!

דער אמת איז אָבער געווען, נאַטירלעך, וואָס יידיש איז מיר ניט געווען קיין שפּראַך, וואָס איך האָב זיך ערשט געדאַרפט אויסלערנען. ווי שלעכט מיין יידיש איז ניט געווען, איז עס געווען די שפּראַך, וואָס יידן האָבן גערעדט צווישן זיך אין די גרעסערע אוקראַאינער שטעט און וואָס זיי האָבן אויס־געצייכנט פאַרשטאַנען. כדי מיין יידיש זאָל ווערן „מענטשלעך", אַז מען זאָל זיך מיט אים קאָנען באַווייזן פאַר לייטן, האָט מען אים בלויז געדאַרפט אויסרייניקן פון דעם נאַכלעסיקן אָנגעלאָף פון רוסישע ווערטער, וואָס האָבן אים פאַרוואַנדלט אין אַ זשאַרגאָן; מען האָט אים געדאַרפט אַ ביסל צופּוצן און כאַפּן דעם ריכטיקן טאָן זיינעם. און אין דעם פּרט האָט מיר מיין זיין אין פינסק געהאָלפן זייער אַ סך און שנעלער ווי איך האָב געקאָנט האָפן. וואָרעם שוין אין אַ פּאָר חדשים נאָך מיין אָנקומען קיין פינסק, האָב איך זיך אָנגענומען מיט מוט, אָנגעשריבן מיין ערשטע דערציילונג (יאָ, אַ דערציילונג, ניט קיין אַרטיקל) אין יידיש און זי אַוועקגעשיקט קיין ווילנע, אין „נייעם וועג", אָן דער מינדסטער האָפענונג, אַז זי וועט געדורקט ווערן. צו מיין אָנגענעמער איבערראַשונג איז די דערציילונג אָפּגעדרוקט געוואָרן.

אין אַ פּאָר חדשים אַרום האָב איך ווידער אָנגעשריבן אַ דערציילונג, — דאָס צווייטע און לעצטע ליטעראַרישע „קונסטווערק“ אין מיין לעבן, — האָב ווידער אַוועקגעשיקט צום „נייעם וועג“ און די דערציילונג איז אויך שנעל אָפּגעדרוקט געוואָרן.

און ווער ווייסט, אפשר וואָלט דער יידישער ליטעראַטור באַשערט געווען צו באַרייכערט ווערן מיט נאָך איין שלעכטן דערציילער, ווען איך וואָלט באַצייטנס ניט געוואָרן קיין סעקרעטאַר אין „נייעם וועג“ און זיך דאָרטן איבערציייגט, אַז בעסערע דערציילונגען ווי מיינע, כאָטש גראַמאַטיש און שפּראַכלעך ערגער אָנגעשריבענע, ווערן פאַרבראַקירט, און מיט רעכט.

די נאָענטע באַקאַנטשאַפט מיט דעם רעדאַקציע־קאָרב פון אַנדערע דער־ציילונגען האָט מיך באַצייטנס געראַטעוועט פון דער געפאַר צו ווערן אַ דריט־קלאַסיקער „בעלעטריסט“.

די צוויי אָפּגעדרוקטע דערציילונגען האָבן מיר, יעדנפאַלס, צוגעגעבן מוט און גלויבן אַז איך קאָן שרייבן און אַז מיין יידיש איז דרוקבאַר, און איך האָב — אַלץ נאָך פון פינסק — צוגעשיקט צום „נייעם וועג“ אַ גרעסערן אַרטיקל וועגן דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג, — אין דער דעמאָלטיקער הייסער דיסקוסיע וועגן דער פראַגע צי די פּראָפעסיאָנעלע פאַראייניגען דאַרפן זיין פּאַרטייאיש (ווי דער בונד האָט געהאַלטן), אָדער זיי דאַרפן זיין מאַסן־אָרגאַניזאַציעס אָן אַ פּאָליטישן שילד, הגם מיט אַ קלאָרער אַל־געמיינער סאָציאַליסטישער איינשטעלונג.

איך האָב אין דעם אַרטיקל אַזוי אויסגעשעפּט די אַרגומענטן פאַר אויסער־פּאַרטייאישע יוניאָנס, אַז די דיסקוסיע וועגן דער פראַגע איז דערמיט פאַרענדיקט געוואָרן צווישן די ס־ס, און דאָס, וואַרשיינלעך, האָט מיר געגעבן אין די אויגן פון די אָנפירנדיקע חברים דעם אָנזען פון שיער ניט אַ „ספּע־ציאַליסט“ אין דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג.

מיין ערשטע דערציילונג, וואָס איז געווען געדרוקט אין „נייעם וועג“, האָט טאַקע, אגב, אויך געהאַט צו טאָן מיט דער פּראָפעסיאָנעלער באַוועגונג און מיט אַ סטרייק. געהייסן האָט זי, אויב איך האָב קיין טעות ניט, „אָפּגע־לייגט“, און אונטערגעשריבן איז זי געווען מיטן נאָמען „בן אברהם“, לויטן נאָמען פון מיין פאָטער. דאָרטן האָב איך איבערגעגעבן אין אַ דערציילערישער פאָרם די געשיכטע מיט דעם היטל־מאַכער סטרייק אין פינסק, וועלכן כ'האָב מיט גרויס מי צוגעגרייט און וועלכער איז פונדעסטוועגן ניט פאַרגעקומען, „אָפּגעלייגט געוואָרן“, ווייל די אַרבעטער האָבן רחמנות געקראָגן אויף די באַלעבאַטים, וואָס קאָנען צוליב דעם סטרייק פאַרלירן דעם פאַר־יום־טוב־דיקן סעזאָן.

די צווייטע דערציילונג, וואָס איך געדענק שוין ניט איר נאָמען, האָט געהאַט צו טאָן מיטן טויט פון אַ פּראָוואָקאַטאָר. יענע דערציילונג, געדענקט זיך, האָב איך אונטערגעשריבן מיט די איניציאַלן י. ק—ר, ווייל זי איז געווען געבויט אויף פאַקטן, וועלכע ס'האָט מיר דערציילט אַ פּינסקער חבר,

יאַנקל קאַנטאָר. עס האָט זיך דאָרטן געהאַנדלט וועגן דעם בונדישן פּראָ־וואָקאַטאָר פּערקעל־אַראָנאָטסקי, — דאַכט זיך, דעם ערשטן „יידישן" פּראָ־וואָקאַטאָר, וועלכן מען האָט דערהרגעט אין 1902, אָדער 1903.

די געשיכטע אַליין איז געווען אַן אויפרודערנדיקע און די פּרטים פון דעם, ווי מ'האָט אויסגעפונען, אַז דער אַראָנאָטסקי, וועלכער איז געווען פּאָפּולער אין זיין אָרגאַניזאַציע, איז אַ פּאָליציייאישער שפּיאָן־פּראָוואָקאַטאָר און ווי מען האָט אים געמשפּט און אומגעבראַכט, איז געווען אַזאַ, אַז איך האָב דערפילט ממש אַ נויטווענדיקייט אָנצושרייבן זי, טאַקע ספּעציעל אין יענער צייט, ווען די שטימונגען ביים עולם האָבן גענומען פאַלן. — למען דעת, הייסט, און זאָלן מענטשן טאַקע וויסן...

די אַלע דריי אָפּגעדרוקטע זאַכן אין יידיש (אין רוסיש, ווי איך האָב דערציילט אין פריערדיקע קאַפּיטלען, האָב איך אָנגעהויבן שרייבן און דרוקן זיך מיט אַ צייט פריער) האָבן, משמעות, געמאַכט אויף די ווילנער חברים דעם איינדרוק, אַז מען קאָן מיך זעצן צום טיש, — און אויב אַפילו דער־דאָזיקער איינדרוק זייערער איז געווען אַביסל אַן איבערגעאיילטער, ווייל איך האָב זיך נאָך אין מיין יידיש געפילט ווייט ניט היימיש, קאָן איך עס דערקלערן דערהויפּט דערמיט, וואָס אַרבעטער־שרייבער אין יידיש זיינען נאָך דעמאָלט געווען גאַנץ ווייניק און „ווען ס'פעלט אויס פיש — זאָגט דער רוס — איז אַ ראַק אויך אַ פיש"...

# „פּאַטערל״ איליאַדאָר

איך האָב באַקומען אַ פּאָרשלאַג צו בלייבן אויף אַרבעט אין ווילנע, אָבער גלייך צו דער אַרבעט האָב איך זיך ניט גענומען, ווייל ס׳האָט זיך אונטערגערוקט אַן אַנדער דרינגענדע אויפגאַבע: פאָרן קיין זשיטאָמיר.

וואָס האָב איך פאַרגעסן אין זשיטאָמיר? גאָר ניט. איך בין דאָרטן קיינמאָל פריער ניט געווען און זיך ניט געקליבן צו זיין דאָרטן. האָבן אָבער גראָד דעמאָלט, אין אָנהויב פון 1907, פּאַסירט צוויי זאַכן: ערשטנס, האָט דער חבר, וואָס האָט אָנגעפירט מיט דער זשיטאָמירער אָרגאַניזאַציע פון די ס־ס, פאַרלאָזן די שטאָט און האָט דאָרטן איבערגעלאָזן אַ היפּשן אָרגאַניזאַציאָנעלן און פינאַנציעלן פּלאָנטער. עס איז געווען דרינגענדיק נויטיק צו מאַכן אָרדענונג אין דער אָרגאַניזאַציע, וואָס איז געווען גאַנץ ענג פאַרבונדן מיט עטלעכע יוניאָנס און מיט דער דעמאָלט עקסטרעם וויכטיק־געוואָרענער זעלבשוץ און עס איז נויטיק געווען צו געפינען מיטלען צו באַצאָלן די חובות — עטלעכע הונדערט רובל — וואָס דער פריערדיקער „פּראָפּעסיאָנאַל״ האָט נאָך זיך געלאָזן.

ס׳איז אָבער געווען נאָך אַן אויפגאַבע, — און זי האָט מיר פּאַראינטערעסירט נאָך מער און באַוועגט גלייך אָנצונעמען דעם פאָרשלאָג אַרויסצופאָרן קיין זשיטאָמיר. דאָס איז געווען דער „פּאַטערל איליאַדאָר״. דער „משוגענער מאָנאַך״, וואָס האָט דעמאָלט געקערט וועלטן פון דער פּאָטשאַיעווער לאַווורע, פון אַ מאָנאַסטיר אין שטעטל פּאָטשאַיעוו, צווישן קאָוונע און זשיטאָמיר.

דערדאָזיקער „פּאַטערל״ — מיט וועלכן כ׳האָב אין 1915־1916 געהאַט די געלעגנהייט נאָענטער צו באַקענען זיך אין ניו־יאָרק, איז געווען אַן אינטערעסאַנטער טיפּ, אַ טיפּישע פּרוכט פון דער צעיושעטער צאַרישער רעאַקציע פון יענער צייט, וואָס האָט זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר קיין שום מיטלען, אַבי אַ קער צו טאָן די ראָד פון דער געשיכטע אויף צוריק.

דעמאָלט, אין אָנהויב 1907, איז איליאַדאָר געווען אַ יונגער מאָנאַך מיט גרויסע אַמביציעס צו וואַקסן; אַ דעמאַגאָג, וואָס שטעלט זיך ניט אָפּ פאַר קיין שום מיטל צו רייצן און פירן די אומבאַוואוסטזיניקע מאַסן, אַן אַנצווייפלהאַפטער פאַנאַטיקער און אַ פייערדיקער רעדנער. אַ הויכער, געזונטער יונג מיט דורכדרינגענדיקע, „דרילעוודיקע״, קליינע, בלויע אויגן, פלעגט ער פשוט פאַרכישופן די פּויערים, און באַזונדערס די פּויערטעס מיט זיינע רעדעס.

ד׳עמאָלט, אין אָנהויב פון 1907, האָט איליאָדאָר זיך ספּעציאַליזירט אין דער פּאָטשאַיעווער לאַוורע אויף זיינע העצעס קעגן יידן. ער האָט ניט גערופן, אויף וויפיל איך ווייס, דירעקט צו פּאָגראָמען. אָבער ער האָט ווי אַן עקספּערט אַרויסגעבראַכט אין דער שאַרפסטער און שרייענדיקסטער פאָרם אַלע צרות, פון וועלכע די פויערים האָבן געליטן, זייער אָרעמקייט, זייערע קראַנקהייטן, זייער הונגער און נויט, זייער שיכרות אַפילו, און האָט דאָס אַלץ פאַרבונדן מיט די יידן, וואָס זיינען, הייסט עס, שולדיק אין די אַלע צרות. דעם אויספיר וועגן פּאָגראָמעווען יידן האָבן די פויערים שוין אַליין געדאַרפט מאַכן פאַר זיך...

איליאָדאָרס אַנטיסעמיטישע העצעס האָבן ביי די פאַלנדיקע שטימונגען פון יענער צייט געמאַכט אַ זייער שווערן איינדרוק אויף דער יידישער באַפעלקערונג פון וואָלין. עס איז נויטיק געווען צו טאָן עפּעס קעגן דעם. און טאָן, איז באַשלאָסן געוואָרן צווישן די חברים, איז נויטיק צוויי זאַכן: ערשטנס, אָנהויבן אַ פּראָפּאַגאַנדע צווישן די וואָלינער פויערים קעגן איליאָ־דאָרס העצעס; און צווייטנס, דערמוטיקן די יידישע באַפעלקערונג דורך דער פאַרשטאַרקונג פון די זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציעס.

די ביידע אויפגאַבעס האָבן אַפּעלירט צו מיר און איך בין, ניט פאַר־האַלטנדיק זיך לענגער אין ווילנע, אַוועקגעפאָרן קיין וואָלין. מיין „הויפּטשטאָט" דאָרטן האָט געדאַרפט זיין זשיטאָמיר. אָבער איידער איך האָב זיך „באַזעצט" אין זשיטאָמיר, האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אין ראָוונע און דאָרטן, אויף עטלעכע זיצונגען מיט פירנדיקע חברים און מיט פאָרשטייער פון עטלעכע יוניאָנס (פּאָטאָגראַפּערס, פאַרמאַצעווטן, פּריקאַזטשיקעס און כ׳געדענק ניט וועלכע נאָך) איז אויסגעאַרבעט געוואָרן דער פּלאַן פון אַרבעט קעגן איליאָ־דאָרס העצעס.

עס איז באַשלאָסן געוואָרן אַרויסצולאָזן אַ צאָל בלעטלעך אין רוסיש און אין אוקראַיִניש צו דער קריסטלעכער, דערהויפּט צו דער פויערשער באַפעלקערונג פון געגנט, אין וועלכע עס זאָל אויפגעדעקט ווערן איליאָדאָרס ראָל אַלס אָפּנאַרער און פאַרפירער פון פאָלק. צוליב דעם איז אָבער נויטיק געווען דירעקט אויסצוהערן איליאָדאָרס אַרגומענטן און זען מיט וואָס ער ווירקט אויפן עולם. איך האָב באַשלאָסן צוצופאָרן קיין פּאָטשאַיעוו.

אין פּאָטשאַיעוו בין איך געקומען אַ שבת נאָכמיטאָג און זיך אָפּגעשטעלט אין אַ דאָרטיקער יידישער אכסניה. דער באַלעבאָס פון דער אכסניה, אַ הויכער, לאַנגער ייד מיט אַ גרוילעכער לאַנגער באָרד, האָט אין דעם גע־שפּרעך, וואָס כ׳האָב מיט אים געהאַט וועגן איליאָדאָרס פּראָפּאַגאַנדע, מיר דערציילט, אַז הגם איליאָדאָר רעדט דערהויפּט פאַר די פויערים, איז אָבער דער איינדרוק, וואָס ער מאַכט אויף די שטאָטישע מעשטשאַניעס און אויף די פּאָליאַקן אַרום שטעטל, געפערלעכער פאַר יידן. די פויערים, האָט מיר מיין בעל־אכסניה געזאָגט, הערן אויס איליאָדאָרן, זיפצן און קרעכצן און פאָרן אַוועק צוריק אין די דערפער, וואו קיין יידן זיינען כמעט ניטאָ. זיי האָבן דאָרטן ניט אַנטקעגן וועמען אויסצולאָזן דאָס ביטער האַרץ. אָבער די שטאָטישע מעשטשאַניעס, און די פוילישע פאַראָרעמטע שליאַכטע אין

שטאָט און אַרום איר, זעען אין איליאַדאָרס דרשות אַ דירעקטן רוף צו פּאַגראָמען, און זייער באַציאונג צו יידן ווערט מיט יעדן טאָג ערגער און געפערלעכער.

— איז וואָס זשע דענקט איר דאָ צו טאָן? — האָב איך אים געפרעגט.

— וואָס קאָן מען טאָן? — האָט דער ייד געענטפערט, — מען דאַרף בעטן גאָט ער זאָל ראַטעווען פון נייע צרות און מען מוז גרייט זיין אַוועק־צופאָרן פון דאַנען...

אויף מאָרגן אינדערפרי, ווען איך בין געקומען צו דער לאַווּרע, איז דער פּלאַץ פאַר איר געווען פאַרפלייצט פון פויערים און פויערטעס, וואָס זיינען ספּעציעל געקומען פון די אַרומיקע דערפער אויסצוהערן דעם „הייליקן פאָטערל". דער „פאָטערל" איליאַדאָר איז געשטאַנען אויף עפּעס, אַ קעסטל, צי אַ פעסל, און האָט געדרשנט צום עולם. געננוי וואָס ער האָט גערעדט איז צוליב זיינע ליאַרעמדיקע געשרייען געווען שווער צו כאַפּן. אָבער דאָס בילד וואָס ער האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט איז געווען אַ דערשיטערנדיקס: ער [illegible]
[illegible]
אונטער אַ „וולאַסאַניצע" (אַ האָריק העמדל, אַן אויסדרוק פון ספּעציעלער פרומקייט און הייליקייט), מיט ברענענדיקע אויגן און אויסגעצויגענע הענט, וואָס האָבן געהאַקט ווי מיט שווערדן. ער האָט געליאַרעמט אַזוי, אַז איך האָב געפילט אַ סקרוך איבערן לייב. ביי מיר איז געווען אַ געפיל, אַז ווען ער זאָל מיך אין דער צייט געוווען באַמערקן און אויסשרייען: „אָט איז ער, דער זשיד!" — וואָלט איך אין עטלעכע רגעס צעריסן געוואָרן אויף שטיק־לעך...

בלויז ווען איך בין אַביסל צוגעוואוינט געוואָרן צו זיינע גוואַלדן האָב איך אָנגעהויבן פונאַנדערקלייבן זיך אין דעם וואָס ער האָט געשריען צום עולם. די געשרייען זיינען געווען קורצע, אָבער „איינדרוקספולע": „איר האָט ניט קיין ערד! איר האָט ניט קיין ברויט! איר האָט ניט קיין גאַנץ קלייד אויפן לייב! אייערע קינדער ליידן פון נויט און פון קראַנקהייטן! ווער איז שולדיק אין דעם אויב ניט די קריסטוס־פאַרקויפער, די יידן און די פיינע הערן, די אינטעליגענטן מיט ברילן און מיט ביכער אונטער די אָרעמס! ווערט מיטגלידער אין דעם גרויסן 'פאַרבאַנד פון דעם רוסישן פאָלק', איבער וועלכן אונזער פאַרגעטערטער קייסער אַליין האַלט אַן אויג! צוזאַמען מיטן פאַרבאַנד פון רוסישן פאָלק ברענגט אַלע קריוודעס קעגן אייערע שונאים צום קייסער, ער וועט אייך העלפן!"...

דידאָזיקע עטלעכע „געדאַנקען" איז איליאַדאָר ניט מיד געוואָרן איבער־צוחזרן אומצאָליקע מאָל, יעדעס מאָל מיט אַ נייער פרישקייט, — און עס איז קיין צווייפל ניט, אַז עפּעס פון דעם פלעגט בלייבן אין די מוחות און הערצער פון די פאַרפינצטערטע צוהערער, וואָס האָבן דערביי — ספּעציעל די פרויען, — געאָכצעט און געקרעכצט, זיך פרום געצלמט און אפילו געווישט מיט די קאָפּ־טיכלעך טרערן אין די אויגן...

## איליאָדאָר ווערט אַ „מיטאַרבעטער“ אין „טאָג“

צוריקקערנדיק זיך פון פּאָטשאַיעוו און קומענדיק קיין זשיטאָמיר האָב איך דאָרטן אָנגעשריבן אַ פיר־זייטיקס בלעטל (אַ קליינע פּאָפּולערע בראָשורקע) אויף רוסיש וועגן איליאָדאָרן, וועגן דעם ווי ער נאַרט דאָס פאָלק און וועגן דעם ווער עס זיינען די אמתע שונאים פון די פויערים און פון די אָרעמע פאָלקס־מאַסן. דאָס בלעטל איז איבערגעזעצט געוואָרן אין אוקראַיניש און איז אָפּגעדרוקט און פאַרשפּרייט געוואָרן גלייכצייטיק מיט דעם רוסישן.

אין דעם קאַמף קעגן איליאָדאָרס צעיושעטער רעאַקציאָנערער פּראָפּאַגאנדע האָט זיך אַקטיוו גענומען באַטייליקן אויך די אוקראַאינער „ספּילקאָ“ (די אוקראַאינער סאָציאַל־דעמאָקראַטישע פּאַרטיי), אָפּגעבנדיק אַ סך מער אויפמערקזאַמקייט איידער פריער דעם קאַמף קעגן דער אַנטיסעמיטישער אַגיטאַציע, וואָס האָט באַצוועקט צו שאַפן אַ פּאָגראָם־שטימונג. עס זיינען אויך אַרויסגעלאָזן געוואָרן עטלעכע בלעטלעך צו דער יידישער באַפעלקערונג אין וואָלין, אין וועלכע ס'איז אויפגעקלערט געוואָרן די הויפּגענדיקע נויטווענדיקייט און מעגלעכקייט צו אָרגאַניזירן און אָנצוהאַלטן די זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציעס.

עס וואָלט, נאַטירלעך, געווען זייער אַן אומבאַשיידענע גוזמא צו זאָגן, אַז די דאָזיקע קעגן־פּראָפּאַגאנדע איז געווען אַ סך ווירקזאַמער איידער איליאָדאָרס אַגיטאַציע און די צעיושעטע העצעס פון דעם „פאַרבאַנד פון עכט־רוסישע מענטשן“. אויב עס זיינען אין יענעם ווינטער פון אָנהויב 1907 ניט פאָרגעקומען קיין פּאָגראָמען אין וואָלין, איז עס, וואַרשיינלעך, געווען גיכער דערפאַר, ווייל אַפילו ביי די פאַרפינצטערטע אוקראַאינער פויערים פון וואָלין האָבן זיך נאָך ניט אינגאַנצן אויסגעוועפּט די דערראינערונגען פון דעם העלדישן יאָר 1905, ווען זיי האָבן דירעקט אַטאַקירט זייער אמתן שונא, די פּריצים און די צאַרישע פּאָליציי, וואָס איז געשטאַנען הינטער די פּריצים. אפשר איז די צאַרישע רעגירונג אַליין דעמאָלט נאָך ניט געווען גרייט צו פאַרפלייצן וואָלין מיט אַ גרויסער צאָל אָפענע פּאָגראָמען, ווי באַלד נאָך די אָקטאָבער־טעג.

מיט יאָרן שפּעטער, פּונקט אין צען יאָר אַרום, איז מיר אויסגעקומען צו ריידן וועגן דעם מיט דעם בעל־דבר אַליין, מיט איליאָדאָרן, וועלכער איז אין 1915 אַנטלאָפן פון רוסלאַנד און איז געקומען קיין אַמעריקע. איך דענק, אַז די דאָזיקע באַגעגעניש, וועלכע איז אין אַ געוויסן זינען געווען אַ פאָרזעצונג און אַ סוף פון דעם קאַפּיטל „פּאָטשאַיעווער לאַווראַ“ פון אָנהויב

1907, האָט אַ באַשטימטן אינטערעס, און עס איז ווערט צו דערציילן וועגן דעם, כדי מער ניט אומצוקערן זיך צו אים.

דער „משוגענער מאָנאַך", איליאָדאָר, איז גאָרניט געווען משוגע. ער איז געווען אַ כיטרער גלח פון דעם טיפּ פון דעם גלח גאַפּאָן (וואָס האָט אונטערגעפירט די פּעטערבורגער אַרבעטער־מאַניפעסטאַציע אונטער די צאַרישע קוילן דעם 9טן יאַנואַר 1905). אָבער ער איז געווען ענערגישער, פייאיקער און אַ סך פאַררישנער איידער גאַפּאָן. ער, איליאָדאָר, וואָס האָט זיך באַוויזן אויף דער פּאָליטישער סצענע אין 1906 איז געווען אַנטשלאָסן מיט אַלע מיטלען צו מאַכן אַ גרויסע פּאָליטישע קאַריערע פון דעם מין, וועלכע ס'האָט גלייכצייטיק, מיט אַ גרעסערן דערפאָלג ווי ער, נאָר מיט אַ טראַגישן סוף, געמאַכט אַן אַנדער פויגל פון דעם מין, גריגאָרי ראַספּוטין.

איליאָדאָר האָט זיך דעריבער אין וואָלין לאַנג ניט פאַרהאַלטן. פון דער פּראָווינציעלער פּאָטשאַיעווער לאַווּרע איז ער אַריבער אין דער גרויסער וואָלגאַ־שטאָט, צאַריצין (איצט — סטאַלינגראַד) און האָט דאָרטן גענומען אַנטוויקלען זיין „טעטיקייט" אויף אַ פיל גרעסערן מאַסשטאַב. שפּילנדיק די פריערדיקע ראָלע פון דעם באַגייסטערטן פאַנאַטישן מאָנאַך, וואָס זוכט פאַר זיך אַליין גאָרניט און וויל בלויז פירן דאָס פאָלק אין קאַמף קעגן דעם... טייוול, האָט ער געהאַלטן אין איין פריידיקן אין צאַריצין, אַז דער אמתער טייוול איז די רוסישע ליבעראַלע אינטעליגענץ, און אַז די געפערלעכסטע פאַרקערפּערונג פון דעם טייוול איז... דער געניאַלער רוסישער שרייבער, לעוו טאָלסטאָי.

פלעגט ער, איליאָדאָר, טאַקע אָרגאַניזירן אין די מאַרק־טעג און חגאות ספּעציעלע דעמאָנסטראַציעס — דערהויפּט פון די מאַרק־פּויערן אויף וועלכע ער האָט געהאַט אַ „מאַגנעטישע" ווירקונג, — קעגן דעם „טייוול". ער פלעגט גיין פאָראויס פון די דעמאָנסטראַציעס זידלענדיק טאָלסטאָיען און די אינטעליגענץ בכלל — יידן האָבן דערביי, מסתמא, אויך באַקומען זייער חלק. פאָראויס פון די דעמאָנסטראַציעס פלעגט מען טראָגן גרויסע קאַריקאַטור־בילדער פון טאָלסטאָיען, און הינטער די פאָנען פלעגט מען טראָגן עמערס מיט דזשעגעכץ, אין וועלכע איליאָדאָר פלעגט טונקען באַרשטן און שמירן מיט זיי טאָלסטאָיס פּנים...

ווען איליאָדאָר האָט זיך צעיושעט אין צאַריצין אַזוי, אַז ער האָט אָנגעהויבן אָרגאַניזירן מיט דער הילף פון זיינע נאָכפאָלגערינס אין די אונטערערדישע היילן אונטער דער שטאָט אַ „פעסטונג" צוליב דער „לעצטער שלאַכט קעגן טייוול", איז ער געוואָרן צו גרויס און צו אומבאַקוועם פאַר די אָרטיקע גלחים און זיי האָבן זיך דערשלאָגן מען זאָל אים אַרויסרופן קיין פּעטערבורג. און אין פּעטערבורג האָט לאַנג ניט גענומען ביז איליאָדאָר, וואָס האָט זיך דאָרטן דערקלערט פאַר אַ נאָכפאָלגער פון אַן אַנדער „הייליקן" דעמאַגאָג, דעם גלח יאָאַן קראָנשטאַטסקי, האָט זיך דערקליבן ביזן צאַרישן הויף און איז געוואָרן דער דוכאָווניק (דער גייסטיקער אויפפּאַסער) פון צאַר ניקאָלאַיען.

אָבער אין צאַרישן הויף האָט זיך איליאָדאָר אָנגעשטויסן אויף אַ קאָנ־קורענט, וואָס איז אַריינגעקומען אומגעפּער אין דער זעלביקער צייט און האָט זיך אַרויסגעוויזן צו זיין שטאַרקער און פּיאיקער פון אים אין דערשלאָגן זיך צו זיין ציל. דער קאָנקורענט איז געווען ראַספּוטין.

ראַספּוטין, וועלכער איז אַריין אין צאַרישן הויף אַלס „וואונדער־היילער״ פאַר דעם קראַנקן צאַרישן יורש, האָט ביסלעכווייז באַקומען אַזאַ איינפלוס אויף דער צאַריצע, אַלעקסאַנדראַ פעאָדאָראָוונאַ, אַז ניט נאָר איז ער געוואָרן איר „דוכאָוונִיק״, נאָר ער איז פאַקטיש געוואָרן פריער אַ בן־בית און דערנאָך דער גאַנצער באַלעבאָס איבער דעם צאַרישן הויזגעזינד, איבער דעם צאַרישן הויף און סוף־כל־סוף אַפילו איבער דער צאַרישער רעגירונג און איבער איר פּאָליטיק.

און וואָס שטאַרקער ראַספּוטין איז געוואָרן אַלץ מער זיינען געפאַלן די אויסזיכטן פון איליאָדאָרן און זיין פּרעסטיזש אין צאַרישן הויף. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אינערלעכער קאַמף צווישן ראַספּוטינען און איליאָדאָרן, וואו ראַספּוטין האָט געהאַט, מיט דער הילף פון דער צאַריצע, די אויבער־האַנט און איליאָדאָר איז אַלץ מער אָפּגעשטויסן געוואָרן אין הינטערגרונט.

דער סוף פון דער קאָנקורענץ צווישן איליאָדאָרן און ראַספּוטינען איז געווען, אַז ווען איליאָדאָר האָט באַשלאָסן צו „נעמען דעם אַקס פאַר די הערנער״ און האָט אָפן געגומען באַשולדיקן ראַספּוטינען אין אויסגעלאַסנקייט און שווינדל, און העצען אַנטקעגן אים צאַר ניקאָלאַיען, האָט ראַספּוטין אויסגעפונען, אַז דער „פרומער מאָנאַך״ איליאָדאָר האָט שטילערהייט געהאַט אַ ווייב מיט אַ פּאָר קינדער, האָט אים באַשולדיקט אין צוגרייטן אַ מאָרד קעגן אים אין 1914, און האָט זיך דערשלאָגן, אַז איליאָדאָר זאָל אָפּגעזאָגט ווערן פון זיין פּאָסטן אַלס דעם צאַרס דוכאָוונִיק און געשטעלט ווערן פאַר אַ גייסטלעכן געריכט. וויסנדיק, אַז דאָס מיינט אַ סוף פון זיין קאַריערע, אַ פאַרשיקונג ערגעץ אין אַ ווייטן מאָנאַסטיר, און מורא־האָבנדיק, אַז דאָס קאָן זיך ענדיקן מיט דערמאָרדן אים, ווייל ראַספּוטין האָט פיינט געהאַט אָפּצושטעלן זיך אויפן האַלבן וועג, איז איליאָדאָר אינמיטן אָדער אין סוף 1915 אַנטלאָפן פון רוסלאַנד צוזאַמען מיט זיין פאַמיליע, פריער קיין שוועדן און דערנאָך קיין אַמעריקע.

אָבער ווי קום איך צו באַגעגענישן מיט איליאָדאָרן אין ניו יאָרק?

פּאַסירט האָט עס אַזוי. ווען איליאָדאָר איז געקומען קיין ניו יאָרק, באַגלייט מיט ברייטער פּרעסע־פּובליסיטי אַלס „משוגענער מאָנאַך״, וואָס איז אַנטלאָפן פון צאַרישן הויף, האָט ער גענומען זוכן צו קאַפּיטאַליזירן זיינע דערפאַרונגען און האָט פאַרקויפט אַ סעריע אַרטיקלען וועגן די היני־טער־קוליסן פון דעם צאַרישן הויף צו דעם דעמאָלטיקן פּאָפּולערן אַמערי־קאַנישן זשורנאַל „מעטראָפּאָליטאַן״, אין וועלכן עקס־פּרעזידענט טעאָדאָר רוזוועלט, איז געווען איינער פון די רעדאַקטאָרן, אָדער באַלעבאַטים. דער ערשטער אַרטיקל איז שוין געווען אָפּגעדרוקט אין נומער, ווען דער צאַרישער

אַמבאַסאַדאָר אין וואַשינגטאָן, גראַף באַכמעטיעוו, האָט זיך דערוואוסט וועגן דעם און האָט זיך דערשלאָגן, אַז „טעדי" רוזוועלט זאָל זיך אַריינמישן און ניט דערלאָזן דער „מעטראָפּאָליטען" זאָל דרוקן איליאָדאָרס אַרטיקלען. אַפילו פון דעם נומער פון זשורנאַל, אין וועלכן דער ערשטער אַרטיקל איז שוין געהאַט אָפּגעדרוקט געוואָרן, איז ער אויסגעשניטן געוואָרן איידער דער נומער איז פאַרשפּרייט געוואָרן.

דער צאַרישער אַמבאַסאַדאָר האָט אויסגעפירט נאָך מער: אונטער דעם אויסרייד, וואָס רוסלאַנד איז דעמאָלט געווען אין קריג קעגן דייטשלאַנד און איליאָדאָרס אויפדעקונגען קאָנען שעדיקן דער צאַרישער רעגירונג, האָט ער זיך דערשלאָגן, אַז אַלע ענגלישע אויסגאַבן און פאַרלאַגן, צו וועלכע איליאָדאָר האָט זיך געפּרואווט ווענדן מיט זיין מאַנוסקריפּט, זאָלן פאַר אים פאַרמאַכט ווערן.

איליאָדאָר איז אַריינגעפאַלן אין אַ פאַרצווייפלטער לאַגע, כאָטש איך ווייס ניט, צי ער איז שוין געווען אין אַ גרויסער מאַטעריעלער נויט. און דעמאָלט האָט זיך געפונען אַ פאַרמיטלער, אַ געוויסער באַלטישער ייד, ה., וועלכער האָט זיך צוליב זיינע געשעפטן אַרומגעדרייט אין די רוסישע קירכ־לעכע קרייזן אין ניו־יאָרק. ער האָט זיך באַקאַנט מיט איליאָדאָרן און מיט זיינע צרות און ער האָט אים געבראַכט צום „טאָג", וואו איך בין דעמאָלט געווען רעדאַקציע־סעקרעטאַר. הערמאַן בערנשטיין, וועלכער איז דעמאָלט נאָך געווען רעדאַקטאָר פון „טאָג", האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט איליאָדאָרס מאַטעריאַלן, ווי מיט אַ סענסאַציאָנעלן שטאָף, וואָס קאָן העלפן פאַרגרעסערן די צירקולאַציע פון „טאָג". עס האָבן זיך אָנגעהויבן אונטערהאַנדלונגען מיט איליאָדאָרן, אין וועלכע מיר איז אויסגעקומען דירעקט צו באַטייליקן זיך, אַ לענגערע סעריע פון איליאָדאָרס אַרטיקלען איז געקויפט, איבערגעזעצט און געדרוקט געוואָרן אין „טאָג", און אויף אַזאַ אופן האָב איך זיך באַקענט מיט דעם „משוגענעם מאָנאַך", וועלכער איז אין בלויז 8־9 יאָר נאָכדעם ווי ער האָט טעראָריזירט די יידישע באַפעלקערונג אין וואָלין, געוואָרן אין אַ געוויסן זינען אַ „מיטאַרבעטער" אין דעם ניו־יאָרקער יידישן „טאָג".

זיין „מיטאַרבעטערשאַפט" אין „טאָג" האָט דעמאָלט, אמת, אַרויסגערופן געוויסע פּראָטעסטן. די איסט־בראָדוויער צייטונגען האָבן ניט פאַרגונען דעם „טאָג" די צירקולאַציע־שאַפנדיקע סענסאַציע און האָבן געמאַכט פרומע אָנשטעלן קעגן דרוקן איליאָדאָרן. דאָס האָט אָבער ניט געשטערט לואי מילערן, דעם רעדאַקטאָר פון דער דעמאָלטיקער „וואַרהייט", אַריינצוכאַפּן איליאָדאָרן פאַר אַ מיטאַרבעטער פון „וואַרהייט", נאָכדעם ווי זיין סעריע אין „טאָג" האָט זיך געענדיקט, און אָפּצוקויפן ביי אים אַ סעריע „בעדרום"־גע־שיכטעס פון צאַרישן הויף, וועלכע די רעדאַקציע פון „טאָג" האָט זיך אָפּ־געזאָגט צו קויפן ביי אים.

מער ערנסט און געוויס ערלעך איז געווען דער פּראָטעסט פון לאַמעד שאַפּיראָן, וועלכער האָט אין אַ בריוו צו דער רעדאַקציע פון „טאָג" גע־

טענהט, אַז אַ יידישע צייטונג טאָר זיך ניט באַנוצן מיט די מאַטעריאַלן פון אַזאַ פאַרשוין, וואָס איז געווען ניט נאָר אַ רעאַקציאָנער, נאָר אַ שונא פון יידן. דער ענטפער פון דער רעדאַקציע, געדענקט זיך, איז דעמאָלט געווען, אַז „ווען מען דאַרף אַ גנב נעמט מען אים אַפילו פון דער תליה"; אַז סודות פון דער אָכראַנקע, וועלכע דער עולם דאַרף וויסן, קאָן דערציילן נאָר איינער, וועלכער האָט געאַרבעט אין דער אָכראַנקע (רוסישע געהיים־פּאָליציי) און פונקט אַזוי וועגן דעם צאַרישן הויף און וועגן דער אַטמאָספערע אין אים, וואָס האָט געהאַט אַזאַ פאַרדארבנדיקע באַדייטונג פאַר רוסלאַנד און געבראַכט אַזוי פיל צרות דעם יידישן פאָלק, קאָן דערציילן נאָר איינער, וואָס האָט געלעבט אין צאַרישן הויף, — דאָס הייסט, אַזאַ מענטש, ווי איליאָדאָר, וועלכער איז צוליב דעם, נאַטירלעך, נאָך ניט געוואָרן קיין מיטאַרבעטער אין אַ יידישער צייטונג, נאָר בלויז אַ צושטעלער פון געוויסע מאַטעריאַלן.

צווישן זיך האָבן מיר דעמאָלט געשפּאַסט:

— וואָס איז די בעסטע שטראָף פאַר אַן אַנטיסעמיט?

— ווען ער פאַלט אַריין אין יידישע הענט און זוכט פון זיי אַ טובה.

צוליב די געשעפטלעכע באַגעגענישן מיט איליאָדאָרן בין איך מיט אים יעדנפאַלס געוואָרן פערזענלעך נאָכמער באַקאַנט, באַזונדערס צום סוף פון 1916, איידער ראַספּוטין איז דערמאָרדעט געוואָרן אין פּעטערבורג, און מיר האָבן דעמאָלט געהאַט עטלעכע זייער אינטערעסאַנטע געשפּרעכן.

# אילׅיאָדאָר, ראַספּוטין און דער צאַר

אין ווינטער פון 1916 — ס'האָט געמוזט זיין אַרום אָקטאָבער־נאָוועמבער — האָב איך באַקומען אַ פאָרשלאַג אָנצושרייבן אַ סצענאַרי פאַר אַ מואווי־פילם, געבויט אויף איליאָדאָרס אַרטיקלען וועגן דעם צאַרישן הויף. אַ פּאָר יידישע מואווי־אונטערנעמער האָבן זיך מיט דער טעמע פאַראינטערעסירט אין פאַרבינדונג מיט די סענסאַציאָנעלע קלאַנגען וועגן ראַספּוטינס ראָליע אין צאַרישן הויף, און אין דער מלחמה־פּאָליטיק, וואָס די אַמעריקאַנער פּרעסע האָט דעמאָלט אָפט געדרוקט. איך האָב דעם פאָרשלאַג אָנגענומען, האָפנדיק צו שאַפן אַ פילם, וואָס זאָל פאָרשטעלן די צעפוילטקייט פון דעם צאַרישן רעזשים בכלל, פון זיין ראָל אין אונטערדריקונג פון די רוסלענדישע פעלקער און פון דעם יידישן באַזונדערס, און דעם קאַמף פון די רעוואָלוציאָנערע מאַסן קעגן דעם צאַריזם.

אָבער ווען איך האָב דעם סצענאַרי אָנגעשריבן און צוגעשטעלט די אונטערנעמער — זייערע נעמען געדענק איך שוין ניט און דעם איינדרוק האָבן זיי אויף מיר געמאַכט גיכער פון „אונטערנעמער" וואָס האַנדלען מיט גנבות, איידער פון אויספירער פון פילמען, — האָבן זיי קודם כל „ענטוזיאַסטיש" גענומען לויבן דעם סצענאַרי און דערנאָך גענומען ביי יעדער ווייטערדיקער באַגעגעניש פאָרשלאָגן מיר אַריינצוטראָגן אין אים „קליינע ענדערונגען", וואָס זאָלן אים מאַכן „פּאָפּולער" און פאַרשטענדלעכער פאַר דעם אַמעריקאַנער עולם. זיי האָבן קודם כל פאָרגעשלאָגן אַרויסצוואַרפן פון אים דעם פּאָליטישן הינטערגרונט און די ראָליע פון די ארבעטער אין קאַמף קעגן צאַריזם — אַלס איבעריקע און „אומפאַרשטענדלעכע" זאַכן. זיי האָבן איינגעשטימט, אַז רוסישע פּויערים קאָנען געוויזן ווערן אין דעם פילם, אָבער בלויז אין דער ראָל פון פּאָגראָמשטשיקעס קעגן יידן, אָדער ווי ווילדע רעליגיעזע פאַנאַטיקער, וואָס זייערע איינדרוקפולע סצענעס דאַרפן זיין, ווען זיי שטייען אויף די קני און קלאַפּן זיך מיט די שטעקנס אין דר'ערד. רעוואָלוציאָנערן האָבן די אונטערנעמער איינגעשטימט אַריינצולאָזן אין פילם בלויז אַלס געהיימניספולע, פאַרמאַסקירטע „פאַרשווערער", וואָס גראָבן זיך אונטער דורך קעלערן און טונעלן אין צאַרישן הויף, וואָס מוז זיך, צוליב „לאָקאַלן קאָליר" מסתמא, געפינען דווקא אין אַ טיפן וואַלד. אָבער דאָס „אינטערעסאַנטסטע" האָט געזאָלט זיין דער סוף, וועלכן זיי האָבן צוגעטראַכט אַלס אַ מין „געניאַלן איינפאַל", וואָס מוז גוואַלדיק אויסנעמען, ספּעציעל ביים יידישן עולם. דער סוף פון דעם פילם האָט געדאַרפט באַשטיין אין דעם,

וואָס דער צאַר ניקאָלאַי פאַרליבט זיך אין אַ יידישער „רעוואָלוציאָנערקע", וואָס גנבעט זיך אַריין צו אים אין פּאַלאַץ, כדי צו ראַטעווען די אַרעסטירטע „פאַרשווערער" פון אַ פאַרגראַטעוועטן טיפן קעלער, און דאָס בילד דאַרף זיך ענדיקן מיט דער סצענע, ווי צאַר ניקאָלאַי שטייט אויף די קני פאַר דער „יידישער רעוואָלוציאָנערקע" און שלאָגט זיך על חטא צוליב דעם, וואָס ער האָט געלאָזט אָרגאַניזירן יידישע פּאָגראָמען...

מיט איין וואָרט, די ריכטיקע שונדיסטישע קאַשע!

איך האָב, פאַרשטייט זיך, קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט זיך אַריינצוטראָגן אין מיין סצענאַרי אַזעלכע „אויסבעסערונגען" און האָב סוף־כל־סוף פאַרלוירן דעם אינטערעס צו דער גאַנצער געשיכטע און מער זיך ניט געזען מיט די פּיפּיקע „אונטערנעמער". דער אָריגינאַל פון מיין סצענאַרי איז פאַרבליבן ביי זיי און איך האָב זיך אַפילו ניט „געבאַדערט" אָפּצונעמען אים, ניט וועלנדיק מער אָנקוקן זייערע פּנימער. וואָס פון דעם סצענאַרי אין שפּעטער געוואָרן, ווייס איך ניט, ווייל איך בין אין עטלעכע חדשים אַרום, נאָך דעם אויסברוך פון דער רוסלענדישער פעברואַר־רעוואָלוציע פון 1917, אַוועקגעפאָרן. געהערט האָב איך שפּעטער, אַז אין ניו־יאָרק איז פּראָדוצירט און אַ געוויסע צייט געוויזן געוואָרן אַ מין פילם, וואָס האָט געהאַט עפּעס אַ שייכות מיט איליאָדאָרס אויפדעקונגען וועגן דעם צאַרישן הויף. אָבער צי איז פאַר דעם פילם אויף אַ וועלכן עס איז אופן אויסגענוצט געוואָרן מיין אָריגינעלער סצענאַרי, אָדער ער איז באַשטאַנען דערהויפּט פון „אויסבעסערונגען" פון די „אונטערנעמער", ווייס איך ניט, האָב עס קיינמאָל ניט אויסגעפונען און האָב זיך, דעם אמת געזאָגט, קיינמאָל ניט אינטערעסירט.

אָבער ווען איך האָב נאָך געאַרבעט אויפן סצענאַרי איז מיר אויסגעקומען צו טרעפן זיך מיט איליאָדאָרן צוליב רעאַליסטישע פּרטים פון צאַרישן הויף. די „אונטערנעמער" האָבן מיך איינמאָל געפרעגט, צי וואָלט ניט מעגלעך געווען אויספירן ביי איליאָדאָרן, אַז ער זאָל איינשטימען פערזענלעך צו באַטייליקן זיך אין דעם פילם אַלס אַן אַקטיאָר, וואָס זאָל שפּילן טאַקע זיין, איליאָדאָרס ראָליע אין צאַרישן הויף. איך האָב געצווייפלט, צי ער וועט דערויף איינשטימען, כ'האָב יעדנפאַלס צוגעזאָגט פרעגן אים. צו מיין איבערראַשונג האָט ער זיך ניט נאָר ניט אָפּגעזאָגט פון דעם פאָרשלאָג, נאָר ער האָט זיך, פאַרקערט, אָנגעכאַפּט אָן אים, מ'קאָן זאָגן, מיטביידע הענט. עס האָט מיר אַפילו אויסגעזען, אַז די מעגלעכקייט צו שפּילן אין דעם פילם האָט אים פאַראינטערעסירט אפשר מער, ווי די באַנוצונג פון זיינע מאַטעריאַלן פאַר דעם פילם. איך האָב אין זיין גרויסן אינטערעס אַרויסצוטרעטן אַלס „אַקטיאָר" דערפילט עטוואָס אַזוינס, וואָס איז מיר פריער קיינמאָל ניט איינגעפאַלן: אַז איליאָדאָר, פּונקט ווי אַ צאָל אַנדערע דעמאַגאָגן פון זיין מין, איז אין עצם געווען אַ שטיק אַקטיאָר, וועלכן די רעאַקציע האָט אויסגענוצט, געבנדיק אים די מעגלעכקייט צו שפּילן זיין „ראָליע" אין לעבן, און אַז דער איליאָדאָר, דער צעווילדעוועטער פאַנאַטישער מאָנאַך, וועלכן

כ׳האָב מיט צען יאָר פאַר דעם געזען אין פּאָטשאַיעוו, בעת ער האָט געהאַלטן זיינע „דרשות" פאַר די וואָלינער פּויערים, איז אין גרונט גענומען געווען דערהויפּט אַ ביליקער אַקטיאָר, וואָס האָט געוואוסט, אַז ער שפּילט אַ „ראָליע"...

צוליב דער געשיכטע מיט דעם סצענאַרי און מיט איליאָדאָרס געפּלאַנטן דירעקטן אָנטייל אין דעם פילם, איז מיר דעמאָלט אויסגעקומען עטלעכע מאָל צו טרעפן זיך מיט אים און פירן מיט אים לענגערע געשפּרעכן. עטלעכע מאָל איז ער געקומען צו מיר אין הויז און פלעגט אַלס ענטפער אויף מיינע אָנפירנדיקע פראַגעס מיר דערציילן וועגן זיין פאַרגאַנגענהייט און טשיקאַווע איינצלהייטן וועגן דעם צאַרישן הויף.

איינמאָל, — דאָס איז געווען אין אָנהייב דעצעמבער 1916, — איז איליאָדאָר געקומען צו מיר אַן אויפגערודערטער און האָט מיר איבערגעגעבן, אַז אויף ראַספּוטינען איז לעצטנס געמאַכט געוואָרן אַן אַטענטאַט, און אַז ער צווייפלט ניט, אַז איינפלוסרייכע מענטשן אין צאַרישן הויף, באַזונדערס די גרויספירשטן, וואָס קאָנען שוין מער ניט איבערטראָגן, וואָס דאָרטן טוט זיך אָפּ, וועלן זיך ניט באַרואיקן ביז זיי וועלן ניט „אָפּראַמען" ראַס־פּוטינען...

דאָס איז געווען בלויז מיט עטלעכע וואָכן פאַר דעם, ווי ראַספּוטין איז טאַקע דערמאָרדעט געוואָרן און טאַקע מיטן אָנטייל פון פאַרשיידענע פירשטן. ווי עס זעט אויס האָט איליאָדאָר, דורך זיינע פאַרבליבענע פאַרבינדונגען מיט געוויסע עלעמענטן אין פּעטערבורג, געוואוסט עפּעס וועגן די אַטענטאַטן, וואָס זיינען דורכגעפירט, אָדער געגרייט געוואָרן קעגן ראַספּוטינען, מער ווי ער האָט געוואָלט דערציילן. ווען איך האָב אים געפרעגט פון וואַנען ער ווייסט עס, — נאָך זיין בשורה, אַז „מען וועט" אָפּראַמען ראַספּוטינען פון וועג, — האָט ער מיך געפּרואווט „איבערצייגן", אַז ער ווייסט עס ניט פון וועלכע עס איז אינפאָרמאַציע־קוואַלן, נאָר „דירעקט", „גייסטיק", דורך אַ מין „טעלעפּאַטיע". כ׳האָב זיך ניט געפּרואווט שפּאַרן מיט אים וועגן „טע־לעפּאַטיע" און אים געלאָזט ריידן.

און דאָ איז אינטערעסאַנט צו באַמערקן, אַז איליאָדאָר האָט באמת געגלויבט, — אָדער האָט אויף מיר, יעדנפאַלס, געמאַכט אַן איינדרוק, אַז ער גלויבט, — אַז ראַספּוטין איז ניט קיין מענטש, נאָר אויב ער איז אַליין ניט דער „הויפּט־טייוול" גופא, איז ער אָדער איינער פון דעם טייוולס משרתים און אַליין אַ טייוול אָדער אַ כישופמאַכער. ער האָט מיר דערציילט, אַז בעת געשפּרעכן מיט ראַספּוטינען האָט ער, איליאָדאָר, געפילט, ווי ראַספּוטין לייענט זיינע געדאַנקען און ווייסט וואָס ער קלייבט זיך זאָגן, אָדער טאָן, נאָך איידער ער האָט עפּעס געזאָגט; אַז ראַספּוטין האָט מיט איין קוק פון זיינע אויגן געקאָנט פאַרכישופן, אָדער פאַרהיפּנאָטיזירן מענטשן, און אַז ניט נאָר די צאַריצע, אַלעקסאַנדראַ פעאָדאָראָוונאַ, נאָר אַלע אין הויף, באַ־זונדערס די פרויען, זיינען געווען דירעקט פאַרהיפּנאָטיזירט דורך ראַספּו־

טינען און געטאָן זיין ווילן, באַפרידיקט זיינע ווילדסטע, צעלאָזענע איינפאַלן. ראַספּוטין, האָט ער דערציילט, פלעגט אָפּט אוממיסטן קומען אויף אָוונטן אין פירשטלעכע הייזער אין פּויערישע קליידער — הגם געמאַכט פון זייד און סאַמעט — און אין פּראָסטע פּויערשע שטיוול, געדיכט אויסגעשמירטע מיט דזשעגעכץ, — און די פירשטינס פלעגן עס באַטראַכטן פאַר אַ באַזונדערן סימן פון אויפמערקזאַמקייט, ווען ראַספּוטין פלעגט איינער, אָדער עטלעכע פון זיי, דערלויבן אַראָפּצוציען פון אים די שטיוול און דערביי אויסשמירן זייערע הענט און קליידער אין דזשעגעכץ... ער האָט דערציילט, ווי ראַספּוטין פלעגט נאָך אַ נאַכט פון טרינקען, ווען ער פלעגט קאָנען אויסטרינקען גאַנצע גאַלאָנס בראַנפן און פאַרשיידענע ווייַנען, „דערלויבן" די פרויען פון זיינע גאַסט־אויפנעמער צו נעמען אים אין אַ באָד, וואַשן אים דאָרטן און דערנאָך אַלס אַ גאַנץ באַזונדערן צייכן פון גוטן ווילן פון זיין זייט, צו בלייבן שלאָפן מיט אים, ווייל שלאָפן מיט אים — האָט ער זיי פאַרזיכערט — איז פון דעם מין עבירות, וואָס מען מוז באַגיין אַלס תּנאי צו אויסקויפן זיך פון זינד...

אָבער בעת איליאָדאָר פלעגט ריידן וועגן ראַספּוטינען מיט אַ ביטערער שנאה, נאָר גלייכצייטיק מיט אַן אמתער, אומבאַהאַלטענער מורא, אַפילו מיט אַ געוויסער מאָס פון אנערקענונג פון זיינע אויסערגעוויינלעכע „מיס־טישע" קרעפטן און פייאיקייטן, און פלעגט אָפּט אפילו אַראָפּלאָזן די שטים ריידנדיק וועגן ראַספּוטינען, ווי מורא־האָבנדיק, אַז יענער זאָל ניט דערהערן אַזש אין פּעטערבורג, וואָס ער, איליאָדאָר, רעדט וועגן אים אין מיין ניו־יאָרקער וואוינונג, פלעגט ער וועגן צאַר ניקאָלאַי, זיין צאַריצע און זייערע הויפּטלייט ריידן מיט דער גרעסטער פאַראַכטונג, ווי וועגן נידעריקע, נישטיקע שוואַכלינגען, וואָס זיינען ניט ווערט אַפילו דערמאָנט צו ווערן.

וועגן צאַר ניקאָלאַיען, וועמענס „דוכאָווניק" (ווידוי־נעמער) ער איז געוועזן עטלעכע יאָר, האָט מיר איליאָדאָר, למשל, דערציילט, אַז יענער איז געוועזן אַ געפערלעכער טרוס, אַ פּחדן, וואָס האָט מורא געהאַט פאַר אַלץ און אַלעמען, און מער ווי פאַר אַלעמען, פאַר זיין ווייב, פאַר ראַספּוטינען און... יידן. דערדאָזיקער קעניגלעכער טרוס האָט געהאַט אַ שוואַכקייט צו „גיין אויף דער יאַגד", און צו שיסן. אָבער אויף דער „יאַגד" פלעגט ער ווייט, נאַטירלעך, ניט גיין, ניט ווייטער פון זיין גאָרטן אַרום דעם ווינטער־פּאַלאַץ, וואו ער פלעגט שיסן אין פויגל און פייגעלעך אויף די ביימער. פלעגט טרעפן, אַז ניקאָלאַי פלעגט נאָך אַזאַ „יאַגד" אַריינקומען אין הויז און, זעצנדיק זיך עסן ביים טיש, רייבן די הענט און באַרימען זיך:

— געהאַט אַ געלונגענע יאַגד היינט. דערשאָסן דריי זשידקעס...

מיטן נאָמען „זשידקעס" פלעגט ער אין אַזעלכע פאַלן געוויינלעך באַ־צייכענען די וואָראָנעס, אָדער סאָראָקעס, וואָס ער האָט געשאָסן אין גאָרטן...

איידער ניקאָלאַי פלעגט זיך לייגן שלאָפן האָט ער געמוזט געניי אונ־טערזוכן זיין שלאָפצימער, קוקן אונטער די בעטן און שטולן, אויסקלאַפּן די ווענט, א. אז. וו. דאָס זיינען אַלץ געווען „פאָרזיכט־מיטלען", אויף וועלכע

ניקאָלאַי איז באַשטאַנען, ווייל ער האָט געלעבט אין שטענדיקער מורא, אַז „זשידעס־רעוואָלוציאָנערן" זאָלן זיך צו אים ניט אַריינכאַפּן און מאַכן אַ סוף צו אים.

פאַר זיין פרוי, דער צאַריצע אַלעקסאַנדראַ, — פלעגט איליאָדאָר דער־ציילן, — האָט ניקאָלאַי געציטערט ווי פאַר פייער, און געציטערט האָט ער ניט אַזוי פאַר איר פּערזענלעך — זי איז געווען אַ שוואַכע, זייער נערוועזע און האַלב־משוגענע פרוי, וואָס האָט כסדר געציטערט פאַר דעם לעבן פון איר יורש, דעם קרוינפּרינץ אַלעקסיי, — ווי פאַר ראַספּוטינען, וועמעס „כישופדיקער" איינפלוס עס האָט זיך איבערגעגעבן צום צאַר דורך דער צאַריצע.

— ראַספּוטינס גוואַלדיקער איינפלוס אויף דער צאַרישער פאַמיליע, — האָט מיך איליאָדאָר פאַרזיכערט אין יענע דעצעמבער־געשפּרעכן פאַר ראַס־פּוטינס דערמאָרדונג, — איז געבויט אויף דעם, וואָס ער האָט זיי איינגע־רעדט, און זיי זיינען געוואָרן איינגעגלויבט, אַז דאָס לעבן פון דעם צאַרע־וויטש (קרוינפּרינץ) און די עקזיסטענץ גופא פון דער ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע, איז דירעקט פאַרבונדן מיט ראַספּוטינען. אַזוי לאַנג ווי ער לעבט איז אויך זייער לעבן געזיכערט. אויב ער וועט אַוועקגיין, וועלן זיי אויך מוזן אומ־קומען...

און ווען ס'איז סוף דעצעמבער 1916, קריסטמעס־צייט, טאַקע אָנגעקומען די סענסאַציאָנעלע נייעס, אַז ראַספּוטין איז ענדלעך דערמאָרדעט געוואָרן אין פּעטראָגראַד, איז איליאָדאָר איינמאָל שפּעט אין אָוונט געקומען צולויפן צו מיר אַן אויפגערודערטער, אַ באַגייסטערטער און האָט מיר, ניט נאָר אָנגע־זאָגט די בשורה (וועלכע איך האָב שוין אַליין געוואוסט פון די נייעס־באַ־ריכטן), נאָר אויך פאַראויסגעזאָגט:

— איר וועט זען, אַז איך בין געווען גערעכט. מיטן פאַלן פון ראַספּוטינען וועט מוזן פאַלן אויך די ראָמאַנאָוו־דינאַסטיע. זי האָט גאָרניט אויף וואָס צו האַלטן זיך...

די געשעענישן פון דעם קומענדיקן חודש, ווען די פעברואַר־רעוואָלוציע האָט אויסגעבראָכן און האָט אַראָפּגעזעצט דעם צאַר, האָט באַשטעטיקט איליאָדאָרס „נבואה". מען האָט אָבער ניט געדאַרפט זיין קיין נביא כדי צו פאַרשטיין, אַז די דערמאָרדונג פון ראַספּוטינען איז געווען פונקט אַזוי אַ רעזולטאַט פון דער עקסטרעמער דעגענעראַציע און צעפוילטקייט פון דעם צאַרישן רעזשים, ווי פון דער אָנקומענדיקער רעוואָלוציע, וועלכער ראַספּוטינס הויכגעשטעלטע מערדער האָבן געפרואווט פאַרלויפן דעם וועג.

הערנדיק מיט וואָס פאַר אַ פאַראַכטונג און שנאה איליאָדאָר האָט דע־מאָלט גערעדט וועגן דעם צאַר און דער גאַנצער צאַרישער „אָרדענונג", האָב איך איינמאָל באַמערקט:

— איר ווייסט, אָט רעדט איר איצט צו מיר, און איך דערמאָן זיך אַ בילד,

פונקט מיט צען יאָר צוריק, אין יאַנואַר 1907, ווען איך בין געשטאַנען צווישן אַ גרויסן עולם פאַר דער פּאָטשאַיעווער לאַווּרע און אַ מאָנאַך אין אַ צעכראַשטשעטער ריאַסע מיט אַ האָריקער העמד אויפן לייב איז געשטאַנען און האָט געזוכט אָנצוצינדן זיינע צוהערער מיט אַ גלויבן אין צאַר און מיט אַ האַס צו דער רעוואָלוציע און צו יידן.

איליאָדאָר האָט מיר געקוקט גלייך אין פּנים מיט זיינע בויערנדיקע בלויע אויגעלעך און מיר גלייך געענטפערט אויף דערדאָזיקער דעראינערונג:

— איך בין דעמאָלט אויך געווען אַ רעוואָלוציאָנער, כ׳האָב דעמאָלט געזוכט צו רעוואָלוציאָניזירן די פּויערים...

— אַ רעוואָלוציאָנער? — האָב איך אים איראָניש איבערגעפרעגט, — אַ רעוואָלוציאָנער, וואָס האָט געפּריידיקט צוטרוי צום צאַר און האַס צו דער רעוואָלוציע און צו יידן?...

אָבער איליאָדאָר איז ביי זיך ניט אַראָפּגעפאַלן און האָט מיר היציק גענומען דערקלערן:

— איך בין ניט געווען קעגן דער רעוואָלוציע, איך האָב ניט געפּריידיקט קעגן די צילן פון דער רעוואָלוציע. איך האָב גערופן די פּויערים, אַז זיי זאָלן פאַרלאַנגען ביים צאַר, וואָס נאָר אַ רעוואָלוציע האָט זיי געקאָנט געבן. איך האָב געוואוסט, אַז דער צאַר וועט זיי גאָרניט געבן און דאָס וועט זיי אַנטוישן אין דעם צאַר און דערנענטערן די רעוואָלוציע... איך האָב אַטאַקירט ניט די רעוואָלוציאָנערן, נאָר די אינטעליגענץ. כ׳האָב דעמאָלט געגלויבט, און האַלט אויך איצט, אַז די רוסישע אינטעליגענץ, דער גרעסערער טייל אירער, איז צעפּוילט, רעאַקציאָנער, אָבלאָמאָוויש, האָט מורא פאַר דער רעוואָלוציע און זוכט צו פאַרפירן דאָס פאָלק מיט שיינע ווערטער. טאָלסטאָי אויך. האָט ער דען ניט געפּריידיקט, אַז מען זאָל זיך ניט ווידערשטעלן קעגן שלעכטס? איך האַלט איצט אויך, אַז די אינטעליגענץ איז אַ שונא פון אַן אמתער פאָלקס־רעוואָלוציע.

— נו, און די האַס־אַגיטאַציע קעגן די יידן? האָט איר פאַגראָמען אויף יידן אויך גערעכנט פאַר אַ רעוואָלוציאָנערן מיטל?

איליאָדאָר האָט אויף קיין רגע ניט אַראָפּגעלאָזט די אויגן:

— איך האָב דירעקט צו קיין פּאָגראָמען ניט גערופן, כאָטש מען האָט עס דערוואַרט פון מיר. איך האָב געוואָלט אויפבלאָזן ביי די אומוויסנדיקע אָרעמע פּויערים אַ האַס צו זייער אייגענער לאַגע און צו אַלע, וואָס לעבן פון זייער אָרעמקייט. און געוויסע יידן, וועט איר דאָך ניט לייקענען, האָבן זיך אָנגעלעבט אויפן חשבון פון פּויער...

איך האָב זיך מיט איליאָדאָרן אין קיין דיסקוסיע ניט אַריינגעלאָזן. מיר איז געווען אינטערעסאַנט צו הערן און פאַרגלייכן דעם איליאָדאָר פון יאַנואַר 1917 מיט דעם איליאָדאָר פון יאַנואַר 1907. די צען יאָר האָבן זיכער געבראַכט אַ גרויסע ענדערונג, אויב ניט אין זיין פילן, איז אין זיין האַנדלען און ריידן...

* * *

וואָס פון איליאַדאָרן איז שפּעטער געוואָרן ווייס איך ניט גענוי און האָב קיינמאָל ניט געזוכט אויסצוגעפינען. איך האָב אָבער געהערט — טיילווייז דורך נאָטיצן פון דער פּרעסע, — אַז ער האָט דורכגעמאַכט אין אַמעריקע אַ זייער פיל־פאַרביקע „קאַריערע": ער איז געוואָרן אַ גלח אין אַ רוסישער קירך ערגעץ אין ניו דזשוירזי, שפּעטער אַ בעל־מופת, וואָס האָט געגרינדעט אַן אייגענע קירך, אָדער רעליגיע; אַ שטיקל צייט האָט ער געהאַט אַ פאַרם, דערנאָך איז ער — אין דער צייט פון קריזיס פון די 30ער יאָרן, געווען ערגעץ אַ דזשעניטאָר, אַ שווייצאַר אין אַ האָטעל, אָדער נאַכט־קלוב, און אַרום 1936 האָב איך געהערט, אַז ער איז געשטאָרבן ערגעץ אין ניו־יאָרק.

קיינער האָט נאָך אים זיכער ניט געבענקט.

# אין זשיטאָמיר — אין 1907

אין זשיטאָמיר, ווי שוין דערמאָנט אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל, בין איך אין אָנהויב 1907 געקומען צייטווייליק, בלויז אויף אַ פּאָר חדשים, ביז עמיצער וועט מיך דאָרטן פאַרבייטן.

איך האָב פאַר זיך דאָרט געהאַט צוויי קאָנקרעטע אויפגאַבן: אָרגאַניזירן די אַנטי־פּאָגראָם פּראָפּאַגאַנדע — אויף יידיש צווישן דער יידישער באַפעלקערונג און אויף רוסיש און אוקראַיניש צווישן דער ניט־יידישער באַפעלקערונג — צוזאַמענאַרבעטנדיק צוליב דעם מיט די „ניט־יידישע" סאָציאַליסטישע פּאַרטייען; און צווייטנס, אויפצושטעלן די אָרגאַניזאַציע, וואָס איז אונטער איר פריערדיקן אָנפירער, ח׳ ל., היפּש אָפּגעשוואַכט געוואָרן און איז געווען איינגעטונקט אין חובות, וועלכע מ׳האָט געמוזט אויסצאָלן.

די לאַגע אין דער זשיטאָמירער אָרגאַניזאַציע איז געווען אַ שווערע. כמעט אַלע פריערדיקע אָרגאַניזאַציאָנעלע פּעדים, די קרייזלעך, די סכאָדקע, דער קאָמיטעט, זיינען געווען היפּש צעפאַלן. פונקציאָנירט רעגולער האָט בלויז די „בירזשע", וואו אַרבעטער פלעגן זיך צונויפקומען יעדן טאָג נאָך דער אַרבעט, אָבער אַרבעט איז אויף דער בירזשע זייער ווייניק געטאָן געוואָרן.

די הויפּט־אורזאַך איז געווען די גרויסע יידישע מאַסן־עמיגראַציע, וואָס האָט טאָג־טעגלעך ממש אַרויסגעריסן שטיקער פון יעדער געזעלשאַפטלעכער אָרגאַניזאַציע, פּונקט ווי מיט אַ פּאָר חדשים פריער אין פּינסק, נאָר נאָך אפשר אין אַ גרעסערער מאָס צוליב דער מער אומרואיקער לאַגע אין וואָלין, האָט מען קיינמאָל ניט געקאָנט זיין זיכער, צי דער מענטש, מיט וועלכן דו האָסט היינט גערעדט וועגן עפּעס, וועט מאָרגן אויך זיין אויף אַן אָרט און וועט זיך ניט אויפהויבן פּלוצלינג און אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע.

די איינציקע אָרגאַניזאַציעס, וואָס האָבן ביסלעכווייז געאַרבעט, זיינען געווען די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען (יוניאָנס). איך האָב אין זשיטאָמיר געטראָפן ביי אַ צענדליק יידישע יוניאָנס, — און הגם זייער מיטגלידערשאַפט איז געווען ניט קיין גרויסע און ניט קיין זיכערע, פלעגן זייערע קאָמיסיעס זיך פונדעסטוועגן מער אָדער ווייניקער רעגלמעסיק פאַרזאַמלען, באַטראַכטן פאַרשיידענע פראַגעס, אויסאַרבעטן פאָדערונגען צו די באַלעבאַטים און דורכפירן און אַפילו געווינען סטרייקס.

אויפן באָדן פון די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען האָב איך זיך באַקענט און באַפריינדט מיט אַ געוויסער צאָל אַרבעטער און אינטעליגענטן פון בונד

און פון די עס־ערן (וועלכע זיינען דעמאָלט אין זשיטאָמיר באַשטאַנען כמעט בלויז פון יידן), און דאָס האָט אַרויסגעהאָלפן ניט נאָר אין אָנהאַלטן די פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, נאָר אויך מיך פּערזענלעך.

וואָרעם איך מוז זיך מודה זיין, אַז אַ „פינאַנסיסט" בין איך געווען אַ צרדהדיקער. מיין אויפגאַבע אויסצוצאָלן די עטלעכע הונדערט רובל חובות, וואָס מיין פאָרגייער אין זשיטאָמיר האָט איבערגעלאָזן אויף דער אָרגאַניזאַציע, האָב איך ווי עס איז דורכגעפירט דורך אָפּגעבן יעדן גראָשן, וואָס איז מיר אַריינגעפאַלן אין די הענט, צו די בעלי־חובות (ס׳רוב אָרעמע אַרבעטער, וואָס האָבן זיך שטאַרק געגוויטיקט אין דעם). איז פאַר מיינע אייגענע באַ־דערפעניש געבליבן אַזוי ווייניק, אַז ס׳האָט מיר קוים געקלעקט צו צאָלן די 5־6 רובל אַ חודש פאַר מיין צימער און אויף אויסצוגעבן אַ 5־10 קאָפּיקעס אַ טאָג אויף עסן. איבערעסן זיך אויף אַזאַ סומע איז, נאַטירלעך, געווען זייער שווער און איך פלעג ניט זעלטן קומען ביינאַכט אין מיין צימער אַ הונגעריקער.

צום גליק האָבן מיינע פריינט, סיי צווישן די ס־ס און סיי צווישן די עס־ערן, מיך גענומען איינלאַדן צו זיך אַהיים אויף שמועסן און גלאַט אַזוי צו פאַרברענגען, אויף אַ גלעזל טיי, און צו דער טיי פלעגט מען שוין געווינלעך צובייסן אויך. איינער, מיינער אַ באַקאַנטער עס־ער, אַן אינטע־ליגענטער אַרבעטער אין דער זעצעריי פון דער אָרטיקער רוסישער צייטונג, האָט מיך אַפילו עטלעכע מאָל כמעט ווי געצוואונגען צו לייען ביי אים עטלעכע רובל, וועלכע זיינען מיר זייער שטאַרק צוניץ געקומען. ווען חבר מיכאַיל ראַשקעס האָט אויף אַ צייט געמוזט פאַרשווינדן פון ווילנע און איז געקומען צו מיר קיין זשיטאָמיר אויף אַ פּאָר וואָכן. מיכאַיל האָט זיך באַזעצט ביי מיר אין צימער און איך האָב געמוזט זאָרגן וועגן שפּייזן אים, פּונקט ווי זיך אַליין.

שפּעטער מיט אַ צייט, ווען איך האָב שוין געוואוינט אין וואַרשע, האָב איך זיך פון אַ חבר, וואָס האָט מיך געקענט אין יענער צייט אין זשיטאָמיר, דערוואוסט, אַז דאָס איינלאַדן מיך אויף טיי צו חברים און דאָס אָנבאָטן זיך מיט הלוואות איז ניט געווען אינגאַנצן קיין צופעליקע זאַך. מיינע חברים האָבן געוואוסט און מיינע עס־ערישע פריינט האָבן זיך, ווי ס׳ווייזט אויס, פון זיי דערוואוסט וועגן מיין „פינאַנציעלער" לאַגע און פּייאיקייטן, וועגן דעם, אַז איך צאָל אויס די חובות פון אַ פריערדיקן טוער און פאַר מיר אַליין בלייבט כמעט גאָרניט, — און זיי האָבן, ניט אַרויסווייזנדיק מיר אַז זיי ווייסן עפּעס, געזוכט צו העלפן מיר אַזוי, אַז איך זאָל עס ניט באַמערקן...

איין מאָל, ווען אַ חבר איז געקומען צו מיר מיט אַ „זיכערן פּלאַן" צו קריגן אַ סומע פון עטלעכע הונדערט רובל און אַרויסצוקריכן פון די חובות און פון דער נויט, דערמאָנט זיך מיר איצט, און ער איז אין אַ געוויסער מאָס געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר יענע צייטן. דער חבר, שימקע דער שוסטער, אַ יונגער, קליינגעוויקסיקער חברה־מאַן מיט ברענענדיקע אויגן, אַ היציקן

טעמפּעראַמענט, אַ נויגונג צו פילאָסאָפיע און אַ קאָפּ, וואָס איז שטענדיק געווען פול מיט די אומדערוואַרטעטסטע פּלענער, איז צו מיר אַמאָל געקומען מיט אַ בקשה איך זאָל אים אָפּלאָזן פון דער אָרגאַניזאַציע אויף אַ צוויי־דריי וואָכן, ווייל ער וויל פאָרן קיין וולאַדימיר־וואָלינסק.

— וואָס עפּעס פּלוצלינג קיין וולאַדימיר־וואָלינסק?

שימקע האָט זיך גענומען דרייען אַהין און אַהער און האָט מיר ענדלעך אויסגעזאָגט, אַז דאָס איז פאַרבונדן מיט אַ פּלאַן צו קריגן עטלעכע הונדערט רובל פאַר דער אָרגאַניזאַציע.

— פּלאַנעוועסט ניט קיין עקספּראָפּריאַציע? — האָב איך אים שטרענג אַ פרעג געטאָן.

— ניין, ניט קיין עקספּראָפּריאַציע, נאָר אַ... גט (געט).

— מיט וועמען ווילסטו זיך גטן, ביסט דען פאַרהייראַט?

שטעלט זיך אַרויס, אַז ער אַליין קלייבט זיך טאַקע ניט גטן און האָט ניט מיט וועמען צו גטן זיך, נאָר גטן פּלאַנעוועט ער — און האָט שוין אַפילו צוגעזאָגט — דער טאָכטער פון דעם וולאַדימיר־וואָלינסקער ראַבינער.

און שימקע האָט מיר דערציילט אַ טשיקאַווע געשיכטע:

דער וולאַדימיר־וואָלינסקער ראַבינער האָט אַ טאָכטער. איז זי זייער אַ וואוילע און אַ באַוואוסטזיניקע פרוי, נאָר זי איז שוין אַ פּאָר יאָר פאַר־הייראַט צו איינעם אַן „אידיאָט", פון וועלכן זי וויל אַרויסקריגן אַ גט און קאָן ניט. די באַמיאונגען פון איר פאָטער, דעם ראַבינער, האָבן אויך ניט געהאָלפן. איז איר און איר פאָטער איינגעפאַלן צו ווענדן זיך צו דער וולאַדימיר־וואָלינסקער אָרגאַניזאַציע פון די ס־ס, אַז זי זאָל העלפן דערשלאָגן זיך דעם גט ביי דעם „אידיאָט".

ווי קומט אַ פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע צו אַ גט? איז דער ענטפער, אַז אין די יאָרן 1903—1907 האָבן די יידישע סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציעס געשפּילט אַזאַ ראָל, באַזונדערס אין די קלענערע שטעטלעך, אַז דער עולם פלעגט זיך צו זיי אָפט ווענדן וועגן די סאַמע פאַרשיידנסטע פאַמיליע־ און געשעפטלעכע ענינים, און אַפילו מיט „דין־תורהס", וואו דעם רבס אויטאָריטעט האָט ניט געקלעקט. זייער אָפט פלעגן זיך צו די אָרגאַניזאַציעס ווענדן מיט זייערע סכסוכים די יידישע וואַלד־סוחרים, און די אָרגאַניזאַציעס פלעגן פאַר דעם באַקומען גאַנץ באַדייטנדיקע סומעס. ווען די זשיטאָמירער ס־ס אָרגאַניזאַציע וואָלט געהאַט צו טאָן מיט די וואַלד־סוחרים, וואָלט זי זיך ניט געפונען אין דער נויט, אין וועלכער איך האָב זי געטראָפן. „ליידער" אָבער זיינען די וואַלד־סוחרים פון אַרום זשיטאָמיר דעמאָלט געווען „מאָנאָפּאָליזירט" דורכן בונד, — האָט דער בונד טאַקע געקראָגן פון זיי מיטלען און די ס־ס גאָרניט...

ווען דער וולאַדימיר־וואָלינסקער ראַבינער האָט זיך געווענדעט צו דער אָרטיקער אָרגאַניזאַציע מיט אַ בקשה צו העלפן זיין טאָכטער אָפּגטן איר שלים־מזל, האָבן די פירער פון דער אָרגאַניזאַציע באַשלאָסן, אַז דאָס איז אַ צו־גרויסער ענין פאַר זייערע כוחות, און ווען שימקע דער שוסטער האָט

זיי גראָד דעמאָלט באַזוכט האָבן זיי אים דערציילט וועגן דעם. און ביי שימקען איז תיכף געשאַפן געוואָרן אַ פּלאַן, וועלכן כ׳האָב ביסלעכווייז פון אים אַרויסגעצויגן. דער פּלאַן איז געווען אזא: די יאַטן אין וולאַדימיר־וואָלינסק וועלן איינמאָל, און אויב נויטיק עטלעכע מאָל, פאַרשלאָגן דעם „שלים־מזל״ ער זאָל געבן זיין פּרוי אַ גט, און אַזוי ווי ער וועט זיך געוויס אָפּזאָגן דאָס צו טאָן, וועט מען אים אָנברעכן די ביינער און ער וועט אַוועק־פאָרן פון דאָרטן קיין פּאָלאָנע (פּילענאָיע).

— פון וואַנען ווייסטו, שימקע, אַז ער וועט אַוועקפאָרן דווקא קיין פּאָלאָנע? — האָב איך זיך פאַראינטערעסירט.

— ווייל דאָרטן וואוינט זיינער אַ פעטער. און דאָרטן וועלן אים אונזערע יאַטן אויך מכבד זיין, און ער וועט פון דאָרטן אַוועקפאָרן קיין קאָוועל.

— פאַרוואָס עפּעס קיין קאָוועל?

— ווייל דאָרטן וואוינט זיינע אַ שוועסטער. אין קאָוועל וועט זיך איבער־חזרן דיזעלביקע געשיכטע, וועט ער פון דאָרטן אַנטלויפן קיין לובלין. און אַז די יאַטן וועלן מיט אים לערנען בלק (באַלאָק) אין לובלין, וועט ער שוין קיין אַנדער ברירה ניט האָבן, ווי צו געבן זיין פּרוי אַ גט, ווייל ער וועט שוין ניט האָבן וואוהין צו לויפן...

— און וואָס וועט דעמאָלט זיין?

— און דעמאָלט וועט דער ראַבינער, דער פאָטער פון דער פּרוי, באַצאָלן פאַר דער אָרגאַניזאַציע צוויי הונדערט (צי אפשר מער?) רובל...

דער „פּלאַן״ איז געווען צו קאָמיש, אַז איך זאָל אים נעמען ערנסט, און איך האָב בלויז געקאָנט רעקאָמענדירן שימקען ער זאָל זוכן בעסערע גליקן פאַר דער אָרגאַניזאַציע. אָבער שימקע האָט מיין שפּאַסן איבער דעם פּלאַן, ווי עס זעט אויס, אָנגענומען פאַר אַ שטילער צושטימונג. ער איז טאַקע אין עטלעכע טעג אַרום ניט געוואָרן פון זשיטאָמיר, און ווען ער האָט זיך צוריקגעקערט אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, האָט ער מיר מיט טריאומף איבער־געגעבן, דאַכט זיך, אַ הונדערט רובל און האָט מיך פאַרזיכערט, אַז זיין פּלאַן האָט געאַרבעט בעסער און שנעלער, ווי ער האָט דערוואַרט...

***

אין אָנהויב פעברואַר בין איך צופעליק אַרעסטירט געוואָרן אין זשיטאָמיר ביים דורכפירן אַ פאַרזאַמלונג פון פריקאַזטשיקעס אין דער געביידע פון אַ ליידיקער קלייט. פּאָליציי איז געקומען ווען כ׳האָב געהאַלטן אין רעדן. אַ צאָל חברים איז געלונגען צו אַנטלויפן דורך אַ הינטער־טיר, איך מיט נאָך אַ פּאָר צענדליק בין אָבער פאַרבליבן. מיר זיינען אַלע אַרעסטירט געוואָרן און מען האָט אונז געבראַכט אין דעם צענטראַלן פּאָליציי־צירקל. און דאָ זיינען מיר צוניץ געקומען איינִיקע פון מיינע פריערדיקע דערפאַרונגען אויף דעם געביט.

געוויינלעך פלעג איך זיך שטענדיק, ספּעציעל נאָך גייענדיק אויף פאַר־זאַמלונגען, האַלטן „ריין״, דאָס הייסט, איך האָב ניט געהאַלטן אין די קעשענעס

קיין בלעטלעך, בריוו, בילדער און באַזונדערס קיין אַדרעסן. אָבער ווען מ׳האָט אונז געבראַכט אין פּאָליצײ־צירקל און גענומען אַרײנפירן אײנעם נאָכן אַנדערן אין פּריסטאַוס „קאַבינעט“ אויף צו באַזוכן און פאַררעגיסטרירן, איבערלאָזנדיק דערווייל די איבעריקע שטיין אין קאָרידאָר, צווישן צוויי רייען טירן פון אַרעסט־קאַמערס, האָב איך זיך פלוצלונג געכאַפּט, אַז איך האָב מיט זיך מיין ביכעלע מיט אַדרעסן. צערייסן דאָס ביכעלע האָט זיך מיר ניט געוואָלט, ווייל די אַדרעסן זיינען געווען נויטיקע, בין איך צוגעגאַנגען צו איין קאַמער־טיר, אַרײנגערוקט אין לעכל פון טיר די האַנט מיטן ביכעלע און געבעטן, אַז עמיצער פון דאָרטן זאָל עס נעמען ביי מיר ביז איך וועל עס פאַרלאַנגען צוריק.

עמיצער פון די „זיצנדיקע“ — איך האָב קיינמאָל קיינעם פון זיי ניט געקענט ניט פריער, ניט שפּעטער, און זיי זיינען זיכער ניט געווען קיין פּאָליטישע, — איז תיכף צוגעגאַנגען צו דער טיר, צוגענומען ביי מיר דאָס ביכעלע און האָט נאָר אַ פרעג געטאָן, ווי וועל איך עס בעטן צוריק.

— איך וועל בעטן דאָס ביכעלע פאַר טעטערעוון (דער נאָמען פון דעם טייך אַרום זשיטאָמיר).

— גוט.

שפּעטער, ווען מ׳האָט מיך אַרײנגעפירט צום פּריסטאַוו, באַזוכט און גאָרניט געפונען ביי מיר, האָט מיך דער פּריסטאַוו גענומען אויספרעגן ווער איך בין, וואו איך וואוין, וואָס איך טו, ווי איך קום אויף דער פאַרזאַמלונג, און האָט מיר פלוצלינג דערקלערט, אז ער ווייסט, אז איך בין געווען דער רעדנער.

— פאַרוואָס ?

— ווייל איר זייט דער אינטעליגענט, איר טראָגט ברילן...

איך האָב אַ קוק געטאָן אויפן פּריסטאַוו. ער איז געווען שוין אַן עלטערער מאַן, אין די שפּעטע פופציקער, אַ היפּש גרויער און... האָט אויך געטראָגן ברילן.

האָט איך אים געענטפערט אויף זיין אַנטדעקונג :

— שעמען מעגט איר זיך, הער פּריסטאַוו, צו באַשולדיקן אַ מענטשן אין אַזעלכע זאַכן בלויז דערפאַר, ווייל ער טראָגט ברילן. איך טראָג ברילן, ווייל איך זע שלעכט אָן זיי. אָט טראָגט איר דאָך אויך ברילן און איר זייט געוויס אַן אינטעליגענטער מענטש, וועט עמיצן איינפאַלן באַשולדיקן אייך אין עפּעס ?

איך ווייס ניט וואָס ס׳האָט געווירקט אויפן פּריסטאַוו, מיין איינפאַל וועגן זיין „אינטעליגענץ“, צי מיין חוצפּה, אָבער ער האָט זיך גוטמוטיק צעלאַכט און האָט מיר געענטפערט :

— נו, מיט מיר האַלט עס ניט אַזוי געפערלעך. מיך וועט מען צוליב מיינע ברילן ניט חושד זיין. און וועגן אייך וועלן מיר זען מאָרגן...

מען האָט אַלע אַרעסטירטע אויף דער פאַרזאַמלונג פאַרשפּאַרט איבער נאַכט אין איין קאַמער, וואו ס׳איז ניט געווען גענוג פּלאַץ ניט נאָר צו שלאָפן,

נאָר אַפילו צו זיצן. אָבער אויף מאָרגן אינדערפרי האָט מען אונז אַלעמען, ביי וועמען מען האָט ניט געפונען קיין קאָמפּראָמעטירנדיקע זאַכן, אַרויס־געלאָזן. צוריקקערנדיק מיר מיינע זאַכן, וואָס מען האָט ביי דער זוכונג אַרויסגענומען פון מיינע קעשענעס, האָט מיר דער פּריסטאַוו שטיל אַ זאָג געטאָן:

— איך בין שוין אַן עלטערער מענטש, כ׳גיי באַלד איבער אויף פּענסיע, און וויל ניט נעמען קיין עבירה אויף מיין נשמה. איר ווייסט דאָך אין וואָס פאַר אַ צייטן מיר לעבן...

איך בין פון זיין קאַבינעט אַרויס אין קאָרידאָר, צוגעקומען צו דער טיר פון דער קאַמער, אין וועלכן כ׳האָב אַריינגעגעבן מיין אַדרעס־ביכעלע, און האָב אַ רוף געטאָן:

— דאָס ביכעלע פאַר טעטערעוו.

— און וואָס פאַר אַ קאָליר? — האָט עמיצער אַ פרעג געטאָן.

— אַ שוואַרצס.

עמיצער, וועלכן כ׳האָב אַפילו ניט געזען, האָט מיר דערלאַנגט אין טיר־לעכל דאָס ביכעלע. איך האָב אַריינגעשריען אַ דאַנק און בין אַרויס.

דעמזעלביקן אָוונט האָב איך געהאַט דעם פאַרגעניגן צו זיין אין טעאַטער, וואו אַ טרופּע אונטער דער אָנפירונג פון דעם דעמאָלט זייער באַקאַנטן רוסישן אַקטיאָר, כאַדאַטאַוו, האָט געשטעלט שלום אַשס „גאָט פון נקמה" — אויף רוסיש, נאַטירלעך. אַריינגעלאָזן אין טעאַטער האָט מען מיך אויף מיין קאָרעספּאָנדענט־בילעט פון ווילנער „נייעם וועג" און אַלס פאַרשטייער פון דער פּרעסע האָט מען מיר געגעבן אַ פּלאַץ סאַמע אויבנאָן, אין דער ערשטער ריי פון פּאַרטער, וואו עס זיצן געוויינלעך די סאַמע פּני און די גרויסע גבירים. העט אויבן, אויף דער גאַליאָרקע, האָב איך באַמערקט אַ פּאָר פון מיינע בונדישע באַקאַנטע, צווישן זיי אַ געוויסן ליפשיץ, וועלכער האָט געאַרבעט אין אַ באַנק.

אויף מאָרגן האָבן זיך אין שטאָט, אויף די אַרבעטער־בירזשעס, גענומען פאַרשפּרייטן קלאַנגען, אַז די ס־ס האָבן דורכגעפירט ערגעץ אַ גרויסע געלט־עקספּראָפּריאַציע. איך האָב תיכף גענומען זוכן דעם קוואַל, פון וועלכן דער קלאַנג האָט זיך גענומען, און ער האָט מיך דערפירט צו מיינע בונדישע באַקאַנטע. ליפשיץ האָט צוגעגעבן, אַז דאָס איז געווען ער, וואָס האָט צווישן חברים אַרויסגעזאָגט די השערה וועגן דער „עקספּראָפּריאַציע", און האָט מיר דערביי געפרעגט, צי „זיין השערה איז דען ניט קיין ריכטיקע?"

— אָבער פאַרוואָס איז אייך איינגעפאַלן אַזאַ ווילדע געשיכטע? — האָב איך אים געפרעגט.

— גאָרניט קיין ווילדע, — האָט ער מיר געענטפערט. — אַז איר האָט ניט קיין גראָשן ביי דער נשמה, ווייס איך דאָך; איז ווען מען זעט, אַז איר ווייזט זיך פּלוצלינג אין טעאַטער און נעמט אַ בילעט דווקא אין דער ערשטער ריי פּאַרטער, בעת אַנדערע שטייען אויף דער גאַליאָרקע, איז וואָס דאַרף

מען טראַכטן, אויב ניט אַז איר זייט פּלוצלינג רייך געוואָרן? און פון וואַנען, אויב ניט פון קיין עקספּראָפּריאַציע?

איך האָב אים דערקלערט די פּלוצלינגדיקע „רייכקייט" פון מיין קאָרעספּאָנדענט־בילעט, מיר האָבן צוזאַמען געלאַכט, — אָבער אויב אין זשיטאָמיר איז נאָך אויף אַ לענגערער צייט פּיליכט פאַרבליבן שפּאַצירן די מעשה וועגן דער „עקספּראָפּריאַציע", איז אין דעם שולדיק געווען דער קאָרעספּאָנדענט־בילעט פון „נייעם וועג", אויף וועלכן מ'האָט מיך אַריינגעלאָזן אין טעאַטער.

פון זשיטאָמיר האָב איך זיך נאָך אין דעמזעלביקן חודש פעברואַר צוריקגעקערט קיין ווילנע אנצוהויבן ארבעטן אין „נייעם וועג", — צו דעם קאַפּיטל ווילנע אין מיין לעבן.

# ר׳ מרדכילע פון מאָטילע

מיט ר׳ מרדכילען — זיין אמתער נאָמען איז געווען חיים טשעמערינסקי — האָב איך זיך צום ערשטן מאָל געטראָפן סוף 1904 אין פאַרבינדונג מיט דער דעמאָלטיקער אַרבעט פון דער אָרגאַניזאַציע פון זעלבשוץ קעגן די צאַרישע פאָגראָמען אין דרום־רוסלאַנד. ח. טשעמערינסקי, וועלכער איז מיט עטלעכע יאָר פריער געווען אַ פאַרמעגלעכער אייזן־געשעפטסמאַן אין קריוואָי־ראָג און האָט געהאַנדלט מיט די אָרטיקע אייזן־שאַכטעס, וועלכע ער האָט באַזאָרגט מיט אויפרייס־שטאָפן פאַר דער אַרבעט און מיט געווער פאַר די וועכטער, האָט אויסגענוצט, צוליב דער באַוואָפענונג פון דער זעלבשוץ, זיינע פריערדיקע פאַרבינדונגען מיט די, וואָס האָבן אים צוגעשטעלט די דאָזיקע שטאָפן. איך געדענק שוין ניט גענוי, צי ער איז געקומען דעמאָלט אין מיין היימשטאָט, ניקאָלאַיעוו, וואו ס׳האָבן אין נאָענטער שכנות מיט מיין פאַמיליע געוואוינט זיינע קרובים, די פאַמיליע גאָלדווייץ, אָדער איך האָב זיך מיט אים געטראָפן אין אָדעס, וואו ס׳האָט זיך געפונען דער אָרגאַניזירנדיקער צענטער פון די דרום־רוסלענדישע זעלבשוץ־גרופעס. צו קיין נעענטערער באַקאַנטשאַפט צווישן אונדז איז דעמאָלט, יעדנפאַלס, ניט געקומען. ערשטנס, וואַרשיינלעך, צוליב די אומלעגאַלע באַדינגונגען פון דער אַרבעט, און צווייטנס — און ניט ווייניקער, וואַרשיינלעך, — צוליב דעם גרויסן אונטערשייד אין אונזער עלטער. אויף וויפיל איך דערמאָן זיך זיין דעמאָלטיקן אויסזען, האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק פון דאָס, וואָס מען פלעגט דעמאָלט אין דרום־רוסלאַנד באַצייכענען אין שפּאַס אַלס „פּאָלטאָראַ זשידאַ" (אָנדערהאַלבן יידן) : אַ לאַנגער ייד מיט פריי־באַמבלענדיקע, ווי צעשרויפטע, הענט און פיס, מיט דינע, געלע קוטשעראַווע האָר אויפן קאָפּ, מיט רויטע איבערהענגענדיקע ברעמען, און בלאָנדע וואָנסן און אַ שיטער בערדל פון דעמזעלביקן קאָליר. די אויגן האָט ער בעת אַ געשפרעך געהאַלטן האַלב פאַרמאַכט, ווי פאַרשלאָפן, אָבער זיי האָבן געהאַט אַ מערקווירדיקע אייגנשאַפט מאָמענטאַל צו בייטן די פאַרשלאָפנקייט אויף אַ גוטמוטיקער הומאָריסטישקייט, אָדער איראָניע.

אין די שפּעטערדיקע יאָרן, ווען מיר האָבן צוזאַמען געאַרבעט — צווישן 1910 און 1912 — אין וואַרשע, אין דער רעדאַקציע פון „פריינד", און מיר האָבן זיך נאָענט באַפריינדט, האָט ער מיר מער דערציילט וועגן זיין ראָל אין באַזאָרגן די זעלבשוץ אָרגאַניזאַציעס מיט געווער. אָבער מיינע פאַרבינדונגען פאַר דעם צוועק זיינען אין 1905־1907 געווען דורך מיינעם אַ פריערדיקן באַקאַנטן, שמואל וויצמאַן (אַ ייִנגערער ברודער פון חיים וויצמאַן און,

אגב, אַ פּלימעניק פון חיים טשעמערינסקין, מיט וועלכן ער איז וואַרשיינלעך געווען פאַרבונדן אויף דעם געביט) און איך דערמאָן זיך ניט, אַז איך זאָל אין יענער צייט האָבן באַקומען פון חיים טשעמערינסקין וועלכע עס איז דירעקטע הילף אין דער אַרבעט.

איך האָב אָבער אים שוין גענוג געקענט אין נאָוועמבער־דעצעמבער 1904 אין אָדעס, ווען ער איז געקומען אויף דער דאָרטיקער גרינדונג־קאָנפערענץ פון דער ס״ס (סאָציאַליסטן־טעריטאָריאַליסטן) פון דרום־רוסלאַנד. ער איז אויף דער קאָנפערענץ אַרויסגעטראָטן אַלס טעריטאָריאַליסט מיט געוויסע סאָציאַליסטישע סימפּאַטיעס. אבער די דאָזיקע סימפּאַטיעס זיינען, ווי ס׳זעט אויס, געווען ניט גענוג אַז זיי זאָלן מאַכן אַ גענוג ערנסטן איינדרוק אויף אונז יונגוואַרג, וואָס האָבן זיך שוין דעמאָלט געשוואָרן מיט מאַרקס׳ נאָמען, — און טשעמערינסקין איז ניט אויסגעקומען צו שפּילן וועלכע עס איז ראָלע אין דעם וואוקס און אַנטוויקלונג פון דער דאָזיקער פּאַרטיי. זיין איינציקער ביישטראָג צו דער דאָזיקער פּאַרטיי איז, געדענקט זיך, געווען אין דער צווייטער העלפט פון 1906, אין אַ סעריע אַרטיקלען וועגן וואַל־רעכט און ספּעציעל וועגן פּראָפּאָרציאָנעלן וואַל־רעכט, אין דעם ווילנער אָרגאַן פון די ס״ס, „דער נייער וועג״.

אַ סך נעענטער האָבן מיר זיך באַקענט און איך האָב אים דערזען אין גאָר אַ ניי ליכט, אין אָקטאָבער, אָדער נאָוועמבער 1906 אין פּינסק. ס׳איז דעמאָלט געווען אינמיטן וואַל־קאַמפּאַניע צו דער צווייטער צאַרישער דומע (אָנשטאָט דער ערשטער, וואָס איז פונאַנדערגעטריבן געוואָרן מיט עטלעכע חדשים פריער, אין יוני). צוליב דער קאַמפּאַניע האָט מען געדאַרפט האָבן געלט אויף בלעטלעך, וואַל־אַפישן און רייזע־הוצאות פאַר די רעדנער, וואָס זיינען אַרומגעפאָרן פון שטאָט צו שטאָט. און כדי צו קריגן געלט, האָבן מיר אָרגאַניזירט אין פּינסק אַ קאָנצערט.

די דערלויבעניש אויפן קאָנצערט, וואָס קיין סאָציאַליסטישע אָרגאַניזאַציע האָט דעמאָלט שוין ניט געהאַט די מינדסטע אויסזיכט צו קריגן, האָבן מיר באַקומען מיט דער הילף און אויפן נאָמען פון אהרן לוריע, איינער פון די גרעסטע גבירים אין פּינסק, אַ קעגנער פון יעדן מין אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס איז געוואָרן אַ „פריינט און פאַרערער״ פון דער ס־ס־אָרגאַניזאַציע און פון איר זעלבשוץ, צוליב אַ געוויסער אומאַנגענעמער פּאַסירונג מיט אים.

דער טשוואַק פון דעם קאָנצערט האָט געזאָלט זיין חיים טשעמערינסקי, וועלכער האָט זיך גראָד דעמאָלט געפונען צו־גאַסט ביי זיינע קרובים אין פּינסק. טשעמערינסקי האָט צוגעזאָגט פאַרלייענען אויפן אָוונט עטלעכע פון זיינע באַרימטע „משלים״, אָדער פאַבלען, וועלכע ער האָט פון צייט צו צייט געדרוקט אונטערן נאָמען „ר׳ מרדכילע״ אין דעם פּעטערבורגער „פריינד״. די דאָזיקע פאַבלען זיינען צו יענער צייט שוין אַזוי גוט באַקאַנט געוואָרן דעם יקדיש־לייענענדיקן עולם, אַז מען האָט געמעגט דערוואַרטן, אַז דער

אַרויסטריט פון דעם אויטאָר פון די פּאַבלען, ספּעציעל נאָך אין „זיין" פּינסק, וועט גאַראַנטירן דעם דערפאָלג פון קאָנצערט.

אין אָוונט פאַר דעם קאָנצערט בין איך מיט טשעמערינסקין אַוועק צום זאַל, וואו די אונטערנעמונג איז באַשטימט געוואָרן. און ריידנדיק אויפן וועג וועגן פאַרשיידענע זאַכן, פרעגט מיך פּלוצלינג טשעמערינסקי:

— וואו האָט איר ביי זיך מיינע פּאַבלען?

— וואו איך האָב זיי? — האָב איך אים אַן איבערראַשטער געענטפערט, — וואו האָט איר זיי? איר דאַרפט דאָך זיי לייענען!

— ווי קאָן איך זיי האָבן מיט זיך, — ענטפערט טשעמערינסקי מיט אַ גמרא־ניגון, — אַז זיי זיינען ניט אַרויס אין קיין בוך־פאָרם.

— אָבער איר האָט דאָך זיי מסתמא אויסגעשניטן פון דער צייטונג? לאַכט טשעמערינסקי:

— ווער האָט צייט און געדולד צו פאַרנעמען זיך מיט דעם...

הכלל: ניט איך, ניט טשעמערינסקי האָבן ביי זיך דעם טעקסט פון זיינע פּאַבלען. פאַלט מיר איין אַ „געניאַלער" געדאַנק:

— וועט איר זיי לייענען אויף אויסווייניק.

ענטפערט טשעמערינסקי זייער זאַכלעך:

— ווער געדענקט זיי דען? איך — ניט.

פון אַזאַ ענטפער ווערט מיר „פינצטער אין די וויסלען". אויב טשעמערינסקי האָט ביי זיך ניט דעם טעקסט פון זיינע פּאַבלען און געדענקט זיי ניט אויף אויסווייניק, מיינט דאָך דאָס, אַז דער וויכטיקסטער נומער פון אָוונט וועט פעלן, און וואָס וועט דער עולם אויף דעם זאָגן? אונטער אַזעלכע אומשטענדן קאָן מען דאָך פּשוט ניט עפענען דעם זאַל. איך וועל זיך דאָך שעמען צו קוקן מענטשן אין די אויגן... אָבער טשעמערינסקי ענטפערט מיר מיט אַ שמייכל אויף מיין פאַרצווייפלונג, און זאָגט מיר צו, אַז ער וועט פּרואוון דערמאָנען זיך אַ פּאָר פּאַבלען און וועט בכלל זען צו טאָן וואָס ער וועט קאָנען.

מיר זיינען אַריין אין זאַל און איך האָב מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ געוואַרט אויף טשעמערינסקיס אַרויסטריט. ענדלעך איז ער אַרויסגעקומען, זיך באַגריסט מיטן עולם, וואָס האָט אים גוט געקענט, ניט נאָר אַלס אַ פּאַבל־שרייבער, נאָר אויך אַלס אַ לאַנדסמאַן (דאָס שטעטל מאָטילע, פון וועלכער טשעמערינסקי האָט געשטאַמט, איז געווען „איין שפּרונג" פון פּינסק), האָט דערקלערט דעם עולם דעם אמת, אַז ער האָט מיט זיך ניט די אויסשניטן פון זיינע פּאַבלען, האָט זיי צוגעזאָגט עפּעס צו דערמאָנען זיך פונדעסטוועגן, און האָט אַלע וויילע, אָפּשטעלנדיק זיך צו דערמאָנען זיך אַ שורה, אָבער אונטער אָפּטע אַפּלאָדיסמענטן, איבערגעלייענט אַ פּאָר פון זיינע פּאַבלען. איינע פון זיי, געדענקט זיך, איז געווען אַ סאַטירע אויף מיוחסים, לויט קרילאָווס פּאַבל „דער פויער און די גענדז".

מיט דעם האָט ה. טשעמערינסקי געוואָלט פאַרענדיקן זיין אַרויסטריט, דערקלערנדיק, אַז מער קאָן ער זיך ניט דערמאָנען פון זיינע פּאַבלען. אָבער

דער עולם איז דורך זיינע צווייַ פאָרגעלייענטע פּאַבלען ערשט צעוואָרעמט געוואָרן, געפּאָדערט נאָך און האָט אים ניט געוואָלט אַראָפּלאָזן פון דער בינע. טשעמערינסקי איז געשטאַנען מיט האַלב־פאַרמאַכטע אויגן, געקוקט אויפן עולם, ווי ער וואָלט געווען אין גרויס פאַרלעגנהייט, און ענדלעך, ווען איך האָב געמיינט, אַז ער וועט שוין גאָרניט קאָנען פאַרלייענען, האָט ער זיך אָפּגערופן:

— נו, גוט, אויב איר ווילט, וועל איך אייך זאָגן אַ פּאָר ווערטער מעניני דיומא.

און ער האָט גענומען ריידן.

זיין רעדע האָט געדויערט אַ צוואַנציק מינוט, אפשר מער, און דאָס איז געווען איינע פון די טשיקאַווסטע רעדעס, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו הערן, — אַ רעדע, וואָס האָט אויסגענומען ביים עולם פילייכט אַפילו מער, איידער זיינע פּאַבלען. די רעדע איז געווען... אין גראַמען, וועלכע ער האָט, נאַטירלעך, פאַרפאַסט אויפן אָרט, און געווען איז זי דערהויפּט וועגן... דעם גביר אהרן לוריע (אויף וועמעס נאָמען דער קאָנצערט איז דערלויבט געוואָרן).

געווען איז עס, ווי שוין געזאָגט, אין אָנהויב פון דער וואַל־קאַמפּאַניע צו דער צווייטער דומע. אין שטאָט האָט מען גערעדט, אַז אהרן לוריע קלייבט זיך אַרויסשטעלן זיין קאַנדידאַטור אַלס אַ וואַלמאַן אויפן צעטל פון דער רעאַקציאָנערער פּריציש־פאַבריקאַנטישער „אָקטיאַבריסטישער" פּאַרטיי. ער, לוריע אַליין, האָט ניט נאָר ניט באַהאַלטן זיינע רעאַקציאָנערע מיינונגען, — ער האָט אַפילו פאַרזיכערט און מען האָט געגלויבט, אַז ערנסט, אַז ווען ניט דאָס, וואָס דער „פאַרבאַנד פון דעם רוסישן פאָלק" — אַן עקסטרעם־רעאַקציאָנערע מאָנאַרכיסטישע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געאַרבעט האַנט־אין־האַנט מיט דער פּאָליציי — איז, צום באַדויערן, אַנטיסעמיטיש און האָט אַ „בייגונג" צו פּאָגראָמען, וואָלט ער, לוריע, „געלאָפן" אַפילו אויפן צעטל פון דעמדאָזיקן פאַרבאַנד. מען איז אויך געווען זיכער, אַז אויב לוריע וועט אָפּיציעל אַרויסשטעלן זיין קאַנדידאַטור, וועט ער דערוויילט ווערן: ערשטנס, ווייל ער האָט גענוג מיטלען פאַר געדרוקטער וואַל־ליטעראַטור, און צווייטנס, ווייל ער איז אויסגעבונדן מיט גאַנץ נאַטשאַלסטווע — „דער פּאָליציימייסטער אַליין קומט צו אים שבת עסן פיש", — און דאָס וועט אים העלפן קעגן יעדן אַנדער קאַנדידאַט.

מיט דעם דאָזיקן לוריען האָט אָבער סך־הכל מיט עטלעכע וואָכן פאַר דעם קאָנצערט פּאַסירט אַן אומאַנגענעמע געשיכטע. עטלעכע יונגע ס״ס האָבן אים יום־כיפור ביים גיין פון שול אַריינגעוואָרפן אין אַ בלאָטיקן רינשטאָק און אים מכבד געווען מיט שטעקנס, דערפאַר, וואָס ער האָט זיך דערלויבט מיט אַ חודש פאַר דעם, צו באַליידיקן דעם ס־ס־קאָמיטעט און די זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציע דורך צערייסן און צעטרעטן מיט די פיס דאָס מאַנדאַט־קאַרטל, מיט וועלכן מען איז אַריינגעקומען צו אים נאָך אַ ביישטייערונג

פאַר דער זעלבשוץ. די קלעפּ, — ריכטיקער, די שאַנד פון דעם — האָבן געהאַט אומדערוואַרט גוטע רעזולטאַטן. ער האָט, לויט זיין אייגענער איני־ציאַטיוו, דערקלערט אין עטלעכע טעג אַרום אין שול, אַז ער האָט חרטה אויף זיין אומדערלאָזבאַרער האַנדלונג, און ער פילט, אַז ער האָט אומזיסט באַליידיקט דעם קאָמיטעט און די זעלבשוץ, און אַז ער זעט איצט איין, אַז אויב זיי קאָנען אַזוי באַשיצן זייער אייגענעם כבוד, זיינען זיי ווערט מען זאָל זיי אָנטרויען די שוץ און דעם כבוד פון דער יידישער באַפעלקערונג אַנטקעגן פּאָגראָמשטשיקעס. אהרן לוריע האָט דעמאָלט איינגעשטימט צו באַצאָלן שטראָף (500 רובל) לטובת דער זעלבשוץ און איז געוואָרן אַזאַ פריינט פון די אָרגאַניזאַציעס, אַז מען האָט אויסגענוצט זיין איינפלוס ביי נאַטשאַלסטווע, כדי צו קריגן אויף זיין נאָמען דערלויבענישן אויף לעקציעס און קאָנצערטן.

זיינע פּאָליטישע איבערצייגונגען האָט לוריע, צוליב דער דאָזיקער ניי־געשאַפענער „סימפּאַטיע", פונדעסטוועגן ניט געענדערט.

חיים טשעמערינסקי האָט געוואוסט וועגן דעם, און האָט זיין געגראַמטע רעדע געבויט אויף דעם, וואָס הגם חברה האָט אין בלאָטע געלערנט שכל דעם פאַרריסענעם גביר, קלעקט ביי אים פונדעסטוועגן ניט גענוג שכל ניט צו קריכן אין בלאָטע פון דער רעאַקציע.

די רעדע איז געווען אַזאַ גרויסער דערפאָלג און אַזוי טרעפלעך צום פּונקט, און לוריע איז אין איר אַזוי סאַרקאַסטיש אַרומגעמאָלן געוואָרן, אַז ער האָט אויף מאָרגן געלאָזט וויסן, אַז ער נעמט אַראָפּ זיין קאַנדידאַטור צו די וואַלן און וויל בלויז מען זאָל אים לאָזן צורו...

***

אַ נאָענטע באַקאַנטשאַפט און פריינטשאַפט האָב איך געשאַפן מיט חיים טשעמערינסקין אין עטלעכע יאָר אַרום, סוף 1910, ווען איך בין געקומען אין וואַרשע און בין געוואָרן אַ מיטאַרבעטער פון „פריינד", וואו טשעמע־רינסקי האָט שוין פריער געאַרבעט.

טשעמערינסקי האָט דעמאָלט געטאָן אין דער צייטונג עטלעכע אַר־בעטן: ער פלעגט צונויפשטעלן אַ כראָניק פון יידישן לעבן אין אויסלאַנד (וועלכע איך האָב ביי אים שפּעטער איבערגענומען) אויפן גרונט פון די אויסלענדישע יידישע צייטונגען, וואָס זיינען אָנגעקומען אין רעדאַקציע. די־דאָזיקע אַרבעט זיינע פלעגט ער רופן „שאַלאַמויזן", קיינמאָל ניט כראָניק:

— איך האָב היינט גענוג שאַלאַמויזן פאַרן נומער, — פלעגט ער גע־וויינלעך אָנזאָגן דעם רעדאַקטאָר פון „פריינד", שמואל ראָזענפעלדן, אָדער:

— ניטאָ היינט קיין שאַלאַמויזן. גאָרניט געפונען אין די אויסלענדישע בלעטער.

פאַרן פּראָצעס פון שרייבן האָט ער געהאַט אַן אַנדער נאָמען: דזשובען.

די קאָרעקטורן פון דעם וואָס ער האָט געשריבן האָט ער געוויינלעך אַליין איבערגעקוקט. און אויך פאַר די קאָרעקטורן האָט ער געהאַט זיין ספּע־

ציעלן נאָמען: „לאָקשן", צוליב דעם, ווייל זיי זיינען געמאַכט געוואָרן אויף לאַנגע, שמאָלע פאַסן פאַפּיר. אַ צייט, ווען די קאָרעקטורן זיינען געמאַכט געוואָרן אויף גרעלע פאַסן פאַפּיר, האָט ער זיי באַצייכנט אַלס „אייער לאָקשן". און מען האָט אים געקאָנט זאָגן „קאָרעקטורן" פון היינט ביז איבער אַ יאָר, פלעגט ער בלייבן ביי זיינס: לאָקשן...

אַ צווייטע אַרבעט, וואָס ער האָט געטאָן פאַר דער רעדאַקציע איז געווען שרייבן קליינע פעליעטאָנען אונטער דעם נאָמען פשטן (פאַשטאָן) און רע־דאַקטירן — אייגנטלעך טאַקע אַליין אָנשרייבן כמעט פון אָנהייב ביזן סוף די הומאָריסטישע ביילאַגע צום „פריינד", דעם „בעזים".

„דער בעזים" איז געווען שאַרף, וויציק, אָריגינעל, אָבער פונקט ווי „דער פריינד", צו וועלכן ער איז געווען א ביילאַגע, וואס איז דערשינען אומרעגולער, פון צייט צו צייט, מיט גרויסע איבעררייסן, האָט ער קיין צו גרויסן דערפאָלג ביים ברייטן עולם ניט געהאַט.

ער איז געווען צו „אינטעליגענט" פאַרן דעמאָלטיקן יידישן לייענער. מיט די וויצן פון „בעזים" האָט מען זיך אָבער אַרומגעטראָגן. אַ פּאָר פון זיי דערמאָנען זיך מיר ביז איצט. איינער איז געווען וועגן דער רייזען־פאַמיליע, וואָס האָט פאַרמאָגט אין זיך עטלעכע שרייבער:

„אברהם רייזען פאָרט אויף אַלע פיר: אברהם רייזען, זלמן רייזען (זיין ברודער), קלמן רייזען (דער פאָטער), שרה רייזען (די שוועסטער). און וואָס איז מכוח דוד קאַסעלן? ער איז אַ פינפטע ראָד צום וואָגן..."

דוד קאַסעל איז געווען שרה רייזענס מאַן, האָט געדרוקט דערציילונגען אין אַלע אויסגאַבן, מיט וועלכע אברהם רייזען איז געווען פאַרבונדן, אָבער קיין גרויסן איינדרוק אין דער ליטעראַטור האָט ער ניט געמאַכט...

אַ צווייטער טשעמערינסקי־וויץ אין „בעזים", וואָס האָט געטראָפן, קאָן מען זאָגן, „ניט אין ברעם, נאָר אין אויג", איז געווען וועגן דער ס־ס־פּאַרטיי און וועגן די דיסקוסיעס, וואָס זיינען דעמאָלט פאָרגעקומען אין איר אַרום סאָציאַליזם און טעריטאָריאַליזם.

„ביי די ס־ס קומט פאָר אַ הייסע דיסקוסיע, זיי קאָנען ניט באַשליסן וועלכן סאַמעך וואו צו שטעלן: דעם ערשטן אויפן צווייטן אָרט, אָדער דעם צווייטן אויפן ערשטן אָרט"...

וועגן דער טרעפלעכקייט פון זיינע וויציקע כאַראַקטעריסטיקעס דערמאָנט זיך מיר אַ פאַל, ווען די ליטעראַרישע געזעלשאַפט „הזמיר" אין וואַרשע האָט אין האַרבסט 1911 געהאַט אַ באַנקעט, אויף וועלכן די גאַנצע וואַרשעווער שרייבער־משפחה, סיי די יידישע, סיי די העברעאישע, איז געווען פאַר־טראָטן. איינער פון די נומערן פון דעם קאָנצערט איז באַשטאַנען פון עקספּראָמט־כאַראַקטעריסטיקעס, וואָס טשעמערינסקי האָט געגעבן פאַרשיי־דענע שרייבער לויט דעם אַרויסרוף פון די אָנוועזנדיקע. דעם דערפאָלגרייכן

אַרויסגעבער פון דעם דעמאָלטיקן „היינט", ש. י. יאַצקאַן, האָט טשעמערינסקי כאַראַקטעריזירט אַזוי:

„שין יאַצקאַן
איז אַ גאַנץ פיינער מאַן,
אָבער ווען עס קומט צו אַ שונד־ראָמאַן,
ווייסט ער ניט עד כאן.
ער פאַרגעסט אין זיין „היינט",
אַז ניט אַלץ איז גאָלד וואָס שיינט,
אַפילו ווען דער קאָליר איז געל,
ווי כ'בעט אייך איבער אייער כבוד..."

ש. י. יאַצקאַן, וואָס האָט, נעבעך, געמוזט אָראָפּשלינגען דעם וויץ, האָט דעמאָלט פאַרגעשלאָגן, אַז טשעמערינסקי זאָל מאַכן אַן עקספּראָמט אויף דעם אַלטן יעקב דינעזאָן, וועלכן מיר, די יינגערע שרייבער, פלעגן צווישן זיך רופן, צוליב זיין גוטסקייט און ווייכקייט, „די מאַמע פון דער יידישער ליטעראַטור".

חיים טשעמערינסקי האָט אַ לאַך געטאָן:

— וועגן דינעזאָן? כ'קאָן פּרובירן.

האָט ער אים כאַראַקטעריזירט אין אַ פּאָר פערזן, זייער פּאַרזיכטיק, היטנדיק זיך צו זאָגן אַ שאַרף וואָרט, און האָט פאַרענדיקט:

„איך וואָלט געקאָנט זאָגן עפּעס נאָך,
נאָר איך בעט אייך איבער', ווי אַן אייגענע מוטער,
כ'האָב מורא סיוועט ווערן אַ לאָך,
ווייל ער איז ווייך ווי פּוטער"...

*****

נאָך אַ וויכטיקע אַרבעט, וועלכע טשעמערינסקי פלעגט טאָן אין „פריינד", איז געווען — איבערזעצונגען פון ראָמאַנען. ווען איך בין אָנגעקומען אין „פריינד" האָט טשעמערינסקי איבערגענומען די איבערזעצונג פון וויקטאָר הוגאָס „דער מענטש וואָס לאַכט", וועלכן ס'האָט געהאַט אָנגעהויבן איבער־זעצן לאַמעד שאַפּירא. שאַפּירא האָט דעמאָלט געהאַלטן ביים אַוועקפאָרן קיין אַמעריקע. דערמאָנט זיך מיר אַן ענטפער, וואָס כ'האָב דעמאָלט באַקומען פון טשעמערינסקין אויף מיין פראַגע, פאַרוואָס ער זעצט איבער הוגאָס ווערק פון אַ רוסישער איבערזעצונג און ניט פון דעם פראַנצויזישן אָריגינאַל, כאָטש ער האָט געזאָגט, אַז ער לייענט פריי פראַנצויזיש:

— ס'טויג ניט, — האָט טשעמערינסקי געטענהט — איבערזעצן פון פראַנצויזיש, ווייל דער יידישער לייענער וועט ניט פאַרשטיין דעם פראַנ־צויזישן סטיל פון דעם ווערק.

— אָבער די רוסישע איבערזעצונג פון וועלכער איר זעצט איבער, איז דאָך געמאַכט געוואָרן פון פראַנצויזיש...

— דאָס, — האָט טשעמערינסקי געענטפערט, — איז עפּעס אַנדערש. אין דער רוסישער איבערזעצונג איז דער פראַנצויזישער סטיל אָפּגעווישט געוואָרן און האָט באַקומען אַ רוסישן פּנים, און אויף אַ רוסישן פּנים איז יעדער ייִד אַ מבין...

צי האָט ער עס געמיינט ערנסט, צי ניט, איז שווער געווען צו זאָגן. ער איז יעדנפאַלס, באַשטאַנען, אַז ער מיינט עס ערנסט און האָט די איבער־זעצונג געמאַכט ביזן סוף פון אַ רוסישער — און, אגב, ווייט ניט קיין גע־נויער איבערזעצונג.

וואָלט מען פון דעם געקאָנט דרינגען, אַז ער האָט ניט געשאַצט זיין איבערזעצונג־אַרבעט און האָט זיך צו איר באַצויגן אָן אינטערעס. איז דאָס אָבער ניט ריכטיק. ער האָט זייער אַ סך געאַרבעט איבער דעם ייִדיש פון זיין איבערזעצונג און זיך באַמיט, אַז דער סטיל זאָל אַרויסקומען אַזוי „עכט־ייִדיש" און פאָלקסטימלעך ווי מעגלעך. אַמאָל, דערמאָנט זיך, איז צוליב אָט דער פאָלקסטימלעכקייט פון זיין איבערזעצונג פאָרגעקומען אַ גאַנצע דיסקוסיע צווישן טשעמערינסקין און ה. ד. נאָמבערגן, וועלכער איז דעמאָלט געווען אַ וויכטיקער מיטאַרבעטער און אָפט דער שטעלפאַרטרעטער פון דעם רעדאַקטאָר פון „פריינד". עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דעם, וואָס הוגאָס העלדן האָבן אין טשעמערינסקיס איבערזעצונג גערעדט ניט גלאַט ייִדיש, נאָר טיפּיש־ייִדיש, — אַזוי, אַז אַ גלח, למשל, האָט ביי אים באַנוצט שיער ניט אַ רבנישע שפּראַך און געטראָגן האָט ביי אים דער גלח ניט קיין מאַנטל, נאָר אַ „טענדע־ווערענדע" (אַזוי פלעגט מען רופן אין ייִדיש די קליידער פון די פּראַוואָסלאַוונע גלחים).

— ווי קאָן אַ פראַנצויזישער קאַטוילישער גלח טראָגן אַ טענדע־ווע־רענדע? — האָט נאָמבערג געוואָלט וויסן ביי טשעמערינסקין.

— און טשעמערינסקי האָט געענטפערט:

— קוים איז ער גלח, מוז ער ביי מיר טראָגן אַ טענדע־ווערענדע. אַנדערש איז ער ביי מיר קיין גלח ניט...

טשעמערינסקיס ווערטער, ווערטלעך, באַוועגונגען און פּירעכצן האָבן אויף אַ זייטיקן מענטשן געקאָנט מאַכן אַן איינדרוק, ווי ער וואָלט זיך באַמיט צו זיין „אָריגינעל". אָבער ס'איז געווען גענוג כאָטש אַביסל זיך צוקוקן צו אים כדי צו קומען צו דער איבערצייגונג, אַז דאָס זיינען ביי אים ניט געווען קיין אָנשטעלן, נאָר אַ טייל פון זיין נאַטור: אָט אַזוי איז ער געווען און האָט אַנדערש ניט געקאָנט זיין.

אין עצם איז ער געווען זייער אַ גוטער, זייער אַ פייאיקער, זייער אַ ליבער מענטש, און הגם אַלע אַרום אים האָבן זיך באַצויגן צו אים מיט אמתער פריינטשאַפט, איז ער געווען זייער אַן איינזאַמער מענטש, וואָס האָט געליטן פון אַ גאַנץ שאַרפן מינדערווערטיקייט־קאָמפּלעקס. ער איז שטענדיק

גרייט געווען אונטערצונעמען יעדע אַרבעט, — כדי צו „דערווייזן" זיך און אַנדערע, אַז ער קאָן עס מאַכן. אָבער ער איז געווען פונקט אַזוי גרייט אָװעקצוואַרפן יעדע אַרבעט אינמיטן, ניט פאַרענדיקט, ווייל ער פלעגט שטענדיק מורא האָבן, אַז דאָס איז ניט וואָס מען דאַרף און אפשר אַפילו ניט וויכטיק...

אַזוי האָבן מיר, די פריינט זיינע, קיינמאָל ניט געקאָנט דערשלאָגן זיך ביי אים, ער זאָל צונויפקלייבן זיינע פאַבלען, וואָס זיינען ביי אַ צאָל חסרונות זייערע, געווען די בעסטע אין דער דעמאָלטיקער יידישער ליטע־ראַטור, כדי מען זאָל זיי קאָנען אַרויסגעבן אין אַ בוך. ער האָט זיך אַרויס־געדרייט פון דעם אונטער די פאַרשיידנסטע תירוצים, אַזוי ווי ער וואָלט מורא געהאַט צו זען זיינע פאַבלען אין אַ בוך.

— אָבער וואָס האָט איר מורא? פאַרוואָס זייט איר אַזוי איינגעשפּאַרט? — האָב איך אים איין מאָל געפרעגט.

האָט ער נאָך אַ היפשן שוויגן געענטפערט:

— צו קרילאָוון קומט עס ניט!...

**
*

איין מאָל — דאָס איז געווען אין פרילינג 1911, אָדער 1912, האָבן מיר זיך אין רעדאַקציע פון „פריינד" דערוואוסט, אַז טשעמערינסקי, וואָס האָט זיך קיינמאָל ניט אויסגעצייכנט מיט אויפמערקזאַמקייט צו זיין הולך, האָט זיך, פּלוצלינג, איינגעקויפט אַ טייערן „סמאָקינג" (דינער־דזשעקעט) מיט געהעריקע הויזן, אַ פיינעם אויבערמאַנטל און אַפילו אַ... צילינדער הוט. צוליב וואָס ער האָט עס געטאָן, האָט ער ניט געוואָלט זאָגן. ער האָט אויך גענומען פאַרברענגען ווייניקער צייט אין רעדאַקציע און פלעגט אָפּזיצן איבער די נעכט אין זיין צימערל, וואָס ער האָט געהאַט ביי אברהם יאַפע (שפּעטער באַקאַנט אַלס א. דעבאָרין, איינער פון די באַדייטנדיקסטע מאַרק־סיסטישע פילאָסאָפן אין סאָוועטן־פאַרבאַנד), ווי ער וואָלט געווען פאַרנומען מיט עפּעס אַ וויכטיקער אַרבעט. און ענדלעך איז ער גאָר פאַרשוואונדן געוואָרן, אַוועקגעפאָרן ערגעץ, און זיינע פריינט האָבן ניט געוואוסט וואוהין.

געווייינלעך, אַז חיים טשעמערינסקי פלעגט פאַרשווינדן פון דער רע־דאַקציע אָן אַ זיי־געזונט אויף עטלעכע טעג, פלעגט ער דערנאָך דערקלערן, אַז ער האָט זיך „אַראָפּגעכאַפּט" צו זיין שוועסטער אין מאָטילע „עסן טשאָלנט", וואָרעם אַזאַ טשאָלנט ווי אירן קאָן מען ערגעץ ניט קריגן. אָבער צו דער שוועסטער אין מאָטילע האָט ער דאָך ניט געדאַרפט גרייטן זיך צו פאָרן און דערצו נאָך אַזוי אויסגעפּוצט און מיט אַ צילינדער־הוט אויפן קאָפּ.

שפּעטער מיט אַ פּאָר וואָכן, ווען ער האָט זיך ווידער באַוויזן אין רע־דאַקציע זייער אַ געפאַלענער ביי זיך, האָבן מיר זיך דערוואוסט אַ סוד: ער איז געפאָרן קיין פּעטערבורג, וואו ער האָט פאָרגעשלאָגן דעם דעמאָלטיקן צאַרישן פינאַנץ־מיניסטער, קאָקאָווצעוון, אַ „פּלאַן", וואָס ער האָט אויסגע־

אַרבעט, ווי צו ראַטעווען די רוסישע פינאַנצן, וועלכע זיינען דעמאָלט געווען אין אַ זייער שלעכטן צושטאַנד.

צי האָט טשעמערינסקי זיך טאַקע געזען מיט דעם צאַרישן פינאַנץ־מיניסטער און מיט אים פאַרהאַנדלט זיין פּראָיעקט, אָדער ער איז צו קאָקאָווצעוון אַפילו ניט דערגאַנגען און האָט אים בלויז אַריבערגעשיקט זיין פּראָיעקט, געדענק איך שוין ניט. אָבער פון דעם פּראָיעקט איז, יעדנפאַלס, גאָרניט געוואָרן. די צאַרישע רעגירונג האָט אים ניט אָנגענומען, אַפילו אויב זי האָט זיך באַקענט מיט אים, און טשעמערינסקי האָט זיך צוריקגעקערט קיין וואַרשע צו זיין שרייב־טיש אין „פריינד". זיין הויכגעשעצטן אָנצוג האָט ער מער קיינמאָל ניט אָנגעטאָן, זיין צילינדער־הוט האָט ער געהאַלטן אונטער זיין בעט און אַריינגעשאַרט אין איר די שטיקלעך פון די פּאַפּיראָסן, וואָס ער פלעגט אומאויפהערלעך רויכערן; און זיין באַלעבאָסטע, פרוי יאָפּע, האָט אים אין אָנוועזנקייט פון מענטשן זייער ערנסט פאַרזיכערט, אַז אין דעם צילינדער־הוט האָבן זיך פאַרפירט מייז.

— נו, איז דאָך גוט, — האָט טשעמערינסקי פילאָסאָפיש געענטפערט, — מייז דאַרפן דאָך אויך האָבן וואו אַהינצוטאָן זיך...

„וואָס שייך זיין „פינאַנץ־פּראָיעקט", וואָס ער האָט מיר אים איין מאָל באַוויזן, האָט ער מיר אויסגעזען צו זיין פשוט פאַנטאַסטיש: ער איז באַשטאַנען, אויף וויפל איך דערמאָן זיך, אין אַ פּלאַן פון אַ גרויסער רעגירונג־לאָטעריי, וואָס זאָל צאָלן די לאָטעריי־בילעטן ביז 10־12 פּראָצענט אין געווינסן. ווען אַזאַ פּראָיעקט וואָלט אָנגענומען געוואָרן, וואָלטן אַלע רוסישע פּריוואַטע בענק און שפּאַר־קאַסעס געמוזט באַנקראָטירן און די אינוועסטמענטס אין אינדוסטריעלע אונטערנעמונגען וואָלטן געמוזט שטאַרק ליידן, ווייל קיינער פון זיי וואָלט, נאַטירלעך, ניט געקאָנט צאָלן אַזעלכע הויכע פּראָצענטן. „אָבער", — האָב איך געהאַט צו טשעמערינסקין אַן אַנדער טענה, — „אָנגענומען, אז אייער פּלאַן איז אַ פּראַקטישער, איז ווי קאָנט איר זיין פאַראינטערעסירט צו העלפן ראַטעווען די פינאַנסן פון דער צאַרישער רעגירונג?"

טשעמערינסקי האָט ווי אַ פאַרשולדיקטער געענטפערט:

— די צאַרישע ביוראָקראַטן וואָלטן סיי ווי קאַליע געמאַכט אַפילו דעם בעסטן פּלאַן.

— איז צו וואָס האָט איר אים געדאַרפט זיי פאַרלייגן?

— ווייל ס'איז דאָך, נאָך מיין מיינונג, פאָרט אַ גוטער פּלאַן...

טשעמערינסקי האָט געוואָלט „ווייזן וואָס ער קאָן" אומאָפּהענגיק פון דעם צו וואָס פאַר אַ רעזולטאַטן דאָס קאָן ברענגען...

***

אַזוי זיינען געווען זיינע פירונגען, אַזוי איז געווען זיין גאַנץ לעבן. וועגן זיין פאַמיליען־לעבן, וואָס איז אומגעלומפּערט־אומגליקלעך צעשטערט געוואָרן, האָט ער אַליין קיינמאָל גאָרניט דערציילט. אָבער פון זיינע

קרובים, די ווייצמאַנס אין פּינסק און די לעבזשינסקיס אין וואַרשע האָב איך געהערט, אַז פאַרגעקומען איז אַזאַ געשיכטע:

חיים טשעמערינסקי האָט חתונה געהאַט פאַר אַ מיידל פון אַ רייכער פאַמיליע אין קריוואָי ראָג, דעם דעמאָלטיקן מעטאַלורגישן צענטער פון דרום־רוסלאַנד. ער האָט דאָרטן געעפנט אַן אייזן־געשעפט, וואָס האָט באַדינט די שאַכטעס און איז געוואָרן גאַנץ פאַרמעגלעך. אָבער ווען ער האָט שוין מיט זיין פרוי געהאַט צוויי קינדער, האָט ער זיך אין איין שיינעם טאָג אויפגעהויבן און איז „אַן אַ זיי־געזונט" אַוועק קיין אָדעס, וואו ער איז געוואָרן אַן... עקסטערן (איינער וואָס מאַכט דורך דעם קורס פון אַ גימנאַזיע אויסער דער שול) און זיך גענומען גרייטן אויף אַן „אַטעסטאַט זרעלאָסטי" (מאַטוריטי־צייגעניש), וואָס איז נויטיק, כדי אַריינצוטרעטן אין אוניווערסי־טעט. צי האָט ער דעם אַטעסטאַט באַקומען, צי ניט, ווייס איך ניט, אָבער אַריינטרעטן אין אוניווערסיטעט האָט ער זיכער קיינמאָל ניט געפּרואווט. ווען איך האָב אים איין מאָל, אין אַ מינוט פון אָפנהאַרציקייט, אַ פרעג געטאָן צוליב וואָס האָט ער זיך, שוין דערוואַקסענערהייט, גענומען גרייטן אויף אַן „אַטעסטאַט זרעלאָסטי", האָט ער מיר, ווי אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכע זאַך געענטפערט:

— איך האָב זיי געוואָלט ווייזן, אַז מען קאָן, אויב מען וויל...

ווער איז עס געווען דער „זיי", וועמען ער האָט געוואָלט „ווייזן", ווייס איך ניט. איך גלויב, אַז קודם־כל זיך אַליין...

זיין פרוי האָט אָפּגעוואַרט עטלעכע יאָר, און ווען חיים האָט זיך ניט צוריקגעקערט אַהיים, האָט זי ליקווידירט דעם געשעפט, וואָס האָט איר, ווי עס זעט אויס, געגעבן גענוג מיטלען אַוועקצופאָרן מיט בייִדע קינדער קיין אויסלאַנד, אין דייטשלאַנד, וואו זי איז מיט זיי שוין פאַרבליבן דאָס גאַנצע לעבן. דער זון איז אין דייטשלאַנד געוואָרן אַ מוזיקער — דאַכט זיך, אַ פּיאַניסט. טשעמערינסקי האָט, ווייזט אויס, נאָכגעפאָלגט זיין קאַריערע, וואָרעם ער האָט מיר איין מאָל, סוף 1912, מיט אַ געוויסער שטאָלץ געזאָגט, אַז זיין זון טרעט איצט אַרויס מיט דערפאָלגרייכע קאָנצערטן אין בערלין. איך גלויב אָבער ניט, אַז דער זון האָט זיך אינטערעסירט מיט דעם טאַטן.

אגב, וועגן דעם זון: אָנהייב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה איז חיים טשעמערינסקיס זון אין דייטשלאַנד אַריין אין קאַרל ליבקנעכטס ספּאַרטאַקוס־גרופּע און האָט אין אַ קורצער צייט פאַרנומען אַ פּראָמינענטן פּלאַץ אין דער פירערשאַפט פון דער דייטשישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אונטערן נאָמען מאַסלאָוו. אָבער אינמיטן פון די צוואַנציקער יאָרן איז מאַסלאָוו ביסלעכווייז אַריבער אויף די פּאָזיציעס פון דער רעכטער פראַקציע אין דער פּאַרטיי; איז צוזאַמען מיט זיין פרוי, די „באַרימטע" רוט פישער, אויסגעשלאָסן גע־וואָרן פון דער פּאַרטיי און איז דערנאָך, פּונקט ווי זי, געווען אַקטיוו אין די רייען פון די שונאים פון דער קאָמוניסטישער באַוועגונג און פון סאָוועטן־פאַרבאַנד. מיטן אָנהייב פון דער צווייטער וועלט־מלחמה זיינען זייערע שפּורן פאַרשוואונדן.

וועגן חיים טשעמערינסקיס לעצטע יאָרן וייס איך נאָר, וואָס איך האָב געהערט פון אַנדערע: אַז ער איז אין אָנהייב פון דער ערשטער וועלט־מלחמה ווידער אַריינגעצויגן געוואָרן אין ביזנעס אַלס אָנגעשטעלטער אַרום די שאַכטעס פון קריוואָי ראָג, אַז ער איז אין האַרבסט פון 1916 קראַנק געוואָרן אויף קענסער (ראַק) און איז — ווי ס'גיט אָן דער „לעקסיקאָן פון יידישער ליטעראַטור", — געשטאָרבן אין קאַטערינאָסלאַוו דעם 13טן יאַנואַר 1917, אויפן סאַמע שוועל פון דער פעברואַר־רעוואָלוציע. אויפן טויטן־בעט האָט ער נאָך באַוויזן אָנצושרייבן אַ טייל פון זיין אויטאָביאָגראַפיע — און דווקא אויף העברעאיש, אונטערן נאָמען „עירתי מוטילי" (מיין שטעטעלע מאָטילע), וועלכע איז שפּעטער מיט יאָרן איבערגעזעצט געוואָרן אויף יידיש און איז דעמאָלט באַטראַכט געוואָרן אַלס מוסטער פון מעמואַרן־ליטעראַטור.

איך האָב דאָ געפּרוּווט איבערגעבן וועגן חיים טשעמערינסקין (ר' מרדכילע) מיט זיין ביאָגראַפיע, מיט זיין גאַנצער ליטעראַרישער טעטיקייט און פאַרשיידענע ליטעראַרישע פּראָבעס, וואָס אייניקע פון זיי, ווי זיינע פאַב־לען, זיינע אַרטיקלען צו דער פאָרשונג פון דער יידישער גראַמאַטיק און זיין אויטאָביאָגראַפיע, זיינען פאַרבליבן ווי אַ ווערטפולער — ליידער שוין כמעט פאַרגעסענער — צושטייער צו דער יידישער ליטעראַטור.

איך האָב דאָ בלויז געוואָלט דערציילן וואָס איך געדענק פון דעמדאָזיקן אינטערעסאַנטן און טשיקאַווען מענטשן, פון מיינע פּערזענלעכע באַגעגענישן מיט אים און אייגענע דערפאַרונגען, ווייל כ'גלויב אַז זיי גיבן עפּעס צו צום פּאָרטרעט פון איינעם פון די כמעט פאַרגעסענע בויער פון אונזער יידישער ליטעראַטור.

# געווען איז עס, דאַכט זיך, נעכטן

אָנגעהויבן האָט זיך עס מיט אַ יאָר צוואַנציק צוריק.

פלוצלינג, ווי פון דער העלער הויט, ווי ס'וואָלט געוואָרן עפּעס אַ מאָדע, אָדער א חלאת, רחמנא ליצלן, האָבן א צאָל מיינע פריינט און באַקאַנטע אָנגעהויבן אַריינפאָרן אין די פופציקער יאָרן. ס'איז אין גיכן געוואָרן אַזוי, אַז כמעט יעדער „טאָם, דיק ענד הערי" איז געוואָרן אַ בן־פופציקער.

מיט אַ צענדליק יאָרן שפּעטער איז ביי אַ צאָל פון די זעלביקע פריינט און באַקאַנטע געוואָרן אַ מאָדע אַריינצופאָרן אין די זעכציקער יאָרן. מענטשן, וועלכע כ'האָב ערשט אָט ניט לאַנג צוריק געקענט אַלס כמעט יונגעלייטלעך, האָבן אנגעהויבן אויסזאָגן אויפן אויער, אָדער עפנטלעך מודה זיין, אַז זיי זיינען שוין קיין־עין־הרע זעכציק־יאָריקע וועטעראַנען. און איצט, זע איך, האָט זיך שוין די מאָדע ווידער געביטן! ווער רעדט איצט וועגן פופציקער, אָדער זעכציקער? דאָס זיינען שוין פאַרעלטערטע דאַטעס. אויפן פּאָדער־פּראָגנט הויבט אָן אַרויסקומען די פאַרדינסטפולע בריגאַדע פון די זיבעציקער. און איינער פון זיי — דערוויס איך זיך כמעט מיט איבעררעשונג, — איז אונזער י. ב. ביילין.

* * *

דאַכט זיך, ווען איז עס געווען? כמעט ערשט נעכטן, ווען כ'האָב זיך דעם ערשטן מאָל געטראָפן מיט אונזער ביילינען.

אויסגעזען האָט ער אין מיינע אויגן נאָך גאָר אַ יונגער מאַן: אַ דינער, אַ שלאַנקער, אַ שטילער און באַשיידענער, אַ ביסל ווי אַ פאַצעטיש־צוגע־פוצטער, מיט פענסנע אויף דער נאָז, וואָס זייער הויפּט־אויפגאַבע איז, דאַכט זיך, געווען ניט אַזוי צו מאַכן אים זען בעסער, ווי צו מאַכן אים אויסזען אַ ביסל עלטער און סאָלידער. ערשט נעכטן... פיליכט איז עס אַ ביסל אַ גוזמא, וואָרעם געשען איז עס מיט 48 יאָר צוריק, אין דעם אַמאָליקן צאַרישן פוילן, אין לאָדזש, און געווען זיינען מיר ביידע אַ ביסל יינגער ווי היינט, מיט א קנאַפּן האַלבן יאָרהונדערט...

איך בין דעמאָלט — אין פרילינג פון 1908 — געקומען קיין לאָדזש פון ווילנע. אין ווילנע האָב איך זיך „ספּעציאַליזירט" אויף דער פּראָפּע־סיאָנעלער באַוועגונג (יוניאָן־באַוועגונג) און קיין לאָדזש בין איך איינגעלאַדן געוואָרן אַלס סעקרעטאַר פון דער יידישער סעקציע פון דעם אומפּאַרטייאישן טעקסטיל־פאַראיין, וואָס האָט זיך דעמאָלט געפונען אונטערן שטאַרקן איינפלוס פון דער פ. פ. ס. (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי).

אין אָנהויב פון 1908 האָט שוין די צאַרישע רעאַקציע באַהערשט און זיך געשטאַרקט איבער גאַנץ רוסלאַנד און זיך געאײַלט אויסצואוואָרצלען אַלע רעשטן און געווינסן פון דער רעוואָלוציע פון 1905. לאָדזש, מיט איר שטאַרקער, אָרגאַניזירטער רעוואָלוציאָנערער אַרבעטער־באַוועגונג, איז נאָך פאַרבליבן ווי עפּעס אַן אויסנאַם. דאָרטן האָבן יוניאָנס נאָך פונקציאָנירט לעגאַל און אַרום די יוניאָנס האָבן די סאָציאַליסטישע פּאַרטייען, האַלב־לעגאַל, אָדער כמעט אָפן, נאָך אָנגעפירט זייער פּאָליטישע טעטיקייט. איך בין דעמאָלט געווען אַ מיטגליד פון די ס־ס (ציוניסטיש־סאָציאַליסטישע פּאַרטיי) און ביילין — דעמאָלט ישראל־בער — אַ טוער פון בונד.

צווישן דעם בונד און די ס־ס איז, דעם אמת געזאָגט, קיין איבעריק גוט לעבן קיינמאָל ניט געווען, — ביטערע פּרינציפּיעלע דיסקוסיעס זײַנען פאָרגעקומען בכלל צווישן אַלע דעמאָלטיקע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען אין צאַרישן רוסלאַנד. צווישן בונדיסטן און ס־ס־אָווצעס פלעגן די „פּרינציפּיעלע דיסקוסיעס" ניט זעלטן דערגיין פּשוט ביז פיזישע קלעפּ און אין אייניקע ערטער (ווי, למשל, אין פּינסק) ביז אַ שיסעריי.

אָבער צו דער צייט, ווען איך בין געקומען קיין לאָדזש, האָט דער אַלגעמיינער דרוק פון דער צאַרישער רעאַקציע היפּש דערנענטערט צווישן זיך, אויב ניט די פּאַרטייען גופא, איז זייערע אָרטיקע טוער. די אַלגעמיינע געפאַר האָט זיי אָפּט געצוואונגען צו באַגעגענען זיך און צו זוכן געמיינזאַמע מיטלען ווי אָפּצושטעלן דעם אָנגריף פון דער רעאַקציע, וועלכע האָט געדראָעט ניט נאָר זייער אַרבעט און זייער פרייהייט, נאָר גאַנץ אָפט פּשוט זייערע לעבנס.

אין אַ פּאָר חדשים אַרום נאָך מיין אָנקומען אין לאָדזש איז די דאָזיקע לעצטע פעסטונג פון דער דעמאָלטיקער אַרבעטער־באַוועגונג אין רוסיש־פּוילן, אויך אַטאַקירט און צעשמעטערט געוואָרן. גענעראַל קאַזנאַקאָוו, דער צאַרישער גענעראַל־גובערנאַטאָר איבער לאָדזש, איז געווען אַ תליון און ער האָט געטריי אויסגעפירט די אויפגאַבע, וואָס ער האָט באַקומען: מיט די מיטלען פון דעם שאַרפסטן טעראָר צעברעכן די אַרבעטער־באַוועגונג. עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ ריי ברוטאַלע פּאָליציייִשע גאַסן־איבערפאַלן אויף די אַרבעטער־„בירזשעס" און לאָקאַלן, אַלע לעגאַלע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס זײַנען געשלאָסן געוואָרן, אַ גרויסע צאָל פון זייערע טוער און מיטגלידער זײַנען אַרעסטירט געוואָרן; אַ צאָל אַרבעטער זײַנען געשטעלט געוואָרן פאַר קריגס־געריכטן, זײַנען אונטער פאַלשע אויסריידן פאַרמשפט געוואָרן צום טויט און זײַנען אויפגעהאַנגען געוואָרן אויפן הויף פון דער דלוגאַ־טורמע אין מיטן שטאָט. דער טעראָר איז געווען אַזאַ, אַז ס׳איז אוממעגלעך געוואָרן צונויפצורופן צוזאַמען אַפילו אַ צענדליק מענטשן.

אָט אין יענער צייט האָבן מיר זיך געטראָפן מיט ישראל־בערן. געטראָפן און זיך באַפרײַנדעט. און הגם קיינער פון אונז האָט אַפילו ניט געטראַכט נאָכצוגעבן איינער דעם אַנדערן אין אונזערע פּרינציפּן, האָבן מיר, און

אַ הייפּל אַזעלכע ווי מיר, צוזאַמען און אַן שום מיינונג־פאַרשיידנקייטן גענומען טראַכטן ווי צו שאַפן אַ מעגלעכקייט, אַז אַרבעטער און אַרבעטער־טוער זאָלן זיך קאָנען טרעפן און די טעראָריזירטע אַרבעטער־באַוועגונג, וואָס איז פאַריאָגט געוואָרן אין טיפן אונטערערד, זאָל דאָרטן אינגאַנצן ניט דערשטיקט ווערן.

פיליכט האָבן מיר דעמאָלט ניט געטראַכט פּונקט אין אַזעלכע אַלגעמיינע טערמינען. פיליכט האָבן מיר פּשוט געזוכט אַן אויסוועג פאַר דער יונגער, ברויזנדיקער ענערגיע, וואָס מיר האָבן געפילט אין זיך און אין אונזערע יונגע אַרבעטער־חברים און האָבן זי געזוכט אַנצואווענדן אויף עפּעס. ווי דאָס זאָל ניט זיין, נאָר פון אָט די זוכענישן און נאָכטראַכטענישן, פון די שטילע באַגעגענישן צו צווייִ און צו דרייִ מענטשן, פון די פאַרזיכטיקע געשפּרעכן ביי טישלעך אין אָרעמע קאַוויאַרניעס אין די לאָדזשער אַרבעטער־קוואַרטאַלן, באַזונדערס אויף באַלוט, איז געשאַפן געוואָרן דער געדאַנק וועגן דער „האַרפע", און עפּעס איידער מיר האָבן זיך אַרומגעקוקט, איז די „האַרפע" געגרינדעט געוואָרן אַלס אַ לעגאַלע אָרגאַניזאַציע פון זיינע מענטשן, וואָס האָבן ניט קיין אַנדערע אינטערעסן, ווי קונסט, מוזיק, געזאַנג, טענץ, — אַלץ זאַכן, וואָס האָבן, לויט דער פאַרשטעלונג פון דער פּאָליציי, ניט געהאַט קיין שום שייכות מיט רעוואָלוציע, גיכער פאַרקערט...

איך געדענק שוין ניט גענוי אויף וואָס פאַר אַ גאַס דער לאָקאַל פון דער „האַרפע" האָט זיך געפונען. אָבער אין אַ קורצער צייט איז ער געוואָרן דער צענטער פון דער גאַנצער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג אין לאָדזש. אין די פאָדערשטע צימערן האָבן גרופּעס יונגע אַרבעטער־בחורים און מיידלעך, געזונגען געטאַנצט, געלערנט זיך שפּילן אויף מאַנדאָלינעס און גיטאַרעס; מען האָט געלייענט לעקציעס וועגן ליטעראַטור און מען האָט געפירט דיסקוסיעס וועגן שרייבער און ביכער (דאָרטן זיינען, דאַכט מיר, צום ערשטן מאָל איינגעפירט געוואָרן די אַזוי גערופענע קעסטל־אָוונטן מיט דיסקוסיעס אַרום פראַגן, וואָס זיינען אויף צעטעלעך אַריינגעוואָרפן געוואָרן אין אַ ספּעציעלן קעסטל). און אין דער זעלביקער צייט זיינען אין די ווינקלען און אין די זייטיקע צימערן פאָרגעקומען זיצונגען פון פּאַרטיי־טוער, וואָס האָבן זיך באַראַטן וועגן דעם ווי אויפצוהאַלטן דעם גייסט פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, ווי צו העלפן אַרעסטירטע חברים, ווי צו אָרגאַניזירן סטרייקס, פאַרשפּרייטן ליטעראַטור א. אז. וו.

אָט דאָרטן, אין דער „האַרפע", האָב איך זיך נאָכמער באַקענט מיט ישראל־בערן, וועלכער איז שוין דעמאָלט, פּונקט ווי איצט, געווען אַן ערנסטער, אַרבעטזאַמער, איבערגעגעבענער אַרבעטער־טוער, וואָס האָט זיך אינטערעסירט מיט ליטעראַטור, אַרויסגעוויזן אַן אינטערעס צו געזאַנג און מוזיק און פלעגט שעהנווייז פאַרברענגען צווישן דער טומלדיקער אַרבעטער־יוגנט, אויפהויבנדיק ביי איר פראַגעס און ענטפערנדיק אויף פראַגעס.

אין איין „שיינעם" טאָג איז ישראל־בער פאַרשוואונדן פון „האַרפע".

באַלד האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז ער, צוזאַמען מיט עטלעכע באַקאַנטע בונ־דישע טוער זיינען אַרעסטירט געוואָרן. אין דער „האַרפּע" האָט זיך תיכף אָרגאַניזירט אַ גרופּע, וואָס האָט ספּעציעל באַזאָרגט די חברים אין טורמע מיט שפּייז און מיט באַזוכן פון „שוועסטער" און „כלות". אין אַ פּאָר חדשים אַרום — סוף אויגוסט 1908 — האָב איך אויך דערפילט אַ היץ אונטער די פיס און געמוזט פאַרשווינדן פון לאָדזש. שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט, אַז דער יונגער ישראל־בער איז געמשפּט און פאַרשיקט געוואָרן אויף יאָרן קיין סיביר.

אונזערע וועגן זיינען זיך — געאָגראַפיש — אויף אַ לאַנגער צייט צע־גאַנגען. ווידער געטראָפן האָבן מיר זיך ערשט אין אַמעריקע, אין שיקאַגאָ, אין 1913, אָדער אין אָנהויב 1914. דעמאָלט האָבן מיר ווידער געהערט צו צוויי פאַרשיידענע ריכטונגען, אָבער די געמיינזאַמע קולטור־טעטיקייט צווישן יידישע אַרבעטער דורך דעם דעמאָלטיקן אַרבעטער־רינג האָט אונז געמאַכט פאַרגעסן און איגנאָרירן די מיינונגס־פאַרשיידנקייטן. שפּעטער האָבן מיר זיך ווידער געטראָפן, שוין אין ניו־יאָרק, ביי איין אַרבעט, אָן שום מיינונג־פאַרשיידנקייטן. אַלע וועגן האָבן אונז דערפירט קיין „רוים". אָבער דאָס איז שוין געשיכטע.

# מיין שרייבערישער וועג

(אַ בליק אויף צוריק און פאָראויס נאָך אַ האַלבן יאָרהונדערט אַרבעט)

כ'האָב אָנגעהויבן שרייבן, — פאַרשטייט זיך נישט צום דרוקן, — נאָך אין דער שולע, — דער ניקאָלאַיעווער האַנטווערקערישער „קאַזיאָנאָיע יעווריעיסקאָיע אוטשילישטשע", אַן עלעמענטאַרע שול פאַר יידישע ייִנגלעך, וואָס איז איינגאַנצן אָנגעפירט געוואָרן אין רוסיש. אין דערדאָזיקער שול האָבן די לערער שטרענג אויפגעפאַסט, אַז מיר, קינדער, זאָלן צווישן זיך ניט ריידן קיין יידיש וואָרט און זאָלן אין אונזער רוסיש, חלילה, ניט גע־שטרויכלט ווערן מיט קיין יידישן אַקצענט, אָדער אויסדרוק. עס איז דער־גאַנגען אַזוי ווייט, אַז ווען עמיצער אין קלאַס פלעגט זיך נאָר „פאַרשולדיקן" דערמיט, פלעגט עס אַרויסרופן אַן אַלגעמיינעם געלעכטער איבער אים. דאָס דאָזיקע באַשטיין אויף דער ריינקייט פון דער רוסישער שפּראַך און אויס־שפּראַך און אויף אַ „טאַבו" קעגן „זשאַרגאָן" איז שטרענג דורכגעפירט גע־וואָרן דווקא דורך אונדזערע יידישע לערערס, וואָס זיינען ס'רוב געווען אַקטיווע ציוניסטן. איינער פון די דאָזיקע לערערס, סאַמסאָן יאַקאָוולעוויטש, אַן אויסגעצייכנטער פּעדאַגאָג, וואָס האָט געוואוסט ווי צו ווירקן אויף די קינדער, האָט אויף מיר אין יענער צייט געהאַט אַ גרויסן איינפלוס. עס איז וואַרשיינלעך, אַז מיינע ערשטע נאַאיווע ציוניסטישע סימפּאַטיעס האָב איך באַקומען דורך אים.

אָבער אַחוץ זיין ציוניזם און „אַנטי־זשאַרגאָניזם" איז ער געווען אַ זייער דעמאָקראַטישער מענטש, אַ מענטש וואָס האָט באַוואוסטזיניק געזוכט איינ־צופלאַנצן אין זיינע שילער געפילן פון אמת און יושר. מיר דערמאָנען זיך אַ פאָר פאַלן, ווען דידאָזיקע געפילן זיינען געקומען צום אויסדרוק נאָך אין מיינע שריפטלעכע שול־אַרבעטן.

איין מאָל איז עס געווען, ווען מיר, אַלע קינדער פון אַ קלאַס, האָבן ביים אנהויב פון דעם נייעם שול־יאָר געדאַרפט צושטעלן אַ „סאָטשיניעניע" וועגן דעם, ווי זיי האָבן פאַרבראַכט דעם זומער. כמעט אַלע שילער האָבן — טיילווייז איבערשרייבנדיק איינער ביי דעם אַנדערן, — צוגעשטעלט קליינע „סאָטשיניעניעס" אויף אַ פאָר בלעטלעך, וואו זיי האָבן דערהויפּט דערציילט, אַז זיי האָבן אין משך פון זומער זייער שטאַרק געבענקט נאָך זייער טייערער שול און נאָך זייערע גוטע לערערס, און אַז זיי זיינען זייער צופרידן דער־מיט, וואָס דער זומער האָט זיך ענדלעך געענדיקט און די שול האָט זיך ווידער געעפנט.

איך, ווידער, האָב אָנגעשריבן אַ גאַנצן העפט, אין וועלכן כ׳האָב מיט גרויס אַפּעטיט באַשריבן, ווי כ׳האָב אויסגענוצט די זומערדיקע חדשים צו כאַפּן פיש אין טייך, צו יאָגן טויבן, צו שפּילן זיך און אַפילו שלאָגן זיך מיט יינגלעך, צו לייענען אינטערעסאַנטע ביכלעך, און האָב געענדיקט דערמיט, וואָס אַט האָט זיך דידאָזיקע גוטע צייט געענדיקט און מען מוז שוין אָפּרייסן זיך פון די אַלע אינטערעסאַנטע זאַכן און צוריקקערן זיך אין שול.

מיין לערער, סאַמסאָן יאַקאָוולעוויטש, האָט איבערגעלייענט מיין חיבור און האָט אויף אים אָנגעשריבן אַזאַ „רעזאָלוציע״:

פאַר פלייסיקייט צום לערנען — אַ 3, פאַר ריינקייט פון דער העפט — אַ 4, פאַר שרייבן דעם אמת — אַ 5.

אַ צווייטן מאָל האָט דערזועלביקער לערער פאָרגעגעבן די שילער אָן אויפגאַבע אָנצושרייבן אין זיין אָנוועזנקייט אין קלאַס אַ קורצן קאָמענטאַר איבער קרילאָווס באַוואוסטער פאַבל „סטרעקאָזאַ אי מוראַווײ״ (די דראַכן־פליג און די מוראַשקע). די פאַבל איז, ווי באַקאַנט, וועגן דער מוראַשקע, וואָס האַלט אין איין אַרבעטן און שפּאָרן און זאַמלען אין איר שפּייכלער אויף שפּעטער, און וועגן דער דראַכן־פליג, וואָס האָט אַ גאַנצן זומער „אָפּגעזונגען״, און ווען עס האָבן זיך אָנגעהויבן די האַרבסטיקע קעלטן און זי האָט דערפילט אַ קעלט און אַ הונגער, איז זי געקומען צו דער מוראַשקע בעטן הילף. נאָר די מוראַשקע ענטפערט איר קאַלטבלוטיק און האַרט:

„האָסט געזונגען, ס׳איז אַן ענין,
נו, און איצטער כאַפּ אַ טאַנץ!״

דאָס הייסט, זי פאַרמשפּט די דראַכן־פליג צו שטאַרבן פון הונגער און קעלט.

איך האָב אין מיין „סאָטשיניעניע״ כאַראַקטעריזירט די האַנדלונג פון דער מוראַשקע — מיט וועלכער עס איז, לויט דער „מאָראַל״ פון דער פאַבל, נויטיק געוואָען איינצושטימען, אַלס אַ האַנדלונג פון אַ „חזיר״ און אַ „אידיאָט״, — אַ חזיר, ווייל די מוראַשקע וויל ניט אָנהאָדעווען אַ הונגעריקן, און אַ אידיאָט, ווייל זי דערוועגט זיך נאָך אויסצולאַכן די אומגליקלעכע דראַכן־פליג, וואָס בעט ביי איר הילף.

סאַמסאָן יאַקאָוולעוויטש האָט איבערגעלייענט מיין חיבור פאַרן קלאַס, האָט זיך פריער שטאַרק צעלאַכט איבער מיין כאַראַקטעריסטיק פון דער מוראַשקע אַלס חזיר און אידיאָט, — און דערנאָך ערנסט געוואָרנט דעם קלאַס און מיך, אַז דאָס זיינען זייער געפערלעכע געדאַנקען און אַז זיי קאָנען שפּעטער פאַרפירן מיך אויף זייער שלעכטע וועגן... פריוואַט האָט ער מיך דעמאָלט געוואָרנט, אַז הגם ס׳איז אפשר פאַראַן אַ שטיקל אמת אין דעם, ווי כ׳האָב כאַראַקטעריזירט די מוראַשקע, אָבער קרילאָוו האָט ניט דאָס געמיינט, און אַז ס׳איז ניט אַלע מאָל טאַקטיש און געזונט אַרויסצוזאָגן אין דער עפנטלעכקייט אַלץ וואָס מען מיינט, באַזונדערס נאָך אין אַ שאַרפער פאָרם...

***

איך געדענק ניט גענוי ביי וואָס פאַר אַ געלעגנהייט איך האָב אין אַ פּאָר יאָר נאָכן ענדיקן די שול, אין 1900, אָנגעשריבן אַ מין „פעליעטאָן” אונטערן נאָמען „אַ געשפּרעך פון אַ קעפּקע (קעפּ) מיט אַ צילינדער־הוט”. וואַרשיינלעך איז עס געווען פאַר אַ געשריבענעם „זשורנאַל”, וואָס אַ יוגנט־לעכער זעלבסט־בילדונג־קרייזל, צו וועלכן כ'האָב דעמאָלט באַלאַנגט, האָט אַרויסגעגעבן. די טעמע, ווי איך געדענק, איז געווען אַ געשפּרעך צווישן אַן ארבעטער פון אַ זאַוואָד (פאַבריק), וואָס טראָגט א „קעפּקע”, מיט א באַנקיר, וואָס טראָגט אַ צילינדער־הוט. ווי אַזוי מיין אַרבעטער האָט דע־מאָלט אַרגומענטירט מיט דעם באַנקיר, געדענק איך שוין ניט. אַלס מאָדעל פאַר דעם באַנקיר האָב איך גענומען דעם באַנקיר קאָביליאַנסקי, וואָס האָט געוואוינט אין זעלביקן הויף, וואו מיר, און איז געווען אַ ייד אַ חזיר מיט אַ דרייגאָרנדיקן גוידער, מיט אַ צילינדער־הוט אויפן קאָפּ, וועלכן אַלע שכנים האָבן פיינט געהאַט שנאת מות. אַלס מאָדעל פאַר אַן אַרבעטער האָב איך גענומען איינעם פון די הונדערטער רוסישע זאַוואָד־אַרבעטער, וועלכע כ'פלעג אָפט זען און הערן.

צו אונז אין הויז פלעגט דעמאָלט אַריינגיין אַ ייד מיטן נאָמען שאַר־גאָראָדסקי. ער איז געווען אַ בוכהאַלטער, האָט געשריבן קאָרעספּאָנדענצן אין דעם דעמאָלטדיקן באַוואוסטן יידיש־רוסישן וואָכנבלאַט „וואָסכאָד” אין פעטערבורג און איז, ווי מען האָט דערציילט, געווען אַ געוועזענער פּאָליטיש־פאַרשיקטער אין סיביר.

אונזער געשריבענער זשורנאַל איז אַריינגעפאַלן אין זיינע הענט (אפשר האָט עס אים מיין פאָטער באַוויזן). שאַרגאָראָדסקי האָט זיך פאַראינטערעסירט מיט מיין פעליעטאָן (מסתמא מיט דער טעמע) און האָט אים באַוויזן זיין פריינט פעליקס קאָן, דעם פאַקטישן רעדאַקטאָר פון דער איינציקער רוסישער צייטונג אין ניקאָלאַיעוו, „יוזשאַנין”.

פעליקס קאָן — שפּעטער, נאָך דער סאָוועטישער רעוואָלוציע אַ באַ־רימטער באָלשעוויק, — איז אויך, פּונקט ווי שאַרגאָראָדסקי, געווען אַ גע־וועזענער פּאָליטישער פאַרשיקטער אין סיביר (ווי מיר ווייסן איצט — פאַר זיין אָנפירנדיקער ראָליע אין דער פּוילישער „פּראָלעטאַריאַט־פּאַרטיי”). מיין פעליעטאָן האָט אים, ווי ס'זעט אויס, פאַראינטערעסירט, האָט ער מיך אַרויס־גערופן צו זיך אין רעדאַקציע, און ווען איך בין אַ שעמעוודיקער, מיט אַ קלאַפּעדיק האַרץ געקומען צו אים, האָט ער מיט מיר לאַנג גערעדט וועגן דעם פעליעטאָן, וועגן דעם, אַז מען קאָן אים נאָך ניט דרוקן צוליב פאַרשיידענע אורזאַכן און ער האָט געענדיקט דערמיט, אַז ער דענקט, אַז איך קאָן זיך אויסלערנען שרייבן און האָט מיר, — דעמאָלט אַ 15יאָריקן יינגל — פאָר־געשלאָגן צו רעפאָרטירן פאַר זיין צייטונג די זיצונגען פון דער ניקאָלאַ־יעווער „אופּראַווע” (שטאָט־פאַרוואַלטונג).

איך האָב זיך באַראַטן מיט מיין אַלטן לערער, סאַמסאָן יאַקאָוולעוויטש

גראָסמאַן, וועלכער האָט זיך דערפרייט מיט מיין „דערפאָלג" און געהייסן אָננעמען פעליקס קאָנס פאָרשלאַג. אָבער פון דעם פּלאַן צו מאַכן מיך פאַר אַ צייטונג־רעפּאָרטער איז דעמאָלט סיי ווי גאָרניט אַרויסגעקומען. ווייל בעת מיין באַזוך פון אַ זיצונג אין דער שטאָט־פאַרוואַלטונג, האָב איך גאָרניט פאַרשטאַנען וועגן וואָס זיי האָבן זיך דאָרטן געאַמפּערט, איז מיר געוואָרן זייער לאַנגווייליק און איך האָב ניט נאָר פאַרלאָזן די זיצונג, ניט אָנשרייבנדיק וועגן איר גאָרניט, נאָר כ'האָב זיך מער ניט באַוויזן פאַר פעליקס קאָנען און פלעג אַ צייט אַפילו אויסמיידן פאַרבייגיין זיין רעדאַקציע, טאָמער וועט ער מיך צופעליק באַמערקן און אָפּשטעלן...

די ערשטע פּראָבע אָנצושרייבן עפּעס פאַרן דרוק און דווקא אויף יידיש, וועלכן כ'האָב „ליטעראַריש" זייער שוואַך באַזעסן, איז געווען אין 1903, ווען ס'האָט אין פּעטערבורג אָנגעהויבן דערשיינען די ערשטע יידישע טעג־לעכע צייטונג, „דער פריינד", וואָס פלעגט אָנקומען אין אונזער הויז. כ'דערמאָן זיך ניט וועגן וואָס כ'האָב דאָרטן אָנגעשריבן אַ לאַנגן בריוו, וועלכן כ'האָב אַפילו ניט געהאָפט, אַז זיי וועלן דרוקן. אין אַ קורצער צייט אַרום האָב איך אָבער אין דער אָפּטיילונג „מען שרייבט אונדז", וואו די צייטונג פלעגט געבן קורצע אויסצוגן פון לענגערע קאָרעספּאָנדענצן, איבערגעלייענט אַ קיצור פון אַ 4־5 שורות פון מיין בריוו.

אַ הייץ האָט מיר אַ שפּאַר געטאָן אין פּנים און איך האָב זיך באַגאָסן מיט שווייס פון גרויס איבעררעַשונג און אומדערוואַרטקייט. איך האָב באַהאַלטן דעם נומער, כדי מיין פאָטער זאָל אים ניט דערזען און זיך ניט אָנשטויסן אין דעם „מען שרייבט אונז" אויף מיינע עטלעכע געדרוקטע שורות...

דעמזעלביקן יאָר, 1903, האָב איך אָנגעשריבן אַ דערציילונג, — דאַכט זיך אַ מאָנאָלאָג, אין רוסיש (און הרגעט מיך, אויב איך געדענק וועגן וואָס...) און אים אַוועקגעשיקט אין דעם חודש־זשורנאַל „פּראָסוועשטשעניע" (בילדונג), וואָס איז דעמאָלט אַרויסגעגאַנגען אין מאָסקווע אונטער גאָרקיס נאָענטער מיטאַרבעטערשאַפט און רעדאַקציע. איך האָב אין אַ קורצער צייט אַרום באַקומען אַן איידעלן בריוול, אַז די זאַך איז, ליידער, ניט דרוקבאַר, נאָר אַז איך זאָל פּרובירן מיינע כוחות ווייטער. קיין גרויסע כוחות זיינען, מסתמא, ניט געווען, און איך האָב מער ניט פּרובירט.

אָבער דעם קומענדיקן יאָר, אין זומער פון 1904, האָב איך אָפּגעדרוקט מיין ערשטן גרויסן אַרטיקל אין דעם יידיש־רוסישן וואָכן־זשורנאַל „בו־דושטשנאָסט" (צוקונפט), וואָס איז דעמאָלט אַרויס אין פּעטערבורג. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן דער „גרויסער דיסקוסיע" אין דער דעמאָלטיקער יידי־שער געזעלשאַפטלעכקייט וועגן פּאַלעסטינע, אויף וועלכע די ציוני־ציון (די עקסטרעמע ציוניסטן אונטער אוסישקינס אָנפירונג) זיינען געשטאַנען, און וועגן אוגאַנדאַ אין צענטראַל אַפריקע, וואָס די ענגלישע רעגירונג האָט דעמאָלט אויסגעדריקט אַ גרייטקייט צו עפענען פאַר אַ יידישער קאָלאָניזאַציע און וואָס דר. טעאָדאָר הערצל האָט פאָרגעשלאָגן דעם ציוניסטישן קאָנגרעס. דער אײנ־

האַלט פון מיין אַרטיקל, געדענקט זיך, איז געווען, אַז מען מאַכט אַרום דער פראַגע אַ צו גרויסן טומל, וואָרעם יידן קאָנען איצט סיי ווי ניט קריגן פּאַלעס־טינע און קאָנען ניט גיין קיין אוגאַנדע, — און ס׳וואָלט דעריבער געווען ריכטיקער, ווען מען זאָל די געזעלשאַפטלעכע כוחות, וואָס ווערן פאַרנוצט אין דעם הייסן פּאַלעסטינע־אוגאַנדע קאַמף בעסער פאַרנוצן אויף צו באַשיצן די אינטערעסן פון דער יידישער באַפעלקערונג דאָרטן וואו זי געפינט זיך איצט, — דאָס הייסט, אין רוסלאַנד, גאַליציע, רומעניע, א. אז. וו.

דער אַרטיקל איז אָפּגעדרוקט געוואָרן פונקט ווי איך האָב אים צוגע־שיקט, אָן שום ענדערונגען, און ווען איך האָב אים דערזען געדרוקט אין דעם זשורנאַל, האָב איך, געדענק איך, געפילט, אַז אומזיסט האָט אים די רע־דאַקציע דורכגעלאָזן ווי ער איז, וואָרעם אַפילו איך אַליין האָב שוין געזען, וואו מען וואָלט אים געדאַרפט דורכרעדאַקטירן...

גרייטנדיק זיך אין אומאַן אָפּצוגעבן דעם עקזאַמען פאַר אַ פולן גימנאַזיע־קורס אַלס עקסטערן (איינער וואָס גייט דורך דעם קורס אויסער דער שול, אינדערהיים), האָב איך זיך פאַראינטערעסירט מיטן לעבן פון די הונדערטער יידישע עקסטערנעס, בחורים און מיידלעך פון אַרומיקע קליינע שטעטלעך, וואָס פלעגן זיך „גרייטן" אין נויט און אָפט אין פשוטן הונגער צו די עקזאַ־מענעס, און קיינמאָל ניט דערגרייטן זיך, אָדער זעלטן אויסהאַלטן זיי. איך האָב פאַרשפּרייט צווישן זיי אַן אַנקעטע אין אַ פּאָר הונדערט עקזעמפּליאַרן וועגן זייער סאָציאַלער אָפּשטאַמונג, דערציאונג, עקאָנאָמישער לאַגע, שטרע־בונגען און צילן, — און האָב באַקומען אַרום אַ הונדערט אויסגעפילטע אַנקע־טעס. אויפן גרונט פון דידאָזיקע אַנקעטעס האָב איך אָנגעשריבן אַ פּאָר אַרטיקלען וועגן דער לאַגע פון די עקסטערנעס אין דעם זעלביקן זשורנאַל, „בודושטשנאָסט". די אַרטיקלען זיינען געדרוקט געוואָרן און זייער רעזולטאַט איז געווען אַזאַ: אייניקע „אייביקע" עקסטערנעס האָבן מיר געזאָגט, אַז זיי האָבן איבערגעטראַכט זייער לאַגע און באַשלאָסן אויפצוגעבן דעם אייביקן „גרייטן זיך" (צו עקזאַמענעס), פון וועלכע עס קומט סיי ווי גאָרניט אַרויס און וואָס פירן אין ערגעץ ניט. אַנדערע עקסטערנעס האָבן מיר אָבער געלאָזט וויסן, אַז זיי וועלן מיך צעמזיקן ביי דער ערשטער געלעגנהייט, ווייל איך האָב אין מיינע אַרטיקלען כלומרשט באַליידיקט דעם גאַנצן עקסטערנטום. די דראָאונגען האָבן מיך ניט דערשראָקן. אַלס ענטפער אויף די דראָאונגען האָב איך, מיט דער הילף פון אַ פּאָר חברים, אָרגאַניזירט אַ פּאָר פאַרזאַמלונגען פון די עקסטערנעס, אויף וועלכע מיר האָבן זיך אָפּגעהאַרציק און ברייט דורכגעשמועסט און אַלס רעזולטאַט פון די פאַרזאַמלונגען איז אין אומאַן געגרינדעט געוואָרן די ערשטע... זעלבשוץ־אָרגאַניזאַציע, וועלכע איז געוואָרן דער קוואַל, אָדער דער זאַמלפּונקט פון די ערשטע סאָציאַליסטישע גרופּעס צווישן די יידישע אַרבעטער און עקסטערנעס אין אומאַן.

מיינע ערשטע געדרוקטע אַרטיקלען האָבן מיך ניט געמאַכט פאַר קיין שרייבער און מיר ניט געמאַכט טראַכטן וועגן שרייבעריי. ווידער שרייבן

האָב איך אָנגעהויבן סוף 1905 און אין פרילינג פון 1906 אין אָדעס, — אין רוסיש, אין אַ רוסישער טעגלעכער צייטונג, „קאָמערטשעסקאַיאַ ראָסיאַ", וועגן „יידישע" פּראַגעס (איינדרוקן וועגן פּאָגראָם־קרבנות אין אָדעסער יידישן שפּיטאָל, פאַרצייכענונגען וועגן דער פּאָגראָם־אָרגאַניזאַציע פון פאַראיין פון „עכט רוסישע לייט") און אין דעם רוסיש־יידישן וואָכנבלאַט „יעווריעיסקי גאָלאָס", וועגן... דער קאָלאָניזאַציע פון די דוכאָבאָרן (אַ רוסישע רעליגיעזע סעקטע) אין קאַנאַדע.

די ערשטע פּראָבעס צו שרייבן אין יידיש — ניט טראַכטנדיק און ניט האָפנדיק צו ווערן אַ יידישער שרייבער — האָב איך געמאַכט אין האַרבסט פון יאָר 1906, אַרבעטנדיק צווישן יידישע אַרבעטער אין פּינסק. דאָרטן האָב איך אָנגעשריבן צוויי דערציילונגען — וועגן אַ ניט־דורכגעפירטן סטרייק און וועגן דעם טויט פון אַ פּראָוואָקאַטאָר, — האָב זיי אַוועקגעשיקט אונטער צוויי פאַרשידענע פסעוודאָנימען צום „נייעם וועג", דעם וועכנטלעכן זשורנאַל פון דער ציוניסטיש־סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (ס־ס), צו וועלכער כ'האָב דעמאָלט געהערט, — און ביידע דערציילונגען זיינען גאַנץ שנעל אָפּגעדרוקט געוואָרן. איך האָב דאַן אָנגעשריבן פאַר דעם זעלביקן זשורנאַל אַ גרעסערן אַרטיקל וועגן אייניקע פּראָבלעמען פון דער פּראָפעסיאָנעלער (יוניאָן) באַוועגונג, וואָס זיינען דעמאָלט שאַרף געשטאַנען אויפן טאָג־סדר פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, און דער אַרטיקל איז שנעל אָפּגעדרוקט געוואָרן.

און ווידער געדענק איך זייער גוט, אַז די דאָזיקע ערשטע יידישע געדרוקטע זאַכן האָבן ניט פאַרשטאַרקט ביי מיר קיין אינטערעס, אָדער חשק צו ווערן אַ שרייבער. זיי זיינען בלויז געווען ביי מיר בייפּראָדוקטן פון מיין טעג־טעגלעכער אַרבעט. אָבער מיינע חברים, וואָס האָבן אָנגעפירט מיטן „נייעם וועג", ווי משה ליטוואַקאָוו, וויל. לאַצקי־באַרטאָלדי און אַנדערע האָבן, ווי עס זעט אויס, געטראַכט אַנדערש ווי איך. די וואַקסנדיקע אַרבעטער־באַוועגונג האָט זיך באַזונדערס געניטיקט אין יידיש־שרייבער, און די רעדאַקציע פון „נייעם וועג" האָט, ווי עס זעט אויס, אויפן גרונט פון מיינע ערשטע „גרינע פרוכט" באַשלאָסן, אַז איך קאָן און דאַרף ווערן אַ יידישער שרייבער. האָט מען מיך אַרויסגעפאָדערט פון פּינסק, וואו כ'האָב דעמאָלט געאַרבעט און נאָך אַ קורצער ווייַלע געמאַכט פאַרן סעקרעטאַר פון דער רעדאַקציע „נייער וועג".

און דאָ איז געקומען אַ סוף צו מיינע ערשטע בעלעטריסטישע פּראָבעס. איך האָב, זיצנדיק אין רעדאַקציע, אויסגעפונען אַז די דערציילונגען (און לידער), וואָס האָבן אין זיך, לויט מיין מיינונג, מער טאַלאַנט, ווי מיינע דערציילונגען, ווערן מיט רעכט געוואָרפן אין קאָרב, אָדער צוריקגעשיקט צו זייערע אויטאָרן, ווייל זיי זיינען שלעכט, ניט־גראַמאַטיש געשריבן. דאָס וואָס מיינע דערציילונגען זיינען געווען געשריבן גראַמאַטנער, איז געווען, ניט ווייל כ'האָב געהאַט מער בעלעטריסטישן טאַלאַנט, נאָר בלויז ווייל כ'האָב געענדיקט אַ שול (הגם אַ רוסישע) און האָב אַ סך געלייענט. יעדנפאַלס,

די באַקאַנטשאַפט מיט דעם קאַרב פון פרעמדע מאַנוסקריפטן האָט ביי מיר אויף שטענדיק אָפּגעשלאָגן דעם חשק צו שרייבן דערציילונגען, און איך האָב זיך פון דעמאָלט אָן קאָנצענטרירט אויף זשורנאַליזם אין זיינע פאַר־שיידענע פאָרמען.

אַן אַנטשיידנדיקע ראָליע אין מיין שרייבעריי האָט געשפּילט מיין מיט־אַרבעטערשאַפט אין „פריינד", וואָס איז אין 1910 אַריבערגעפירט געוואָרן (אונטערן נאָמען „דאָס לעבן") פון פעטערבורג קיין וואַרשע. דער רעדאַקטאָר פון „פריינד" אין דער צייט, וואָס איך האָב דאָרטן געאַרבעט (פון סעפּ־טעמבער 1910 ביז אַרום סעפּטעמבער 1912) איז געווען שמואל ראָזענפעלד. דער אַרויסגעבער פון „פריינד" איז אין וואַרשע געווען זלמן מייזנער (זלמן בורזשוי), מיינער אַ פּאַרטיי־חבר און גוטער פריינט.

אַרבעטן אין „פריינד" האָב איך אָנגעהויבן מיט באַריכטן וועגן דער אַרבעטער־באַוועגונג, מיט איבערזעצן רוסישע נייס־טעלעגראַמעס און נייס־באַריכטן פון רוסישע און פּוילישע צייטונגען, — און האָב גאַנץ שנעל גענומען שרייבן אַרטיקלען. איך שטרייך אונטער: שרייבן, ווייל כאָטש איך האָב שוין געהאַט הינטער זיך אַ „סטאַזש" פון דרוקן זיך אין יידיש און אין רוסיש און בין שוין אַפילו געווען אַ סעקרעטאַר פון אַ וואָכנבלאַט („נייער וועג") און אַ רעדאַקטאָר פון אַ ספּעציעלן יוניאָן־זשורנאַל „פּראָפעסיאָנעלע באַוועגונג", האָבן מיינע אַרטיקלען גאָרניט נושא חן געווען אין די אויגן פון ש. ראָזענפעלדן, דעם רעדאַקטאָר פון „פריינד", און ער האָט זיי סיסטעמאַטיש, איינעם נאָכן אַנדערן, צענדליקערווייז בראַקירט און ניט געדרוקט. וועגן יעדן אַרטיקל, וואָס איך פלעג אים צושטעלן, פלעגט ער געפינען וואָגיקע אויס־זעצונגען: דער אַרטיקל איז צו לאַנג, דער איז צו קורץ, דער איז צו אַב־סטראַקט, דער איז צו פּראַקטיש; דער איז געשריבן מער פאַר אַ זשורנאַל, איידער פאַר אַ צייטונג; דער איז צו געאיילט פאַרן היינטיקן טאָג; דער איז צו שאַרף, דער איז צו בלאַס, א. אז. וו. אָבער די צוויי הויפּט־אויסזעצונגען, וואָס ער פלעגט האָבן קעגן מיינע אַרטיקלען, זיינען געווען: ערשטנס, אַז איך טראַכט אויף רוסיש און די קאָנסטרוקציע פון מיין שפּראַך איז אַ רוסישע, — וואָס דאָס איז נעבעך געווען דער ריינער אמת: און צווייטנס, וואָס יעדער אַרטיקל מיינער הויבט זיך אָן מיט אַן „אַריינפיר" פון ששת ימי בראשית, אַזוי ווי קיינער וואָלט ביז מיר גאָרניט באַרירט דידאַזיקע טעמע (וואָס דאָס איז אויך געווען פולשטענדיק ריכטיק).

— זייט איר דאָך דערויף אַ רעדאַקטאָר, אַז איר זאָלט מעגן פאַרריכטן אַ מאַנוסקריפּט, אַרויסוואַרפן וואָס עס איז איבעריק און אויסבעסערן וואו נויטיק, — האָב איך איין מאָל געזאָגט ראָזענפעלדן, מיט וועלכן מיר זיינען בכלל געווען אין גוטע באַציאונגען.

אָבער ראָזענפעלד האָט מיר דערויף געענטפערט, אַז ניט ער האָט צייט דאָס צו טאָן, ניט ער האָט דערצו חשק, און אַז איך בין אַ גענוג אינטעלי־

געגנטער מענטש אַליין צו קאָנען אויסמיידן פעלערן. זיין קאָמפּלימענט מיין „אינטעליגענץ״ איז אָבער פאַר מיר געווען זייער אַ שוואַכע טרייסט און מיינע אַרטיקלען, וואָס איך פלעג אים געדולדיק צושטעלן, זיינען ווייטער בראַקירט געוואָרן איינער נאָכן אַנדערן.

ווען איך פלעג שפּעטער טראַכטן פאַרוואָס איך האָב געהאַט אַזוי פיל געדולד צוצושטעלן דעם רעדאַקטאָר אַרטיקל נאָך אַרטיקל, נאָכדעם ווי ער האָט זיי סיסטעמאַטיש בראַקירט, פלעגט מיר אַליין זיין ניט שווער צו געבן זיך אַן ענטפער: די אַמביציע צו זען מיין נאָמען געדרוקט האָט ביי מיר געשפּילט די קלענסטע ראָליע. איך האָב געשריבן אַרטיקלען וועגן פּראָגעס וואָס האָבן מיך אינטערעסירט און וועלכע כ׳האָב גערעכנט וויכטיק פאַר אַנדערע. דאָס וואָס מיין רעדאַקטאָר האָט די אַרטיקלען בראַקירט האָט מיך בלויז באַוואויגן צו פּרואוון זיי שרייבן בעסער, אַזוי, אַז ער זאָל ניט קאָנען האָבן קיין טענות קעגן זיי, — אָבער דאָס האָט ניט אָפּגעשוואַכט מיין אינ־טערעס צו די ענינים, וועגן וועלכע זיי זיינען געשריבן געוואָרן און מיין אַנטשלאָסנקייט צו ברענגען די־דאָזיקע פּראָגעס פאַרן עולם. דער פאַקט איז, אַז מיין אַרבעט איבער די אַרטיקלען, וואָס ראָזענפעלד האָט בראַקירט, איז ניט געווען קיין אַרויסגעוואָרפענע: איך פלעג אויסנוצן די טעמעס און די אינפאָרמאַציע, וואָס איך האָב וועגן זיי געקראָגן, כדי צו ריידן וועגן זיי אויף די אומלעגאַלע פאַרזאַמלונגען און אַרבעטער־קרייזלעך.

איין מאָל האָב איך פונדעסטוועגן באַמערקט ראָזענפעלדן:

— איר בראַקירט מיינע אַרטיקלען און שטענדיק שטעלט איר אַרויס אַ וועלכע עס איז טענה, מיט וועלכער איך בין אָפּטמאָל מסכים. אָבער איך האָב מורא, אַז ניט דרוקן מיינע אַרטיקלען ווערט ביי אייך אַ געוואוינהייט, אומאָפּהענגיק פון דעם, צי זיי זיינען גוט, אָדער שלעכט. און ווען איך וועל זיך אין דעם איבערצייגן זאָג איך אייך צו צו מאַכן אייך דעם גרעסטן סקאַנדאַל...

ראָזענפעלד האָט מיר אויף דעם געענטפערט מיט אַ שמייכל.

האָט אָבער אין זומער פון 1911 פּאַסירט, אַז ש. ראָזענפעלד איז אויף אַ פּאָר חדשים אַוועקגעפאָרן קיין אויסלאַנד צו באַזוכן אַ ציוניסטישן קאָנ־גרעס און כדי אָפּצורוען זיך און זיין אָרט אַלס רעדאַקטאָר האָט צייטווייליק פאַרנומען ה. ד. נאָמבערג. גראָד זיינען דעמאָלט פאָרגעקומען אַ סך פּאָליטישע געשעענישן, די אַרבעטער־באַוועגונג האָט אָנגעהויבן אויפלעבן, ס׳איז פאָר־געקומען אַ שאַרפער קאַמף אין דער וואַרשעווער גמינע, — און נאָמבערג האָט מיך שוין אין עטלעכע טעג אַרום, נאָך ראָזענפעלדס אַוועקפאָרן, געבעטן אָנשרייבן אַן אַרטיקל אויף אַ דעמאָלטדיקער פּאָליטישער טעמע. איך האָב זיך ניט געלאָזט בעטן, האָב אָנגעשריבן און דער אַרטיקל איז תיכף אָפּגעדרוקט געוואָרן. פון דעמאָלט אָן האָט מיך נאָמבערג גאַנץ אָפט געבעטן שרייבן אויף פּאָליטישע און געזעלשאַפטלעכע טעמעס. איך האָב געשריבן און ער האָט געדרוקט. ווען ש. ראָזענפעלד האָט זיך צוריקגעקערט פון אויסלאַנד צו

דער אַרבעט אין דער רעדאַקציע, האָט ער מיר איין מאָל באַמערקט מיט אַ מאָדנעם שמייכל:

— נו, איך זע, אַז איר האָט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען.

איך האָב זיך ניט געקאָנט איינהאַלטן ניט צו פרעגן אים:

— ווי קומט עס, ר׳ שמואל, וואָס ביז דעם טאָג, ווען איר זייט אַוועק־געפאָרן האָבן מיינע אַרטיקלען ניט געטויגט, און ווי נאָר איר זייט אַוועק־געפאָרן זיינען זיי געוואָרן דרוקבאַר?

שפּעטער, ביי אַן אַנדער געלעגנהייט, האָט מיר ראָזענפעלד דערקלערט דעם „סוד". עס שטעלט זיך אַרויס, אַז דער אַרויסגעבער פון „פריינד", מיין „נאָענטער חבר", זלמן מייזנער, האָט אים, ראָזענפעלדן, געבעטן ניט צו דרוקן „צופיל" מיינע אַרטיקלען, כדי ער, דער אַרויסגעבער זאָל פאַר זיי ניט דאַרפן צאָלן... און — האָט ראָזענפעלד אָפּנהאַרציק צוגעגעבן, — אַ געוואוינהייט צו זוכן פעלערן אין די ארטיקלען האָט מסתמא אויך געהאַט עפּעס צו טאָן מיט שטענדיק געפינען זיי...

איך וויל יעדנפאַלס זאָגן, אַז איך רעכן ביז היינטיקן טאָג פאַר מיין אמתן לערער אין שרייבן דעם פאַרשטאָרבענעם רעדאַקטאָר פון „פריינד", ש. ראָזענפעלדן, און האָב צוליב דעם שטענדיק איינגעהאַלטן ביי זיך אין האַרצן אַן אַכטונג צו אים, ווי צו אַ לערער, ניט געקוקט אויף דעם, וואָס פּאָליטיש, אידעאָלאָגיש איז ער מיר דעמאָלט געווען ניט נאָענט און איז אין די שפּעטערדיקע יאָרן, באַזונדערס אין דער צייט, ווען ער האָט געאַרבעט אין אַמעריקע אין „טאָג", געווען אויסדריקלעך פיינטלעך.

דורך דער גאַנצער צייט, וואָס כ׳האָב געאַרבעט אין וואַרשעווער „פריינד", האָב איך געשריבן אַרטיקלען בלויז אויף פּאָליטישע טעמעס. וועגן ליטע־ראַטור האָב איך דאָרטן אָנגעשריבן ניט מער, ווי אַ פּאָר רעצענזיעס. קיין פעליעטאָנען האָב איך דאָרטן גאָרניט געשריבן. פעליעטאָנען זיינען געווען דער געביט פון „קאַליפן" (א. מוקדוני) און פשטנען (ר׳ מרדכילע), און וועגן ליטעראַטור האָט פון צייט צו צייט געשריבן בעל־מחשבות. אָבער דאָס מיינט ניט, אַז כ׳האָב זיך מיט ליטעראַטור ניט אינטערעסירט. כ׳האָב שטענדיק אַ סך געלייענט און אויפמערקזאַם נאָכגעפאָלגט די ליטעראַטור (דערהויפּט די רוסישע), — איך האָב שטענדיק באַטראַכט ליטעראַטור ווי אַ געזעלשאַפטלעך זייער וויכטיקע קולטור־דערשיינונג, און האָב זיך באַנוצט מיט ליטעראַרישע טעמעס, אָדער גערעדט וועגן באַשטימטע ליטעראַרישע ווערק אויך אויף אַרבעטער־קרייזלעך, אָדער מיט קליינע גרופּעס אַרבעטער, וואָס זיינען מיר געווען באַזונדערס נאָענט. מיט אַ פּאָר יאָר איידער כ׳האָב אָנגעהויבן אַרבעטן אין „פריינד", אין 1908, אין לאָדזש, אין סאַמע ברען פון דער רעאַקציע, וואָס האָט כמעט אוממעגלעך געמאַכט די געוויינלעכע פאָרמען פון דער אַרבעטער־באַוועגונג, האָב איך אין משך פון עטלעכע חדשים, ביזן פאַרלאָזן פון לאָדזש געהאַט אַ ספּעציעלן אַרבעטער־קרייז, מיט וועלכן כ׳פלעג יעדן

שבת פירן ליטעראַרישע שמועסן און האַלטן זיי לעקציעס וועגן ביכער און שרייבער.

אָבער שרייבן וועגן ליטעראַטור האָב איך אָנגעהויבן ערשט ווען כ׳בין געקומען קיין אַמעריקע אין אָנהויב 1913, און מיין ערשטע רעצענזיע איז געווען לויט אַ באַשטעלונג פון דעם רעדאַקטאָר פון „צוקונפט“, אַברהם ליעסינען, פאַר וועלכן כ׳האָב רעצענזירט דעם דעמאָלט אַרויסגעגעבענעם באַנד „שריפטן“ און זיך באַזונדערס אָפּגעשטעלט אויף די מעלות און חסרונות פון דוד איגנאַטאָווס ראָמאַן „פּיבי“ און פון א. ראַבאָיס „הער גאָלדענבאַרג“. שפּעטער, איבערגעמענדיק אויף מער ווי א יאָר די אָנפירונג מיט דעם חודש־זשורנאַל „דאָס נייע לעבן“ (צוליב דעם, ווייל דער רעדאַקטאָר, דר. חיים זשיטלאָווסקי, איז דעמאָלט אַוועקגעפאָרן קיין אייראָפּע און פּאַלעסטינע), האָב איך דאָרטן אָפטער געשריבן אויף קולטור־ליטעראַרישע טעמעס. אָבער סיסטעמאַטיש שרייבן וועגן ביכער און שרייבער האָב איך אָנגעהויבן ערשט סוף 1914, ווען כ׳בין געוואָרן איינער פון דער רעדאַקציע־קאָלעגיע פון דעם ניו־יאָרקער „טאָג“. דאָרטן האָב איך — צום ערשטן מאָל אין דער אַמע־ריקאַנער יידישער טעגלעכער פּרעסע, — איינגעפירט סיסטעמאַטישע וועכנט־לעכע ליטעראַרישע קאָלומס און ביכער־איבערזיכטן און אויפמערקזאַם נאָכ־געפאָלגט יעדע נייע דערשיינונג און שרייבער אין דער אַמעריקאַנער יידישער ליטעראַטור.

איך דערמאָן עס, ניט דערפאַר, ווייל דער אינטערעס צו ליטעראַטור זאָל האָבן געווען פאַרנומען אַ ספּעציעלן אָרט אין מיין שרייבן, נאָר בלויז ווי א טייל פון מיין שרייבערישער ביאָגראַפיע — וואָרעם ווען איך האָב גענומען סיסטעמאַטיש שרייבן וועגן ליטעראַטור, איז עס געווען ניט ווייל איך האָב גערעכנט ליטעראַטור פאַר אַ באַזונדערן, ספּעציעל בכבודיקן אָדער „גע־שמאַקן“ מין שרייבן, נאָר דערהויפּט, ווייל כ׳האָב דעמאָלט, ווי איצט, געהאַלטן, אַז ליטעראַטור איז אַ וויכטיקע, אייגנאַרטיקע, קינסטלערישע און דערפאַר אָפט פאַרטיפטע אָפּשפּיגלונג פון דעם רעאַלן לעבן און פון זיינע פּראָבלעמען. איך האָב אָבער קיינמאָל ניט גערעכנט, אַז שרייבן וועגן ליטעראַטור איז וויכטיקער, אָדער אינטערעסאַנטער, ווי צו שרייבן, לאָמיר זאָגן, וועגן אַ יוניאָן־פראַגע אָדער וועגן אַ פּאָליטישער פּראָבלעם, — „שיינע ליטעראַטור“ און זשורנאַליזם אין אַלע זייערע פאָרמען זיינען ניט מער ווי פאַרשיידענע טיילן פון דעמזעלביקן געביט פון שריפטלעכן וואָרט: אַ רעפּאָרטאַזש וועגן אַ מיטינג אָדער אַ גאַסן־פּאַסירונג, ווען ער איז גוט און ווי געהעריק געשריבן, קאָן אָפט זיין ליטעראַרישער און ווערטפולער, איידער אַ דערציילונג, אַ ליד און אַפילו אַ גאַנצער ראָמאַן.

די פולע מעגלעכקייט און אָנרעגונג צו געבן דעם לייענער אַלץ וואָס איך פאַרמאָג, האָב איך דערגרייכט ערשט ווען ס׳איז געגרינדעט געוואָרן אין אַפּריל 1922 די „פרייהייט“ און כ׳האָב אויף זיך שטענדיק געפילט דעם מאָנענדיקן און אין דערזעלביקער צייט קריטישן בליק פון דעם קלאַסן־

באַוואָוסטזיניקן לייענער, וואָס קוקט אויף זיין צייטונג און אויף זיינע שריי־בער, ווי אויף אָרגאַניזאַטאָרן פון זיין לעבן און פון אַ בעסערער וועלט פאַר אַלעמען און באַטראַכט ליטעראַטור, ניט ווי אַ פאַרוויילונג, נאָר ווי אַ געווער וואָס מאַכט אים קלאָרער און העלפט אים אין זיינע קאַמפן.

אין דעם איבער האַלבן יאָרהונדערט פון מיין שרייבערישער אַרבעט האָב איך אויסגעפּרובירט און פאַרנעם זיך ביז היינטיקן טאָג מיט אַ צאָל שריי־בערישע זשאַנרען.

אונטערפירנדיק אַ סך־הכל פון דעם, וואָס כ׳האָב דערציילט וועגן מיין אַרבעט אַלס שרייבער און מיין באַציאונג צום שרייבן, וויל איך בלויז איבער־חזרן: איך האָב, אויף וויפיל איך וויס, קיינמאָל ניט געשריבן אויף קיין טעמע, וואָס האָט מיך ניט אינטערעסירט און האָב זיך באַמיט צו שרייבן נאָר וועגן זאַכן, וועגן וועלכע איך דענק, אַז איך האָב עפּעס צו זאָגן. איך בין שטענדיק געווען זייער גלייכגילטיק צו דעם, אַז מיין נאָמען זאָל גע־דרוקט און „פּאָראַיביקט" ווערן. די הויפּט־זאַך, וואָס מיך אינטערעסירט אין אַלץ וואָס איך שרייב, — אַ פּאָליטישן אַרטיקל, אָדער אַ ליטעראַרישן, אַ פעליעטאָן, אָדער אַ וויסנשאַפט־קאָלום, וועגן וואָס דאָס זאָל ניט זיין, איז אַז עס זאָל ענטפערן אויף אַ וועלכער עס איז באַדערפעניש פון מיין לייענער, דעם יידישן פאָלקס־מענטש און אַרבעטער, אַז דאָס וואָס איך שרייב זאָל, ניט נאָר זיין אין די אינטערעסן פון מיין לייענער, נאָר זאָל אים טאַקע זיין אינטערעסאַנט און אים פאַראינטערעסירן נאָכצוטראַכטן וועגן דעם ענין.

